וועגן
באנען
אראבישע דערפער
יידישע לאלאניעס
שטעט אונטער 25.000
שטעט איבער 25.000

מאַפּע פון ארץ־ישראל אין דער לעצטער צייט

מאַסשטאַב: 1 צאָל — 32 מייל (ענגלישע)

פּסח קעדר פּל

א. רעוווצקי

# דאָס נייע ארץ-ישראל

„ליטעראַרישע בלעטער"

ווארשע 1936

# אינהאַלט:

# פ א ר ע ד ע

וועגן ארץ ישראל איז א סך געשריבן געווארן. אבער דאס מערסטע, וואס איז דערשינען ביז אהער וועגן דעם אלט-נייעם לאנד, בפרט אין יידיש, אנטהאלט אין זיך מער פאלעמיק און פראפאגאנדע איידער ווירקלעכע אויפקלערונג און וויסן.

דאס איז א שאד. ארץ-ישראל איז שוין לאנג ארויס פון זיינע קינדער-שיכעלעך. עס איז שוין מער נישט קיין ענין פאר טעאריע און אידעאלאגיע סתם. זי האט געקריגן אן אומגעהויערע פראקטישע באדייטונג פארן גאנצן יידישן לעבן איבער דער וועלט. זי איז פאר אייניקע הארט-געטראפענע יידישע ישובים געווארן כמעט דער איינציקער שטראל פון האפענונג, די איינציקע רעטונג פון דראענדער פארניכטונג.

ביי אזעלכע אומשטענדן האט זיך פון לאנג געפילט דער באדארף אין אן אומפאסנדן בוך, וועלכעס, זייענדיק צוגעגלעך לויט שפראך און אינהאלט פאר א גרויסן קרייז לייענער, זאל אין דערזעלבער צייט אנטהאלטן א פולע, איך וואלט געזאגט, ענציקלאפעדישע באשרייבונג פון אלע זייטן פונם נייעם לעבן, וואס וועבט זיך אינם אלטן היסטארישן לאנד. מען דארף האבן א בוך, וואס זאל, האבנדיק א פולע פארשטענדניש פאר דער היסטארישער וויכטיקייט פונם אויפבוי-פראצעס, וואס קומט איצט פאר אין ארץ-ישראל, זאל איז דער זעלבער צייט באהאנדלען דאס נייע ארץ-ישראל מיט דער גרעסטער געוויסנהאפטיקייט און גרעסט-מעגלעכער אביעקטיוויטעט, נישט שרעקנדיק זיך אויך פאר נעגאטיווע ערשיינונגען, וואס שווימען ארויף אינם גאנג פון זיין שאפונג.

אריגינעל דערשינען אין ענגליש, שטעלט מיט זיך פאר די יידישע אויסגאבע פון אונזער ווערק נישט סתם אן איבערזעצונג, נאר א פולשטענדיק איבערגעארבעט, און כמעט אויפסניי געשריבן בוך. נישט נאר האבן מיר ארייננעפירט די נייעסטע דערשיינונגען און ציפערן, וואס זענען צוגעקומען פארן קנאפן יאר זייט דער דערשיינונג פונם ענגלישן בוך, נאר מיר האבן ארייננעפלאכטן אין אונזער יידישער אויסגאבע א מאסע פאקטן,

וואס האבן פארן יידישן לעזער א באזונדערס אקטועלן אינטערעס. מיט דער גאנצער באשיידנהייט, וואס פאדערט זיך פון אן אויטאר, פּוּל איך מיך באַרעכטיקט צו זאגן, אז "דאס נייע ארץ־ישראל" אויף יידיש איבערשטייגט נאך די "דזשוס אין פאלעסטיין". וואס איז אין אלגעמיין אנערקענט געווארן אין אמעריקע און ענגלאנד, אלס דאס "סטאנדארט־בוך" וועגן ארץ־ישראלדיקער אינפארמאציע.

אינם מאמענט ווען די דאזיקע בויגנס ווערן געשיקט אין דרוקלעבט ארץ־ישראל אונטער דעם צייכן פון גרויסע געשיכטלעכע געשעענישן, וואס וויקלען זיך פאנאנדער אין נאענטן אפריקע. דער ברוטאלער אנגריף פונם איטאליענישן פאשיזם אויף דער שוצלאזער אביסיניע רופט ארויס די סכנה פון א גרעסערן קריג אין מיטל־מער און אפשר אויך פון א נייער וועלט־מלחמה. מען קאן נישט לייקענען די באדייטונג, וועלכע די דאזיקע געשעענישן קאנען האבן פארן יידישן ארץ־ישראל. כאטש מיר גלויבן נישט אז ארץ־ישראל זאל פונקט ה״י מיט 20 יאר צוריק ווידער ווערן א קריגס־טעאטער אין פולן זין פונם ווארט, מוז מען אבער צוגעבן, אז די איצטיקע לאגע איז פארבונדן פאר אים מיט גרויסע עקאנאמישע און פאליטישע געפארן. פונדעסטוועגן איז שווער זיך פארשטעלן, אז דאס יידישע אויפבוי ווערק אין ארץ־ישראל, אין וועלכן עס זענען אריינגעלייגט אזוי פיל ריזיקע אנשטרענגונגען און אזוי פיל שאפנדע האפנונגען, זאל דורכן ליידן פון די ערוואַרטעטע געשעענישן. גיכער וועלן זיי, פונקט ווי דער וועלט־קריג, נאך א פעריאד פון שמערצלעכן שטילשטאנד, אנהויבן אן עפּאכע פון נאך גרעסערן, נאך גיכערן וווּקס.

**אברהם רעוווצקי**

ניו־יאָרק, 10 אָקטאָבער 1935.

## קאפיטל איינס



# די טרייבנדע כוחות

אינם לויף פון לאנגן כמעט צוויי־טויזנט־יאריקן גלות, האבן יידן, וואנדערנדיק פון איין לאנד אינם אנדערן, שטענדיק אנגעהאלטן א גע־וויסע פארבינדונג מיטן לאנד פון זייערע אבות. ארץ־ישראל איז דערמאנט אין זייערע תפילות, און דאס גאנצע נאציאנאלע לעבן פון יידן אין גלות איז באזירט געווען אויפן משיח־געדאנק, אויף דער רעליגיעז־פארשטעל־טער שטרעבונג צו דער אויפלעבונג פונם יידישן פאלק אינם לאנד פון זיינע אור־עלטערן.

די יידישע פארבינדונג מיט א"י האט זיך אבער נישט באשרענקט מיט גייסטיקע און רעליגיעזע פעדים. קיינמאל אין אונזער לאנגער גלות־געשיכטע איז נישט געווען קיין צייט, ווען עס זאל דארט נישט עקזיסטירן כאטש־בי א קליינער יידישער ישוב. פרומע לייט האבן געטרוימט וועגן אפ־לעבן זייערע לעצטע יארן אינם הייליקן לאנד, און אפטמאל איז זייער טרוים מקוים געווארן. אפפארנדיק קיין ארץ־ישראל, זענען זיי דארט געשטיצט געווארן פון זייערע קינדער, וואס זענען פארבליבן ביי זייערע געשעפטן אין גלות, אדער פון דער „חלוקה", וואס איז געשיקט געווען פון יידישע קהילות אין גאר דער וועלט צו זייערע תורה־לערנדע לאנדסלייט אין ארץ־ישראל.

נישט קוקנדיק אויף אזא שטארקן יידישן געפיל פאר ארץ־ישראל, איז אבער אין די פריערדיקע דורות נישט געמאכט געווארן קיין איין ערנסטע, אנהאלטנדיקע אנשטרענגונג אויסצונוצן דאס דאזיקע געפיל אלס אקטיוון אינסטרומענט פאר דער שאפונג פון א רעאלער יידישער היים אין ארץ־ישראל. ערשט אין די לעצטע צוויי דורות איז דאס דאזיקע גע־פיל געווארן א קאנסטרוקטיווער פאקטאר פון פאלעסטינע־קאלאניזאציע.

פרעגט זיך במילא א קשיא: פארוואס האט די דאזיקע קאלאניזאציע זיך אנגעהויבן אזוי שפעט? איז דער טיף־רעליגיעזער ייד פון אמאל געווען

ווייניקער געבונדן צום לאַנד פון זיין היסטאָרישן אורשפּרונג, איידער זיין סקעפּטיש און אָפּטמאָל אָפּן־אַפּיקורסיש אייניקל פון היינטיקן טאָג? אָדער זענען באמת אין דער פריערדיקער יידישער געשיכטע נישט געווען קיין געלעגנהייטן צו פאַרווירקלעכן דעם אַלטן יידישן טרוים? פאַרוואָס האָט דער ציוניזם אַלס אַקטיווע באַוועגונג פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל זיך אָנגעהויבן גראָד אין דער איצטיקער היסטאָרישער עפּאָכע, ווען רע־ליגיעזע און אַנדערע טראַדיציעס ווערן נאָך שוואַכער אין דער ברייטער וועלט, און ווען דער ווידערשטאַנד צו יידישע באַשטרעבונגען אין ארץ־ישראל גופא שיינט גאָר צו זיין שטאַרקער, איידער ער וואָלט געווען מיט דורות צוריק?

## עקאָנאָמישע אורזאַכן

די וויכטיקסטע דערקלערונג פון דער דאָזיקער שיינבאַרער רעטעניש ליגט אין די טיפע ענדערונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן בערך מיט זעכציק יאָר צוריק. דאָס איז געווען די צייט, ווען דער קאַפּיטאַליזם אין זיין מאָדערנער אינדוסטריעלער צורה, האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין די צוריקגעבליבענע לענדער פון מזרח־אייראָפּע, וו ס'איז דעמאָלט קאָנצענטרירט געווען דער רוב מנין און רוב בנין פון יידישן פאָלק*). ער האָט באַלד גענומען אונטערגראָבן די עקאָ־נאָמישע פּאָזיציעס פון יידן, וועלכע האָבן אַלס שטאָטישע קליין־הענדלער און האַנטווערקער אַמשאַרפסטן דערפילט אויף זייערע שוואַכע פּלייצעס די גאַנצע קראַפט פון זיין זיגרייכן אָנגריף. זיי האָבן אין אַן אַלץ גרע־

*) אינם יאָר 1880 האָבן לויטן חשבון פון יעקב לעשטשינסקי, עקזיסטירט אויף דער גאַנצער וועלט בלויז 7.663.000 יידן, פון וועלכע נישט ווייניקער פון 5.726.000, דאָס הייסט גאַנצע 75 פּראָצענט האָבן גע־לעבט אין מזרח־אייראָפּע: רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע און רומעניע. ווייניקער פון 14 פּראָצענט פונם וועלט־יידנטום האָבן דעמאָלט געלעבט אין אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, און בלויז דריי פּראָצענט אין נאָרד־און זיד־אַמעריקע.

ביים היינטיקן טאָג געפינען זיך אין מזרח־אייראָפּע בלויז 40 פּראָ־צענט פון יידישן פאָלק בעת 21 פּראָצענט פון אים וווינט אין מיטל־ און וועסט־אייראָפּע, און נישט ווייניקער פון 30 פּראָצענט אין ביידע אַמע־ריקעס.

פערער מאס אנגעהויבן פארלירן זייערע אמאל איינגעפונדעוועטע פא־זיציעס, און אין דער זעלבער צייט זענען זיי נישט אימשטאנד געווען אריינצודרינגען אין א געהעריקן פארנעם אין די נייע מענטשלעכע באַ־שעפטיקונגען, וואס זענען געשאפן געווארן אינם פראצעס פון דער געקו־מענער אינדוסטריעלער רעוואלוציע.

א טיפישער ביישפיל פון דעם איז דער פריערדיקער און איצטיקער פלאץ פון יידן אויפן עקאנאמיש־וויכטיקן פעלד פון טראנספארט. מיט א יאר הונדערט צוריק האבן יידן אין מזרח־אייראפע פארנומען אינם דאַ־זיקן ווירטשאפטס־צווייג א גאנץ גרויסן פלאץ אלס בעלי־עגלות, פאסט־האלטערס, בעלי־אכסניות א. א. וו. מיטן אנקום פון די אייזנבאנען האבן די דאזיקע יידן מערסטנס פארלוירן זייערע אלטע באשעפטיקונגען, קיין מעגלעכקייט פון אומשיכטונג איז אבער פאר זיי נישט געווען, ווייל די אייזנבאנען קאנטראלירט פון פרעמדן גרויס־קאפיטאל און פון אנטיסע־מיטישע רעגירונגען, האבן נישט געגעבן קיין שטעלעס צו יידן, אפילו ווען זיי זענען צוליב זיי אויסגעווארצלט געווארן פון זייער פריערדיקער פרנסה אויפן פעלד פון טראנספארט.

נאך גרעסער איז געווארן די צאל פון בעלי־מלאכות, וועמענס פרי־מיטיווע ווערקשטאטן זענען רואינירט געווארן צוליב דעם זיגרייכן מארש פון דער מאשין. די טויערן פון די נייע פאבריקן זענען מערסטנס פאר־מאכט געווען פאר די קוואליפיצירטע יידישע בעלי־מלאכות צוליב דער נישט־גלייכער קאנקורענץ פון די פיזיש־שטארקערע און ווייניקער־פאַ־דערנדיקע פויערים, וואס זענען געטריבן געווארן אין שטאט דורך די זעלבע עקאנאמישע כוחות.

ס'וואלט געווען א גוזמא צו זאגן, אז יידן זענען געווען די איינציקע קרבנות פון דער „אינדוסטריעלער רעוואלוציע" אין מזרח־אייראפע. עס איז אבער קיין ספק נישט, אז צוליב ריין עקאנאמישע אורזאכן — לאזנדיק אין א זייט אפילו די אנטיסעמיטישע פאליטיק פון די רעגירונגען,— האבן יידן, וואס האבן געהאט צווישן זיך א פיל גרעסערן פראצענט פון האנטווערקער און קליינע קרעמער, איידער זייערע מערסטנס אגראַרישע שכנים, געליטן פון דעם אין א סאך, א סאך־גרעסער מאס.

## אנטיסעמיטיזם און אויסוואנדערונג

די לאגע איז נאך ערגער געווארן צוליב דער אנטשיידונג פון א נייעם

סאָרט אנטיסעמיטיזם, וואָס האָט דירעקט געצילט קעגן די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. אין קעגנזאַץ צום יידן־האַס פון מיטלאַלטער איז דער נייער אַנטיסעמיטיזם בעיקר באַזירט נישט אויף רעליגיעזן אַבערגלויבן, נאָר אויף אָפענער שטרעבונג ארויסצוטרייבן יידן פון זייערע אַלטע פּאָזיציעס אין האַנדל, האַנטווערק און פרייע פּראָפעסיעס, און פאַרנעמען זייער פּלאַץ אין די דאָזיקע וויכטיקסטע צווייגן.

דער דאָזיקער סאָרט אַנטיסעמיטיזם שטאַמט פון דער אינערלעכער עוואָלוציע פון די אַגראַרישע מזרח־אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע האָבן ביים סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט אָנגעהויבן ארויסגעבן פון זיך אַן אַלץ גרעסערע צאָל פון אייגענע הענדלער, האַנטווערקער און מיטגלידער פון פרייע פּראָפעסיעס. די היסטאָריש איינגעפונדעוועטע פּאָזיציע פון יידן אין די דאָזיקע באַשעפטיקונגען האָט געשיינט צו זיין אַן ערנסטע מניעה צו זייער ערפאָלג. אַנטיסעמיטיזם איז ביי אַ זעלכע אומשטענדן געוואָרן אַ מיטל איינצופלאַנצן אין די שטעט אַן „אייגענעם" מיטל־קלאַס. נאַטירלעך, האָט מען די דאָזיקע ריין־מאַטעריאַליסטישע מאָטיוון אָפט פאַרשלייערט מיט פאַרטייאישער אַגיטאַציע וועגן דער געפאַר פאַר דער מלוכה, וואָס קאָן ארויסקומען פון לאָזן וויכטיקע צווייגן פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט אין „פרעמדע" הענט.

זיך אָנהויבנדיק אין די 70־ער און 80־ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, האָט דער־דאָזיקער מאָדערנער סאָרט פון אַנטיסעמיטיזם נישט אויפגעהערט צו ווירקן — אַ מאָל שטאַרקער אַמאָל שוואַכער — ביז היינטיקן טאָג. גראָד אין דער איצטיקער צייט האָט ער אין פאַרבינדונג מיט דעם אַנטיסעמיטישן אויסברוך אין דייטשלאַנד און דעם ענג־האַרציקן שאָוויניזם פון די נייע מלוכות, וואָס זענען אַנטשטאַנען נאָך דעם וועלט־קריג דערגאַנגען צו זיין העכסטער פאַרניכטנדער קראַפט.

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער עקאָנאָמיער אַנטוויקלונג און אירע אידעאָלאָגישע אָפּקלאַנגען, איז געווען די גרויסע כוואַליע פון יידישער עמיגראַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די אכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָר - הונדערט, און האָט דערגרייכט איר גרעסטן פאַרנעם אין די לעצטע יאָרן פאַרן וועלט־קריג. בעיקר איז די דאָזיקע עמיגראַציע געגאַנגען קיין אַמעריקע, וועלכע איז ביי די לעצטע פופצן יאָר געווען דער מקום־מקלט פון אונטערדריקטע און געיאָגטע אין גאָר דער וועלט. אין די 50־ער יאָרן פון 1880 ביז 1929 האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמע־

ריקע אריינגענומען נישט ווייניקער פון 2.885.000 יידישע אימיגראנטן, הויפטזעכלעך פון מזרח-איראפע.

א טייל — צוערשט א קליינער טייל — פון דער גרויסער יידישער אימיגראציע איז אבער גלייך אוועק קיין ארץ-ישראל, וווּ זי האט געלייגט דעם יסוד פאר איר איצטיקן אויפבוי.

## אידעאלאגישע איינפלוסן

גלייך אין אנהויב זענען די יידישע אימיגראנטן אין ארץ - ישראל דורכגעדרונגען געווען מיטן אידעאל פון א יידישער היים. אויסער די טראדיציאנעל - יידישע סענטימענטן זענען זיי געווען אונטער דעם שטארקן איינפלוס פון דער באוועגונג פון נאציאנאלער איינהייט, וועלכע האט מיט א קורצער צייט פריער איבערגעמאכט די געאגראפישע קארטע פון איראפע. דער טריאומף פון נאציאנאליזם איבער די סעפאראטיס-טישע אינטערעסן פון פעאדאלע הערשער אין איטאליע און דייטשלאנד האט דערמונטערט די שוואכערע פעלקער, וואס זענען אין לויף פון דורות אונטערדריקט געווען דורך די גרויסע אימפעריעס פון מזרח-איראפע.

דער טריאומף פון דער נאציאנאלער אידייע אין מיטל-איראפע האט א באזונדערס שטארקן איינדרוק געמאכט אויף דעם טייל פון דער יידי-שער יוגנט, וואס האט אריינגעזאפט אין זיך די איראפעאישע קולטור דורך איר וועלטלעכער דערציונג אין גימנאזיעס און אוניווערסיטעטן. די דאזיקע יוגנט האט אינסטינקטיוו דערפילט די פונדאמענטאלע שוואכקייט פון די יידישע עקאנאמישע פאזיציעס אין גלות, און א טייל פון איר, גייסטיק געדריקט דורך דעם ווידער-אויפוואכנדן אנטיסעמיטיזם, האט אנגעהויבן טרוימען וועגן איבערשטעלן דאס יידישע לעבן אויף א מער-געזונטן און זעלבסטשטענדיקן פונדאמענט. דער אידעאל פון א נאציאנא-לער היים אויף אן אייגענער טעריטאריע — אמבעסטן אין ארץ-ישראל, האט אויסגעקוקט ביי אזעלכע אומשטענדן צו זיין די בעסטע און אמ-מערסטן לאגישע לייזונג פון דער יידן-פראגע.

די דאזיקע איבערצייגונג איז אויף א באזונדערס אינטערעסאנטן אופן אויסגעדריקט אין פינסקערס בראשור „אויטא - עמאנציפאציע", וואס איז פובליקירט געווארן דאס ערשטע מאל אינם יאר 1882. לעאן פינסקער א דאקטאר אין אדעס, איז שפעטער געווארן דער וויכטיקסטער פירער פון דער חובבי-ציון-באוועגונג, א באוועגונג, וואס האט געהאט א

גרויסן חלק — מאַטעריעל און באַזונדערס אידעאָלאָגיש — אינם אָנהויב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

יידן, זאָגט פינסקער, זענען אַן אומנאָרמאַלע ערשיינונג צווישן אַנדערע פעלקער. דאָס יידישע פאָלק איז נישט לעבעדיק, אין דעם זין, ווי עס לעבט אַ נאָרמאַלע נאַציע. עס האָט נישט קיין אייגן לאַנד. קיין געמיינזאַמע שפּראַך, קיין אַלגעמיין אָנערקענטע מלוכה־אינסטיטוציעס. אין דער זעלבער צייט איז עס אויך נישט אונטערגעגאַנגען נאַציאָנאַל, ווי מ׳האָט געקאָנט, אייגנטלעך, דערוואַרטן פון אַ פאָלק, וואָס איז אַזוי פיל יאָרן אָפּגעריסן געווען פון אייגענעם באָדן. יידן זענען, אייגנטלעך, אַ פאָלק, וואָס שוועבט צווישן לעבן און טויט. עס איז אַ געשפּענסטער־נאַציע, וואָס רופט ארויס מורא און דעריבער אויך האַס צווישן די ארומיקע נאָרמאַלע פעלקער...

די יידישע פראַגע קאָן געלייזט ווערן בלויז אויף צוויי אופנים: אָדער דורך אויסגעהאַלטענער ברייט־געפּלאַנטער אסימילאַציע, אָדער דורך ווידער־אויפבוי אַלס אַ פאָלק צווישן פעלקער. אסימילאַציע איז אָבער יעלבסטמאָרד, און זי איז פשוט אוממעגלעך אין אַ ווירקלעך־גרויסן נאַציאָנאַלן פאַרנעם. די אַנדערע פעלקער קאָנען נישט — און זיי ווילן אויך נישט — איינזויגן אין זיך מיליאָנען פון אַזאַ ספּעציפישן, שטאַרק כאַראַקטעריסטישן פאָלק. בלייבט דעריבער בלויז איין וועג — דער וועג פון אויטאָ־עמאַנציפּאַציע, די אויפשטעלונג פון אַ יידישער היים־לאַנד דורך אַ קאָנצענטרירטער, פּאָליטישער און פינאַנציעלער אַקציע פונם גאַנצן יידישן פאָלק.

די ערשטע פּאָנען־טרעגער פון ציוניזם זענען געטריבן געוואָרן צו דער דאָזיקער נייער אידייע, נישט נאָר דורך רדיפות און דער אַלץ שטאַרקערער בוואַליע פון עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם, — נאָר אויך דורך אַ טיפן, מאָראַלישן ווידערשטאַנד קעגן דער אַגרעסיווער זיך זעלבסט־פאַרלייקענענדער אסימילאַציע פון יענער צייט. זיי האָבן פשוט פאַראַכטעט דעם ייד, וואָס לייקנט זיין נאַציאָנאַלן אור־שפּרונג און פּרוווט צו פאַרמיידן די געמיינזאַמקייט פון שיקזאַל מיטן צעשפּרייטן און צעזייטן יידישן פאָלק.

די שאַרפסטע קריטיק פון דעם סאָרט אסימילאַציע איז אַנטהאַלטן אין די העברעאיש־געשריבענע ווערק פון אחד העם, וואָס האָט געשאַפן דאָס געפליגלטע וואָרט וועגן „עבדות בתוך חרות״ — קנעכטשאַפט אין פרייהייט. דער זין פון דעם איז געווען, אַז די עמאַנציפּירטע אויבערשטע

שיכט פון די יידן אין מערב־אייראפע האט געקויפט איר אויסערלעכע גלייכבארעכטיקונג מיטן טייערן פרייז פון אינערלעכער פארשקלאפונג. זיי האבן מקריב געווען זייערע אינערלעכע נאציאנאלע ערלעכקייט פדי אנגענומען ווערן דערפאר — און באזונדערן ענטוזיאזם — אין דער ארומיקער נישט־יידישער „געזעלשאפט"...

באזונדערס שארף האט אחד־העם קריטיקירט די אסימילאטארישע „עמאנציפאציע" פון די דייטשע יידן. מיט ממש א נבואהשער ווייטזיכטיקייט האט ער דערקענט איר אינערלעכע פוילקייט און שוואכקייט, די פארשפרייטונג פון ציוניסטישע אידייען צווישן דער יונגער יידישער אינטעליגענץ — באזונדערס אין רוסלאנד — איז אויך אומדירעקט געשטיצט געווארן דורך דעם איינפלוס פון די ראדיקאלע רוסישע שרייבער פון יענער צייט. טאלסטאי, למשל, האט גראד דעמאלט אנגעהויבן פרעדיקן דאס פראסטע לעבן פונם רוסישן פויער, וועמען ער האט אידעאליזירט פאר זיין ערלעכקייט און מאראלישן לעבן. די רוסישע פאלקסכאציאליסטן פון יענער עפאכע, די נאראדניקעס, האבן זיך צוזאמענגעטראפן מיט טאלסטאין אין זייער אידעאליזאציע פונם פויער און זייער שטארקן ליוב פארן „מיר", דער פרימיטיווער לאנד־קאמונע פונם רוסישן דארף. די דאזיקע, אביסל פארשוומענע סאציאלע אידייען האבן געמאכט א טיפן איינדרוק אויף די יונגע יידישע מוחות, וואס זענען געשטופט געווארן צום געדאנק וועגן איבערבויען זייער לעבן אויף מער גערעכטע און נאטירלעכע גרונטלאגן. כאטש ביי יענער צייט — מיט 55 יאר צוריק, האט נאך נישט עקזיסטירט קיין סיסטעמאטיש אויפגעבויטע ציוניסטישסאציאליסטישע לערע, ווי זי איז שפעטער געשאפן געווארן אין די ווערק פון ד"ר נחמן סירקין און באזונדערס בער באראכאוו — זענען פונדעסטוועגן די פירנדע גייסטער צווישן די ערשטע פיאנערן קיין ארץ־ישראל שטארק באאיינפלוסט געווארן נישט נאר פון נאציאנאלן אידעאל, נאר אויך פון סאציאלע שטרעבונגען. ציוניזם האט אין זייערע אויגן אויסגעקוקט צו זיין אן אויסגעצייכנטע געלעגנהייט צו פארווירקלעכן די אידעאלן פון די „נאראדניקעס" אין א ריין יידישער סביבה.

דער ערשטער פראקטישער רעזולטאט פון די דאזיקע פארשידנארטיקע עקאנאמישע אורזאכן און אידעאלאגישע מאטיוון איז געווען די באוועגונג פון „בילויי (בית יעקב לכו ונלכה), וואס איז געגרינדעט געווארן פון יונגע סטודענטן, וועלכע האבן באשלאסן צו פארלאזן זייערע

לער־בענקלעך און ווערן די פּיאָנערן פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל*.

דעם לעצטן שטופּ צו דער שאַפונג פון דער „בילו״־אָרגאַניזאַציע האָבן געגעבן די פּאָגראָמען פון 1881, וועלכע זענען געקומען נאָך אַן עפּאָכע פון בערכדיקער שטילקייט און זיכערהייט און האָבן געמאַכט אויף דער יידישער באַפעלקערונג דעם איינדרוק פון אַ פּלוצימדיקן דונער. נאָך די דאָזיקע פּאָגראָמען האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע מאַסן־עמיגראַציע קיין אַמעריקע, און זיי האָבן אויך געגעבן דעם אַנטשיידענעם אימפּולס צום ערשטן אַקטיוון און סיסטעמאַטישן פּאַרזוך אויפצובויען ארץ־ישראל אַלס די יידישע נאַציאָנאַלע היים.

*) די זעלבע עקאָנאָמישע און אידעאָלאָגישע איינפלוסן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער גרינדונג פון „עם עולם״, אַ באַוועגונג פאַר סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע אין אַמעריקע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער זעלבער צייט, ווי „בילוי״. צווישן די דאָזיקע צוויי באַוועגונגען איז געווען אַ טיפע אינערלעכע ענלעכקייט. ביידע זענען געגרינדעט געווען פון סטודענטן און אינטעליגענטן, וואָס האָבן געטרוימט וועגן אַ ראַדיקאַלן איבערבוי פונם יידישן פאָלק. ביידע האָבן געהאַט אין זייער אידעאָלאָגיע סיי נאַציאָנאַלע און סיי סאָציאַלע עלעמענטן, כאָטש מען קאָן זאָגן, אַז אין „בילוי״ האָבן איבערגעוויגן די ערשטע, בעת דער „עם עולם״ איז געווען מער סאָציאַליסטיש און ווייניקער נאַציאָנאַל. זיי זענען אַלנפאַלס צוויי צווייגן פונם זעלבן בוים, כאָטש דער אונטערשיד אין די פּראַקטישע מיטלען האָט זיי מיט דער צייט ווייט אַוועקגעפירט איינער פונם אַנדערן.

### קאַפּיטל צוויי



## ארץ-ישראל פארן קריג

אין אָנהויב פונם יאָר 1882 זענען די ערשטע „בילו"־פּיאָנערן אָנ־געקומען קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן געפונען אַ שטאַרק־צוריקגעשטאַנען לאַנד, וואָס האָט אין פיל ערטער אויסגעקוקט ווי אַן אמתער מדבר. די בערג, אַמאָל באַדעקט מיט ביימער, זענען געווען נאַקעט און וויסט, און די טאָלן זענען פול געווען מיט בלאָטעס, נעסטן פון געפערלעכן פיבער. די גאַנצע באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל האָט דאַן אויסגעמאַכט 350.000 נפשות, מערסטנס אַראַבישע פעלאַכן (פּויערים) און וואַנדערנדע בעדואי־נער מיט זייער אַ ווילדן און פּרימיטיוון לעבנס־שטייגער. די טערקישע באַאַמטע פונם לאַנד זענען געווען ברוטאַל און פאַרקויפלעך, און זייער קולטור־צושטאַנד איז נישט פיל העכער געווען פון דער אַרומיקער באַ־פעלקערונג. בלויז די קריסטלעכע מיסיאָנערן און אַ הייפעלע פון רייכערע סוחרים אין די שטעט זענען געשטאַנען אויף אַ העכערער שטופע פון ציוויליזאַציע.

די יידישע באַפעלקערונג פון לאַנד איז דאַן באַשטאַנען פון דרייסיק טויזנט נפשות. אַ גרויסער טייל פון זיי זענען געווען עלטערע לייט, וואָס האָבן געלעבט פון „חלוקה", צוגעשיקט פון גלות. די איבעריקע בערך גלייך צוטיילט אויף אשכנזים און ספרדים, האָבן אויסגעשלאָגן אַן אָרע־מען לעבן מיט האַנדל און האַנטווערק אין פּרימיטיוון לאַנד. כמעט אַלע זענען זיי געווען עקסטרעמע פאַנאַטיקער, וואָס האָבן זיך שטאַרק געווערט קעגן מאָדערנער דערציונג און קולטור. נאַטירלעך האָבן די אָנגעקומענע „בילויצעס" אויסגעזען אין זייערע אויגן ווי געפערלעכע אפיקורסים, מיט וועלכע מען טאָר נישט האָבן דעם קלענסטן מגע־ומשא.

די איינציקע אַגריקולטורעלע דערגרייכונג פון יידן אין ארץ־ישראל איז דאַן געווען די לאַנדווירטשאַפטלעכע שולע „מקוה־ישראל", נישט ווייט פון יפו, וואָס איז מיט צען יאָר פריער געגרינדעט געוואָרן דורך

דער פאַריזער „אַליאַנס איזראַעליט" („כל ישראל חברים"). מיט א פּאָר יאָר פאַרן אָנקום פון די „בילויצעס" האָבן אויך ירושלימער יידן געקויפט א שטח זומפּיקן באָדן אין דער געגנט פון דער איצטיקער „פתח תקוה". ווען די בילויצעס זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל איז דער דאָזיקער באָדן שוין פאַרלאָזן געוואָרן פון די ווייניקע יידישע קאָלאָניסטן, וואָס זענען אנטלאָפן פאַר דעם פאַרניכטנדן פיבער, וואָס האָט געבושעוועט אין דער געגנט.

## די ערשטע קאָלאָניעס

נישט קוקנדיק אויפן שווערן איינדרוק, וועלכן דאָס פאַרלאָזענע לאַנד האָט געמוזט אויף זיי מאַכן, האָבן די בילו־פּיאָנערן, געשטיצט פון א פּאָר „חובבי־ציון"־געזעלשאַפטן אין רוסלאַנד, זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. זיי האָבן געקויפט א שטיק לאַנד צום דרום פון יפו, דעמאָלט דעם וויכטיקסטן פּאָרט פון לאַנד, און געגרינדעט דאָרט א קאָלאָניע, וועלכע זיי האָבן אָנגערופן מיטן נאָמען „ראשון לציון". זיי האָבן אויפגעשטעלט פאַר זיך הילצערנע באַראַקן און אָנגעהויבן באַאַרבעטן דאָס לאַנד אויף א גאַנץ פּרימיטיוון שטייגער.

אין קורצן נאָך דער גרינדונג פון ראשון־לציון האָבן זיך אין לאַנד א לאָז געטאָן קליינע גרופּן פון רומענישע יידן, וואָס זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען דורך אנטיסעמיטישע רדיפות. אין א יאָר נאָך דעם אָנקומען פון די ערשטע בילו־פּיאָנערן זענען שוין אינם לאַנד געווען אַרום הונדערט רומענישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געגרינדעט צוויי אייגענע קאָלאָניעס. די איינע מיטן נאָמען „סאַמאַרין" — שפּעטער זכרון־יעקב, — איז געגרינדעט געוואָרן אויף דעם ראַנד פון די שומרון־בערג, נישט ווייט פונם מיטלמער. די אַנדערע, „ראש־פּנה", געפינט זיך צווישן די מאַלערישע בערג פון גליל, צום צפון פון ים כנרת.

גלייכצייטיק מיט דער גרינדונג פון די דאָזיקע נייע קאָלאָניעס האָבן אָנגעקומענע אימיגראַנטן פון רוסלאַנד איבערגענומען די פאַרלאָזענע קאָלאָניע פון ירושלימער יידן, און האָבן איר געגעבן איר איצטיקן נאָמען „פתח תקוה". בסך־הכל זענען אין זומער 1883 שוין געווען אין לאַנד זעקס לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים, מיט אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 200 משפחות.

באַלד זענען אָבער די דאָזיקע ערשטע קאָלאָניעס אַריינגעפאַלן אין ערנסטע געלט־שוועריקייטן. זייערע גרינדער האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטע עקאָנאָמישע פּלענער פאַר דער צוקונפט. אידעאַליסטיש געזאָנגען, אָבער אָן דער מינדעסטער פּראַקטישער ערפאַרונג, האָבן זיי זיך גענומען זייען ווייץ און קאָרן אויפן זעלבן אופן, ווי זיי האָבן געזען פויערים דאָס טאָן אויף די ברייטע פעלדער פון מזרח־אייראָפּע. זיי האָבן אָבער באַלד אויסגעפונען — אויפן גרונט פון דורכפאַלן און אַנטוישונגען, אַז דער גרעסטער טייל פונם ארץ־ישראלדיקן באָדן טויג גאָרנישט פאַר תּבֿואה. דערווייל זענען די ווינציקע מיטלען, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דער היים אויסגעגאַנגען, און די נעבעכדיקע שטיצע, וואָס איז זיי געשיקט געוואָרן דורך די אָרעמע און אומפּראַקטישע חובֿבֿי־ציון־פאַריינען אין רוסלאַנד און רומעניע, האָט נישט געקאָנט פאַרבעסערן די לאַגע. אַזוי אַרום זענען די קאָלאָניעס אַריינגעפאַלן אין אַ שווידערלעכן קריזיס, און די אָנגעהויבענע אַרבעט איז געווען אין געפאַר אָפּגעלאָזט צו ווערן.

## באַראָן ראָטשילד און זיין קאָלאָניזאַציע

שטייענדיק פאַר אַזאַ ערנסטער לאַגע, האָבן די „חובֿבֿי־ציון" אין גלות אָנגעהויבן זוכן יידישע נגידים און פילאַנטראָפּן, וואָס זאָלן ראַטעווען די קאָלאָניעס פון דער דראָענדער קאַטאַסטראָפע. אין דער זעלבער ריכטונג האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן די בילויצעס אַליין, וואָס האָבן ביים מיטן 1883 אַרויסגעשיקט אַן אייגענעם דעלעגאַט קיין מערבֿ־אייראָפּע נאָך הילף. זיי איז ענדלעך געלונגען צו פאַראינטערעסירן אין זייער אַרבעט דעם באַראָן עדמונד ראָטשילד פון פּאַריז. נישט באַגנוגנדיק זיך מיט באַלדיקער שטיצע פאַר די פאַריאַושטע קאָלאָניסטן, האָט זיך ראָטשילד אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט זייערע פּראָבלעמען אין אַ גרעסערן פאַרנעם. ער האָט אַוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל עקספּערטן אויף צו שטודירן די אַגריקולטורעלע מעגלעכקייטן פונם לאַנד בכלל. אויפן גרונט פון די דאָזיקע באַריכטן איז ער געקומען צום אויספיר, אַז מען מוז ענדערן די עקאָנאָמישע גרונטלאַגע פון די קאָלאָניעס, דורך פאַרבייטן זייער תּבֿואה־ווירטשאַפט אויף וויין־בוי. ער האָט סובסידירט דאָס פלאַנצן פון וויין־גערטנער, און האָט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער זיך גענומען בויען אַ פּאָר גרויסע קעלערס פאַר דער פּראָדוקציע פון וויין.

וואָס זענען געווען די אינערלעכע מאָטיוון, וואָס האָבן געשטופּט דעם

פראַנצויזיש - ייִדישן באַראָן צו זיין קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט אין ארץ-ישראל?

א פאַרזוך צו ענטפערן אויף דער פראַגע וואָלט אונז פאַרפירט צו ווייט. ס'איז אָלנפאַלס א פאַקט, אַז ראָטשילדס אינטערעס אין דער קאָ-לאָניזאַציע פון ארץ-ישראל איז נישט געווען קיין ציטווייליקער קאַפריז. אָנהויבנדיק מיט דער הילף פאַר ראשון-לציון, האָט ער מיט יעדן יאָר פאַרברייטערט דעם פאַרנעם פון זיין טעטיקייט. ער האָט מיט דער צייט געקויפט א סך לאַנד, און אָנגעהויבן שאַפן אייגענע דערפער. ביים סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט זענען שוין אונטער זיין פאַרוואַלטונג געווען נישט ווייניקער פון פופצן קאָלאָניעס אין פאַרשידענע טיילן פונם לאַנד.

דערווייל איז די חובבי-ציון געלונגען צו לעגאַליזירן זייער טעטיקייט אין רוסלאַנד דורך דער שאַפונג פון דער „געזעלשאַפט צו שטיצן ייִדישע ערד-אַרבעטער און האַנטווערקער אין סיריע און פאַלעסטינע", מיטן הויפט-זיץ אין אָדעס. די דאָזיקע געזעלשאַפט באַקאַנט אונטער דעם קור-צערן נאָמען „אָדעסער קאָמיטעט", איז געווען א וויכטיקע דערגענצונג צו ראָטשילדס אַרבעט. מיט דער הילף פון קלענערע חובבי-ציון-פאַריינען אין אַנדערע לענדער האָט דער „אָדעסער קאָמיטעט" געשטיצט אייניקע קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך געגרינדעט אומאָפּהענגיק פונם באַראָן, און געשאַפן א פּאָר אַרבעטער - זידלונגען אַרום די עקזיסטירנדע קאָלאָניעס. דער אָדעסער קאָמיטעט האָט זיך אויך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער קולטורעלער זייט פונם ארץ-ישראלדיקן אויפבוי, שטיצנדיק פאָלקס-שולן און אַנדערע דערציונגס-אַנשטאַלטן.

אינם יאָר 1889 זענען שוין אין ארץ-ישראל געווען 22 לאַנדווירט-שאַפטלעכע ישובים מיט א באַפעלקערונג פון צוזאַמען 5000 נפשות און מיט א שטח באָדן פון 300,000 דונאַמס*).

דער הויפט-חסרון פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער קאָלאָניזאַציע, וואָס איז הויפטזעכלעך אָנגעפירט געווען פונם באַראָן, איז געווען איר פילאַנטראָפּישער כאַראַקטער, וואָס האָט דערשטיקט די פערזענלעכע אי-ניציאַטיוו פון די קאָלאָניסטן און אָפּגעשוואַכט זייער שאַפנדן גייסט. די קאָלאָניעס האָבן אָנגעווירן זייער אינערלעכע אויטאָנאָמיע, און די גאַנצע דעה איז אַריבער צו די באַאַמטע פונם באַראָן, וועלכע האָבן מערסטנס נישט געהאַט קיין אינערלעכע באַציונג צום גאַנצן ענין, און

*) א דונאַם איז א צענטל העקטאַר, אָדער אַרום א פערטל אַקער.

וענען אויך גאַנץ אָפּט נישט געשטאַנען פּערזענלעך אויף דער נויטיקער מאַראַלישער הויך... די קאָלאָניסטן פון זייער זייט האָבן אָנגעהויבן באַשעפטיקן ביליקע אַראַבישע אַרבעטער, באַשרענקענדיק זייער אייגענע טעטיקייט מיט אויפזיכט און שקלאַפן־טרייבעריי. זיך פאַרלאָזנדיק אויף דער איבערטריבענער איינקויפט פון זייערע וויינטרויבן, פאַר וועלכע דער ברייט־האַרציקער באַראָן האָט געצאָלט אַ הויכן פּרייז, וואָס איז בשום אופן נישט געווען באַרעכטיקט דורך די וויין־פּרייזן אויפן וועלט־מאַרק, האָבן זיי פאַרנאַכלעסיקט אַלע הילפס־צווייגן פון לאַנדווירטשאַפט. זיי האָבן געמוזט קויפן מילך, אייער, גרינס פון זייערע אַראַבישע שכנים. זייערע פרויען און קינדער האָבן נישט גענומען קיין אַקטיוון אַנטייל אין דער ווירטשאַפט. דער גאַנצער וווילשטאַנד פון די קאָלאָניסטן איז באַזירט געווען אויף קינסטלעך איבערגעטריבענע פּרייזן, וועלכע ראָטשילד האָט געצאָלט פאַר זייערע וויינטרויבן.

### פון באַראָן צו „יקא"

אָזאַ לאַגע האָט נישט געקאָנט דויערן לאַנג. נאָך פופצן יאָר פון קאָלאָניזאַטאָרישע עקספּערימענטן איז באַראָן ראָטשילד געקומען צום אויספיר, אַז אַ קינסטלעך סובסידירטע לאַנדווירטשאַפט האָט נישט קיין עקזיסטענץ - באַרעכטיקונג. די קאָלאָניעס, האָט ער ביי זיך באַשלאָסן, מוזן פון איצט אָן געשטעלט ווערן אויף די אייגענע פיס. זיי מוזן עקזיסטירן אויף נאָרמאַלע פּרייזן, וואָס זענען באַגרינדעט אויפן פאַקטישן מאַרק־ווערט פון זייערע פּראָדוקטן. ער האָט דעריבער אינם יאָר 1899 אָפּגעשטעלט זיין יערלעכע סובסידיע פאַר דער ארץ־ישראלדיקער ווייןווירטשאַפט; אין איין וועג האָט ער זיך אויך אָפּגעזאָגט פון דער דירעקטער פאַרוואַלטונג פון זיינע קאָלאָניעס, און איבערגעגעבן זיי אין די הענט פון „יקא"*).

די פּלוצימדיקע אָפּשטעלונג פונם באַראָנס סובסידיעס איז געווען פאַר די קאָלאָניסטן אַ שרעקלעכער קלאַפּ. צוליב דער שטאַרקער ירידה

---

*) די „יקא" (יידישע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט), געגרינדעט געוואָרן מיט צען יאָר פריער דורך אַן אַנדער גרויסן יידישן פילאַנטראָפּ, באַראָן מאָריס הירש, האָט ביז צו יענער צייט זיך אָפּגעגעבן כמעט אויסשליסלעך מיט יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

פון די פרייזן, וואָס זיי האָבן איצט אָנגעהויבן קריגן פאַר זייערע ווייַנטרויבן, האָבן זיי געמוזט אויסוואָרצלען אַ גרויסן טייל פון זייערע ווייַנשטאָקן און פאַרביטן זיי מיט פּלאַנטאַציעס פון מאַנדלען און אָליווּבוימער. דער דאָזיקער שריט איז דיקטירט געוואָרן פונם געדאַנק, אַז געמישטע ווירטשאַפט, וואָס איז באַזירט אויף עטלעכע מינים פּלאַנצונגען, גיט מער זיכערהייט קעגן פּלוצימדיקע וואַקלונגען פון מאַרק־פרייזן.

איבערגעבנדיק די פאַרוואַלטונג פון זיינע קאָלאָניעס צו דער „ייקאַ", האָט ראָטשילד פונדעסטוועגן נישט אויפגעהערט זיך אַקטיוו צו אינטערעסירן אינעם ארץ־ישראלדיקן אויפבוי. ער האָט פּאַקטיש פינאַנסירט די גאַנץ ברייטע „ייקאַ"־טעטיקייט אין ארץ־ישראל, און די דאָזיקע הילף איז אויך פאָרטגעזעצט געוואָרן, ווען די אַרבעט פון דער „ייקאַ" איז שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ ספּעציעל־געשאַפענער געזעלשאַפט „פּיקאַ" (פּאַלעסטינער „ייקאַ").

צום אונטערשיד פונם באַראָן אין די ערשטע יאָרן פון זיין קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט, האָבן „ייקאַ" און „פּיקאַ" ווייניק געגלויבט אין די מעגלעכקייטן פון אַ ברייטער ווייַן־קולטור אין ארץ־ישראל, און זיי האָבן דעריבער קאָנצענטרירט זייער אַרבעט אויף פּראָסטן אַקערבוי, אויף ברויט־ווירטשאַפט. כמעט אַלע קאָלאָניעס, וואָס זענען פון זיי געגרינדעט געוואָרן צווישן 1900 ביזן אויסברוך פון וועלט־קריג, זענען געלעגן אין גליל אין אויבערשטן טייל פון עמק־הירדן, ווו דער באָדן איז מער פּאַסנדיק פאַר ברויט־ווירטשאַפט, איידער אין די מערסטע אַנדערע געגנטן פונם לאַנד.

די האַלטונג פון טערקיי

אין די ערשטע יאָרן פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל איז די שטעלונג פון דער טערקישער מאַכט געווען נייטראַל און אַמאָל אַפילו פריינטלעך. ווען אָבער די קאָלאָניזאַציע האָט אָנגענומען אַ גרעסערן פאַרנעם, איז מען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געוואָרן אומרואיק. אינעם יאָר 1890 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, וואָס האָט פאַרווערט די אימיגראַציע פון רוסישע, רומענישע און עסטרייכישע יידן קיין ארץ־ישראל. די „טאַבו", די ביוראָ פאַר רעגיסטראַציע פון לאַנד־קניות, האָט געקריגן אַ באַפעל נישט איבערטראָגן קיין לאַנד אויף זייערע נעמען.

צוליב דער אַלגעמיינער שוואַכקייט פונם טערקישן רעגירונגס־

אַפּאַראַט זענען אָבער די דאָזיקע גזרות מערסטנס געבליבן אויפן פּאַפּיר. חוץ דעם איז דער רעזשים פון קאַפּיטולאַציעס, וואָס האָט געשטעלט אויסלענדער אין דער טערקיי אונטער דער יוריסדיקציע פון זייערע קאָנסולן, געווען אַ שטאַרקע מניעה קעגן יעדן פאַרזוך אָפּשטעלן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל דורך באַפעלן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. פּראַקטיש האָט יעדער ייד, וואָס האָט געוואָלט זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל פאַרן קריג, געקאָנט דאָס טון, אויב נאָר ער האָט געהאַט אין זיין רשות די נויטיקע געלט־מיטלען אָדער די געהעריקע אַרבעטס־קראַפט.

## דער פּאָליטישער ציוניזם

מיט דער צייט איז אין דער „חובבי־ציון"־באַוועגונג אין גלות פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. זייענדיק אין אָנהויב אַן ענין פאַר יחידי־סגולה, אָן אַקטיווער פאַרבינדונג מיט די מאַסן, איז זי אינם יאָר 1891, אונטער דער גלענצנדער פירערשאַפט פון דר. טעאָדאָר הערצל, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקער פאָלקס־באַוועגונג, מיט אַ ברייטערן פאַרנעם און גרעסערע השגות. דר. הערצל, אַ ווינער זשורנאַליסט, וועלכער איז צוגעקומען צום יידישן לעבן נאָך אַ ריי ביטערע אַנטוישונגען אין דער מעגלעכקייט פון יידישער אַסימילאַציע, איז געווען דער שאַפער פונם „פּאָליטישן ציוניזם", וועלכער האָט צום אונטערשיד פון די אַמאָליקע חובבי־ציון געלייגט דעם גרעסטן געוויכט אויף די פּאָליטישע באַדינגונגען פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. די אידייען פון דר. הערצל, וועלכע זענען צוערשט אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין זיין בוך „יודנשטאַאַט" (1896), און זענען שפּעטער אַנטוויקלט געוואָרן אין „אַלטנייַלאַנד", האָבן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אויף די יידישע מוחות, און איבערנאַכט איז דער ביז אַהער אומבאַקאַנטער זשורנאַליסט געוואָרן דער אומבאַשטריטענער פירער פון דער שטאַרקסטער באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אינם יידישן פאָלק פאַר די לעצטע עטלעכע דורות.

דער גרינדער פון פּאָליטישן ציוניזם האָט נישט געגלויבט אין דער צוועקמעסיקייט פון ארץ־ישראלדיקער קאָלאָניזאַציע אין אַ קליינעם פאַרנעם, אָן אַן אינטערנאַציאָנאַל־אָנערקענטן „טשאַרטער", וואָס זאָל געבן דער יידישער קאָלאָניזירנדער אַגענטור וויכטיקע רעכט און אַ באַשטימטע מאַכט אינם לאַנד. אונטערן וואָרט „טשאַרטער" האָט ער פאַרשטאַנען אַ ברייטע קאָנצעסיע לויטן מוסטער פון די קאָנצעסיעס, וועלכע

ענגלאַנד פלעגט אַמאָל געבן צו די גרויסע קאָמפּאַניעס, וואָס זענען גע־
שאַפן געוואָרן פאַר האַנדל און קאָלאָניזאַציע אין אָפּגעלעגענע קאָלאָנ־
יעס, — למשל, „איסט־אינדיע־קאָמפּאַני", „האָדסאָן בעי קאָמפּ." און
אַזוי ווייטער. באַלדיקע קליין־קאָלאָניזאַציע אָן אַזעלכע רעכטלעכע גאַ־
ראַנטיעס איז פון אים באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ פאַרשווענדונג פון ענער־
גיע, וואָס וועט אָפּציען די ציוניסטישע באַוועגונג פון איר דירעקטן פּאָ־
ליטישן וועג צו דערפאָלג.

האַלטנדיק זיך ביים דאָזיקן געדאַנק, האָט דר. הערצל אָנגעהויבן
פאַרהאַנדלען וועגן אַ טשאַרטער אויף ארץ־ישראל מיטן טערקישן סולטאַן
אַבדול האַמיד, און געזוכט אין דער זעלבער צייט צו קריגן די שטיצע
פון אייראָפּעאישע גרויס־מאַכטן, וועמענס וואָרט ס'האָט דעמאָלט געהאַט אַ
שטאַרקן איינפלוס אויפן באָספאָר. זיין מאַגנעטישע פּערזענלעכקייט האָט
אים געשאַפן אַ סך סימפּאַטיע אין די הויכע קרייזן און אַרויסגערופן אפילו
געוויסע אומבאַשטימטע צוזאָגן. צו קיין תכלית איז עס אָבער נישט גע־
קומען. טערקיי איז געבליבן קעגנעריש צום ציוניזם, און די גרויס־מאַכטן
האָבן אויך נישט איינגעזען, ווי אַזוי מען קאָן איינשפּאַנען די דאָזיקע
יונגע באַוועגונג אין זייער פּאָליטישן וואָגן. איבעריקנס האָט זיי דר.
הערצל נישט געקאָנט ווי געהעריק אימפּאָנירן, ווייל ער איז נישט געווען
אימשטאַנד צו געווינען פאַר זיינע פּראָיעקטן די יידישע מיליאָנערן,
אויף וועלכע ער האָט געהאָפט אין אָנהויב פון זיין ציוניסטישער טע־
טיקייט.

נאָך אַ רייע פון שווערע אַנטוישונגען האָט דר. הערצל פאַרלאָרן די
האָפענונג אויף אַ באַלדיקן טשאַרטער, און זייענדיק ווי פריער סקעפּטיש
צום געדאַנק וועגן „קליין־קאָלאָניזאַציע", האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן
וועגן אַ „נאַכט־אַזיל" אין אַן אַנדער לאַנד, וווּ יידישע מאַסן געטריבן
פון אייראָפּע, זאָלן דערווייל קאָנען בויען אַ צייטווייליקע היים. די אידייע
וועגן „נאַכט־אַזיל", וועלכע האָט אין יאָר 1903 געקריגן אַ קאָנקרעטע
פאָרם דורך ענגלאַנדס פאָרשלאָג וועגן אוגאַנדאַ, אַ קאָלאָניאַלן שטח אין
אַפריקע, האָט אָבער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע פון די
אַלגעמיינע „חובבי־ציון", וואָס האָבן עס באַטראַכט אַלס אַ פאַרראַט
קעגן ארץ־ישראל. אמת, אונטער דעם איינפלוס פון הערצלס שטאַרקער
פּערזענלעכקייט, האָט דער זעקסטער קאָנגרעס (באַזעל 1903) אָנגענומען
דעם פאָרשלאָג אין פּרינציפּ, און באַשלאָסן צו שיקן אַן אויספאָרשונגס־
עקספּעדיציע קיין אוגאַנדאַ. דער באַריכט פון דער עקספּעדיציע איז

אָבער נישט געווען קיין גאָר גינסטיקער, און דערווייל האָט די אָפּאָזיציע צו אוגאַנדאַ אַרומגענומען די מערהייט פֿון די ציוניסטישע פֿאַריינען. גראָד אין דער דאָזיקער קריטישער צייט איז הערצל געשטאָרבן — אין עלטער פֿון 44 יאָר, — און אויף דעם זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז דער אוגאַנדאַ־פּראָיעקט צוריקגעוויזן געוואָרן מיט אַ ריזיקער מערהייט. פֿון יענער צייט אָן איז ציוניזם אָרגאַניש פֿאַרבונדן מיטן געדאַנק וועגן אַ נאַציאָנאַלער היים אויסשליסלעך אין ארץ־ישׂראל.

גלייכצייטיק מיט זיינע דיפּלאָמאַטישע אָנשטרענגונגען האָט דער פּאָליטישער ציוניזם אונטער דעם איינפֿלוס פֿון די אַמאָליקע חובבי־ציון, וואָס האָבן געפֿאָדערט די באַלדיקע קאָלאָניזאַציע פֿון ארץ־ישׂראל, נישט וואַרטנדיק אויפֿן טשאַרטער, אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אין אַן אַלץ גרעסערן פֿאַרנעם אינם פּראַקטישן אויפֿבוי פֿונם לאַנד. דער וויכטיקסטער שריט אין דער ריכטונג איז געטאָן געוואָרן דורך דער שאַפֿונג פֿונם נאַציאָנאַל־פֿאָנד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1901 אַלס אַן ענגלישע געזעלשאַפֿט מיטן זיץ אין לאָנדאָן. דער ציל פֿונם נאַציאָנאַל־פֿאָנד, וואָס איז באַזירט אויף נדבות, איז צו קויפֿן לאַנד אין ארץ־ישׂראל, אַלס אַן אייביקן באַזיץ פֿון יידישן פֿאָלק. זיינע סטאַטוטן פֿאַרווערן דעם פֿאַרקויף פֿון לאַנד, און דערלויבן בלויז צו פֿאַרדינגען עס אויף לאַנגע טערמינען צו יידן, וואָס זענען גרייט צו קולטיווירן דעם באָדן אָן פֿרעמדער אַרבעט.

מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט די „יידישע קאָלאָניאַל־באַנק", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אינם יאָר 1898 אַלס דער פֿינאַנציעלער הויפּט־אינסטרומענט פֿון ציוניסטישער פּאָליטיק, געשאַפֿן אַ טאָכטער־געזעלשאַפֿט די „אַנגלאָ־פּאַלעסטיין קאָמפּאַניי" (א. פּ. ק.) מיטן צוועק צו פֿאַרנעמען זיך מיט באַלדיקע באַנק־געשעפֿטן אין ארץ־ישׂראל. די א. פּ. ק. האָט געגרינדעט עטלעכע צווייגן אין די וויכטיקסטע שטעט פֿונם לאַנד, און זי האָט מיט דער צייט פֿאַרנומען אַן אַלץ מער אָנגעזעענעם פּלאַץ אינם עקאָנאָמישן לעבן פֿונם לאַנד.

## די פּאָגראָמען פֿון 1905 און ארץ־ישׂראל

דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער אויסברוך פֿונם יאָר 1905 האָט געגעבן אַ נייעם און מעכטיקן שטויס צו יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישׂראל. די צאַרישע רעגירונג האָט אין איר פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף קעגן

דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג זיך ברייט באַנוצט מיטן אַלט־אויסגע־פּרוּווטן מיטל פון יידישע פּאָגראָמען. אין אָקטאָבער 1905, בעת דעם סאַמע ברען פון דער שפּעטער אונטערדריקטער רעוואָלוציע, זענען עטלעכע הונדערט יידן ברוטאַל דערהרגעט געוואָרן דורך די „שוואַרץ־כאַהניקעס", וואָס זענען אַקטיוו געשטיצט געווען פון דער צאַרישער געהיים־פּאָליציי, דער באַרימטער „אָכראַנע". די פּאָגראָמען האָבן אַרויסגערופן א נייע כוואַליע פון יידישער עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל, און האָבן פאַראורזאַכט נייע אָנשטרענגונגען צו קאָלאָניזירן דאָס לאַנד.

די מערסטע אימיגראַנטן פון יאָר 1905 זענען דורכגעדרונגען געווען מיט סאָציאַלע אידייען אין א פיל ברייטערן פאַרנעם און אויף א סך א קלאָרערן אופן, איידער זייערע פאָרגעגנער פונם יאָר 1882. צום גרויסן טייל זענען זיי אין דער היים געווען מיטגלידער פון פאַרשידענע גרופּן, וואָס זענען געווען ציוניסטיש און סאָציאַליסטיש אין דער זעלבער צייט. די דאָזיקע גרופּן, באַקאַנט אונטער דעם געמיינזאַמען נאָמען פון „פּועלי־ציון", זענען דאַן פאַרייניקט געוואָרן אין יעדן לאַנד אין אויסגעשפּראָכן־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן אָנגענומען די אידייע פונם ארץ־ישראלדיקן צענטער אַלס די באַלדיקע לייזונג פון דער יידן־פּראָגע. די אידעאָלאָגיע פון פּועלי־ציון איז אַמבעסטן פאָרמולירט געוואָרן פונם פאַרשטאָרבענעם בער באָראָכאָוו (1880—1917), וועלכער האָט באַגרינדעט די נויטווענדיקייט פון ארץ־ישראל פאַר יידישן אַרבעטער פונם שטאַנדפּונקט פון זיינע קלאַסן־אינטערעסן. ער האָט באַטראַכט דעם דראַנג צו ארץ־ישראל אַלס א היסטאָרישע נויטווענדיקייט, וואָס ווערט דיקטירט דורך אַן עקאָנאָמישן דרוק, וואָס האָט זיינע טיפע וואָרצלען אינם גאַנצן בוי פון אונזער איצטיקער געזעלשאַפט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם, אַלס א סטיכישן פּראָצעס, וואָס ווערט געשטופּט דורך די פאַרשידענע כּוחות אינם יידישן פאָלק. און האָט געזען די ראָלע פון די יידישע אַרבעטער אין דעם קלאַסן־קאַמף און קלאַסן־טעטיקייט, וואָס זיי וועלן אָנפירן אין ארץ־ישראל.

די ציוניסטיש - סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אין אירע פאַרשידענע פאָרמען און אָפּצווייגונגען, האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געהאַט א שטאַרקע השפּעה אויפן גאַנצן כאַראַקטער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. זי האָט בעיקר זיך אָפּגעשפּיגלט אינם גרויסן פּלאַץ, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער קאָאָפּעראַציע אינם ארץ־ישראל־דיקן אויפבוי.

כאָטש די גרעסטע מערהייט פֿון די דעלעגאַטן אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן איז ווייט געווען פֿון סאָציאַליזם, האָבן זיי פֿונדעסטוועגן אָפֿט אַרויסגעוויזן אַ פּרינציפּיעלע באַציִונג צו פֿאָרשלאָגן וועגן נייע סאָציאַלע פֿאָרמען אינם אויפֿבוי פֿון דער ארץ־ישׂראלדיקער לאַנדווירטשאַפֿט. אַפֿילו די שטאַרקסטע אינדיווידואַליסטן צווישן זיי האָבן געמוזט צוגעבן, אַז אין די ערשטע שטופּן פֿון קאָלאָניזאַציע האָט אָפֿט די קאָלעקטיווע אָנשטרענגונג פֿון אַ גרופּע אַ בעסערן שאַנס אויף דערפֿאָלג, איידער די צעשטרייטע באַמיאונגען פֿון איינצלנע קאָלאָניסטן. חוץ דעם, האָט די רעדפֿאָרונג פֿון ראָטשילד ־ קאָלאָניזאַציע באַוויזן, אַז איינצלנע קאָלאָניסטן, איינגעאָרדנט אויפֿן יסוד פֿון פּריוואַטן קאַפּיטאַליזם, ווערן צו אָפֿט דעגענערירט אין טיפּישע פּלאַנטאַטאָרס, וואָס שטעלן זייער פֿער־זענלעכען געווינס איבער די אַלגעמיינע אינטערעסן פֿונם יידישן כּלל. אַזעלכע קאָלאָניסטן עקספּלואַטירן געוויינלעך ביליקע אַראַבישע אַרבעט, און מיידן אויס דעם אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער מיט זיין העכערן לעבנס־סטאַנדאַרט. ס'איז קלאָר, אַז קאָלאָניעס, וואָס זענען געבויט אויף אַזעלכע יסודות, שטעלן מיט זיך נישט פֿאָר קיין באַזע פֿאַר ווייטערדיקער יידישער עמיגראַציע, און זיי האָבן דעריבער פֿון אַ ריין־ציוניסטישן שטאַנדפּונקט זייער אַ באַשרענקטן ווערט.

## אָנהייב פֿון קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע

אונטער דעם דרוק פֿון דער דאָזיקער לאַגע, האָט דער ניינטער ציוניסטישער קאָנגרעס (1909) באַשלאָסן דורכצופֿירן אַן עקספּערימענט פֿון קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע לויט פּראָגרעס אָפּענהיימערס פּלאַן פֿון „זידלונגס־גענאָסנשאַפֿט". די צענטראַלע אידייע פֿון פּראָפֿ. אָפּענהיימערס איז די נויטיקייט פֿון אַ פֿאַכמענישער פֿירונג אין דער קאָאָפּעראַציע; די מיטגלידער פֿון זיין זידלונגס ־ גענאָסנשאַפֿט מוזן בעת אַ געוויסן איבערגאַנגס־פּעריאָד באַהאַנדלט ווערן ווי געוויינלעכע לוין־אַרבעטער אויף אַ גרויסן גוט, און ערשט מיט דער צייט זאָלן זיי צוביסלעך אַליין איבערנעמען די פֿאַרוואַלטונג פֿון זייער קאָאָפּעראַטיווער ווירטשאַפֿט.

דער אָפּענהיימער עקספּערימענט איז געפֿירט געוואָרן אין מרחביה אויף אַ באַדייטנדן שטח לאַנד, וואָס איז געקויפֿט געוואָרן פֿאַר דעם צוועק פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד אינם הארץ פֿון עמק־יזרעאל. ער האָט נישט געבראַכט דעם געווונטשטן דערפֿאָלג. ווי עס זעט אויס, איז דער פֿאַר־

וואַלטונגס־געדאַנק פון פּראָפּ. אָפּענהײמער נישט צוגעפּאַסט געווען פאַרן אומאָפּהענגיקן כאַראַקטער פון די יידישע קאָאָפּעראַטאָרס, בפרט אין ארץ־ישראל.

אינם זעלבן יאָר, ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן די אָפּענהײמערישע זידלונגס־גענאָסנשאַפט אין מרחביה, האָט א גרופּע פון יידישע ארבעטער געגרינדעט א קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע אויף זייער אייגענעם שטייגער. זיי האָבן אָפּגעדונגען ביים נאַציאָנאַל־פאָנד א שטח פון באָדן אין עמק־הירדן, באַלד ביי זיין אויספלוס פון ים־כנרת, און האָבן דאָרט געשאַפן א זידלונג מיטן נאָמען „דגניה״. די דאָזיקע זידלונג, די ערשטע „קבוצה״ אין לאַנד, האָט זיך ארויסגעוויזן צו זיין א פולער דערפאָלג. נישט קוקנ־דיך אויפן גאָר הייסן קלימאַט פונם נידעריק געלעגענעם ירדן־טאָל, און די אָפטע פיבער־קראַנקהייטן, האָבן די דגניה־לייט אויסגעבויט צוביסלעך א זעלבסט־דערהאַלטנדע קאָאָפּעראַטיווע זידלונג, וואָס איז שפּעטער געוואָרן א מוסטער און וועג־ווייזערין פאַר ווייטערדיקע אונטערנעמונגען פון דעם מין.

די גרינדונג פון תל אביב; קולטורעלע טעטיקייט.

גלייכצייטיק מיט וויכטיקע שאַפונגען אויפן פעלד פון לאַנדווירטשאַפט, איז אין דער עפּאָכע גלייך פאַרן וועלט־קריג געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון א שטאָטישער זידלונג, וואָס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן צו דער גרעסטער שטאָט פון לאַנד. נאַטירלעך, מיינען מיר דערמיט תל־אביב, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1911 פון א גרופּע יידן אין יפו, וועלכע האָבן געוואָלט שאַפן פאַר זיך מער סאַניטאַרישע לעבנס־באַדינגונגען, איידער דאָס איז מעגלעך געווען אין דער אַלטער אַראַבישער האַפן־שטאָט. האָבן זיי געקויפט א שטח באָדן צווישן די זאַמד־בערגלעך צום צפון פון יפו און אויסגעבויט דאָרט א פּאָר הונדערט וווין־הייזער, מיט א גימנאַזיע, „הרצליה״ אין דער מיט. אינם אָנהויב האָט זייער אונטערנעמונג ארויסגערופן א היפּש ביסל חוזק צווישן מער „ניכטערנע״ און פּראַקטישע מענטשן, און ס'איז אויסגעקומען זייער שווער צו געפינען בעלנים אויף צו קויפן בוי־פּלעצער אין דער צוקונפטיקער שטאָט. איצט אָבער איז תל־אביב מיט אירע 140.000 איינוווינער די בליענדסטע און מאָדערנסטע שטאָט אין נאָענטן מזרח.

חוץ תל־אביב איז אין די עטלעכע יאָרן פאַרן וועלט־קריג געשאַפן

געוואָרן אויך דער אָנהויב פון וויכטיקע יידישע פאַרשטעט ביי חיפה (הדר־הכרמל און נוה־שאנן), און ס'איז אָנגעהויבן געוואָרן אַ לעבעדיקע בוי־טעטיקייט אין ירושלים אַרום דער אַלטער שטאָט. אין יענער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ מאָדערנע יידישע פאַרשטאָט ביי דער אָפּגעשטאַנענער טבריה (קרית שמואל).

די יסודות פון דער איצטיקער העברעאישער קולטור אין ארץ־ישראל זענען אויך געלייגט געוואָרן נאָך פאַרן קריג. אונטער דער פירערשאַפט פון דעם פאַרשטאָרבענעם אליעזר בן יהודה, דעם מחבר פון דעם פונדאַמענטאַלן ווערטער־בוך פון דער העברעאישער שפּראַך, זענען פעאיקע שפּראַך־קענער און איבערגעגעבענע לערער אומדערמידלעך באַשטרעבט געווען אויפצולעבן די אַלטע שפּראַך פון תנ"ך און צופּאַסן זי צו די באַדערפענישן פון מאָדערנעם לעבן. געשטיצט פון די חובבי־ציון אין גלות, וועלכע האָבן באַטראַכט דעם אויפבוי פון יידישן צענטער אין ארץ־ישראל אַלס אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער אויפלעבונג פון העברעאיש, איז זיי געלונגען צו זיכערן פאַר דער דאָזיקער שפּראַך דעם הערשנדן פּלאַץ אין די ארץ־ישראלדיקע שולן און אַריינברענגען זי צוביסלעך אינם טאָג־טעגלעכן לעבן פונם ישוב*).

די דאָזיקע אומגעוויינלעכע אויפגאַבע האָט נאַטירלעך געפאָדערט אַ ריזיקע ענערגיע און אַ היפּש ביסל פון שפּראַכלעכן פאַנאַטיזם. די פּיאָנערן פון העברעאיש אין ארץ־ישראל האָבן פאַרביטערט געקעמפט קעגן יעדן פאַרזוך אַריינצופירן וועלכע ס'איז אַנדערע שפּראַך אין די דערציונגס־אַנשטאַלטן פונם לאַנד. באַזונדערס שטאַרק איז געווען זייער קאַמף קעגן דעם פאַרזוך פונם אַסימילאַטאָרישן „הילפס־פאַריין דער דויטשער יודען" אַריינצופירן דייטש אַלס די אָפיציעלע לערן־שפּראַך פונם טעכניקום, וואָס איז פון אים דעמאָלט געגרינדעט און געבויט געוואָרן אין חיפה. דער

---

*) די איינפירונג פון העברעאיש אין ארץ־ישראל איז דערלייכטערט געוואָרן דורך דער שפּראַכלעכער פאַרשידנקייט צווישן די אָנקומענדיקע יידישע אימיגראַנטן, ווי אויך דורך דעם פאַקט, וואָס די מערסטע אָנהענגער פון יידיש, אַלס שפּראַך פון יידישן פאָלק, האָבן ביי יענער צייט ווייניק געגלויבט אין דער צוקונפט פון ארץ־ישראל און האָבן נישט אַריינגעלייגט אין איר קיין באַזונדערע מי, סיי אויפן מאַטעריעלן און סיי אויפן קולטורעלן געביט. אין דעם זין האָבן די העברעאיסטן אין ארץ־ישראל געהאַט דאָס פעלד פאַר זיך...

דאָזיקער קאַמף, וואָס איז געשטיצט געוואָרן פונם גאַנצן דעמאָלסטיקן ישוב און דורך אַ ברייטער פּראָטעסט־באַוועגונג אויסערן לאַנד, האָט זיך געענדיקט מיט אַ נייעם טריאומף פאַר העברעאיש אַלס די אָפיציעלע שפּראַך פונם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

## ארץ־ישראל ערב דעם קריג

בדרך כלל האָט ארץ־ישראל געמאַכט אַ גאַנץ באַדייטנדן פּראָגרעס אין די לעצטע יאָרן פאַרן וועלט־קריג. דאָס שפּיגלט זיך דייטלעך אָפּ אינם אויסערלעכן האַנדל פונם לאַנד. אינם יאָר 1911 האָט דער עקספּאָרט דורך יפו באַטראָפן 682.000 ענגלישע פונט אין פאַרגלייך מיט 264.000 פונט אינם יאָר 1900. פאַר דער זעלבער צייט איז דער אימפּאָרט דורך דעם יפוער פּאָרט געוואַקסן פון 380 טויזנט פונט ביז איבער אַ מיליאָן! דער דאָזיקער פּראָגרעס, שטעלט פעסט אַן ענגלישער אָפיציעלער האַנדלס־באַריכט פון יענער צייט, איז הויפּטזעכלעך צו פאַרדאַנקען דער יידישער אימיגראַציע...

ערב דעם וועלט־קריג איז די יידישע באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל געווען קרוב צו 100.000. די פולע העלפט פון זיי האָבן געלעבט אין ירושלים, וווּ יידן זענען שוין דעמאָלט געווען דער אַבסאָלוטער רוב פון דער באַפעלקערונג. דעם נעכסטן פּלאַץ לויט דער צאָל פון זייערע יידישע איינוווינער האָבן פאַרנומען צפת, טבריה און חברון, וואָס ווערן באַטראַכט צוגלייך מיט ירושלים אַלס די „הייליקע שטעט" פונם לאַנד. אין יפו און חיפה זענען יידן דעמאָלט געווען קליינע מינדערהייטן. אַלע 50 לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים, וואָס האָבן עקזיסטירט ביי יענער צייט, האָבן געהאַט צוזאַמען אַ באַפעלקערונג פון 12.000, און זייער געמיינזאַמער שטח האָט באַטראָפן אַרום 400.000 דונאַם.

גראָד ערב דעם וועלט־קריג האָט זיך אין ארץ־ישראל אָנגעהויבן אַ נייע כוואַליע פון יידישער איינוואַנדערונג, און אינוועסטיציעס אינם לאַנד זענען געמאַכט געוואָרן אין אַ גרעסערן פאַרנעם, איידער ווען נישט איז פריער. די אַלטע קאָלאָניעס האָבן זיך בסדר אויסגעברייטערט, נייע האָבן געהאַלטן ביי געשאַפן ווערן, און אַ לעבעדיקע בוי־באַוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט אין דער נאָר־וואָס געגרינדעטער פאָרשטאָט תל־אביב.

דער איינדרוק, וועלכן ארץ־ישראל האָט געמאַכט אין יענער צייט, ווערט פּינקטלעך באַשריבן פון נאַרמאַן בענטוויטש, דעם שפּעטערדיקן

יוסטיץ־סעקרעטאר פון ארץ־ישראל, אין זיין בוך „ארץ־ישראל און די ייִדן" (זייט 179):

„אין אָנהויב זומער 1914 האָב איך פארבראכט עטלעכע וואָכן אין די ייִדישע זידלונגען פון ארץ־ישראל, און איך האָב זיך אָנגעשטעקט פון דער אַלגעמיינער איבערצייגונג, אַז עס הויבט זיך אָן אַ ליכטיקע עפּאָכע פון פּראָגרעס. ממש די לופט אין די קאָלאָניעס איז פול אָנגעזאָפּט געווען מיט פּלענער וועגן קויפן באָדן, פארגרעסערן דעם שטח פון ייִדישער אַגריקולטור און שאַפן נייע גאָרטן־שטעט. עס האָט זיך געפילט דער אָנהויב פון אַן ארץ־ישראלדיקן „בום"..

## די פעלקער־שלאַכט אין ארץ־ישראל

דער וועלט־קריג, וואָס איז טיילווייז אויסגעקעמפט געוואָרן אויפן ארץ־ישראלדיקן באָדן, האָט אָפּגעשטעלט די דאָזיקע טעטיקייט און פארורזאַכט אפילו אַן ערנסטן שטוים אויף צוריק. אַ גרויסע צאָל ייִדן, בירגער פון די אַנטאַנט־מלוכות, וואָס זענען אריין אין קריג מיט טערקיי, האָבן געמוזט פארלאָזן דאָס לאַנד נאָך זיין אויסברוך; אַנדערע זענען געצוואונגען געווען אָננעמען טערקישע בירגערשאַפט, און טראָגן אויף זיך די גאַנץ שווערע לאַסטן פונם קריג.

מיטן צורוקן זיך פון דער בריטישער ארמיי צום צפון איז די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון יפו — תל־אביב עוואַקואירט געוואָרן אויפן באַפעל פון דער טערקישער מיליטערישער מאַכט. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָבן עטלעכע טויזנט אַנדערע ייִדן, בירגער פון די צענטראַלע מלוכות, פארלאָזן דאָס לאַנד בייב אָנקום פון די ענגלענדער קיין גליל. חוץ דעם איז די שטערבלעכקייט אין דער צייט פון קריג געווען אומגעהויער גרויס, צוליב די בל־ער־ליי עפּידעמיעס, וואָס האָבן געקריגן אַ גינסטיקן באָדן אין דעם אויסגעהונגערטן לאַנד.

אַלס פועל־יוצא פון די אַלע אורזאַכן האָט די ייִדישע באַפעלקערונג פון ארץ - ישראל געציילט בעת דעם וואָפן - שטילשטאַנד ארום 60,000 נפשות. מיט 40 פּראָצענט ווייניקער, איידער עס האָט באַטראָפן איר צאָל ערב דעם וועלט־קריג.

בדרך־כלל האָבן ייִדן אין ארץ־ישראל שטאַרק געליטן פונם וועלט־קריג. אויסער די אַלגעמיינע ליידן, וואָס ווערן פאַראורזאַכט פון יעדן

קריג, האָבן יידן נאָך ספּעציעל געליטן פון דער פיינטלעכער באַציונג פון דער טערקישער מיליטער־מאַכט, מיטן באַרימטן דזשעמאַל פּאַשאַ אין דער שפּיץ. ס'איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס דער אָנקום פון דער ענג־לישער מאַכט איז באַגריסט געוואָרן דורך די מערסטע פון זיי, אַלס דער אָנהויב פון אַ נייער בעסערער צייט.

קאַפּיטל דריי

## ארץ ישראל נאָך דעם קריג.

די וועלט־מלחמה האָט אויפגעלעבט די נאַציאָנאַלע האָפענונגען פון פעלקער, וואָס זענען אין לויף פון פריערדיקע דורות פאַרשטופּט געווען צו די הינטערשטע טרעפּ פון דער געשיכטע. אינם פאַרביטערטן קאַמף פון ריזן האָבן ביידע צדדים נישט געקאַרגט מיט צוזאָגן צו קליינע פעלקער, וועמענס הילף זיי האָבן דעמאָלט געזוכט. באַזונדערס ברייט־האַרציק מיט זייע־ע פאַרשפּרעכונגען זענען געווען די מאַכטן פון דער אַנטאַנט, וועלכע האָבן סיסטעמאַטיש אונטערגעגראָבן די ווידערשטאַנד־קראַפט פונם שונא דורך צוזאָגן פרייהייט צו די פעלקער, וואָס האָבן זיך געפילט געדריקט אונטער דער מאַכט פון די צענטראַלע אימפּעריעס.

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז ציוניסטישע פירער האָבן געשטרעבט אויסצונוצן די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע לאַגע, כּדי אַריינקריגן אין זייערע הענט עפּעס, וואָס זאָל ענלעך זיין צום לאַנג געטרוימטן „טשאַרטער". דער רעזולטאַט פון זייערע באַמיאונגען איז געווען די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 2־טן נאָוועמבער 1917 אין לאָנדאָן. איר נוסח איז פאָלגנדער:

„די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט איז סימפּאַטיש צו דער איינ־ריכטונג אין פּאַלעסטינע פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַרן יידישן פאָלק, און זי וועט זיך באַמיען גרינגער צו מאַכן די פאַרווירקלעכונג פונם דאָזיקן ציל. דערביי ווערט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז עס וועט גאָרנישט געטאָן ווערן, וואָס זאָל אָנרירן די ציווילע און רעליגיעזע רעכט פון די עקזיסטירנדיקע נישט־יידישע געמיינדן אין פּאַלעסטינע, אָדער די רעכט און פּאָליטישן סטאַטוס פון יידן אין וועלכן ס'איז אַנדערן לאַנד".

ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז די פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דע־קלאַראַציע איז פאַרגיכערט געוואָרן צוליב דער דעמאָלסטיקער לאַגע אין

רוסלאנד, ווו די קערענסקי־רעגירונג, וועלכע איז געווען שטארק איבערגעגעבן צו די אליאירטע, האט געהאלטן ביים פאלן צוליב דעם אלץ שטארקערן באלשעוויסטישן אנגריף. מען זאגט, אז אייניקע ענגלישע שטאאטסלייט האבן זיך דעמאלט איינגערעדט, אז די שטיצע פון די פיר מיליאן רוסישע יידן, וואס האט געזאלט געווונען ווערן דורך דער באלפור־דעקלאראציע, וועט העלפן צו פארלענגערן די עקזיסטענץ פונם קערענסקי־רעזשים, וועלכער איז בשעת מעשה זייער וויכטיק געווען פאר די אליאירטע אינטערעסן. נאך מער באגרינדעט איז די מיינונג, אז די ענגלענדער האבן זיך ביי דער פארעפנטלעכונג פון דער דעקלאראציע גערעכנט מיט עצות פון אמעריקע, ווו מען האט געהאלטן, אז אזא פאליטישער שריט קאן העלפן צו שאפן אביסל מער קריג־ענטוזיאזם צווישן די אמעריקאנער יידישע מאסן, וואס זענען ביז דעמאלט מערסנטס געווען קעגנעריש צום קריגס־אנטייל פון אמעריקע אויף דער זייט פון די אליאירטע.

## די ווירקונגען פון דער דעקלאראציע

ס׳איז אלנפאלס א פאקט, אז די באלפור־דעקלאראציע האט יא געגעבן די אליאירטע א וועזנטלעכן נוצן. זי האט גינסטיק באאיינפלוסט די יידישע עפנטלעכע מיינונג, ספעציעל אין נייטראלע לענדער, און אין דעמאלסטיקן מאמענט, ווען די וואגשאלן פונם קריג האבן זיך שטארק געוואקלט, און אפילו געהאלטן ביים איבערוועגן אויף דער זייט פון די צענטראלע מאכטן, איז יעדעס ביסל הילף גענומען געווארן אין חשבון. די דעקלאראציע האט אויך געגעבן א שטופ צו דער שאפונג פונם „יידישן לעגיאָן״, וואס האט זיך באטייליקט, אונטער אלענבים קאמאנדע, אין די לעצטע שלאכטן פאר דער דעראבערונג פון ארץ־ישראל.

עס שיינט אבער, אז די ענגלישע אפיצערן, וואס האבן איבערגענומען די מאכט איבער ארץ־ישראל נאך דער נידערלאגע פון די טערקן, האבן נישט באטראכט די באלפור־דעקלאראציע פאר אן ערנסטן ענין. נישט קוקנדיק אויף דער ציוניסטישער קאמיסיע, וואס איז געשיקט געווארן קיין ארץ־ישראל אין אנהויב 1918 אלס אפיציעלע אנערקענונג פון יידישן אינטערעס אין דער צוקונפט פונם לאנד, האבן בריטישע קאמאנדירן אין לאנד נאך אלץ באטראכט די באלפור־דעקלאראציע אלס א פא־

ליטישן וויץ, מיט וועלכן זיי מוזן זיך נישט רעכענען אין זייערע פּראַק־טישע האַנדלונגען. איינער פון זיי, דעמאָלט דער מיליטערישער גאָווער־נער פון יפו, האָט אפילו פּראָקלאַמירט אַראַביש פאַר דער איינציקער אָפיציעלער שפּראַך פון זיין דיסטריקט.

די ציוניסטישע פירער, געשטיצט פון דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער און נישט־יידישער עפנטלעכער מיינונג, זענען אָבער נישט גרייט געווען צו לאָזן פאַרוואַנדלען די באַלפור־דעקלאַראַציע אין נאָך אַ „שטיקל פּאַפּיר"... אַ דאַנק זייערע אומדערמידלעכע אָנשטרענגונגען איז געלונגען אַריינצונעמען די באַלפור־דעקלאַראַציע אינם נוסח פונם פעל־קערבונד־מאַנדאַט, וואָס האָט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער פאָרמעל איבער־געגעבן ארץ־ישראל אונטער דער פאַרוואַלטונג פון ענגלאַנד. זי איז אויך איינגעשלאָסן געוואָרן אינם אָפּמאַך פון סאַן רעמאָ, וואָס האָט פאַרטיילט די דעראָבערטע געגנטן פונם נאָענטן מיזרח צווישן די אַליאירטע מאַכטן.

אַריינגעטאָן מיטן קאָפּ אין זייערע פּאָליטישע באַמיאונגען, האָבן אָבער די ציוניסטישע פירער פון יענער צייט געגעבן פיל ווייניקער אויפ־מערקזאַמקייט צו די עקאָנאָמישע מיטלען, וואָס זאָלן זיכערן די ממשות־דיקע פאַרווירקלעכונג פון זייער אידעאַל. זיי זענען דעריבער נישט אימ־שטאַנד געווען אָנצונעמען דעם אָנבאָט פון פיל אַראַבישע גרויסע גרונט־באַזיצער, וועלכע מורא האָבנדיק פאַר פּראָגרעסיווער אַגראַרישער געזעצ־געבונג, זענען דעמאָלט גרייט געווען צו פאַרקויפן זייער לאַנד פאַר פּרייזן, וואָס קוקן אויס אין פאַרגלייך מיט היינט אַלס אומגלויבלעך קליין. אָנשטאָט צו באַנוצן זיך מיט דער דאָזיקער גרויסער געלעגנהייט, האָבן די ציוניסטישע פירער גאָר באַגריסט די פאַרלענגערונג פונם פאַר־באָט פון לאַנד־טראַנזאַקציעס, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן גלייך נאָך אַלענבים איינטריט קיין ירושלים. זיי האָבן זיך אויך נישט געפילט בכוח צו שטיצן אַ באַלדיקע מאַסן־אימיגראַציע, אָדער אַפילו דערמוטיקן די יידי־שע לעגיאָנערן, וואָס זענען שוין סיי־ווי געווען אין לאַנד, צו בלייבן דאָרט אויף שטענדיק.

הערבערט סעמיועל

ערשט אין זומער 1920 מיט דער איינפירונג פון אַ ציווילער אַדמי־ניסטראַציע אין לאַנד, איז דער פאַרבאָט פון לאַנד־איינקויף און אימי־גראַציע פאַרענדיקט געוואָרן. סער הערבערט סעמיועל, דער אַמאָליקער

אינערן־מיניסטער פון ענגלאַנד און אַליין אַ ייד, איז געוואָרן דער ערשטער הויך־קאָמישיאָנער פון ארץ־ישראל.

אין די אַנטערטהאַלבן יאָר זינט דער אַרמיסטיס און דעם אָנהויב פון סעמיועלס אַדמיניסטראַציע האָט זיך אָבער די לאַגע אין לאַנד שטאַרק פאַרענדערט, און די ענדערונגען זענען נישט געווען גינסטיק פאַר יידישע באַשטרעבונגען.

בעיקר האָבן זיך די דאָזיקע ענדערונגען אַרויסגעוויזן אין דער נייער שטעלונג פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג צו די יידישע באַשטרעבונגען אין ארץ־ישראל. אַמאָל נייטראַל און אַפילו פריינטלעך, האָבן די אַראַבער איצט אָנגעהויבן שטאַרק באַאיינפלוסט ווערן דורך אַנטי־יידישער און אַנטי־ציוניסטישער אַגיטאַציע, וואָס איז געקומען פון פאַרשידענע קוועלן. טיילווייז האָט די דאָזיקע אַגיטאַציע געשטאַמט פון אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן דערזען אין דעם יידישן ארץ־ישראל אַ שטאַרקע מניעה פאַר זייער טרוים וועגן אַן אַל־אַראַבישער מלוכה־פעדעראַציע. ס'איז אָבער אויך קיין ספק נישטאָ, אַז הינטער דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע זענען אויך געשטאַנען געוויסע אייראָפּעאישע כוחות, וואָס האָבן צוליב דער אָדער אַנדערער אורזאַכע זיך קעגנעריש באַצויגן צו דער עצם־אידייע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים.

אין אַפּריל 1920 האָט די דאָזיקע אַגיטאַציע געבראַכט צו אַ פּאָגראָם, דעם ערשטן זינט הונדערטער יאָרן אַנטי־יידישן פּאָגראָם אין ארץ־ישראל. צום גליק איז ער דאָס מאָל געבליבן באַשרענקט אין פאַרנעם. ער האָט זיך באַגרענעצט מיט ירושלים, ווו זעקס יידן זענען דערהרגעט געוואָרן און אַרום הונדערט פאַרוווּנדעט, און מיטן סאַמע צפונדיקן שפּיץ פון ארץ־ישראל, ווו צוויי פאַרוואָרפענע „קבוצות" האָבן צייטווייליק געמוזט עוואַקואירט ווערן צוליב דעם אַראַבישן אָנגריף. אין איינער פון זיי, תל־חי, האָבן די אָנגרייפער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ העלדישן ווידערשטאַנד, וואָס האָט זיי געקאָסט אַ היפּש ביסל קרבנות. די יידישע פאַרטיידיקער האָבן דערביי אָנגעוווירן ניין הרוגים, מיט יוסף טרומפּעלדאָר אָן דער שפּיץ.

פיל גרעסער אין פאַרנעם איז געווען דער אויסברוך פון מאַי 1921, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין אַ בלוטיקן פּאָגראָם אין יפו און אין עטלעכע שטאַרקע אָנפאַלן אויף שכנותדיקע יידישע קאָלאָניעס. די אָנפאַלן האָבן אָבער זיך אָנגעשטויסן אויף אַזאַ שטאַרקער פאַרטיידיקונג, אַז יאָרן־לאַנג נאָך דעם איז נישט געמאַכט געוואָרן קיין פאַרזוך זיי איבערצו־

חזרן. בסך־הכּל זענען אין זיי דערהרגעט געוואָרן 95 פּערזאָן, — 47 יידן און 48 אראַבער, און אַ גרעסערע צאָל פון ביידע צדדים איז פאַר־וווּנדעט געוואָרן.

## סעמיועלס אַראַבישע פּאָליטיק

נאָכן אויסבּרוך פון 1921 האָט הערבּערט סעמיועל, דער דעמאָלסטי־קער הויך־קאָמישאַנער, באַשלאָסן איינצושטילן די אַראַבישע אומצו־פרידנהייט דורך אַ רייע פון פּאָליטישע הנחות. ער האָט ציטווייליק אָפּ־געשטעלט די יידישע אימיגראַציע, און האָט אפילו אַרויסגעגעבן אַ נייעם פּירוש צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס האָט באַדייטנד פאַרשמעלערט איר אורשפּרינגלעכע באַדייטונג. זיין פּירוש איז געווען, אַז די יידישע אי־מיגראַציע מוז באַשרענקט ווערן לויט דער אויפנאַם־פעאיקייט פונם לאַנד. מעאָרעטיש דאַרף טאַקע די דאָזיקע אויפנאַם־פעאיקייט אָפּהענגען בלויז פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אינם לאַנד. די פּראַקטיק האָט אָבער שפּע־טער באַוויזן, אַז ביי איר באַשטימונג רעכנט זיך די ענגלישע אדמיניס־טראַציע, וועלכע איז אין דער פראַגע דער פוסק אחרון, — נישט נאָר מיט עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, נאָר אויך מיט דער קראַפט פון דער אַנטי־יידישער אַגיטאַציע אינם געגעבענעם מאָמענט. שפּעטער איז דער באַ־גריף פון „אויפנאַם־פעאיקייט" אַריינגענומען געוואָרן אָפיציעל אין אַ „ווייסן בוך" פון דער לאָנדאָנער רעגירונג, און איז זינט דעמאָלט גע־וואָרן דער לייטנדער פּרינציפּ פון דער ענגלישער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל.

סער הערבּערט סעמיועל האָט זיך אויך באַמיט איינשטילן די אַראַבער דורך איבערגעבן זיי די בעסטע רעגירונגס־באָדנס אין לאַנד (ארום בית שאן) און דורך אַ פּלאַן פון אַ געזעצגעבערישן ראַט, וואָס זאָל זיין דער ערשטער צוגאַנג צו אַ פּאַרלאַמענטאַרישער רעגירונג. דער גע־זעצגעבערישער ראַט האָט געזאָלט צונויפגעשטעלט ווערן טיילווייז פון באַ־אַמטן, וואָס זענען באַשטימט פון דער רעגירונג, און טיילווייז פון דעפּו־טאַטן, וואָס דאַרפן אויסגעקליבן ווערן אין באַזונדערע וואַל־קערפּער־שאַפטן („קוריעס") דורך די דריי וויכטיקסטע רעליגיעזע געמיינשאַפטן אין לאַנד, יידן, מאַכמעדאַנער און קריסטן.

אָבער צו סעמיועלס פּלאַן פון לעגיסלאַטיוון ראַט האָבן די אַראַבער אַרויסגעוויזן אַ שאַרפע קעגנערשאַפט. זיי האָבן זיך פאַרשטייפט אויפן

פארלאנג פון א מערהייט, וואָס זאָל נישט באַלאַנסירט ווערן דורך ענג־לישע מיטגלידער, באַשטימט פון דער רעגירונג. זיי האָבן דעריבער סע־מיועלס אָנבאָט צוריקגעוויזן, און א שפּעטערדיקער פּאַרזוך דורכפירן די וואַלן צו א געמישטן ראַט — האַלב־אויסגעקליבן, האַלב־באַשטימט, — אָן זייער צושטימונג, האָט זיך אָנגעשטויסן פון זייער זייט אויף א באָי־קאָט. דער פּלאַן איז אויפגעגעבן געוואָרן.

בכלל זענען די געשעענישן פון 1920—1921 געווען העכסט־שעד־לעך פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע. זיי האָבן זיך אפשר נישט אָפּגערופן ערנסט אויף די זאַמלונגען פאַר די ציוניסטישע פאָנדן, אָבער זיי האָבן זיכער שטאַרק אָנגעשראָקן די פּריוואַטע איניציאַטיווע, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן אינטערעסירן אין פאַרשידענע עקאָנאָמישע מעגלעכ־קייטן פונם לאַנד, און האָבן געשטערט צו דער אינוועסטיציע פון יידישן קאַפּיטאַל אויף א ווירקלעך ברייטן פאַרנעם. ס׳איז נישטאָ קיין ספק, אז אָן די דאָזיקע טרויעריקע געשעענישן, וואָלט די אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל אַוועק מיט גיכערע שריט.

## די באַנײַונג פון אויפבוי־אַרבעט

דער אינערלעכער דראַנג פון יידן צו א נאַציאָנאַלער חיים האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן שטאַרקער, איידער די שטערונגען און שוועריקייטן. ווי יניקער ווי אין א יאָר נאָך דעם יפוער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע יידישע קאָלאָניזאַציע אין עמק יזרעאל, וואָס איז באַלד פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין דעם אַממערסטן געשלאָסענעם יידישן באַזעצונגס־שטח אינם לאַנד. טויזנטער אָנקומענדיקע חלוצים האָבן זיך מיט זעלטע־נער ענערגיע גענומען צו אַרבעטס־צווייגן, וואָס זענען ביז אַהער געווען זייער אומגעוויינלעך פאַר יידן. זיי האָבן געשאַפן גרופּן און „אַרטעלן" אויף צו טריקענען בלאָטעס, דורכפירן שאָסייען, ברעכן שטיינער, גראָבן באַוואַסערונגס־קאַנאַלן און בויען הייזער און פאַבריקן. זייער אידעאַ־ליסטישער גייסט האָט פאַרשטאַרקט זייער אויסדויער, און די איינגעבוי־רענע אינטעליגענץ און בילדונג האָבן געהאָלפן פיל פון זיי צו ספּעציאַ־ליזירן זיך אין פאַרשידענע פעלדער פון מענטשלעכער אַרבעט. אַלס רע־זולטאַט פון דעם האָבן זיך אין ארץ־ישראל מיט דער צייט געשאַפן קאַד־רען פון גוט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין פאַרשידענע פאַכן, — וואָס איז א גרויסע מעלה פאַרן אויפבוי פון א לאַנד.

אין דער זעלבער צייט זענען געמאכט געוואָרן שטאַרקע אָנשטרענגונגען צו קריגן עקאָנאָמישע קאָנצעסיעס פאַרן יידישן קאַפּיטאַל. בעיקר באַציט זיך דאָס אויף דער עלעקטרישער קאָנצעסיע, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם אינזשיניער פּנחס רוטענבערג, און די פּאָטאַש־קאָמפּאַניע, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פונם רוסיש־יידישן עקספּערט נאָוואָמעיסקי. רוטענבערגס קאָנצעסיע נעמט אין זיך אַריין די אויסנוצונג פון דער וואַסער־קראַפט פונם ירדן, און די פאַרזאָרגונג פון ארץ־ישראל (חוץ ירושלים) מיט עלעקטרישן שטראָם פון אַלע מעגלעכע קוועלן. נאָוואָמעיסקיס קאָנצעסיע באַשטייט אין דער אויסנוצונג פון די פאַרשידענע מינעראַלן (בעיקר פּאָטאַש און בראָם), וואָס זענען אויפגעלייזט אינם וואַסער פון ים־המלח, אָדער אָפּגעלאַגערט אויף זיין גרונט.

אין דעם זעלבן פּעריאָד איז געלונגען צו אָרגאַניזירן די ארץ־ישראל־יקע יידן אויף אַ פּאָליטישן פונדאַמענט. באַוועגט פון דער אידיי פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס איז באַלד נאָכן קריג געווען זייער פּאָפּולער צווישן די יידישע מינדערהייטן אין אייראָפּע, האָבן די ארץ־ישראלדיקע יידן אויסגעקליבן אינם יאָר 1920 אַן אייגענע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט, „אספת הנבחרים", וועמענס שטענדיקער קאָמיטעט, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „ועד הלאומי" (נאַציאָנאַל־ראַט), איז אָנערקענט געוואָרן אַלס די אָפיציעלע פאַרטרעטערשאַפט פון ארץ־ישראלדיקע יידן אין זיינע אָרטיקע באַציאונגען מיט דער מאַנדאַט־מאַכט. מיט דער צייט האָט דער ועד־הלאומי געקריגן אין זיין רשות אַליין אַ גרעסערע קאָמפּעטענץ, וואָס באַציט זיך באַזונדערס אויף קהלה־וועזן, דערציונג און סאַניטאַרישע הילף.

עבֿרעאישער אוניווערסיטעט

בערך אין דער זעלבער צייט זענען אויך געמאַכט געוואָרן ענערגישע שריט צו רעאַליזירן דעם טרוים פון פיל יידישע געלערטע וועגן אַ טעמפּל פון העכערער בילדונג אין ארץ־ישראל.

נאָך אין דער צייט פון וועלט־קריג איז אויפן הר הצופים, אַ מאָלערישער באַרג ביי ירושלים, געלייגט געוואָרן דער גרונט־שטיין פון דער העברעאישער אוניווערסיטעט. ביי יענער צייט, ווען מען האָט נאָך אויפן פּלאַץ פון דער קומענדיקער אוניווערסיטעט געקאָנט הערן דעם ווייטן דונער פון קאַנאָנען, איז די דאָזיקע צערעמאָניע דורכגעפירט געוואָרן פון

דר. חיים ווייצמאַן אין דער אַנוועזנהייט פון פעלד־מאַרשאַל אַלענבי, געווען נישט מער ווי א פּאָליטישער זשעסט. עס האָט גענומען זיבן יאָר ביז מען איז אימשטאַנד געווען צו טון דעם נעכסטן שריט, אויפבויען א פּאָר באַשיידענע געביידעס און מאַכן מעגלעך די אָפיציעלע דערעפענונג פון דעם קומענדיקן אוניווערסיטעט. זי איז געפייערט געוואָרן אינם יאָר 1925, אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם פאַרשטאָרבענעם לאָרד באַלפור, דעם „פאָטער" פון דער באַרימטער דעקלאַראַציע.

אָנגעהויבן אין זייער א באַשיידענעם פאַרנעם, האָט דער העברעאישער אוניווערסיטעט זיך מיט דער צייט אויסגעברייטערט און פאַרבעסערט. ער איז אויך איצט נאָך אונטער דעם סטאַנדאַרט, וואָס ווערט געוויינלעך געפאָדערט פון אַזעלכע אינסטיטוציעס אין די מערסטע אַנדערע לענדער. לעצטנס אָבער, מיטן צוקומען פון א רייע באַדייטנדע וויסנשאַפטס־לייט, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייער היים, דייטשלאַנד, צוליב דעם היט־לער־רעזשים, האָט ער געמאַכט א שטאַרקן שפּרונג פאָרויס. ס'איז קיין ספק נישט, אַז מיט דער צייט, מיט דעם ווייטערדיקן וווקס פון דער יידי־שער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, וועט ער צוביסלעך דערגרייכן דעם אידעאַל, וועלכן עס האָבן געהאַט פאַר זיך זיינע גרינדער.

## „בּוּם" און קריזיס

אינם יאָר 1925 איז ארץ־ישראל צום ערשטן מאָל געוואָרן דער מיטל־פּונקט פון א מאַסן־אימיגראַציע. נישט ווייניקער פון 33,801 יידישע אימיגראַנטן זענען אריין במשך פון יענעם יאָר אין לאַנד. די מערסטע פון זיי זענען געווען מיטל־קלאַס־מענטשן פון פּוילן, וואָס זענען ארויס־געטריבן געוואָרן פון זייערע באַשעפטיקונגען דורך עקאָנאָמישן אַנטיסע־מיטיזם, וואָס האָט זיך באַזונדערס אויסגעדריקט אין מאָנאָפּאָלן און פאַרניכטנדיקע שטייערן.

די מאַסן־אימיגראַציע פונם יאָר 1925 האָט אָוועקגעשטעלט די ציוניסטישע פירערשאַפט פאַר א שווערן עקזאַמען. די מיטל־קלאַס־אי־מיגראַנטן, באַגלייט מערסטנס פון גרויסע פאַמיליעס, האָבן נישט געקאָנט זיך אריינפּאַסן אינם לעבנס־שטייגער פון חלוצים, וואָס האָבן מקריב געווען זייערע פּערזענלעכע אַמביציעס און באַקוועמלעכקייטן פאַרן כּלל. די מערסטע פון זיי זענען נישט צוגעפּאַסט געווען, גייסטיק און אָפט אויך פיזיש, פאַר שווערער אַרבעט. זייערע בליקן זענען געווען געריכטעט

צו שטאַטישע געלעגנהייטן אין האנדל און אינדוסטריע. ס'איז פונדעסט־וועגן געווען צווישן זיי אויך אַ באַדייטנדיקער עלעמענט, וואָס וואָלט גערן געקויפט לאַנד אויף אויסצאָלן און זיך באַזעצט דאָרט אַלס קאָלאָניסטן.

ליידער זענען די ציוניסטישע פירער נישט געווען דעמאָלט צוגע־גרייט צו העלפן דעם דאָזיקן נייעם אימיגראַנטן־טיפּ. זיי האָבן אַליין גע־האַט אַ גאַנץ קנאַפּע ידיעה וועגן די אויסזיכטן פון אינדוסטריע און האנדל, און אויסער דעם זענען פיל פון זיי געווען בכלל קעגנעריש צו אַזעלכע סאָרטן אימיגראַנטן, וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין אַ געפאַר פאַר די פּריערדיקע יסודות פונם יידישן לעבן אין ארץ־ישראל.

איבערגעלאָזט צו זייער אייגענעם גורל, זענען די מיטל־קלאַס־אימי־גראַנטן פונם יאָר 1925 באַלד אריינגעצויגן געוואָרן אינם טומל פון ספּעקולאַציע, וואָס האָט אַרויפגעשרויפט אָן אַ שיעור די פּרייזן פאַר היי־זער און בוי־פּלעצער, ספּעציעל אין דעם גיך־וואַקסנדיקן תּל־אביב. אמת, די בוי־באַוועגונג אין די שטעט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, און דער אַל־געמיינער פּראָגרעס פונם לאַנד איז צייטווייליק אַוועק מיט גיכערע שריט. פון דער אַנדערער זייט האָט אָבער דעם „בום" זיך געמוזט ערגעץ ווו ענדיקן, און דער קאַטאַסטראָפע, וואָס איז געקומען נאָך אים, איז געווען זייער שמערצלעך פאַר פיל פון די ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע באַשרענקטע מיטלען אין ספּעקולאַציעס, אין וועלכע זיי האָבן גאַנץ אָפט איבערגעשטיגן די גרענעצן פון זייערע איי־גענע כּוחות.

די שלעכטע לאַגע, אין וועלכע עס זענען אריינגעפאַלן די דאָזיקע אימיגראַנטן, האָט, נאַטירלעך, געמאַכט אַן אומגינסטיקן איינדרוק אין גלות. אַלס פּועל יוצא פון דעם איז די יידישע אימיגראַציע פאַרן נעכסטן יאָר — 1926 — געפאַלן ביז 13,081, און די צוריק־וואַנדערונג פון ארץ־ישראל האָט דערגרייכט דעם מאַקסימום פון 7365. אינם יאָר 1927 איז די צאָל פון יידישע צוריק־וואַנדערער פון ארץ־ישראל — 5071 — אַפילו איבערגעשטיגן די צאָל פון ניי־אָנגעקומענע — 2713. דאָס איז זיכער געווען דאָס ערגסטע יאָר אין דער געשיכטע פונם ארץ־ישראלדיקן אויפבוי.

אַלס פּועל־יוצא פון דער שאַרפער ירידה אין אימיגראַציע און בוי־טעטיקייט האָט זיך דעמאָלט אין ארץ־ישראל אָנגעהויבן פילן אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. אין די יאָרן 1927 און 1928 האָט די ציוניסטישע אָר־

גאַניזאַציע, וועלכע האָט גענומען אויף זיך די מאָראַלישע און אַפּילו ווירדישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער יידישער אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל, געמוזט שאַפן פרייע קיכן און אַנדערע פאָרמען פון דרינג־ גענדער הילף פאַר אַ גרויסער צאָל פון נויט־ליידנדע פערזאָנען.

צוביסלעך האָבן אָבער די צוערשט־פאַרטומלטע אימיגראַנטן געפונען זייער פּלאַץ אינעם עקאָנאָמישן לעבן פונם לאַנד. פיל פון זיי פאַרנעמען איצט גאַנץ וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער אינדוסטריע פון ארץ־ ישראל, וועמענס אַנטוויקלונג איז אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען זייער ענערגיע און איניציאַטיוו. בכלל קאָן מען זאָגן, אַז די דאָזיקע מיטל־ קלאַס־אימיגראַנטן, וואָס זענען אין אָנהויב געווען ווי אַ שיף אָן אַ רודער, און זענען דעריבער גרינג פאַרפירט געוואָרן אויפן געפערלעכן וועג פון ספּעקולאַציעס, האָבן זיך מיט דער צייט אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גאַנץ וויכטיקער געווינס פאַרן עקאָנאָמישן אויפבוי פונם לאַנד. ביים היינטיקן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם אין דער וועלט קאָן מען נישט, זעט אויס, אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם מיטל־קלאַס אַלס אומפּראָדוקטיוון עלעמענט. אונטער געהעריקער פירערשאַפט קאָן אויך דער סאָרט יידן, מיט זיינע פריערדיקע ווערטפולע דערפאַרונגען אויפן פעלד פון עקאָנאָמישער טעטיקייט, ווערן אַ נוצלעכער עלעמענט אינעם אויפבוי פונם לאַנד.

ביים סוף 1928 זענען די שלעכטע ווירקונגען פון דער כאַאָטישער אימיגראַציע פון 1925 שוין ליקווידירט געוואָרן. דער קריזיס איז פאַרשוונדן, און אַ דאַנק נייע אינוועסטיציעס פון קאַפּיטאַל, ספּעציעל אין הייזער־בוי און אָראַנזשן־גערטנער, איז ארץ־ישראל שוין גרייט געווען אַריינצונעמען אַ נייעם שטראָם פון אימיגראַציע. אַלע סמנים האָבן געציינט צו אַ נייעם און נאָך גרעסערן אויפשוווּנג.

די יידישע אַגענטור

די האָפענונגען אויף אַ נייעם אויפשוווּנג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע זענען באַזונדערס געשטיצט געוואָרן אויף די באַמיאונגען פון די ציוניסטישע פירער אַוועקצושטעלן די אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל אויף אַ ברייטערן פונדאַמענט. ביים אָנהויב פון 1929 איז זיי געלונגען צו פאַראינטערעסירן אין דער דאָזיקער אַרבעט איינפלוסרייכע נישט־ציוניסטישע גרופּן, וואָס זענען ביז דעמאָלט נישט באַטייליקט געווען אינעם ארץ־ישראלדיקן אויפבוי. די „נאָן־זייאָניסטס", וואָס פאַרטרעטן בעיקר

די רייכערע און מער אַסימילירטע קרייזן פונם יידישן פאָלק, זענען אריינ־גענומען אין דער ניי־געשאַפענער „יידישע אַגענטורע", וווּ מען האָט זיי גע־געבן פופציק פּראָצענט פון מאַכט און שטימען. די איבעריקע פופציק פּראָצענט זענען געבליבן אין די הענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע, וועלכע איז פאַר דער שאַפונג פון דער „יידישער אַגענטור" געווען די איינציקע פּאָליטישע פאַרטרעטערין פון יידישע פּאַלעסטינע־אינטע־רעסן פאַר דער מאַנדאַט־מאַכט און פעלקער־בונד.

די הויפּט־ראָלע אין דער שאַפונג פון דער יידישער אַגענטור גע־הערט דעם באַקאַנטן ציוניסטישן פירער פּראָפ. ח. ווייצמאַן, וועלכער האָט געמוזט דערביי בייקומען אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע מצד פיל פון זיינע אייגענע אָנהענגער. אַ באַזונדערס פיינטלעכע שטעלונג צו דער שאַפונג פון דער יידישער אַגענטור האָבן גענומען די „רעוויזיאָניסטן", דער עקסטרעם נאַציאָנאַליסטישער פליגל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. זיי האָבן באַגרינדעט זייער קעגנערשאַפט מיט דער מורא, אַז דער נאַציאָ־נאַלער כאַראַקטער פון דער ארץ־ישראלדיקער אויפבוי־אַרבעט וועט פאַר־ווישט ווערן אונטער דעם איינפלוס פון די האַלב־אַסימילאַטאָרישע „נאָן־זיואָניסטס". די דאָזיקע מורא איז ביי יענער צייט געטיילט געוואָרן פון פיל אַנדערע ציוניסטן, וועלכע זענען בדרך־כלל נישט גוטה געווען צו פאָלגן נאָך דער רעוויזיאָניסטישער פירערשאַפט.

אין אויגוסט 1929 איז די „יידישע אַגענטור" געגרינדעט געוואָרן אָפיציעל אויף אַ קאָנפערענץ אין ציריך, וואָס איז באַצייכנט געווען פון אירע איניציאַטאָרן אַלס אַן אָנזאָג פון אַ נייער יידישער איינקייט און אַן אָנהויב פון אַ נייער עפּאָכע אינם אויפבוי פון ארץ־ישראל. לואי מאַרשאַל און פעליקס וואַרבורג פון אַמעריקע און אָסקאַר וואַסערמאַן פון דייטשלאַנד זענען געווען די אַממערסטן אָנגעזעענע „נישט־ציוניסטישע" פירער, וואָס זענען דאָרט געווונען געוואָרן פאַר אַן אַקטיווער באַטייליקונג אין דעם ארץ־ישראלדיקן אויפבוי.

נאָך לאַנג פאַר דער ציריכער קאָנפערענץ האָט הערבערט סעמיועל, דער ערשטער ענגלישער הויי־קאָמישאָנער פון ארץ־ישראל פאַרלאָזן זיין שטעלע. אינם יאָר 1925 איז זיין פּלאַץ פאַרנומען געוואָרן דורך פעלד־מאַרשאַל פלומער, וועלכער האָט רעגירט דאָס לאַנד אין לויף פון די נעכסטע דריי יאָר. נישט זייענדיק קיין דערפאַרענער שטאַאַטס־מאַן, האָט ער אָבער געהאַט איין וויכטיקע מעלה: ער האָט באַהערשט דאָס לאַנד מיט אייזערנער מיליטערישער האַנט, נישט צולאָזנדיק, אַז די אונטער־

ערדיש־קאָכנדיקע לײדנשאַפֿטן זאָלן אויסבּרעכן אין בלוטיקע פֿאָרמען.

מיט לאָרד פּלומערס רעזיגנאַציע האָט זיך די לאַגע אין דעם פּרט באַדייטנד פֿאַרערגערט. זיין נאָכפֿאָלגער, סער דזשאָהן טשענסלאָר, איז, זעט אויס, נישט אימשטאַנד געווען צו שאַפֿן אין לאַנד אַ געהעריקן רעספּעקט צו דער ענגלישער מאַכט. אין לויף פֿון זיין ממשלה האָבן זיך נייע וואָלקנס באַוויזן אויפֿן פּאָליטישן הימל.

## די אַגיטאַציע אַרום כותל מערבי

דאָס מאָל האָבן די עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטישע אַראַבישע פֿירער געפֿונען אַ נייעם און געווינסנלאָזן, אָבער אויך זייער אַ ווירקזאַמען מיטל, צו דערגרייכן זייערע פּאָליטישע צוועקן. זיי האָבן אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש אויפֿבלאָזן דעם רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם פֿון די אומאַנטוויקלטע אַראַבישע מאַסן ריכטנדיק אים קעגן די יידן. אייניקע יידישע גרופּקעלעך האָבן לײדער געגעבן די דאָזיקע געווינסנלאָזע העצער דעם געהעריקן ברענשטאָף דורך אויפֿהויבן די פֿראַגע וועגן כותל מערבי, וואָס ווערט באַטראַכט ביי יידן אַלס אַ רעשט פֿון דעם אַמאָליקן בית־המקדש*). אַראַבישע אַגיטאַטאָרן האָבן דאָס קונציק אויסגענוצט אַלס אַ געלעגנהייט צו טענהן, אַז די יידן פֿאָדערנדיק דאָס רעכט צו דאַווענען בצבור ביי דער פֿאַרהייליקטער וואַנט, האָבן דערמיט אין זינען צו פֿאַרכאַפּן דעם גאַנצן היסטאָרישן פּלאַץ, אויף וועלכן ס'איז אַמאָל געשטאַנען דער בית־המקדש. דער דאָזיקער פּלאַץ איז איצט ווי עס איז באַקאַנט, פֿאַרנומען פֿון דער באַרימטער מעטשעט פֿון אָמאַר, וועלכע איז איינע פֿון די גרעסטע הייליקטימער פֿון איסלאַם. דער אויספֿיר פֿון דעם איז, נאַטירלעך, געווען, אַז גלויביקע מאַכמעדאַנער מוזן זיך נעמען צום שווערד כּדי אויסהרגענען די יעניקע, וואָס קלויבן זיך צו פֿאַרכאַפּן זייערע הייליקע פּלעצער...

ס'שיינט, אַז די דעמאָלסטיקע ענגלישע מאַכט אין א"י האָט נישט גענומען קיין ערנסטע שריט אָפּצושטעלן די דאָזיקע בייזוויליקע און געפֿערלעכע אַגיטאַציע. אייניקע קריטיקער פֿון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע באַ־

---

*) נייעסטע היסטאָרישע און אַרכעאָלאָגישע פֿאָרשונגען שיינען נישט צו באַשטעטיקן דעם דאָזיקן טראַדיציאָנעלן גלויבן. ס'איז אַ סברה, אַז דער כותל מערבי איז געבויט געוואָרן אין דער צייט פֿון קעניג הורדוס און האָט נישט קיין דירעקטע שייכות צום בית־המקדש.

הויפּטן אפילו, אז הערי ליוק, דעמאָלט דער ציווילער סעקרעטאַר פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג, וואָס האָט אין דער אָפּוועזנהייט פון דעם הויי־קאָמישאָנער טשענסלאָר, געהאַט אין יענעם מאָמענט די לייצעס אין זיינע הענט, האָט פּאָרויסגעזען די רעזולטאַטן פון דער מערדערישער אַגי־טאַציע און האָט דאָך נישט געהאַלטן פאַר נויטיק עפּעס טון קעגן דעם. דער חשד איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן, אַז אייניקע ענגלישע באַאַמטע, פאָלגנדיק דעם אַלטן פּרינציפּ וועגן „צעטייל און הערש", האָבן גאָר באַ־טראַכט, אַז אַ בלוטיקער צוזאַמענשטויס צווישן יידן און אַראַבער וועט אין לעצטן סך־הכל העלפן צו פאַרשטאַרקן די בריטישע הערשאַפט אינם לאַנד.

למען האמת מוז געזאָגט ווערן, אַז שפּעטערדיקע אויספאָרשונגען האָבן נישט אַרויסגעבראַכט קיין באַווייזן, וואָס זאָלן דערלויבן אונז אָנ־נעמען די דאָזיקע שווערע באַשולדיקונג פאַר אַ באַוויזענעם פאַקט. ריכ־טיק איז אַלנפאַלס, אַז די בריטישע באַאַמטע פון יענער צייט האָבן גע־נומען אַ שוואַכע און נאַכלעסיקע שטעלונג צו די אָנקומענדיקע געשע־ענישן

## דער אויסבראָך פון 1929.

די פאַנאַטישע אויפהעצונג פון די אַראַבישע רעליגיעזע געפילן האָט גע־בראַכט די דערוואַרטעטע רעזולטאַטן. דעם 23־טן אויגוסט 1929, האָבן טויזנטער אַראַבער, וואָס זענען געקומען קיין ירושלים פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך מיטן צוועק צו „פאַרטיידיקן די מאַכמעדאַנישע הייליקטימער קעגן יידן", אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף די יידישע קוואַרטאַלן פון דער היסטאָרישער שטאָט.

אין אַ מעת לעת נאָך דעם אויסבראָך פון דעם פּאָגראָם אין ירושלים האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטי־יידישע אויסבראָכן אין פאַרשידענע טיילן פונם לאַנד. אויסער דער אָרטיקער אַראַבישער באַפעלקערונג האָבן זיך אין זיי באַטייליקט אייניקע שבטים פון עבר־הירדן, וואָס זענען איינגע־לאַדן געוואָרן פון דאָרטן דורך די נאַציאָנאַליסטישע העצערס. גראָד אין יענעם מאָמענט איז אין ארץ־ישראל נישט געווען קיין באַדייטנדער מי־ליטערישער גאַרניזאָן, און די פּאָליציי, וואָס באַשטייט מערסטנס פון

אראבער, איז געווען לחלוטין נישט צופערלעסיק. די לאגע, וואס האט אינם מאמענט אויסגעקוקט צו זיין זייער ערנסט, איז אבער געראטעוועט געווארן דורך א העלדישער יידישער זעלבסטשוץ. מיט דער אויסנאמע פון חברון און צפת, ווו די יידישע באפעלקערונג איז מערסטנס באשטאנען פון פרומע און עלטערע לייט, וואס זענען געקומען אפלעבן זייערע לעצטע יארן אין ארץ־ישראל, האבן יידן אומעטום ארויסגעוויזן א זעלטן־שטארקן און אנטשלאסענעם ווידערשטאנד. זיי האבן אנגעהאלטן זייערע פאזיציעס עטלעכע טעג, ביז ס'איז אנגעקומען א גענוגנדע מיליטערישע מאכט אויף איינצושטעלן אן ענדגילטיקע ארדענונג אינם לאנד.

בסך־הכל זענען אינם אויסברוך פון 1929 דערהרגעט געווארן 132 יידן. די מערסטע קרבנות זענען געפאלן אין חברון, ווו דער פאגראם אויף דער הילפלאזער יידישער מינדערהייט איז פארוואנדלט געווארן אין א שווידערלעכער שחיטה, וואס האט געפאדערט זעכציק טויט־קרבנות. חוץ דעם זענען 198 יידן פארוואונדעט געווארן גענוג ערנסט, כדי אנקומען צו באהאנדלונג אין שפיטאלן. די צאל פון די אפיציעל פעסטגעשטעלטע אראבישע פארלוסטן איז 87 טויטע, און 187 באהאנדלטע אין שפיטאלן. עס שיינט אבער, אז אין איניקע פאלן האבן בעדואינישע אנפאלער, כדי צו פארדעקן זייער שולד, שטילערהייט מקבר געווען זייערע טויטע, און קורירט די פארוואונדעטע מיט היימישע מיטלען אין זייערע געצעלטן.

## די שאו־קאמיסיע און סימפסאן־באריכט.

די פאליטישע רעזולטאטן פון די דאזיקע טרויעריקע געשעענישן זענען אין די יידישע קרייזן באטראכט געווען אלס נאך א גרעסערער קלאפ איידער זייערע דירעקטע קרבנות. פלענער פון יידישער קאלאניזאציע אין גאר א גרויסן פארנעם, וואס זענען גראד ערב די דאזיקע געשעענישן באהאנדלט געווארן אויף דער ציריכער גרינדונגס־קאנפערענץ פון דער ,,יידישער אגענטור'', האבן געמוזט אויפגעגעבן ווערן. דערצו האט נאך ענגלאנד, זיך פאררופנדיק אויף דער בלומרשטער ווירקונג פונם אויסברוך אין ארץ־ישראל אויף אינדיע און אנדערע ענגלישע טעריטאריעס מיט א גרויסער מאכמעדאנישער באפעלקערונג, אנגעהויבן צו רעווידירן איר ארץ־ישראלדיקע פאליטיק אין אן אויסגעשפראכן אנטי־יידישער ריכטונג.

די שאו־קאמיסיע, וואס איז געשיקט געווארן צו אונטערזוכן די

געשעענישן אין ארץ־ישראל האָט אָנגענומען אַ גאַנץ אַנטשידענע פּראָ־
אַראַבישע שטעלונג. זי האָט אַרויסגעלייגט די מערסטע אחריות פאַר דעם
בלוטיקן אויסברוך אויף יידן, וואָס זאָלן האָבן אויפגערעגט די אַראַבער
דורך באַשטייען אויף זייערע רעכט צו דאַווענען ביים כותל־מערבי. נאָך
שמערצלעכער איז געווען די באַהויפּטונג, אַז יידן, אָפּקויפנדיק בסדר
אַראַביש לאַנד, נעמען צו ביי אַראַבישע פּויערים די מעגלעכקייט פון
עקזיסטענץ, און שאַפן דערמיט צווישן זיי אַ פאַרצווייפלטע שטימונג. די
קאָמיסיע האָט דעריבער רעקאָמענדירט נאָך שאַרפערע מיטלען קעגן דער
יידישער איינוואַנדערונג, און האָט אויך געראַטן ווירקזאַם צו באַשרענקען
דעם יידישן באָדן־איינקויף*). די אויספירונגען פונם שאָו־באַריכט ווע־ן
אין נאָך אַ שאַרפערער פאָרם איבערגעחזרט אין אַ „ווייסן פּאַפּיר“, וואָס
איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן באַלד נאָך דעם פונם דעמאָלסטיקן קאָלאָניאַל־
מיניסטער לאָרד פּאַספילד (אַמאָל — סידני וועב).

אַלס אַ רעזולטאַט פונם שאָו־באַריכט האָט דער קאָלאָניאַל־אַמט
אָוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל סער דזשאָהן סימפּסאָן, אַ באַקאַנטן
עקספּערט איבער קאָלאָניזאַציע־ענינים, מיטן אויפטראַג צו שטודירן די
מעגלעכקייטן פון אָרטיקער קאָלאָניזאַציע און פאָרשלאָגן קאָנקרעטע מיט־
לען צו באַוואָרענען די אַראַבישע אינטערעסן. סימפּסאָנס באַריכט, וואָס
שיינט אויך צו זיין באַאיינפלוסט פון אַ פּאָראַורטייל קעגן ציוניזם, האָט
רעקאָמענדירט, אַז די רעגירונג זאָל איינקויפן לאַנד מיטן צוועק ווידער
צו באַזעצן די אַראַבער, וואָס זאָלן האָבן פאַרלאָרן זייער גרונט און באָדן
צוליב דער יידישער קאָלאָניזאַציע. דער זעלבער פאָרשלאָג ווערט אויך
געמאַכט אינם שפּעטער אַרויסגעגעבענעם דערגענצונגס־באַריכט פון מר.
לואי פרענטש, אַן ענגלישער קאָלאָניזאַציאָנס־פאַכמאַן פון אינדיע. זיין
„אַנטוויקלונגס־פּלאַן“ האָט פאָרגעשלאָגן אַ פּאַלעסטינער רעגירונגס־
אַנלייהע מיטן צוועק צו פאַרגרעסערן די אַגריקולטורעלע מעגלעכקייטן

---

*) דער באַריכט פון דער שאָו־קאָמיסיע איז נישט געווען קיין איינ־
שטימיקער. ער ווערט שטאַרק קריטיקירט אינם מינדערהייטס־באַריכט פון
אַ לייבאָר־מיטגליד, לאָרד סנעל. סנעלס איבערצייגנד געשריבענע
מינדערהייטס־מיינונג וויזט צוריק די אָנקלאָגן קעגן דער יידישער לאַנד־
איינקויף־פּאָליטיק, און ער שטרייכט אויך אונטער די דירעקטע אחריות
פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל פאַר די בלוטיקע
געשעענישן פון אויגוסט 1929.

פונם לאַנד דורך אויסבעסערונגס־אַרבעטן אין אירע פאַרנאַכלעסיקטע און אָפּגעלאָזענע געגנטן. די אויסבעסערונגס־אַרבעטן, וואָס דאַרפן געבן אַ מעגלעכקייט צו באַאַרבעטן אַזעלכע שטרעקן לאַנד, וואָס זענען איצט אומצוגענגלעך פאַר לאַנדווירטשאַפט, דאַרף אין דער ערשטער רייע באַניצט ווערן אויף ווידער צו באַזעצן די לאַנדלאָזע אַראַבער. דער אַנטוויקלונגס־פּלאַן וואָלט אָבער אויך, לויט די ווערטער פון זיין אויטאָר, געשאַפן ביז אַ געוויסן גראַד נייע קאָלאָניזאַציאָנס־שאַנסן פאַר יידן.

דער באַריכט פון דער שאָו־קאָמיסיע, פּאַספּילדס „ווייסער פּאַפּיר" און דער סימפּסאָן־פּלאַן האָבן געשאַפן אַ טיפע אויפרעגונג צווישן די יידישע מאַסן אין גאַנצער וועלט. די ענגלישע רעגירונג איז פאַרפּלייצט געוואָרן מיט פּראָטעסטן פון יידישע און נישט־יידישע קרייזן. איינפלוסרייכע ענגלישע צייטונגען, אָפּשפּיגלענדיק די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פונם לאַנד, האָבן געפאָדערט אַ מער פריינטלעכע פּאָליטיק צו יידן.

אונטער דעם דרוק פון די פּראָטעסטן האָט די ענגלישע רעגירונג אַרויסגעלאָזט אַ נייעם דאָקומענט וועגן די ארץ־ישראלדיקע פּראָבלעמען אונטער דער פאָרם פון אַ בריוו פון דעם פּרעמיער מאַקדאָנאַלד, צום פּרעזידענט פון דער יידישער אַגענטור דר. חיים וויצמאַן. צווישנדיק געשריבן אין אייניקע טיילן, איז דער דאָזיקער בריוו פונדעסטוועגן גענומען אַלס אַ גאַנצער, געווען אַ צוריק־טריט פון דער אַנטי־יידישער פּאָזיציע, וואָס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן פונם קאָלאָניאַל־אַמט גלייך נאָך די געשעענישן פון אויגוסט 1929. דער צוועק פון דעם בריוו איז געווען צוריק צו ברענגען די באַציונגען אין ארץ־ישראל צום „סטאַטוס קוואָ אַנטע", ד. ה. צו דער לאַגע, וואָס האָט עקזיסטירט פאַר די דאָזיקע טרויעריקע געשעענישן.

באַזונדערס וויכטיק איז געווען די בפירושע דערקלערונג פון מאַקדאָנאַלדס בריוו, אַז יידישע קאַפּיטאַליסטן, וואָס האַלטן ביי גרינדן נייע אינדוסטריעלע אָדער לאַנדווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען זענען באַרעכטיקט צו ברענגען פאַר זיך יידישע אַרבעטער פון חוץ־לאָרץ, אומאָפּהענגיק פון דער מעגלעכער אַרבעטלאָזיקייט צווישן די אָרטיקע אַראַבער. אַן אַנדערע וויכטיקע הנחה איז געווען דער צוזאָג צו באַשעפטיקן אויף עפנטלעכע אַרבעטן אין א"י אַ באַדייטנדיקע צאָל פון יידישע אַרבעטער נעמענדיק אין באַטראַכט נישט נאָר די צאָל פון יידן אין לאַנד, נאָר אויך אין זייער ביישטייער צו די פינאַנציעלע רעסורסן פון דער רעגירונג.

אין פאַרבינדונג מיטן בלוטיקן אויסבּרוך פון 1929 האָט די יידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל ווידער געקריגן א שמערצלעכן קלאַפּ. נאָך א צייטווייליקן שטילשטאַנד האָט אָבער דער שאַרפער יידישער באַדאַרף אין א נאַציאָנאַלער היים זיך ווידער אָנגעהויבן אָפּשפּיגלען אין אַקטי־ווער אויפבוי־אַרבעט.

**נייע אַנטוויקלונגען.**

דער נייער אויפשוואונג פון יידישער אויפבוי־אַרבעט איז געשטיצט געוואָרן דורך פאַרשידענע אומשטענדן. גראַד די פּאָגראָמען פון 1929 האָבן באַוויזן פיל שטאָטישע יידן צו פאַרלאָזן די אַראַבישע קוואַרטאַלן, וווּ זיי האָבן פריער געוווינט אין געדונגענע דירות, און דאָס האָט נאַ־טירלעך זיך באַלד אָפּגעשפּיגלט אין א פאַרשטאַרקטער בוי־טעטיקייט. די פּלאַנצונג פון אָראַנזשן גערטנער („פּרדסים") איז דערמונטערט געוואָרן דורך פעסטע פּרייזן אויפן אייראָפּעאישן פרוכט־מאַרק און דורך דער וואַקסנדיקער נאָכפראַגע אויף ארץ־ישראל פרוכט. ענגלאַנדס אַראָפּגיין פון גאָלד־סטאַנדאַרט (סעפּטעמבער, 1931) איז געווען א וויטערדיקער שטופּ צו קאָנסטרוקטיווע אינוועסטיציעס אין ארץ - ישראל. פאַרמעגלעכע יידן פון אַמעריקע און אַנדערע לענדער, וואָס זענען נאָך דעמאָלט גע־בליבן אויפן גאָלד־סטאַנדאַרט, האָבן איצט דערזען א געלעגנהייט צו קויפן לאַנד אין ארץ - ישראל פאַר בערך ביליקע פּרייזן און פּלאַנצן דאָרט פּרדסים מיט קלענערע הוצאות. אויך דאָס געלט, וואָס איז געלעגן אָן נוצן אין די ארץ - ישראל - בענק, האָט איצט אָנגעהויבן זוכן א קאָנסטרוקטיווע פאַרווענדונג, כּדי צו פאַרמיידן די ווייטערדיקע אַנטווער־טונג פונם ענגלישן פונט.

אויסער דעם בוי פון הייזער און פּלאַנצונג פון פּרדסים, האָט די אויפ־בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל זיך אויסגעדריקט אין כּסדרדיקער פאַרגרע־סערונג און אויסברייטערונג פון דער דאָרטיקער אינדוסטריע. אין די לעצטע יאָרן זענען די מערסטע פריערדיקע פאַבריקן אויסגעברייטערט גע־וואָרן און פיל נייע זענען אויסגעבויט געוואָרן. די צעמענט־אינדוסטריע, זאָקן פאַבריקן, טעקסטיל, לעדער - וואַרן און אַנדערע האָבן געקריגן אַן אַליע ברייטערן מאַרק אין די שכנותדיקע לענדער פונם נאָענטן מזרח. דער דאָזיקער מאַרק איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אין די ערגסטע יאָרן פון דעם עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס, און ער פאַרשפּרעכט אין דער צוקונפט

ווען די ארץ־ישראלדיקע אינדוסטריע וועט האָבן מער און ביליקערע סחורות פאַר עקספּאָרט, צו ווערן גאָר אַ באַדייטנדיקע שטיצע פאַר דער ארץ ישראלדיקער ווירטשאַפט.

דאָס בסדרדיקע אריינקומען פון פרישן קאַפּיטאַל האָט געשאַפן אויך אַ שאַרפן באַדאַרף אין נייער און גרעסערער יידישער אימיגראַציע. ארץ־ישראל ליידט איצט פון אַן אמתן מאַנגל אין קוואַליפיצירטע אַרבעטער, ספּעציעל אין דער בוי – אינדוסטריע. אפילו די ענגלישע אַדמיניסטראַציע, מיט איר גאַנצן פּאַראַורטייל קעגן מעגלעכער יידישער „איבער־אַנטוויקלונג", האָט געמוזט זיך בויגן פאַר די פאַקטן, און בסדר פאַרגרעסערן די צאָל פון סערטיפיקאַטן פאַר דער איינוואַנדערונג פון חלוצים.

ס'איז אָבער נאָך דאָ אַ גאַנץ היפּשער מהלך צווישן דער באַשרענקטער אימיגראַציע, וואָס ווערט יעדעס האַלבע יאָר באַשטימט דורך דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ירושלים, און דער צאָל פון די אַרבעטער, וואָס ווערן דרינגנט געפאָדערט פאַר דער אַלץ גרעסערער צאָל פון יידישע אונטערנעמונגען. דאָס ברענגט פון איין זייט צו דער צו גיכער העכערונג פון די אינדוסטריעלע און אַגריקולטורעלע זעלבסטקאָסטן אין פאַרגלייך מיט די ארומיקע לענדער. פון דער אַנדערער זייט שאַפט דער דאָזיקער אַרבעטער מאַנגל אַ לאַגע, ביי וועלכע יידישע אונטערנעמער, אַנשטאָט צו אַרבעטן מיט יידן, באַשעפטיקן אַלץ אַ גרעסערע צאָל פון אַראַבער, וואָס קומען אריין פון סיריע און אַנדערע שכנותדיקע לענדער. אַזוי ווי די אימיגראַציע פון די דאָזיקע פרעמדע אַראַבער איז פּראַקטיש אומבאַשרענקט, רופט ארויס די דאָזיקע לאַגע אַ שטאַרקע אומצופרידנהייט אין יידישע קרייזן, ווו מען האַלט זי אַלס נישט יושרדיק לגבי יידן, און אַלס פאַרבונדן מיט ערנסטער געפאַר פאַרן גאַנצן כאַראַקטער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים. נאַטירלעך, ברענגט די קינסטלעכע באַשרענקונג פון יידישער אימיגראַציע צו אַ היפּש ביסל פּאָליטישע דינגעניש און רייבונגען מיט דער ענגלישער מאַנדאַט מאַכט.

אַ דאַנק דער בסדרדיקער אינוועסטיציע אין לאַנד און אין געביידן, זענען די פּרייזן פון אומבאַוועגלעכע גיטער אין ארץ ישראל נישט געפאַלן, אין דער צייט, ווען זיי זענען שטאַרק געפאַלן כמעט אין אַלע אַנדערע לענדער; די פּרייזן זענען דאָרט בדרך־כלל פיל העכער, איידער אינם יאָר 1929. די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע לאַגע האָט געגעבן די נייאָנקומענדיקע קאַפּיטאַליסטן דאָס געפיל פון אינערלעכער זיכערקייט, און

האָט זיי דערמוטיקט צו בויען נייע אונטערנעמונגען אַפילו אין דער ערגסטער צייט פונעם איצטיקן וועלט ־ קריזיס. לײדער איז די דאָזיקע גינסטיקע לאַגע אויך מיסברויכט געוואָרן פאַר ווילדער לאַנד־ספּעקולאַציע, וואָס קאָן נאָך אַמאָל האָבן שעדלעכע פאָלגן אין דער צוקונפט.

דער ווילשטאַנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך אײַנוואַנדערונג און קאָנסטרוקטיווער אויפבוי אַרבעט, האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין אַ גינסטיקער פינאַנציעלער לאַגע פון דער ארץ ישראלדיקער רעגירונג. זי איז אימשטאַנד געווען צוליב דעם דורכפירן אַ רייע פון ערשט־קלאַסיקע וועגן און אויסבויען אַ מאָדערנעם פּאָרט אין חיפה. די עקאָנאָמישע אַנט־וויקלונג פונם לאַנד איז אָבער געגאַנגען אין אַזאַ שטורמישן טעמפּ, אַז אַלע עפנטלעכע אַרבעטן ווײַזן זיך אַרויס צו זיין ווייט הינטער דעם באַדאַרף. עס הערט זיך איצט, למשל, אַ שטאַרקער פאַרלאַנג אויסצובריי־טערן דעם חיפהער פּאָרט, וועלכער, געעפנט אין אָקטאָבער 1933, ווייזט זיך שוין אַרויס אַלס צו קליין, כדי צו באַדינען דעם גיך וואַקסנדיקן שיפס־פאַרקער.

לויט דער פאָלקסציילונג פון נאָוועמבער 1931, האָט די יידישע באַ־פעלקערונג פון ארץ ישראל דאַן אויסגעמאַכט 174.610, וואָס איז זיבעצן פּראָצ. פון דער דאַמאָלסטיקער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 1.035.821.

פון 1920 ביז 1932 איז די דורכשניטלעכע יידישע אײַנוואַנדערונג געווען אונטער 10.000 אַ יאָר, וואָס איז פּאַקטיש ווייניקער אײדער דער נאַטירלעכער צוּוווּקס פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג. אינם יאָר 1933 האָט אָבער די צאָל פון יידישע אימיגראַנטן אַ שפּרונג געטאָן אויף 30,327, און אין 1934 איז זי ווייטער געשטיגן ביז 42.359. פאַר די ערשטע זעקס חדשים פון 1935 האָט די צאָל פון יידישע אימיגראַנטן באַ־טראָפן 30.474, מער ווי פאַרן גאַנצן יאָר 1933. דערצו דאַרף מען נאָך צו די דאָזיקע אָפיציעלע ציפערן צורעכענען אויך אַ געוויסע צאָל פון „אומלעגאַלע" אימיגראַנטן. זי האָט וואַרשיינלעך פאַר די לעצטע דריי יאָר באַטראָפן ביז 5.000 אַ יאָר.

דער גרויסער אײַנוואַנדערונגס־שטראָם פון די לעצטע דריי יאָר האָט שטאַרק פאַרגרעסערט דעם אַבסאָלוטן און רעלאַטיוון געוויכט פון יידן אינם לאַנד. לויט דער אויסרעכנונג פון מ. נעמיראָווסקי, דעם פעאיקן סטאַטיסטיקער פון דער אַרבעטער־הסתדרות, האָט די צאָל פון יידן ביים סוף פון יאָר 1934 אויסגעמאַכט 300.312 צווישן אַן אַלגעמיינער באַ־פעלקערונג פון 1.237.127. דער דאָזיקער סך־הכל, וואָס איז געבויט אויף

אָפיציעלע ציפערן, שיינט אָבער נישט אריינצונעמען אין זיך די גרעסטע צאָל פון „אומלעגאַלע" אימיגראַנטן, סיי יידן און סיי אראַבער. נעמענדיק דעם דאָזיקן פאַקטאָר אין אָנבאַטראַכט און רעכנענדיק זיך אויך מיט די דערווייליקע ציפערן וועגן איינוואַנדערונג און נאַטירלעכער פאַר־מערונג פאַר דער ערשטער העלפט פון 1935, זענען מיר נוטה צו שאַצן די איצטיקע יידישע באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל (יולי 1935), אלס 345.000 צווישן אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 1.308.000. יידן שטעלן מיט זיך פאָר אין אנדערע ווערטער, 26.3 פּראָצענט פון דער אַל־געמיינער באַפעלקערונג (אריינרעכענענדיק אין דעם אויך די בעדואינער, וואָס וואַנדערן ארום ביי אירע זידלעכע גרענעצן).

דער וווקס פון דער יידישער באַפעלקערונג נאָך דעם קריג ווערט אילוסטרירט מיט פאָלגנדיקער טאַבעלע*):

| | אַלגעמיינע באַפעלקערונג | מאַכמעדאַנער | קריסטן | יידן |
|---|---|---|---|---|
| 1919 (אָפּשאַצונג) | 700.000 | 568 000 | 65.000 | 58.000 |
| 1922 (פאָלקס-ציילונג) | 757.182 | 591.000 | 73.000 | 83 794 |
| 1931 (פאָלקס-ציילונג) | 1.035.141 | 759.712 | 91.398 | 174.610 |
| 1935 (אָפּשאַצונג) | 1.308.000 | 849.000 | 101.000 | 345.000 |

## די איינוואַנדערונג פון דייטשלאַנד

מיטן אָנהויב פון יאָר 1933 האָט ארץ־ישראל אָנגעהויבן אריינצונעמען אַ באַדייטנדיקע צאָל פון דייטשע יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזן זייער פריער־דיקע היים צוליב די רדיפות פונם היטלער־רעזשים. אַ היפּשער חלק פון די דאָזיקע אימיגראַנטן זענען העכסט קוואַליפיצירטע פאַכמענער, — אַרכיטעקטן, אינזשיניערן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, וויסנשאַפט - לייט, וואָס האָבן אָנגעווירן זייערע פריערדיקע פּאָזיציעס אין דייטשלאַנד צוליב

---

*) ווי דער אויפמערקזאַמער לעזער האָט וואַרשיינלעך באַמערקט, שטימט נישט די סומע פון די צאָלן, וואָס ווערן אָנגעגעבן פאַר די דריי הויפּט־רעליגיעס, מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פונם לאַנד. דאָס דערקלערט זיך מיטן פאַקט, וואָס אין ארץ ישראל זענען פאַרהאַן דרוזן און אַ פּאָר אַנדערע שבטים, וואָס געהערן נישט צו קיינער פון די דריי אָנגעגעבענע רעליגיעס. זייער צאָל צוזאַמען באַטרעפט אַרום 13.000.

דעם נאַצי רעזשים. צוליב די שווערע באַשרענקונגען פון קאַפּיטאַל־עקס־פּאָרט פון דייטשלאַנד, און די גרויסע פאַרלוסטן, וואָס פיל פון די דאָזיקע אימיגראַנטן האָבן געהאַט אין די לעצטע צוויי יאָר, זענען פיל פון זיי פּאַקטיש אָן מיטלען. ס'איז פונדעסטוועגן זייער וואַרשיינלעך, אַז די הויכע קולטור און פּראַקטישע ערפאַרונג פונעם דאָזיקן טיפּ אימיגראַנטן וועט זיך סוף כל סוף אַרויסווייזן אַלס אַ גרויסער געווינס פאַר ארץ ישראל.

די פאַרגיכערטע אימיגראַציע פון די לעצטע דריי יאָר האָט געגעבן אַ שטאַרקן שטופּ צו נייע לאַנד־איינקויפן און פרישע אָנשטרענגונגען פון ברייטערער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. עס זענען געמאַכט גע־וואָרן וויכטיקע אָנהויבן פון נייע טיפּן קאָלאָניעס אין די בערג פון יהודה און אין דרומדיקן טייל פון לאַנד, געגנטן, וואָס זענען ביז אַהער גע־האַלטן געוואָרן אַלס נישט פּאַסנד פאַר פּראָדוקטיווער לאַנדווירטשאַפט. דער וויכטיקער און העכסט פּרוכטבאַרער טאָל פון חולה ביי דער סירי־שער גרעניץ איז אויך אַריינגעקומען אין יידישע הענט דורך איבערנעמען אַן אַלטע קאָנצעסיע אויף אויסטריקענען די זומפּן, וואָס פאַרפּעסטן איצט דעם גרעסטן טייל פון דער דאָזיקער פיל פאַרשפּרעכנדער געגנט.

וועט אָבער דער איצטיקער „בום" אין ארץ ישראל אָנגיין אויף אייביק? וואָס זענען די וויטערדיקע אויסזיכטן פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער היים?

קיינער קאָן אויף דעם נישט געבן קיין באַגרינדעטן ענטפער, אויב ער גיט נישט צוערשט אַ פולן און קלאָרן באַגריף וועגן אַלע זייטן פון דער יידישער אויפבוי אַרבעט אין ארץ ישראל, וועגן די ביז־אַהעריקע דערגרייכונגען און ווייטערדיקע פּראָבלעמען.

דאָס באַמיען מיר זיך צו טון אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פונעם דאָזיקן בוך.

## קאַפּיטל פיר



# יידן אין דער לאַנדווירטשאַפט

בעת דעם אָנהויב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע איז ארץ ישראל געווען אין זייער אַן אָפּגעלאָזענעם צושטאַנד. די טעראַסן, וואָס זענען ברייט באַנוצט געוואָרן אין ביבלישע צייטן אויף אויסצוגלייכן די אַראָפּגאַנגען פון די בערג און נישט לאָזן די רעגנס אַראָפּוואַשן זייער אויבערשטן פרוכטבאַרן באָדן, זענען כּמעט אומעטום פאַרשוווּנדן. אין די דורות פון פאַרנאַכלעסיקונג האָבן די שטאַרקע ווינטער רעגנס אַראָפּגעשווענקט דעם אויבערשטן באָדן פון די בערג, אַנטפּלעקנדיק דעם שטייניקן אונטער־גרונט, און מאַכנדיק זיי וויסטער און נאַקעטער מיט יעדן יאָר.

די וועלדער, וואָס האָבן אין אַמאָליקע צייטן באַדעקט אַ גרויסן טייל פונם לאַנד, האָבן מער נישט עקזיסטירט. סטאַדעס פון ציגן, געטריבן דורך גלייכגילטיקע אַראַבישע פּאַסטוכער האָבן צו ביסלעך פאַרניכטעט זייער מעגלעכן נאָכוווקס. די שטאַרקע ווינטן פון ים, נישט באַגעגנדיק קיין ווידערשטאַנד פון וועלדער און גערטנער, האָבן כּסדר געטריבן די זאַמד־בערגלעך (דיונעס) אינם אינערן פון לאַנד. באַגעגנדיק אַלץ אַ געדיכטערע וואַנט פון זאַמד דיונעס, האָבן די טייכלעך, וואָס פליסן צום מיטל־מער, זיך פונאַנדערגעגאָסן אין גרויסע בלאָטעס ביים צוקומען צום ים־ברעג. די דאָזיקע בלאָטעס האָבן נישט נאָר פאַרמינדערט די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטיוויטעט פון ארץ ישראל, נאָר זיי זענען אויך געוואָרן די קוועלע פון אַלגעמיין־פאַרשפּרייטער מאַלאַריע, וואָס האָט פאַרוואַנדלט פיל פרוכטבאַרע לאַנד־שטרעקן אין אַ פּלאָג פאַר זייערע איינוווינער.

אין לויף פון הונדערטער יאָרן איז דער ארץ - ישראלדיקער באָדן אויסגעמאַטערט און אויסגעשעפּט געוואָרן דורך פּרימיטיווער באַאַרבעטונג, און גאָרנישט איז געטאָן געוואָרן צו באַנייען זיין פרוכטבאַרקייט. פיל

אַראַבישע דערפֿער זענען ממש אויסגעבויט געוואָרן אויף פּלאַסטן פֿון בהמות־מיסט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן דאָרט אין לויף פֿון דורות: די אומוויסנדע פֿעלאַכן האָבן עס קיינמאָל נישט באַנוצט פֿאַר זייערע פֿעל־דער...

קיין באַוואַסערונג פֿון פֿעלדער האָט כמעט אין גאַנצן נישט עקזיס־טירט. די מילך און עופֿות ווירטשאַפֿט זענען געשטאַנען אויף זייער אַ נידריקער מדרגה. אַ דורכשניטלעכע קו האָט געגעבן נישט מער ווי 800 ליטער מילך אַ יאָר, און אַ הון האָט געלייגט נישט מער, ווי 70 אייער יערלעך. די ווייץ ערנטע האָט זעלטן ווען איבערגעשטיגן 650 קילאָגראַם אויף אַ העקטאַר.

די אַראַבישע פּויערים, די פֿעלאַכן, האָבן געלעבט אויף זייער אַ פּרימיטיוון אופֿן. לויט זייער גאָר נידריקן לעבנס־סטאַנדאַרט האָט מען זיי געקאָנט פֿאַרגלייכן מיט די אָרעמסטע פּויערים פֿון אינדיע און כינע.

פֿאַרבעסערונגען און רעזולטאַטן.

עס וואָלט געווען אַ גוזמא צו זאָגן, אַז די דאָזיקע אַלע חסרונות זענען שוין באַזייטיקט געוואָרן, און אַז גאַנץ ארץ־ישראל האָט זיך ראַדי־קאַל געענדערט פֿאַר די לעצטע פֿופֿציק יאָר. אַזאַ ראַדיקאַלע ענדערונג וואָלט געפֿאָדערט די אַרבעט פֿון דורות. דאָך איז דער דערגרייכטער פּראָגרעס אומגעהויער גרויס. אַ דאַנק די אומדערמידלעכע אָנשטרענגונ־גען פֿון ייִדישע לאַנדווירטן, זענען גרויסע שטרעקן לאַנד אַרויפֿגעבראַכט געוואָרן צו אַ הויכער מדרגה פֿון פּרוכטבאַרקייט, און צו אַ גוטן סאַני־טאַרישן צושטאַנד. פֿאַר די לעצטע צען יאָר אַליין האָבן ייִדישע עפֿנט־לעכע אינסטיטוציעס אויסגעגעבן איבער זעקס מיליאָן גאָלד־דאָלאַר אויף פֿונדאַמענטאַלע אַגריקולטורעלע אויסבעסערונגען, ווי למשל, אויסטריקענונג פֿון בלאָטעס, דרענאַש, ווידער באַוואַלדונג און דורכפֿי־רונג פֿון דאָרפֿישע וועגן. אין די מערסטע פֿאַלן זענען אַזעלכע צוגריי־טונגס־אַרבעטן געווען אַן אומבאַדינגטער תּנאַי פֿאַר זיכערער און אויס־זיכטסרייכער קאָלאָניזאַציע.

כּדי צו העכערן די פּראָדוקטיוויטעט פֿון דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפֿט האָבן ייִדישע קאָלאָניזאַציאָנס - געזעלשאַפֿטן איינגע־ריכטעט עטלעכע עקספּערימענטאַלע סטאַנציעס. זייער אויפֿגאַבע איז אויסצוגעפֿינען און איינפֿירן בעסערע מעטאָדן פֿון אַגריקולטור, אויספּרו־

בירן נײע און מער פּראָדוקטיװע סאָרטן פון תּבואה און פּרוכט, אין אויפהאָדעװען בעסערע ראַסן פון הויז־בהמות און עופות. זײער אַרבעט װערט שטאַרק געשטיצט דורך די ייִדישע לאַנדװירטשאַפטלעכע קאָאָפּע־ראַטיװן און אײנצלנע קאָלאָניסטן.

אַ דאַנק די דאָזיקע אַלע אָנשטרענגונגען באַטרעפט איצט די דורכ־שניטלעכע װײץ־ערנטע אין ייִדישע זידלונגען אַרום 1300 — 1400 קילאָגראַם אויף אַ העקטאַר, אָנשטאָט דעם פריערדיקן אַראַבישן סטאַנ־דאַרט פון 700—750 קילאָגראַם. דער ערטראַג פון אַנדערע קולטורן, װאָס װערן פאַרזײט אויף באַװאַסערטן באָדן, איז נאָך פיל העכער. אַ באַװאַ־סערטער העקטאַר פון בוריקעס, װאָס װערן באַנוצט אַלס קאָנצענטרירטע שפּײז פאַר בהמות, גיט אַן ערנטע פון 120 און אַמאָל 140 טאָן! אַ פינפטל העקטאַר פון באַװאַסערטע לאַנד גיט גענוג בהמה־פוטער, מערסטנס לו־צערנע און קלעװער, אויף אויסצוהאַלטן אַ קו. קלעװער, קולטיװירט אויף באַװאַסערטן באָדן אין ארץ־ישראל, איז געשניטן געװאָרן אַכט מאָל אַ יאָר, און האָט געגעבן בסך־הכּל ביז 85 טאָן אַ העקטאַר. אין שכנותדיקן עגיפּטן, װאָס געניסט נאַטירלעכע באַװאַסערונג פונעם ניל, װערן פינף ערנטעס אַ יאָר מיט אַן אַלגעמײנעם ערטראַג פון זיבעציק טאָן, באַ־טראַכט אַלס זײער אַ גוטער רעזולטאַט!*).

זײער װיכטיקע רעזולטאַטן זענען דערגרײכט געװאָרן אויפן פעלד פון מילך־װירטשאַפט און עופות־צוכט. די מעלקנדיקע בהמות אין די ייִדישע ישובים זענען שטאַרק אויסגעבעסערט געװאָרן דורך קרײצן אָר־טיקע און סירישע ראַסן מיט אימפּאָרטירטע האָלענדישע און פריזישע מינים. די דורכשניטלעכע מילך־קו אין אַ ייִדישער װירטשאַפט גיט שוין איצט אַרום 3500 ליטער מילך אַ יאָר, אַ פאַרגלײך מיט די 700—800 ליטער פון אַ געװײנלעכער אַראַבישער קו. אין נהלל, אַ מושב־עובדים אין עמק יזרעאל, האָט אַ בהמה, געבוירן אין ארץ־ישראל פון סירישע און האָלענדישע עלטערן, געגעבן נישט װײניקער פון 8402 ליטער אין 323 מעלק־טעג פון אַ יאָר!

אַ דאַנק דער דערפאָלגרײכער אַקלימאַטיזאַציע פון בעסערע מינים הינער אין די ייִדישע װירטשאַפטן, גיט איצט אַ דורכשניטלעכע הון אין אַ ייִדישן ישוב — 150 אײער אַ יאָר. דאָס איז נאָענט צום אַמעריקאַנער־

---

*) ש. צמח, דאָס ייִדישע דאָרף, ירושלים 1933, זײט 11.

סטאַנדאַרט און צוויי מאָל מער, איידער עס פלעגט געבן די מינדערוועריקע הון פונם אַראַבישן פעלאַך...

זעקס יאָר נאָך דעם פלאַנצן פון אַ פּרדס, נעמט מען פון אים אַראָפּ אַרום 70 קעסטלעך מאַראַנצן אויף אַ דונאַם (700 קעסטלעך פון אַ העקטאַר). דאָס איז מיט פערציק פּראָצענט מער איידער אין קאַליפאָרניע, וווּ מען באַגנוגנט זיך אויפן זעלבן יאָר מיט אַן ערטראַג פון 200 קעסטלעך אויף אַן אַקער (50 קעסטלעך פון דונאַם*).

די דערפאַרונג פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ־ישראל האָט איבערצייגנד באַוויזן, אַז די אַגריקולטורעלע מעגלעכקייטן פון ארץ־ישראל זענען בכלל העכער פון די פריערדיקע אָפּשאַצונגען. אמת, ארץ־ישראל איז לויט איר קלימאַט און געאָגראַפישע לאַגע נישט באַזונדערס פּאַסיק פאַר געוויינלעכער תבואה. טרוקענע לאַנדווירטשאַפט לויטן אויסטראַלישן אָדער אַרגענטינער מוסטער לוינט זיך דאָרט נישט אַזוי שטאַרק. אויסער דעם זענען די קאָסטן פון לאַנד אין ארץ־ישראל פיל העכער, איידער אין די פרייע פעלדער פון דער נייער וועלט, און דער שטח, וואָס קאָן דאָרט אויסגענוצט ווערן פאַר אַגריקולטור, איז בכלל מער באַשרענקט. דערצו וואָלט אַ טרוקענע לאַנדווירטשאַפט, וווּ גרויסע שטחים לאַנד ווערן באַאַרבעט מיט אַ סך מאַשינען און ווייניק אַרבעטס־הענט, נישט געקאָנט ווערן קיין באַזע פאַר באַדייטנדער יידישער איינוואַנדערונג.

## שטח און קלימאַט

דער גאַנצער שטח פון ארץ־ישראל איז 10,100 קוואַדראַט מייל, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך 26,158,000 דונאַם, אָדער 2,615,800 העקטאַר. מינדעסטנס אַ העלפט פונם דאָזיקן שטח איז פּאַסיק פאַר אַגריקולטור.

אמת, דער אָפיציעלער באַריכט פונם לאַנד־קאָמישאָנער פון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג, וואָס איז דערשינען אינם יאָר 1930, שאַצט אָפּ דעם קולטיווירבאַרן שטח פון ארץ־ישראל אין בלויז 12,233,000 דונאַם. דערביי באַטראַכט ער אָבער אַלס קולטיווירבאַר נאָר אַזעלכע באָדנס, וואָס וואָלטן געקאָנט באַאַרבעט ווערן מיט די געוויינלעכע מיט־

---

*) אין ארץ־ישראל פלאַנצט מען געוויינלעך פופציק ביימער אויף אַ דונאַם בעת אין קאַליפאָרניע באַגנוגט מען זיך מיט דרייסיק. אין שפּעטערדיקע יאָרן איז דעריבער דער אונטערשיד פונם ערטראַג פיל קלענער.

לען פון אַן ארץ־ישראלדיקן אַראַבישן פעלאַך. דאָס שליסט נאַטירלעך אויס די מערסטע בלאָטעס, די זאַמד־דיונעס אויפן ים־ברעג, די ווילדע־נישן פון יהודה און די מדבר־שטרעקן צום דרום פון באר־שבע. יידישע פאַכמענער זענען דעריבער איבערצייגט, אַז מיט סיסטעמאַטישער אויס־בעסערונגס ־ אַרבעט און דעם ווידער־אויפבוי פון די טעראַסן אין אייניקע באַרגיקע געגנטן, וועט מען דעם אַלגעמיינעם שטח פון באָדן, וואָס קאָן קולטיווירט ווערן אין ארץ ־ ישראל, דערבּרענגען מינדעסטנס צו פערצן מיליאָן דונאַם. אייניקע פון זיי גלויבן אַפילו, אַז די ברייטע טרו־קענע געגנטן צווישן באר־שבע און דעם ים־איינגוס פון אַקאַבאַ אַנט־האַלטן אַ סך אונטערערדישע וואַסער, און קאָנען גענוצט ווערן פאַר לאַנדווירטשאַפט. זיי זענען דעריבער גענייגט צו שאַצן דעם אַלגעמיינעם שטח פון לאַנדווירטשאַפטלעכן באָדן אין ארץ־ישראל אויף בערך 15 מיליאָן דונאַם. פון דער אַנדערער זייט איז פאַראַן אַ באַריכט פונם די־רעקטאָר פון לאַנד־מעסטונגען, וועלכער שאַצט אָפּ דעם קולטיווירבאַרן שטח פונם לאַנד אויף בלויז 8,044,000. די דאָזיקע אָפּשאַצונג איז מערסטנס דערגרייכט געוואָרן אויפן גרונט פון אַן אַעראָפּלאַן־איבער־זיכט פון טיפּישע בערג־געגנטן, און זי פאַרדינט דעריבער נישט קיין ערנסטע באַציונג.

דער שטח באָדן, וואָס ווערט באַמת קולטיווירט בּיים היינטיקן טאָג, באַטרעפט פון פינף ביז זעקס מיליאָן דונאַם. בערך אַ זעקסטל פון דעם ווערט באַאַרבעט פון יידן.

דער קלימאַט פון די מערסטע געגנטן אין ארץ־ישראל, אַ לאַנד, וואָס ליגט צווישן דעם 30־טן און 34־טן גראַד פון נאָרדלעכער ברייט, קאָן גיכער באַצייכנט ווערן אַלס סובטראָפּיש איידער מעסיק. די רעגנס הויבן זיך געוויינלעך אָן אין אָקטאָבער—נאָוועמבער און ענדיקן זיך אין אַפּ־ריל—מאַי. געוויינלעך איז צווישן יוני און סעפּטעמבער נישטאָ קיין רעגן, אָבער דער וווקס פון פלאַנצונגען ווערט אין דער צייט אונטערגע־האַלטן דורך אַ שטאַרקן טוי. מיט אויסנאַמען פון די העכערע בערג, איז אין ארץ־ישראל נישטאָ קיין שניי, און די טעמפּעראַטור פאַלט כמעט קיינמאָל נישט אַראָפּ ביז צו אַ פראָסט. דער דורכשניטלעכער כמות פון רעגן־וואַסער איז אַרום 580 מילימעטער (23 אינטשעס) אַ יאָר, און די דורכשניטלעכע טעמפּעראַטור שטוואָס אונטער צוואַנציק גראַד צעלזיוס (68 פאַרענהייט). די צאָל פון די רעגנדיקע טעג אינם לויף פון יאָר

איז אין תּל־אביב 60, און אין ירושלים — 51. דער יערלעכער דורכשניט פון רעגנדיקע טעג פאַרן גאַנצן לאַנד איז בערך 55.

אַ דאַנק איר קלימאַט איז ארץ־ישׂראל זייער גוט צוגעפּאַסט פאַר פאַרשידענע פרוכט־ביימער, און פאַר אינטענסיווער גאָרטן־ווירטשאַפט אויף באַוואַסערטן באָדן. גראָד די שאַרפע צוטיילונג פונם יאָר אין אַ רעגנדיקן און טרוקענעם פּעריאָד גיט תּל־ערליי פרוכטן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייער פיינסטן אַראָמאַט, אָן זיין אָפּשוואַכונג דורך רעגנס.

מעגלעכקייטן פון באַוואַסערונג.

די מערסטע באָדנס אין ארץ־ישׂראל קאָנען באַוואַסערט ווערן דורך אונטערערדישע וואַסער, אָדער דורך צופירן דאָס וואַסער פון אַרומיקע טייכלעך און קוואַלן. אמת, די קאָסטן פון געפינען דאָס וואַסער און ברענגען עס אין די פעלדער זענען אָבער אַמאָל צו הויך. פונדעסטוועגן איז קיין ספק נישטאָ, אַז די טייערע באָדן־פּרייזן און דער אַלץ שטאַרקע־רער דראַנג פון ייִדן צו באַזעצן זיך אויף אַ גאַטירלעך־באַשרענקטן שטח וועט צווינגען זיי צו באַנוצן זיך מיט באַוואַסערונג אין אַן אַלץ גרעסערן פאַרנעם. גראָד אין די לעצטע פאַר יאָר האָט מען אַ דאַנק מאָדערנערע בוייער - מאַשינען געקריגן אַ סך אונטער - ערדיש וואַסער אין געגנטן, וועלכע געהאַלטן האָבן ביז אַהער געהאַלטן פאַר האָפענונגסלאָז. די דאָזיקע וואַסער - אַנטדעקונגען שיינען צו באַשטעטיקן די מיינונג, אַז דער נאָך ווייניקער באַזעצטער זידלעכער טייל פון דער שפלה, דעם פלאַכן לאַנד ביים מיטל־מער, קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פאָרטזעצונג פון די בליענדע גערטנער פון שרון.

פאַכמענער רעקאָמענדירן אויף דעם בוי פון דאַמבעס, וואָס זאָלן פאַרהאַלטן דאָס רעגן־וואַסער פון אייניקע טאָלן צווישן די בערג, און קאָנען באַנוצט ווערן אין זומער פאַר באַוואַסערונג. ס'איז קיין ספק נישטאָ, אַז טויזנטער דונאַמס אין די בערגיקע טיילן פון לאַנד, וואָס ווערן איצט באַטראַכט פאַר לחלוטין ווערטלאָז, וואָלטן דורך אַזאַ מיטל געקאָנט באַפלאַנצט ווערן מיט פרוכט־ברענגענדע בוימער און גרינסן.

די קוואַליטאַטיווע דערגרייכונגען פון די ייִדישע לאַנדווירטן אין ארץ־ישׂראל האָבן לעצטנס אָנגעהויבן זיך אָפּשפּיגלען צום גוטן אויף דער לאַנדווירטשאַפט פון זייערע אַראַבישע שכנים, און אַפילו אויף דער אַגריקולטורעלער אַנטוויקלונג פון די שכנותדיקע לענדער פון אָריענט.

די סיריער קויפן יעדעס יאָר ביי יידישע קאָלאָניסטן אַ באַדייטנדע צאָל פון ראַסיקע הינער און אייער מיטן צוועק צו פאַרבעסערן דורך זיי די קוואַליטעט און פּראָדוקטיוויטעט פון דער הינער־ווירטשאַפט אין זייער אייגענעם לאַנד. די עגיפּטישע רעגירונג שיקט יעדעס מאָל אירע אַגראָנאָמען קיין ארץ־ישראל מיטן צוועק צו שטודירן די נייעסטע דערגרייכונגען פון די יידישע לאַנדווירטן און איינפירן אייניקע פון זייערע מעטאָדן אין מצרים. אַ געוויסע צאָל האָלענדישע קי, וואָס זענען אויסגעוואַקסן און אַקלימאַטיזירט געוואָרן אין ארץ־ישראל זענען, למשל, געקויפט געוואָרן פאַר אַן עקספּערימענטאַלן גוט פונם קעניג פואַד פון עגיפּטן.

די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג נוצט אויס פון איר זייט די קוואַליטאַטיווע דערגרייכונגען פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אַלס אַ ביישפּיל און אויסגאַנגס־פּונקט פאַר אירע אָנשטרענגונגען צו פאַרבעסערן די אַגריקולטורעלע מעטאָדן פון די אַראַבישע דאָרפס־לייט. אירע עקספּערימענטאַלע סטאַנציעס, — די וויכטיקסטע פון זיי, ביי עכו, איז די גרעסטע אין נאָענטן אָריענט, — נוצן זיך אָפט מיט יידישער זריעה און יונגע ביימלעך, אויף צו פאַרשפּרייטן זיי אין די אַראַבישע דערפער.

## די פלאַנצונג פון וועלדער.

באַזונדערס וויכטיק איז די טעטיקייט פון דער רעגירונג אויפן געביט פון פלאַנצן וועלדער מיטן צוועק ווידער צו געבן ארץ־ישראל כאָטש אַ טייל פון די גרויסע וואַלד־שטרעקן, וועלכע זי האָט געהאַט פאַרמאָגט אין ביבלישע צייטן. צוזאַמען מיט די קלענערע וועלדער פונם יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, זענען איצט פאַראַן אין לאַנד 215 וואַלד־רעזערוון מיט אַן אַלגעמיינעם שטח פון 685,895 דונאַם. אַ טייל פון דעם דאָזיקן וויכטיקן שטח איז שוין פאַרפלאַנצט, און אַ טייל איז רעזערווירט פאַר ווייטערדיקע פלאַנצונגען.

וואַנדערנדיק איבער די בערג פון ארץ־ישראל, האָט דער מחבר זיך נישט איינמאָל אָנגעשטויסן אויף ניי־געפלאַנצטע וועלדער, וואָס וואַקסן זיך פאַנאַנדער צווישן ווילדע אָפּגעלאָזענע פעלזן. איך האַלט, אַז די דאָזיקע יונגע וועלדער זענען דאָס בעסטע, וואָס דער בריטישער רעזשים האָט אויפגעטאָן פאַר ארץ־ישראל, און דאָס פאַרדעקט אין מיינע אויגן אַ גרויסן טייל פון זיינע אַנדערע חסרונות און זינד... אויב די דאָזיקע וואַלד־אַרבעט וועט ווייטער פאָרטגעזעצט ווערן אויף אַ געהעריקן ברייטן

פאַרנעם, וועט דער גאַנצער כאַראַקטער פונם לאַנד פאַרענדערט ווערן צום גוטן.

אין פיל אַראַבישע דערפער, באַזונדערס ווען זיי זענען געלעגן אין דער שכנות פון יידישע קאָלאָניעס, לאָזט זיך שוין גאַנץ שטאַרק פילן די פּאָזיטיווע ווירקונג פון זייערע מער קולטורעלע שכנים. אַנשטאָט ליי־מענע כאַלופּקעס, וואָס זענען אַמאָל געווען די אויסשליסלעכע וווינונג פון אַן אַראַבישן „פעלאַך'', טרעפט מען איצט דאָרט גאַנץ אָפט פיינע הייזלעך פון שטיין אָדער געברענטן ציגל, מיט פאַרביקע ציגל־דעכער, אַרומגעריגלט מיט באַוואַסערטע גרינס ־ גערטנער און ביימער ־ פלאַנ־טאַציעס. די אַראַבער, וואָס צייכענען זיך בדרך־כּלל אויס מיט איינגעבוי־רענער אינטעליגענץ, האָבן לעצטנס שטאַרק מצליח געווען אין איבערנע־מען די אַגריקולטורעלע מעטאָדן פון זייערע יידישע שכנים.

## דער פאַרנעם פון יידישער לאַנדווירטשאַפט.

אינם אָנהויב פון יאָר 1935 זענען אין ארץ־ישראל געווען 160 יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים מיט אַ באַפעלקערונג פון בערך 70,000 נפשות און אַן אַגריקולטורעלן שטח פון 1,420,000 דונאַם. זייער באַפעלקערונג מאַכט אויס בערך 22 פּראָצענט פונם אַלגעמיינעם יידישן ישוב.

דער בערך באַדייטנדער פּראָצענט פון אַגריקולטוריסטן צווישן די יידן פון ארץ־ישראל איז דער אַממערסטן כאַראַקטעריסטישער שטריך פונם דאָרטיקן יידישן ישוב. ער איז, ליידער, נאָך אַלץ קלענער, איידער ביי די מערסטע אַנדערע פעלקער, אָבער ער איז נאָך פאָרט פיר־פינף מאָל גרעסער, איידער דער פּראָצענט פון לאַנדווירטן צווישן די יידן פון אַנדערע לענדער. דאָס באַציט זיך נישט נאָר אויף די אַלטע יידישע צענ־טערן אין אייראָפּע נאָר אויך אויף אַמעריקע, ווו די צאָל פון לאַנדווירט־שאַפטלעך טעטיקע צווישן דער אַלגעמיינער צאָל פון יידישע ברויט־פאַר־דינערס, איז נישט מער ווי פיר פּראָצענט. יידן אין ארץ־ישראל זענען מער נאָרמאַל צוטיילט צווישן שטאָט און דאָרף, איידער אין יעדן אַנדערן לאַנד פון דער וועלט.

די ציוניסטישע פירער זענען בדרך־כּלל שטאַרק צופרידן מיטן דאָ־זיקן רעזולטאַט, וואָס שיינט צו זיין דער פונדאַמענטאַלער אונטערשיד צווישן ארץ־ישראל און גלות. זיי זענען אָבער אין דער לעצטער צייט

שטארק באַזאָרגט דורך דער נייעסטער שטרעבונג פון דער לעצטנס־פארגרעסערטער אימיגראַציע צו קאָנצענטרירן זיך אין די פּאָר גרעסערע שטעט, ווידער שאַפנדיק אַן איינזייטיקע עקאָנאָמישע סטרוקטור. די דאָזיקע לאַגע ווערט באַטראַכט אַלס זייער געפערלעך, און מען זוכט דעם אויסוועג אין אַ נייער אָנשטרענגונג צו פארגרעסערן דעם אגריקולטורעלן טייל פון יידישן ארץ־ישראל.

דער כסדרדיקער וווקס פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ־ישראל ווערט אָפּגעשפיגלט אין פאָלגנדער טאַבעלע:

יידישע לאַנדווירטשאַפט אין ארץ ישראל.

| יאָר | צאָל פון ישובים | צאָל איינוווינער | שטח (אין דונאַמען) |
|---|---|---|---|
| 1899 | 22 | 5,000 | 300,000 |
| 1914 | 43 | 12,000 | 400,000 |
| 1922 | 73 | 15,000 | 600,000 |
| 1930 | 107 | 45,000 | 1,050,000 |
| 1933 | 135 | 52,000 | 1,260,000 |
| 1935 | 160 | 70,000 | 1,420,000 |

די אַלגעמיינע סומע פון יידישע געלט־איינלאַגן אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט קאָנען אָפּגעשאַצט ווערן אין 25 מיליאָן פונט. די גוטע העלפט פונעם דאָזיקן געלט, וואָס איז מערסטנס אינוועסטירט געוואָרן פון פּריוואַטן קאַפּיטאַל, איז אריין אין די אָראַנזש־געגנטן פונעם לאַנד.

יידישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפטן.

זינט דער וועלט־מלחמה האָט דער יידישער נאַציאָנאַל־פאָנד אריינגעלייגט אין לאַנד־קניות אַרום עלף מיליאָן דאָלאַר. אין דער זעלבער צייט האָבן די אגריקולטורעלע אינוועסטיציעס פון „קרן־היסוד", דעם ווי־טיקסטן קאָלאָניזאַציאָנס־פאָנד פון דער יידישער אַגענטור, דערגרייכט צו אַכט מיליאָן דאָלאַר. די קאַפּיטאַל־איינלאַגן פון דער „פּיקאָ", זינט דעם אָנהויב פון איר קאָלאָניזאַציאָנס־טעטיקייט אינעם לאַנד ווערן אָפּגעשאַצט צווישן צוועלף און פערצן מיליאָן דאָלאַר.

די „פּיקאָ" און דער נאַציאָנאַל־פאָנד פארמאָגן אויך איצט כמעט די העלפט פונעם גאַנצן יידישן באָדן אין ארץ־ישראל. פאַרן קריג האָט די

„ייקא", וועלכע איז געווען די פאַרגענגערין פון דער „פיקא", געקויפט אָדער איבערגענומען פון באַראָן ראָטשילד דעם אַלגעמיינעם שטח פון 374,000 דונאַם. צוזאַמען מיט די 84,000 דונאַם, וועלכע די פיקאַ האָט געקויפט נאָך דעם קריג און די 40,000 בלאָטיקע שטחים, וועלכע די רעגירונג האָט איר איבערגעגעבן אַלס אַ קאָנצעסיע, מיטן תּנאַי זיי אויס־צוטריקענען, האָט די „פיקא" בדרך־כּלל דערוואָרבן 498,000 דונאַם לאַנד. לעצטנס איז אַ טייל פונם דאָזיקן לאַנד איבערגעשריבן געוואָרן אַלס פערזענלעכער אייגנטום פון איינצלנע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן אָפּגעצאָלט אַלע זייערע חובות. פונדעסטוועגן פאַרמאָגט נאָך די „פיקא" עד־היום דעם גרעסטן טייל פונם באָדן, וועלכן זי אין אירע פאַרגענגער האָבן איינגעקויפט.

דער ערשטער פּלאַץ פון דער „פיקא" ווערט לעצטנס דערפאָלגרייך באַשטריטן פונם נאַציאָנאַל־פאָנד, וועמענס לאַנד־אייגנטום האָט אין אָק־טאָבער 1934 דערגרייכט דעם שטח פון 341.856 דונאַם. צום אונטער־שייד פון דער „פיקא" פאַרקויפט דער נאַציאָנאַל־פאָנד קיינמאָל נישט קיין באָדן. ער פאַרדינגט דאָס בלויז צו אַ מאַקסימום פון 49 יאָר, מיטן רעכט צו באַנייען שפּעטער דעם קאָנטראַקט, צו אַזעלכע יידישע קאָלאָ־ניסטן, וואָס נעמען זיך אונטער צו באַאַרבעטן עס מיט אייגענע, אָדער ווייניקסטנס מיט יידישע הענט.

כאָטש יידן פאַרמאָגן בלויז 15 פּראָצענט פונם גאַנצן קולטיווירטן שטח, באַטרעפט דער ווערט פון זייערע פּראָדוקטן 22 פּראָצענט פון דער גאַנצער אַגריקולטורעלער פּראָדוקציע פונם לאַנד. באַזונדערס גרויס איז זייער אַנטייל אין די אינטענסיווע צווייגן פון דער לאַנדווירטשאַפט. זיי געבן, למשל, אַרום 55 פּראָצענט פון די ארץ־ישראלדיקע מאַראַנצן, 30 פּראָצענט פון אייער און עופות, און 30 פּראָצענט פון מילכיקס. פון דער אַנדערער זייט פאַרנעמען זיי גאָר אַן אומבאַדייטנדן פּלאַץ, אַרום פינף פּראָצענט, אין דער תּבואה־פּראָדוקציע פונם לאַנד.

די ציטרוס־פּלאַנצונגען.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָבן ציטרוס־פּלאַנצונגען, וואָס שליסן אין זיך איין מאַראַנצן, גרעיפּ־פרוכט און לימענעס, צוגענומען דאָס מערסטע קאַפּיטאַל, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן פון יידן אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט. דער שטח פון יידישע ציטרוס־פּלאַנצונגען

באַטרעפט איצט איבער 140,000 דונאַם אין פאַרגלייך מיט 100,000 דונאַם פון אַראַבישע פּלאַנטאַציעס. דער עקספּאָרט פון ציטרוס־פּרוכט פאַר די לעצטע צוויי יאָר דריקט זיך אויס אין פאָלגנדער טאַבעלע, ווי די ציפערן שטעלן מיט זיך פאָר קעסטלעך, וואָס יעדער פון זיי אַנטהאַלט פון 100 ביז 150 פּרוכט־מאַראַנצן, אָדער פון 70 ביז 100 גרעיפּ־פּרוכט.

| יאָר (סעזאָן) | אַלגעמיינער עקספּאָרט | מאַראַנצן | גרעיפּ־פּרוכט | לימענעס |
|---|---|---|---|---|
| 1933-34 | 5,414,027 | 5,049,327 | 350,500 | 14,000 |
| 1934-35 | 7,316,584 | 6 625,484 | 660 800 | 30,300 |

דער קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין אַ דונאַם פון פּרדס (ציטרוס־פּלאַנצונג) באַטרעפט פון 75 ביז 90 ענגלישע פונט. דאָס נעמט אַריין דעם פּרייז פון לאַנד, וואַסער־אינסטאַלאַציע, און באַאַרבעטונג פונם יונגן פּרדס ביז ער הויבט אָן טראָגן פּרוכט.

ס'איז אַ ספק צו ערגעץ־ווו אין דער וועלט ווערן ציטרוס־ביימער קולטיווירט אויף אַ מער אינטענסיוון און מער וויסנשאַפטלעכן אופן, איידער אין ארץ־ישראל. די ארץ־ישראלדיקע ציטרוס־עקספּערטן נוצן און פאַרבעסערן אַליין די בעסטע און נייעסטע מעטאָדן פון אַנדערע לענדער. זיי גיבן ספּעציעל אַכטונג אויף יעדן בוים באַזונדערס. אין אַ פּאָר פון די גרעסטע פּרדסים ווערט אַפילו געפירט אַ פולשטענדיקע קאַרטן־סיסטעם (קאַרטאָטעק). יעדער איינציקער בוים איז רעגיסטרירט אויף אַ באַזונדער קאַרטל, ווו ס'איז פּינקטלעך פאַרשריבן יעדע סאָרט אַרבעט, וואָס איז געטאָן געוואָרן אַרום אים, די כמות פון קינסטלעכן מיסט, וואָס מען האָט אים געגעבן, און יעדע סאָרט קראַנקהייט אָדער אומנאָרמאַלקייט, וואָס איז אויף אים באַמערקט געוואָרן. אין פּרדס אַליין ווערט יעדער בוים באַצייכנט מיט אַ נומער, דעם זעלבן נומער, אונטער וועלכן ער איז פאַרשריבן אין דער ביוראָ פון דער פּלאַנטאַציע. מיט איין וואָרט, ארץ־ישראלדיקע אַגראָנאָמען אויף אַזעלכע מאָדערנע פּלאַנטאַציעס האָבן פאַר זיך די פולע געשיכטע פון איינצלנע ביימער און זיי נוצן זי אויף אויפן זעלבן אופן, ווי אַ געוויסנהאַפטער דאָקטאָר באַנוצט זיך מיט דער קראַנקן־געשיכטע פון זיינע פּאַציענטן.

דער געוויינלעכער ארץ־ישראלדיקער מאַראַנץ („שאַמוטי") איז עטוואָס גרעסער און לענגער פון דער קאַליפאָרניער פּרוכט. זיין ערנטע הויבט זיך אָן אין דעצעמבער און ענדיקט זיך אין אַפּריל.

אין איניקע געגנטן פון ארץ־ישראל ווערט איצט איינגעפירט אַן

אנדער סאָרט, וואַלענציאַ, וועמענס ערנטע הויבט זיך אָן און ענדיקט זיך מיט אַ חודש שפּעטער. מען זוכט איצט אויך איינפירן פריערדיקע סאָרטן פון מאַראַנצן, וואָס זאָלן געבן זייער ערנטע מיט אַ חודש פריער, איידער די געוויינלעכע ארץ־ישראלדיקע פרוכט. דער גערטנער איז דערביי אויסציען ווי ווייט מעגלעך דעם אָראַנזש־סעזאָן, כּדי צו פאַרקלענערן דערמיט דעם איצטיקן דוחק פון אַרבעטס־קרעפטן, און אויסברייטערן אויך דעם מאַרק אין אייראָפּע. די אָנשטרענגונגען אין דער ריכטונג זענען אָבער דערוויילט אין זייער אָנהויב.

אַנדערע פרוכט־קולטורן.

די קולטיווירונג פון וויינטרויבן, וואָס האָבן אַמאָל געשפּילט די אַנטשיידנדע ראָליע אין דער יידישער לאַנדווירטשאַפט פון ארץ־ישראל, איז שטאַרק אַראָפּ פאַר די לעצטע צען יאָר. נאָך דעם קריג האָבן די ארץ־ישראלדיקע וויין־פלאַנצערס געליטן אַ שרעקלעכן קלאַפּ צוליב דער שליסונג פונם אַמאָל לוינענדיקן און אויסזיכטס־רייכן רוסישן מאַרק, און דערצו איז צוגעקומען די אַמעריקאַנער „פּראָהיבישאָן“. אויסער דעם לאָזט זיך שטאַרק פילן די איבער־פּראָדוקציע פון וויין אין פראַנקרייך, איטאַליע און שפּאַניע, וואָס זענען בעסער איינגעפירט אויף די וויין־מערק פון דער וועלט. דאָס האָט געצוווּנגען די קאָלאָניסטן אויסהאַקן צוביסלעך אַ טייל פון זייערע וויינגערטנער, אָדער נישט צו באַנייען זיי ביים אָנקום פון אַלטקייט. דער סך־הכּל איז, אַז ביים היינטיקן טאָג באַטרעפט דער שטח פון וויין־פלאַנצונגען אין די יידישע קאָלאָניעס נישט מער ווי 15,000 דונאַם, אין פאַרגלייך מיט 27,833 דונאַם אינם יאָר 1900.

אין פיל פון די פאַרבליבענע וויינגערטנער ווערן די וויין־פּראָדוצירנדע סאָרטן אָפּט פאַרביטן מיט עס־וויינטרויבן, וואָס אייגנען זיך בעסער פאַרן דירעקטן געברויך אַלס שפּייז. להיפּך צו דער ירידה פונם וויין־מאַרק אין אויסלאַנד האָט זיך אין ארץ־ישראל זעלבסט געשאַפן אַן אַלץ ברייטערער מאַרק פאַר וויינטרויבן אַלס אַ שפּייז. דאָס האָט געבראַכט צו דער כּסדרדיקער אויסברייטערונג פונם שטח פון די וויינגערטנער, וואָס פּראָדוצירן טרויבן פאַרן עסן. אינם גאַנצן לאַנד זענען איצט מיט אַזעלכע וויינטרויבן פאַרפלאַנצט איבער 55,000 דונאַם, אין פאַרגלייך מיט 20,910 דונאַם אינם יאָר 1923.

די אָפּשאַפונג פון דער אַמעריקאַנער פּראָהיבּישאָן האָט עטוואָס דערמונטערט די ארץ־ישראלדיקע וויין־פּלאַנצערס, און לעצטנס האָט זיך דאָס אויסהאַקן פון וויינגערטענער אָפּגעשטעלט, און עס זענען אפילו צוגעפּלאַנצט געוואָרן, דערוויל אויף אַ באַשיידענעם אופן, נייע שטחים מיט ווייַנשטאָקן. ס'איז אָבער אַ ספק, צי די האָפענונגען אויף אַמעריקע וועלן זיך באַשטעטיקן אין אַ ווירקלעך גרויסן פאַרנעם. דער אימפּאָרט פון אויסלענדישן וויין קיין אַמעריקע איז זינט דער אָפּשאַפונג פון פּראָהיבּישאָן געוואָרן אַן ענין פון ספּעציעלע האַנדלס־קאָמבּינאַציעס („באַרגעין") מיט באַזונדערע לענדער. אַזוי ווי ארץ־ישראל איז אין דעם זין אין זייער אַן אומגינסטיקער לאַגע (זע געניער וועגן דעם אין קאַפּיטל וועגן „האַנדל און פינאַנצן"), איז דעריבער אַ גרויסע פראַגע, צי זי וועט קאָנען זיך ווי געהעריק באַנוצן מיט די נייע מעגלעכקייטן פונם אַמעריקאַנער מאַרק.

אַ שטאַרקע ירידה איז אויך פאָרגעקומען אין דער קולטיווירונג פון מאַנדלען, אויף וועלכע מען האָט אויך אַמאָל געלייגט באַדייטנדע האָפענונגען. אין איניקע קאָלאָניעס האָט מען די מאַנדל־פּלאַנטאַציעס סיסטעמאַטיש אויסגעהאַקט און פאַרביטן מיט מער לוינענדע ציטרוס־פּלאַנצונגען.

די טראַדיציאָנעלע פּרוכטן פון ארץ־ישראל — פייגן און אָליוועס, — האָבן קיינמאָל נישט פאַרנומען קיין באַדייטנדן פּלאַץ אין דער מאָדערנער יידישער לאַנדווירטשאַפט, כאָטש זיי ווערן גאַנץ ברייט קולטיווירט אין די אַרומיקע אַראַבּישע דערפער. דער אָליוו־בוים פאָדערט אַרום אַכט יאָר ביז דער ערשטער ערנטע, און די יידישע קאָלאָניסטן, וואָס מוזן זיך שטאַרק רעכענען מיטן פּראָצענט אויפן אַריינגעלייגטן קאַפּיטאַל, האַלטן אים פאַר נישט־לוינענד. אויסער דעם, זענען די ארץ־ישראלדיקע מינים פון פייגן און אָליוון אַ סך ערגער, איידער די פּרוכטן פון גריכנלאַנד און טערקיי, און זיי קאָנען דעריבער נישט קאָנקורירן אין אויסלענדישע מערק. די וועניקע פּרואוון צו אַקלימאַטיזירן אין ארץ־ישראל בעסערע אויסלאַנד־סאָרטן פון די דאָזיקע ביימער, — און ספּעציעל די באַרימטע סמירנאַ־פייגן, — האָבן דערוויל נישט געגעבן קיין גוטע רעזולטאַטן.

אין דעם נאָרדישן טייל פונם לאַנד, וווּ דער קילערער וועטער דער־

ליובט צו קולטיווירן די פרוכטן פון מעסיקן קלימאַט, האָט מען זיך אין די לעצטע פּאָר יאָרן גענומען אין אַ גרעסערן פאַרנעם צו פלאַנצן אַזעלכע בוימער, ווי עפּל, באַרן, פלוימען, אַבריקאָסן און פערשיקעס (פּיטשעס). מען האָפט, אַז מיט דער צייט וועט ארץ־ישראל עקספּאָרטירן אַ געוויסע כּמות פון די דאָזיקע מינים פרוכטן, בפרט אין די חדשים, ווען זיי זענען נאָך נישט פאַרטיק אין אייראָפּע. דערווייל אימפּאָרטירט מען די מערסטע פון די דאָזיקע פרוכטן. פרישע פרוכטן קומען מערסטנס פון סיריע, און קאָנסערווירטע — פון אַמעריקע.

אַ געוויסע באַדייטונג האָט לעצטנס דערגרייכט די קולטיווירונג פון באַנאַנעס, אַ פרוכט וועגן וועלכער דאָס יידישע ארץ־ישראל האָט גאָר־נישט געוווּסט מיט צוואַנציק יאָר צוריק. טויזנטער דונאַם ווערן יערלעך פאַרפלאַנצט מיט דער דאָזיקער זייער נאַרהאַפטער פרוכט, וואָס ווערט מערסטנס פאַרבראַוכט אויפן אינערלעכן מאַרק.

אין דער לעצטער צייט מאַכט מען אין ארץ־ישראל וויכטיקע פּרוּוון מיט נייע סאָרטן פרוכט, וואָס וועלן אפשר מיט דער צייט קריגן אַ גרויסע עקאָנאָמישע באַדייטונג. אין דעם גייט אַריין דער פּעקאַן־בוים, אַ סאָרט נוס־בוים, וואָס פאַרנעמט אַ גרויסן פּלאַץ אין די וואַרעמערע געגנטן פון אַמעריקע, און די אַוואָקאַדאָ, אַן אַמעריקאַנער פרוכט, וואָס הויבט לעצטנס אָן קריגן אַ מאַרק אין אייראָפּע. באַזונדערע האָפענונגען לייגן אייניקע אַגראָנאָמען אויפן פּיסטאַשקעס־בוים, וואָס שיינט צו זיין גוט צוגעפּאַסט צו די בערגיקע טיילן פונם לאַנד, וועמענס לאַנדווירטשאַפט־לעכע דעראָבערונג שטייט איצט אויפן סדר־היום פונם פאָרויס־שטרעבנדן ארץ־ישראל.

תּבואה, מילכיקס און עופות.

די תּבואה־קולטור פאַרנעמען אין דער יידישער לאַנדווירטשאַפט פון ארץ־ישראל אַ בערך באַשיידענעם פּלאַץ. ס'איז דאָרט אַלגעמיין פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז דאָס לאַנד איז צוליב קלימאַטישע און באָדן־באַדינגונגען נישט באַזונדערס צוגעפּאַסט פאַר תּבואה־פעלדער אין אַ ברייטן פאַרנעם, ספּעציעל, ווען די תּבואה פון לענדער, ווו זי קאָן פּראָדוצירט ווערן אַ סך ביליקער, ווערט פריי אימפּאָרטירט קיין ארץ־ישראל. עס זענען דאָך פאַראַן אייניקע קאָלאָניעס און נאָך אַ גרעסערע צאָל פון קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן (קבוצות), וואָס זענען מערסטנס איינגעשטעלט

אויף דער קולטיווירונג פון ווייץ, קאָרן און גערשטן. אין פיל פאַלן ווערט דאָס אָבער באַטראַכט אַלס אַ צייטווייליקער איבערגאַנגס־צושטאַנד. די קאָלאָניסטן אַליין האָפן, אַז זיי וועלן מיט דער צייט געפינען גענוג אונ־טער־ערדישן וואַסער, כּדי צו נעמען זיך אין אַ גרעסערן פאַרנעם צו פּלאַנצונגען, און פאַרקלענערן דעם שטח פון לאַנד אונטער תּבֿואה.

פיל אויסזיכטס־רייכער זעט אויס צו זיין די קולטיווירונג פון פוטער־פּלאַנצונגען פאַר בהמות און עופֿות. דאָ האָט יעדע ווירטשאַפט אַן אייגענעם זיכערן מאַרק פאַר איר פּראָדוקט, און עס לוינט זיך איר אויך צו נוצן קינסטלעכע באַוואַסערונג פאַר דעם צוועק. דער דאָזיקער צווייג פון לאַנדווירטשאַפט האַלט דעריבער אין איין פאַרשפּרייטן זיך.

ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק, איז מען אין ארץ־ישראל געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז דאָס לאַנד טויג זיך נישט אויס פאַר דער קולטיווירונג פון קאַרטאָפל אין אַ גרויסן פאַרנעם, ווייל מען קאָן נישט פאַרהיטן קאַרטאָפל פון שפּראָצן, בעת מען האַלט עס איבערן ווינטער. אָבער אויך דער פּראָבלעם איז לעצטנס געלייזט געוואָרן דורך אַ נייער סיסטעם פון אָפּלייגן קאַרטאָפל אין דורכגעלופטערטע פּאַליצעס. די קולטיווירונג פון קאַרטאָפל האָט אַ דאַנק דעם געמאַכט לעצטנס אַ גאַנץ גיכן פּראָגרעס.

## עופֿות און מילכיקס.

מילך־פּראָדוקטן, עופֿות און אייער פון יידישע ווירטשאַפטן פאַרנע־מען לעצטנס אַן אַלץ גרעסערן פּלאַץ אין דער שפּייז־פאַרזאָרגונג פון די ארץ־ישראלדיקע שטעט. די „תּנובֿה“, דער אַלגעמיינער פאַרקויפס־קאָאָפּע־ראַטיוו פון די ארץ־ישראלדיקע לאַנדווירטן, פאַרגרעסערט זיין אָפּזאַץ מיט יעדן יאָר. פאַרן יאָר 1934 האָט ער, למשל, פאַרקויפט ניין מיליאָן ליטער מילך (אַ ליטער איז עטוואָס גרעסער פון אַן אַמעריקאַנער קוואָרט), און פיר מיליאָן אייער. זינט דעם יאָר 1931 האָט ער פאַרטאָפּלט זיין פאַרקויף פון מילך און געהעכערט זיין אייער־פאַרקויף אויף 20 פּראָ־צענט. דערביי טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז פיל יידישע לאַנדווירטשאַפטן פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן אומאָפּהענגיק פון דער תּנובֿה. אויסער דעם נעמען נישט אַריין די ציפערן פון דער תּנובֿה דעם פאַרברויך פון לאַנד־ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן אין די דערפער, וווּ זיי ווערן פּראָדוצירט.

די ארץ־ישראלדיקע לאַנדווירטן, ספּעציעל אין די קבוצות, באַפרידיקן זייער מערסטן שפּייז־באַדאַרף מיט אייגענע פּראָדוקטן.

דאָס האָדעווען פון בהמות פאַר שלאַכט־הייזער פאַרנעמט נישט קיין באַדייטנדן פּלאַץ אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט. פּי־צוכט פאַר פלייש פאָדערט ביליקן באָדן און ברייטע שטחים לאַנד, ווו די בהמות זאָלן קאָנען פריי אַרומוואַנדערן אין דער זוכעניש פון פּאַשע. אויסער דעם, וואָלט אַן ארץ־ישראלדיקער פי־צוכטער געמוזט האָדעווען זיינע בהמות במשך פון עטלעכע חדשים פון יאָר, ווען עס הערשט דאָרט אַ שאַרפער מאַנגל אין נאַטירלעכער פּאַשע. דאָס אַלץ שטעלט דעם ארץ־ישראלדיקן פי־צוכטער אין אַן אומגינסטיקער לאַגע אין פאַרגלייך מיט זיינע קאָנקורענטן אין אייניקע אַנדערע לענדער.

עטוואָס בעסערע אויסזיכטן שיינען צו זיין פאַר שאָף־צוכט, ספּעציעל אין די בערגיקע געגנטן פונם לאַנד. פערזוכן זענען אויך געמאַכט געוואָרן צו פאַרבעסערן די קוואַליטעט פון דער אָרטיקער שאָף דורך קרייצן זי מיט אימפּאָרטירטע בעסערע ראַסן. גאָר אין דער לעצטער צייט האָט מען זיך אין ארץ־ישראל אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט קאַראַקולענע שעפּסן, וואָס שטאַמען פון פּערסיע. דער פעל פון דעם דאָזיקן מין שעפּסן ווערט הויך געשאַצט אין דער פוטער־וואַרן־אינדוסטריע, און זייער צוכט קאָן זיך אַרויסווייזן אַלס גאַנץ לוינענד.

**גרינס־ווירטשאַפט.**

מיט יאָרן צוריק האָבן יידישע לאַנדווירטן אין ארץ־ישראל באַטראַכט די קולטיווירונג פון גרינסן פאַר אַ צווייט־קלאַסיקער באַשעפטיקונג. איצט אָבער הויבט אָן די גרינס־ווירטשאַפט צו פאַרנעמען אַלץ אַ גרעסערן פּלאַץ אין דער איינקונפט פון די קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפטן און איינצלנע לאַנדווירטן. זי לוינט זיך באַזונדערס אין דעם עמק־הירדן, ווו די מערסטע גרינסן ווערן צוליב דעם הייסן קלימאַט רייפער מיט עטלעכע וואָכן פריער, איידער אין די אַנדערע געגנטן פונם לאַנד. דגניה און אַנדערע קבוצות אין עמק־הירדן שיקן אפילו זייערע פריערדיקע גרינס־פּראָדוקטן במשך אַ געוויסן טייל פונם יאָר קיין דמשק, דער הויפּט־שטאָט פון סיריע, וועלכע איז אַליין באַרימט מיט אירע פּראַכטפולע גרינסן און פרוכטן.

יידישע לאַנדווירטן האָבן אַריינגעפירט אין ארץ־ישראל אייניקע

נייע מינים גרינסן, וואָס זענען ביז אהער ווייניק באַקאַנט געווען אין ארץ־ישראל. דער גרעסטער פיין־שמעקער וואָלט זיך איצט נישט געקאָנט באַקלאָגן אויף דעם מאַנגל פון פרישע און פאַרשידענע גרינסן אין לאַנד, אַ קלאַגע, וואָס וואָלט געהאַט אַ געוויסע באַגרינדונג מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

יידן האָבן אויך איינגעפירט די קולטור פון ערד־בעערן*), וואָס האָט זיך ספּעציעל אַרויסגעוויזן צו זיין אַ לוינענדע ביישטאָטישע באַשעפטי־קונג. נאָך גרעסערע האָפענונגען ווערן געלייגט אויף דער קולטור פון שוועמלעך, וואָס שטעקט נאָך דערוויל אין אירע קינדער־שיכלעך.

אַ פּאָר פאַבריקן זענען לעצטנס געגרינדעט געוואָרן פאַר קאָנסער־ווירן פרוכטן און גרינס. די דאָזיקע אינדוסטריע איז נאָך אין איר אָנ־הויב, אָבער מיט דער אויסברייטערונג פונם יידישן אַגריקולטורעלן שטח, וועט זי האָבן גאַנץ גוטע אויסזיכטן פאַר דער צוקונפט.

## טעכנישע קולטורן.

איייניקע פּערזוכן זענען געמאַכט געוואָרן אַריינצופירן אין ארץ־ישראל די קולטיווירונג פון פּל־ערליי פּלאַנצן, וועמענס פרוכט, בלעטער, וואָרצלען אָדער בלומען ווערן באַנוצט פאַר דער אויסאַרבעטונג פון עטערישע אייל, פאַרפומען און פאַרמאַצעווטישע פּראָדוקטן. אין איי־ניקע פאַלן, ספּעציעל אין דער אויסאַרבעטונג פון עטערישע אייל, זענע־ יאָ דערגרייכט געוואָרן פּראַקטישע רעזולטאַטן, אָבער אין אַנדערע צווייגן פון דער דאָזיקער פיל־פאַרשפּרעכנדער לאַנדווירטשאַפט איז מען נאָך נישט אַרויס פון דער שטופע פון עקספּערימענטן. די דאָזיקע עקספּערי־מענטן האָבן באַוויזן, אַז די מערסטע פאַרפומערישע און מעדיציינישע פּלאַנצן, וואָס ווערן קולטיווירט אַרום דעם מיטל־מעער, געראָטן אין ארץ־ישראל אויף אַן אויסערגעוויינלעכן אופן. אַזאַ סאָרט ווירטשאַפט וואָלט זיך אויך גוט אַריינגעפּאַסט אין דער אַלגעמיינער טענדענץ פון דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט אַרויסקריגן דעם מעגלעך גרעסטן רעזול־טאַט פון מעגלעך קלענסטע שטחים באָדן.

ס'איז פונדעסטוועגן פאַראַן אַ מיינונג, אַז די קולטיווירונג פון אַזעלכע מינים פּלאַנצן וועט זיך קוים לוינען אין ארץ־ישראל צוליב דער־

*) סטראָבעריס, טרוסקאַווקעס.

גרויסער כּמות פון האַנט־אַרבעט, וואָס מען מוז אין זיי אַריינלייגן. ספּעציעל ביים אָראָפּנעמען די בלעטער אָדער בלומען. סקעפּטיקער האַלטן, אַז די בערכדיקע טייערקייט פון דער יידישער אַרבעט שליסט אויס דעם דערפאָלג פון אַזעלכע קולטורן, וועלכע, ביי אַלע פאָרצוגן פון באָדן און קלימאַט, וועלן דאָך מוזן קאָנקורירן מיט ענלעכע פּראָדוקטן פון פראַנקרייך, אַלזשיר, זיד־איטאַליע, ווו די פּויערים נוצן אויס פאַר דעם צוועק אין גאַר אַ ברייטער מאָס די הילפס־אַרבעט פון זייערע קינדער. כּל־זמן דער יידישער לאַנדווירט אין ארץ־ישראל, וואָס איז דערצויגן אויף מער קולטורעלע לעבנס־באַגריפן, וועט בייקומען זיין אינערלעכן ווידערשטאַנד צו באַשעפטיקן ביי אַזעלכע אַרבעטן זיינע מינדעריעריקע קינדער, — וועלן, אַלע קולטורן, וואָס פאָדערן אַ סך האַנט־אַרבעט ביי זייער ערנטע, נישט קאָנען פאַרנעמען קיין באַדייטנדן פּלאַץ אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט.

## טאַבאַק און בינען־צוכט.

נישט קוקנדיק אויף פיל פּרוּוזכן, איז דערווייל נישט געלונגען צו פאַרשאַפן פאַר טאַבאַק אַ באַדייטנדן פּלאַץ אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט. עס שיינט, אַז די קוואַליטעט פונם דערהאַלטענעם פּראָדוקט איז געווען אַ גאַנץ גוטע, אָבער ס'איז נישט אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן איינהייטלעכער סטאַנדאַרט און אַ באַשטימטע ארץ־ישראלדיקע מאַרקע, וואָס זאָל דערלויבן דעם אָרטיקן פּראָדוקט באַקאַנט ווערן אויפן וועלט־מאַרק. עס ווערט פונדעסטוועגן קולטיווירט אַ בערך באַדייטנדער שטח מיט טאַבאַק, הויפּטזעכלעך דורך אַראַבער. ער ווערט באַנוצט פאַר אָרטיקע פאַבריקן, ווו ער ווערט געמישט מיט אימפּאָרטירטע סאָרטן. אינם יאָר 1934 האָבן אין לאַנד עקזיסטירט עלף טאַבאַק־פאַבריקן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן 747 טויזנט קילאָ פון כּל־ערליי טאַבאַק־פּראָדוקטן. מיט דער קולטיווירונג פון רויען טאַבאַק האָבן זיך פאַרנומען 2776 פערזאָן, אויפן אָרט פון 1500 אין 1933. די טאַבאַק־ערנטע האָט אינם יאָר 1938 באַטראָפן בסך־הכּל 402.623 קילאָגראַם.

אַ באַדייטנדער ביי־פּראָדוקט פון דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט איז האָניק, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין אַן אַלץ גרעסערן מאָס־שטאַב, און האָט אַן אויסגעצייכנטע רעפּוטאַציע צוליב זיין אויסערגעוויינלעכן אַראָמאַט און גוטסקייט. די האָניק־קולטור איז אויך נוצלעך פון

ריין־אַגראָנאָמישן שטאַנדפּונקט: בינען צעטראָגן בעסער דעם באַפרוכ־פערנדן שטויב פון די בלומען, און זיכערן דערמיט א גרעסערע ערנטע.

לויט דער אויסרעכענונג פון פאַכלייט, איז דער איצטיקער שטח פון די יידישע פּרדסים אליין גענוג אויף אויסצואַרבעטן נישט ווייניקער פון דריי מיליאָן קילאָ האָניק יערלעך. בלויז אַן אַכטל פון דעם ווערט פּראָ־דוצירט ביים היינטיקן טאָג. כּמעט דער גאַנצער האָניק פון ארץ־ישראל ווערט פאַרבּרויכט אין לאַנד גופא, ווו מען מאַכט אגב פון אים א קאַלטן זומער־געטראַנק „צוף", וואָס איז גאַנץ באַליבט צוליב זיין טעם און אַנדערע מעלות.

פישערייי און פיש־צוכט.

דאָס כאַפּן פיש, א באַשעפטיקונג, וואָס האָט פיל געמיינזאַמעס מיט דער אַגריקולטור צוליב איר דירעקטער אויסנוצונג פון די פאַראַנענע נאַטור־רייכטימער פון א לאַנד, האָט ביז אַהער נישט געשפּילט אין ארץ־ישראל קיין באַדייטנדע ראָליע. עס שיינט, אַז דער ים נעבן ארץ־ישראל איז בערך אָרעם אין וואַסער־פלאַנצונגען, און דעריבער זענען אין אים פאַראַן ווייניקער פיש, איידער אין אייניקע אַנדערע טיילן פונם מיטל־לענדישן ים.

בעסער איז די לאַגע ביים ים כּנרת, וואָס איז היסטאָריש באַקאַנט מיט זיין רייכטום פון פיש. זיין פיש־רייכטום וואָלט געקאָנט פיל פאַרגרע־סערט ווערן, ווען מ'זאָל אויסנוצן זיינע געשלאָסענע וואַסערן אַלס א נאַטיר־לעכן פיש־צוכט־פּלאַץ אין א גרויסן פאַרנעם. דאָס פאָדערט נאַטירלעך א ספּעציעלע קאָנצעסיע און בערך באַדייטנדן קאַפּיטאַל.

נישט קוקנדיק אויף דער בערכדיקער אָרעמקייט פונם מיטללענדישן ים גלייך ביים ארץ־ישראלדיקן ברעג, איז אָבער אָן ספק דאָרט פאַראַן א ברייטערע מעגלעכקייט פון פישעריי, ווען מען אָרגאַניזירט עס אויף א מער מאָדערנעם אופן מיט מאָטאָר־שיפן, וואָס קאָנען זיך אַוועקלאָזן ווייטער אין אָפענעם ים. יידן האָבן לעצטנס אָרגאַניזירט א פּאָר קאָאָפּע־ראַטיוון פאַר אַזאַ סאָרט פישעריי, און זיי זענען אין דעם גאַנץ דער־פאָלגרייך. אויסער דעם האָט א טשעכישער ייד אויסגעגראָבן עטלעכע וואַסער־באַסיינען אין דער געגנט פון חיפה, מיטן צוועק צו האָדעווען דאָרט געוויסע סאָרטן אייראָפּעאישע פיש — ספּעציעל העכטן און קאַרפּן, — וועלכע זענען טראַדיציאָנעל באַליבט ביים יידישן עולם. אַזוי,

ווי די דאָזיקע סאָרטן פיש זענען א זעלטנהייט אין ארץ־ישראל, האָפט ער צו מאַכן פון דעם א באַדייטנדן פּראָפיט.

## אַגריקולטורעלער אימפּאָרט.

נישט קוקנדיק אויף די פיינע רעזולטאַטן, וואָס זענען דערגרייכט געוואָרן פון דער ייִדישער לאַנדווירטשאַפט אין ארץ־ישראל, האָט זי נאָך פאַר זיך א סך ברייטערע אויפגאַבן און מעגלעכקייטן. דאָס ווערט באַזונדערס באַוויזן דורך דעם באַדייטנדן כּסדר וואַקסנדן אימפּאָרט פון פאַרשידענע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. אינם יאָר 1934 האָט ארץ־ישראל אימפּאָרטירט נישט ווייניקער פון 327,194 היימישע חיות, הויפטזעכלעך פאַר שלאַכט־הייזער. אין דעם זענען געווען 16,266 בהמות, 161,216 שעפּסן און 93,067 ציגן. עס זענען אויך פאַרן זעלבן יאָר אימפּאָרטירט געוואָרן, בעיקר פאַרן פליישׂ־געברויך, 732,000 עופות. חוץ דעם האָט ארץ־ישראל אַריינגעפירט אינם לעצטן יאָר 54 מיליאָן אייער, בערך א מיליאָן פונט פוטער, און א באַדייטנדע כּמות פון ווייץ, מעל, קאַרטאָפל א. א. וו. אויב אפילו נישט אַלע פון די דאָזיקע פּראָדוקטן קאָנען קולטיווירט ווערן אין ארץ־ישראל אויף א לוינענדן אופן, איז אָבער קיין ספק נישטאָ, אַז אויך די פּראָדוקטן קאָנען צום גרויסן טייל ערזעצט ווערן דורך גלייכווערטיקע פּראָדוקטן פונם אָרטיקן באָדן.

די קוואַליטאַטיווע דערגרייכונגען פון דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט באַוויזן, אַז מיט אינטענסיווע מעטאָדן פון ווירטשאַפט און מער באַוואַסערונג קאָן ארץ־ישראל פאַרפילפאַכן איר איצטיקע שפּייזפּראָדוקציע. ס'איז נישטאָ קיין שום נאַטירלעכע אורזאַכע פאַרוואָס ארץ־ישראל זאָל נישט קאָנען אויסהאַלטן א פיל גרעסערע באַפעלקערונג אײדער זי האָט ביים היינטיקן טאָג.

## קאַפּיטל פינף



# די אינדוסטריאַליזאַציע פון ארץ־ישראל

ביים אָנהויב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל איז די גאַנצע אינדוסטריע פונם אָפּגעשטאַנענעם לאַנד באַשטאַנען פון עטלעכע זייף־פאַבריקן אין נאַבלוס (שכם) און אַ פּאָר מילן אין יפו און חיפה. עס זענען געווען אויך אַרום הונדערט אַראַבישע און יידישע ווערקשטאַטן, מערסטנס אין ירושלים און בית־לחם, ווו מען האָט פּראָדוצירט שמוק־זאַכן און געשניצטע אַרטיקלען פון פּערלמוטער און אָליווהאָלץ, וואָס זענען פאַרקויפט געוואָרן אַלס אָנדענקען פונם הייליקן לאַנד צו טוריסטן און פּילגרימען. די דאָזיקע רעליגיעז־באַאיינפלוסטע אָנדענקאַרטיקלען, טיילווייז יידישע און נאָך מער קריסטלעכע, זענען פאַרקויפט געוואָרן דורך פּעדלער פון ארץ־ישראל אין פאַרשידענע לענדער, און האָבן פאַרנומען שיר נישט דעם ערשטן פּלאַץ אינם באַשיידענעם עקספּאָרט פונם אָרעמען לאַנד.

אין איר אָנהויב האָט זיך די יידישע קאָלאָניזאַציע באַשרענקט מיט אַגריקולטור, און ערשט שפּעטער זענען צוגעקומען עטלעכע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. בדרך־כלל, איז אָבער קיין ווערטלעכע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פאַרן קריג נישט פאָרגעקומען און כמעט די גאַנצע אינדוסטריע פון ארץ־ישראל איז אַ רעזולטאַט פון די לעצטע 10—15 יאָרן.

אויך איצט איז אין ארץ־ישראל נאָך ווייט צו זיין אַן אינדוסטריעלאַנד אין פולן זין פונם וואָרט. די גרעסטע מערהייט פון איר אַלגעמיינער באַפעלקערונג איז נאָך פאַרנומען אין אַגריקולטור. דאָך האָט די אינדוסטריע אויפגעוויזן אויף פיל וויכטיקע דערגרייכונגען, וואָס דערלויבן צו לייגן אויף איר די גרעסטע האָפענונגען פאַר דער צוקונפט.

### יידישע אינדוסטריע אין ציפערן.

לויט דער לעצטער אָפיציעלער פאָלקס־ציילונג, וועלכע איז דורכ־געפירט געוואָרן אין נאָוועמבער 1931, און איז איצט שוין וויט הינטער דער שנעל לויפנדער ווירקלעכקייט, זענען אין פאַרשידענע צווייגן פון האַנטווערק און אינדוסטריע דעמאָלט באַשעפטיקט געווען 46,735 פּער־זאָן, פון וועלכע 19,649, אָדער 42 פּראָצענט, זענען געווען יידן. ווען די פאָלקס־ציילונג וואָלט דורכגעפירט געוואָרן ביים היינטיקן טאָג (זומער 1935), וואָלט זי וואַרשיינלעך אָנגעגעבן איבער 60,000 באַשעפטיקטע אין האַנטווערק און אינדוסטריע, מיט א גוטער העלפט יידן. דער פאַקט איז אַלנפאַלס, אַז אויך אין יאָר 1931, ווען דער פּראָצענט פון יידן אין לאַנד האָט אויסגעמאַכט 18, איז זייער פּראָצענט צווישן די אינדוס־טריעל־באַשעפטיקטע איינוווינער געווען א סך העכער.

לויט שפּעטערדיקע ציפערן, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן פון דער יידישער אַגענטור אין אָקטאָבער 1933, זענען אינם לאַנד געווען 3386 יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען מיט 19,510 באַשעפטיקטע און א יערלעכע פּראָדוקציע פון 5,329,000 פונט. לויט פאַרשידענע צווייגן פון אינדוסטריע זענען זיי פאַרטיילט געווען אויפן פאָלגנדן אופן:

| אינדוסטריע־צווייגן | די צאָל פון אונטערנעמונגען | אַרבעטער (און באַשעפטיקטע בעלי בתים) | יערלעכע פּראָדוקציע | אינוועסטירטער קאַפּיטאַל |
|---|---|---|---|---|
| שפּייז, געטראַנק, טאַבאַק | 290 | 2,620 | 1,045,000 | 799,000 |
| טעקסטיל־אינדוסטריע | 74 | 1,150 | 255,000 | 231,000 |
| באַקליידונגס־אינדוסטריע | 713 | 2,300 | 376,000 | 121,000 |
| מעטאַל און מאַשינען | 631 | 2,940 | 671,000 | 349,000 |
| האָלץ־באַאַרבעטונג | 451 | 2 470 | 535,000 | 205,000 |
| לעדער־אינדוסטריע | 450 | 1,310 | 261 000 | 97,000 |
| דרוקעריי און פּאַפּיר | 240 | 1,460 | 246,000 | 218 000 |
| כעמישע פּראָדוקציע | 51 | 1,110 | 470.000 | 842,000 |
| שטיין און צעמענט | 159 | 2,650 | 1,072,000 | 795.000 |
| עלעקטריציטעט | 40 | 550 | 258 000 | 1,526,000 |
| פאַרשידענע | 287 | 950 | 140,000 | 83 000 |
| בסך־הכל | 3386 | 19 510 | 5,329,000 | 5,266,000 |

דער צענזוס פון דער יידישער אַגענטור נעמט אריין בלויז ווערק־שטאַטן, וואָס נוצן זיך כאָטש־בי מיט איין געדונגענעם אַרבעטער, אָדער קאָאָפּעראַטיוון, און שליסט אויס די גאָר קליינע און פּרימיטיווע ווערקשטאַטן פון יחידים, וואָס באַנוצן זיך נישט מיט פרעמדער הילף, אין דער צייט ווען אַזעלכע ווערקשטאַטן זענען יאָ איינגעשלאָסן אינם חשבון פון דער רעגירונג. אויסער דעם נעמט אריין דער צענזוס פון דער רעגירונג אויך יידן, וואָס זענען באַשעפטיקט אין אַראַבישע אונטערנעמונגען, אָדער אין אינדוסטריעלע אַרבעטן פון דער רעגירונג (למשל, שטיין־האַקערייען, לאָקאָמאָטיוו־ווערקשטאַטן). דאָס איז די אורזאַכע פאַרוואָס דער צענזוס פון דער יידישער אַגענטור ווייזט אָן בלויז 19,510 אין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אין פאַרגלייך מיט דער רעגירונגס־ציפער פון 19,649, כאָטש די רעגירונגס־ציילונג איז אונטערגענומען געוואָרן כמעט מיט צוויי יאָר פריער, און אין די דאָזיקע צוויי יאָר האָט דאָס לאַנד דורכגעמאַכט אַ באַדייטנדע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג. ווען מען זאָל אָננעמען די אַנשטאָט באַשעפטיקטע אין יידישע אינדוס־מעדאָטע פון דער רעגירונג, און אָנשטאָט באַשעפטיקטע אין יידישע אינדוס־טריע־אונטערנעמונגען נעמען די אַלגעמיינע צאָל יידן, וואָס זענען פאַר־נומען אין אַלע מינים פון האַנטווערק און אינדוסטריע, קאָן זייער איצ־טיקע צאָל פאַרלעסלעך אָפּגעשאַצט ווערן אַרום 35,000.

דער וווקס פון דער יידישער אינדוסטריע ווערט געוויזן אין דער פאָלגנדער טאַבעלע, ווו די ציפערן פאַר 1929 און 1933 זענען באַזירט אויף אַ צענזוס פון דער יידישער אַגענטור, בעת די לעצטע ציפערן, וואָס באַציען זיך אויפן אָנהויב 1935, זענען אַן אָפּשאַצונג, וואָס איז לעצטנס געמאַכט געוואָרן פונם פאַרבאַנד פון די יידישע פאַבריקאַנטן אין ארץ־ישראל.

יידישע אינדוסטריע אין ארץ־ישראל

| | 1929 | 1933 | 1935 |
|---|---|---|---|
| צאָל פון אונטערנעמונגען | 2475 | 3386 | 4500 |
| באַשעפטיקטע און בעלי בתים | 10,968 | 19,510 | 26,000 |
| יערלעכע פּראָדוקציע | 2,510,000 | 5,329,000 | 7,200,000 |
| אינוועסטירטער קאַפּיטאַל | 5,235,000 | 5,266,000 | 7,050,000 |

כדי צו געבן אַ בעסערן באַגריף וועגן דער פיל־זייטיקייט פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג אין ארץ־ישראל, ווע‍לן מיר דאָ געבן די

קלאַסיפיקאַציע פון 160 יידישע פאַבריקן און ווערקשטאַטן, וואָס זענען לויט דער אינפאָרמאַציע פון דעם אַמעריקאַנער פּאַלעסטינע־קאָמיטעט אין תל־אביב, געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1934. אינם דאָזיקן חשבון זענען אַריינגענומען בלויז אַזעלכע אונטערנעמונגען, וואָס באַשעפטיקן מינדעסטנס פינף געדונגענע אַרבעטער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| מעטאַל פאַבריקן — | 34 | טעקסטיל־וואַרן – | 4 |
| האָלץ־באַאַרבעטונג — | 14 | לעדער און גאַרבערייען | 7 |
| שפּייז און געטראַנקען | 20 | עלעקטרישע אַרטיקלען | 4 |
| כעמישע בראַנזשע — | 14 | אויטאָמאָביל ווערקשטאַטן און גאַראַזשן | 3 |
| דרוק, פּאַפּיר וואַרן | 12 | מעדיצינישע אַרטיקלען | 3 |
| בוי־מאַטעריאַלן | 13 | טאַפּעצירונג און מאַטראַצן | 3 |
| גלאָז, קעראַמיק | 5 | פאַרבן — — | 2 |
| באַקליידונג | 4 | טאַבאַק — — — | 2 |
| | | פאַרשידענע אַרטיקלען | 16 |

כמעט אַלע נייע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין ארץ־ישראל, וואָס באַשעפטיקן אַרבעטער און האָבן מאָדערנע מאַשינען, זענען געשאַפן געוואָרן מיט יידישע אַרבעטער און דורך יידישן קאַפּיטאַל. אויב מען זאָל אַראָפּנעמען פון חשבון די גאָר קליינע און פרימיטיווע ווערקשטאַטן, וואָלט זיך זיכער אַרויסגעוויזן, אַז יידן מאַכן איצט דעם גרעסטן רוב אין דער ארץ־ישראלדיקער אינדוסטריע.

מיט ווייניקע אויסנאַמען האָבן די ארץ־ישראלדיקע אינדוסטריאַליסטן אָנגעהויבן זייערע אונטערנעמונגען אין אַ קליינעם פאַרנעם און מיט באַשרענקטן קאַפּיטאַל. אַ טייל פון זיי זענען דורכגעפאַלן. די אַנדערע האָבן אָבער איבערגעלעבט די ערשטע שוועריקייטן, און האָבן צוביסלעך אויסגעברייטערט זייער מאַרק, פאַרגרעסערט זייערע פאַבריקן און מאָדערניזירט זייער טעכנישע איינריכטונג. די יידישע אינדוסטריאַליסטן פון ארץ־ישראל האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך פעאיקייטן און שפּיצפינדיקייט אין זייער שטרעבונג אַריינצודרינגען אין די מערק פון נאָענטן אָריענט, און צופּאַסן זייער סחורה צום אָרטיקן באַדאַרף און געשמאַק. אַ געוויסע דערלייכטערונג אין דעם פּרט איז פאַר זיי געווען דער פרייער האַנדל, וואָס עקזיסטירט צווישן ארץ־ישראל און דער שכנות־יקער סיריע. דאָס שאַפט פאַקטיש פאַר דער ארץ־ישראלדיקער אינדוסטריע אַן אינערלעכן מאַרק פון פיר און אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער (אַנדערט־

האלבן מיליאָן אין ארץ־ישראל און עבר־הירדן; און דריי מיליאָן א־סיריע).

## א־נדוסטריעלער עקספּאָרט.

אין די לעצטע פּאָר יאָרן, אין פאַרבינדונג מיט דער פּסדר־וואַקסנ־דער אימיגראַציע, האָט זיך אין ארץ־ישראל זעלבסט געשאַפן זייער א דורשטיקער אינערלעכער מאַרק, וואָס שלינגט אריין כמעט די גאַנצע פּראָדוקציע פון די ארץ־ישראלדיקע פאַבריקן, — נאַטירלעך אויף וויפל זיי שטייען אויף א מינימאַלער מדרגה פון גוטסקייט און ביליקייט. די גרויסע אויפנאַמס־פעאיקייט פונם אָרטיקן מאַרק האָט אין פיל פאַלן אָפּגעטויט דעם אינטערעס פון די ארץ־ישראלדיקע פאַבריקאַנטן אין אויסערלעכן מאַרק, און דער עקספּאָרט פון די אינדוסטריעלע אַרטיקלען איז דעריבער לעצטנס געבליבן שטייען אויף איין פּלאַץ. אויסער דעם שיינט עס, אז די ארץ־ישראלדיקע אינדוסטריע - אַרטיקלען שטויסן זיך אָן אין די מערק פון די שכנותדיקע לענדער אויף אן אלץ־שאַרפערער קאָנקורענץ פון מלוכות, וואָס פּיבּסידירן זייער עקספּאָרט אָדער אַר־בעטן מיט גאָר ביליקע פּראָדוקציאָנס - קאָסטן, למשל, יאַפּאַן. עס איז קיין ספק נישטאָ, אז די ארץ־ישראלדיקע אינדוסטריע, וואָס ווערט נאָך דערצו געשטיצט אין אן אומגינסטיקער לאַגע צוליב דער אומנאָרמאַלער האַנדלס־פּאָזיציע פון ארץ־ישראל (געננויער וועגן דעם אין נעכסטן קאַ־פּיטל וועגן „האַנדל און פינאַנסן”), וועט האָבן אין דעם זין גאָר א שווערע אויפגאַבע. ס'איז פונדעסטוועגן א פאַקט, אז זי האָט דאָך דורכ־געבראָכן א פענסטער אין די שכנותדיקע לענדער, אז אירע אַרטיקלען ווערן דאָרט געליבט צוליב זייער גוטער קוואַליטעט, און זי האָט א שאַנס אויסצוברייטערן אירע דערגרייכונגען, אויב זי וועט לייגן אויף דעם א גרעסערע און מער סיסטעמאַטישע ענערגיע.

דער אינדוסטריעלער עקספּאָרט פון ארץ־ישראל האָט דערגרייכט זיין ביז אהעריקן מאַקסימום אינם יאָר 1929, ווען ער האָט באַטראָפן 457,141 פונט, און זיין מינימום (פאַר די לעצטע אכט יאָר) אין 1931, ווען ער האָט באַטראָפן 364,954 פונט. זיין דורכשניט אין די לעצטע דריי יאָר איז ארום 410,000 פונט.

דער עקאָנאָמישער וועלט־קריזיס האָט זיך אַמשמאַרקסטן אָפּגערופן אויפן עקספּאָרט פון ארץ־ישראלדיקער אָליוו־זייף, וואָס ווערט בעיקר

אויסגעאַרבעט אין אַראַבישע פאַבריקן אין נאַבלוס. דער זייף עקספּאָרט, וואָס האָט אין יאָר 1930 באַטראָפן 206 טויזנט פונט, איז געפאַלן ביז 108 טויזנט פונט אינם יאָר 1932 און ביז 72 טויזנט אינם יאָר 1934. אַן אַנדערע ארץ - ישראלדיקע סחורה, וואָס פילט אויף זיך די ווירקונג פונם וועלט־קריזיס, זענען די רעליגיעזע אָנדענק־אַרטיקלען (סוווענירן פון הייליקן לאַנד), וועמענס עקספּאָרט איז געפאַלן פון זיבעצן טויזנט פונט אינם יאָר 1929 ביז אַרום צוועלף טויזנט אינם יאָר 1933. דער עקספּאָרט פון צעמענט איז אויך שטאַרק געפאַלן, דאָס מאָל צוליב אַ גאַנץ פּשוטער סיבה. דער פאַרלאַנג פונם לאַנד נאָך צעמענט איז אַזוי גרויס און שטורמיש, אַז די איינציקע פאַבריק, וואָס האָט עס ביז אַהער אויסגעאַרבעט, „נשר'', איז פאַרוואָרפן געוואָרן מיט אָרטיקע באַשטעלונגען און האָט פּשוט נישט געקאָנט ליפערן סחורה צו אירע אויסלענדישע קונים.

ווען מען זאָל אָפּרעכענען די דריי דערמאָנטע אַרטיקלען, וועט מען איינזען, אַז דער אַנדערער אינדוסטריעלער עקספּאָרט פון ארץ־ישראל האָט גאָרנישט געליטן פונם וועלט־קריזיס, און האָט גראָד אין זיינע ערגסטע יאָרן אַרויסגעוויזן סמנים פון בסדרדיקן וווקס. דאָס איז, נאַמירלעך, אַ גוטער אָנזאָג פאַר דער צוקונפט.

די אַבסאָלוטע ציפערן פונם ארץ־ישראלדיקן אינדוסטריעלן עקספּאָרט זענען נאַטירלעך נאָך קליין, און זיי מוזן אויסקוקן באַזונדערס נישטיק, ווען מען זאָל זיי פאַרגלייכן מיט די עקספּאָרט־ציפערן פון גרויסע אינדוסטריעלע לענדער. זיי זענען אָבער בלויז אַן אָנהויב, און אינם דאָזיקן אָנהויב זענען גראָד פאַרטראָטן צענטליקער פאַרשידענע אַרטיקלען און אינדוסטריעס.

כדי צו געבן אַ באַגריף וועגן דער פאַרשידנאַרטיקייט פונם ארץ־ישראלדיקן אינדוסטריעלן עקספּאָרט, וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע ציפערן, וואָס באַציען זיך אויפן יאָר 1933. אינם דאָזיקן יאָר האָט ארץ־ישראל אַרויסגעפירט — זייף אויף 79,342 פונט, וויין און קאָניאַק — אויף 24,476 פונט, קליידער און וועש — 26,959 פונט, אָליוו־אייל — 20,786 פונט, קינסטלעכע ציין — 23,674 פונט, צעמענט — 14,063 פונט, סוווניר - אַרטיקלען — 12,570 פונט, זאָקן — 11,584 פונט. שפּייז־קוכן פאַר בהמות — 7,594, קעז — 7,111, פּרוכט־זאַפט און סיראָפּ — 6,793 פונט, שפּיגלען — 3,249 פונט, האַנט־טאַשן פון לעדער — 7,249, ביסקוויטן — 1,517 פונט, עסענצן — 3,923 פונט,

פּאַפּיר־וואַרן — 1,768 פונט, בלעך־וואַרן — 1,464 פונט. און נאָך אַ פּאָר צענדליק פאַרשידענע אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די מערסטנס יידישע פאַבריקן פונם לאַנד.

עלעקטריפיקאַציע

די גרעסטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונג אין ארץ־ישראל איז די „פּאַלעסטיין עלעקטריק קאָרפּאָריישאָן'' (חברת החשמל), מיט אַן איינוועסטירטן קאַפּיטאַל פון צוויי מיט אַ פערטל מיליאָן פונט. די דאָזיקע קאָמפּאַניע האָט די קאָנצעסיע אויף אויסצונוצן די וואַסער־קראַפט פון ארץ־ישראל, און באַזאָרגן דאָס לאַנד מיט עלעקטרישן ליכט און ענערגיע. איר קאָנצעסיע איז גילטיק פאַרן גאַנצן לאַנד, אויסער ירושלים, ווו אַן אַלטע קאָנצעסיע, וועלכע איז געגעבן געוואָרן פון דער טערקישער רעגירונג נאָך פאַרן קריג, איז איבערגעגעבן געוואָרן פון אירע גריכישע אייגנטימער צו אַ ספּעציעל־געשאַפענער ענגלישער קאָמפּאַניע.

די הויפּט־קוועלע פון עלעקטרישער ענערגיע אין ארץ־ישראל איז דער ירדן, וועלכער אויף אַ לענג פון בלויז 250 קילאָמעטער, פאַלט פון דער הויך 1500 מעטער איבערן ים צו 400 מעטער אונטער דער ים־פלאַך. אַ טייל פונם טייך, צווישן ים כנרת און בית שאן, איז שוין איינגעצוימט געוואָרן דורך אַ הידראָ־עלעקטרישער סטאַנציע (תל־אור), וועלכע ליפערט אַרום 32,000 פערד־קראַפט פון פיר טורבינען, פון וועלכע יעדע האָט אַ מאַקסימום פּראָדוקציע פון 8500 פערד־קראַפט.

מיט אַ יאָר צוועלף צוריק, ווען פנחס רוטענבערג, דער „פאָטער פון עלעקטריפיקאַציע'' אין ארץ־ישראל, האָט געשיקט זיינע פּלענער צו די פאַכמענער פון דער „אַלגעמיינער עלעקטריציטעט געזעלשאַפט'' אין בערלין, האָבן זיי באַצייכנט זיי אַלס פאַנטאַסטיש. ווו וועט מען אינם דאָזיקן אָרעמען לאַנד געפינען געברויכער אויף 30,000 פערד־קראַפט?

איצט אָבער איז דער געברויך פון עלעקטריע אינם לאַנד געשטיגן מיט אַזאַ גיכקייט, אַז די ערשטע הידראָ־עלעקטרישע סטאַנציע ביי תל־אור איז שוין צו קליין צו באַפרידיקן דעם באַדאַרף, און די קאָמפּאַניע פּלאַנט צו בויען גאָר אין גיכן צוויי נייע סטאַנציעס פון דעם מין, איינע ביי בית־שאן צו דרום פון תל־אור, און די אַנדערע אַרום משמר־הירדן, צו צפון פון ים־כנרת.

דערווייל איז די קאָמפּאַניע געצוווּנגען געווען אויפצובויען אויף גיך אַ פּאָר שטאָטישע סטאַנציעס, וואָס קריגן עלעקטרישן שטראָם פון קוילן און נאַפט, זי האָט נאָר־וואָס פאַרענדיקט אַ גרויסע קראַפט־סטאַנציע ביי חיפה, — מיט 25,000 פערד־קראַפט, — ווו די עלעקטריע וועט גענומען ווערן פון רויען נאַפט, וואָס ווערט אַהין געטריבן פון מעסאָפּאָטאַמיע דורך די נייע רערן פון דער „איראַק פּעטראָלעאום־קאָמפּאַני“.

דער ריזיקער וווּקס פון עלעקטריפיקאַציע אין ארץ־ישראל ווערט באַוויזן דורך די פאָלגנדע ציפערן, וואָס גיבן אָן (אין קילאָוואַט־שטונדן) דעם אָפּזאַץ פון עלעקטרישן שטראָם דורך דער קאָמפּאַניע, און זיין פאַרטיילונג לויט זיינע וויכטיקסטע צוועקן — באַלויכטונג (הייזער און גאַסן), באַוואַסערונג (און וואַסער־צושטעלונג), און אינדוסטריע:

**פאַרקויף פון עלעקטרישן שטראָם אין ארץ־ישראל.**

**(דורך רוטנבערגס קאָמפּאַניע, אין קילאָוואַט־שטונדן).**

| | 1931 | 1932 | 1933 | 1934 |
|---|---|---|---|---|
| באַלויכטונג | 1,559,196 | 2,220,992 | 3,067,991 | 5,298,024 |
| קראַפט | 5,062,973 | 4 969,825 | 8,039,412 | 12,456,864 |
| באַוואַסערונג | 3,075,748 | 4,399,533 | 9,029,436 | 16,630.627 |
| צוזאַמען | 8,707,917 | 11,590,350 | 20,136,839 | 34,385,515 |

צו די דאָזיקע ציפערן דאַרף מען נאָך צוגעבן די בערך אנדערט־האַלבן מיליאָן קילאָוואַט־שטונדן, וואָס ווערן פאַרקויפט פון דער קלענערער ענגלישער קאָמפּאַניע, וואָס האָט די קאָנצעסיע פאַר ירושלים, און קריגט אַרויס איר עלעקטריע פון אַן אייגענער סטאַנציע, וואָס אַרבעט מיט קוילן און נאַפט. בסך־הכל האָט ארץ־ישראל פאַרבראַוכט אינם יאָר 1934 נישט ווייניקער פון 36 מיליאָן קילאָוואַט־שטונדן, אין פאַרגלייך מיט ווייניקער פון צען מיליאָן מיט פיר יאָר צוריק!

דער גיכער וווּקס פון עלעקטרישן געברויך שפּיגלט זיך אָפּ אין בסדר־שטייגנדע פּראָפיטן. אינם יאָר 1931 האָט דער ריינער פּראָפיט פון רוטענבערגס קאָמפּאַניע, נאָכן אָפּרעכענען די פּראָצענטן אויף אירע אָבליגאַציעס, באַטראָפן 29,126 פונט; אינם נעכסטן יאָר 1932 איז ער געשטיגן ביז 47,505 פונט; אין יאָר 1933 איז ער באַריכטעט געוואָרן

אַלס 106,317 פונט, און פאַרן יאָר 1934 ווערט ער אָפיציעל אָפגעשאַצט אַלס 180,000 פונט אויף אַן אַלגעמיינע איינקונפט פון 350,000. אַזוי ווי דער מערסטער קאַפּיטאַל פון דער געזעלשאַפט באַשטייט פון אָבליגאַציעס, וועמענס פּראָצענט ווערט באַצאָלט איידער מען רעכנט אויס דעם פּראָפיט, מאַכט דאָס אויס גאָר א גרויסן רווח אויף איר אייגנטלעכן אַקציען־קאַפּיטאַל. ביי אַזאַ לאַגע איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ביים לעצטן אָנבאָט פון די אָבליגאַציעס פון דער קאָמפּאַניע איז די נאָכפראַגע אויף זיי געווען דרייסיק מאָל גרעסער, איידער די סומע, וועלכע די קאָמפּאַניע האָט באַדאַרפט האָבן.

אינטערעסאַנט זענען די הייזער, וועלכע די קאָמפּאַניע האָט אויפגעבויט פאַר אירע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער ביי תּל־אור, איר עלעקטרישער סטאַנציע אויפן ירדן. א גאַנץ און מאָדערן שטעטל איז דאָרט אויפגעבויט געוואָרן אינמיטן פון א וויסטער געגנט!

## די ים־המלח־קאָנצעסיע.

די צווייטע אין גרויס, אָבער פיליכט די ערשטע אין איר צוקונפטיקער באַדייטונג, איז די „פּאַלעסטיין־פּאָטאַש, לימיטעד", וועלכע איז אין ארץ־ישראל באַקאַנט אונטער דעם מער פּאָפּולערן נאָמען פון „חברת ים־המלח". דאָס איז די קאָמפּאַניע, וואָס האָט געקריגן די קאָנצעסיע אויף צו געווינען די מינעראַלישע רייכטימער פונם ים־המלח. איר גרינדער און אָרגאַניזאַטאָר איז משה נאָוואָמעיסקי, וועלכער איז געקומען קיין ארץ־ישראל פון סיביר, וווּ ער איז באַשעפטיקט געווען מיט בערגבוי. צווישן די אַקציאָנערן פון דער ים־המלח־געזעלשאַפט זענען דאָ אויך פיל ענגלענדער און אַראַבער, און איר פּאָרזיצער איז לאָרד ליטאָן, דער באַקאַנטער ענגלישער פּאָליטיקער, וועלכער איז מיט א פּאָר יאָר צוריק געווען אין דער שפּיץ פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וואָס איז געשיקט געוואָרן מצד דעם פעלקער־בונד קיין מאַנדזשוריע.

די מינעראַלן פון ים־המלח, הויפּטזעכלעך פּאָטאַש (קאַלי) און בראָם, ווערן אַרויסגענומען פונם וואַסער דורך איר אויסוועפּונג אויף דער זון. דאָס וואַסער ווערט געפּאָמפּעט פון דער טיפעניש פונם ים, און אַריינגעבראַכט אין ברייטע אָבער פלאַטשיקע באַסיינען, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן נעבן דעם ברעג. א דאַנק דעם הייסן קלימאַט ווערט דאָרט דאָס וואַסער גיך אויסגעוועפּט, איבערלאָזנדיק אויפן גרונט א

ווייסן פלאַסט פון „קאַרנאַליט", וואָס אנטהאַלט אין זיך די דערמאָנטע מינעראַלן. דער דאָזיקער פלאַסט ווערט אויסגעגראָבן דורך מאַשינען, און געבראַכט אין אַרומיקע פאַבריקן, ווי ער ווערט געריייניקט און צע־טיילט אין זיינע ווערטפולע באַשטאַנד־טיילן.

די ערשטע פאַבריק פון דער ים־המלח־געזעלשאַפט, אויף אַרויסצו־קריגן דעם בראָם, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1931. זי גיט איצט דריי טאָן בראָם אַ טאָג. דער ארץ־ישראלדיקער בראָם איז גינסטיק אויפ־גענומען געוואָרן אויפן אייראָפּעאישן מאַרק, און ספּעציעל אין ענגלאַנד, ווו ער מאַכט אויס 74 פּראָצענט פונם גאַנצן דאָרטיקן געברויך.

די קאַלי־פאַבריק פון דער ים־המלח־קאָמפּאַניע, וואָס האָט אָנגע־הויבן צו אַרבעטן אין אָנהויב 1932, האָט אינם זעכסטן יאָר שוין אַרויסגעגעבן 30,000 טאָן פון ריינעם פּראָדוקט. דער שטח פון די אויס־וועפּונג־באַסיינען ביים צפון־ברעג פון ים־המלח מאַכט אויס נישט ווי־ניקער פון 600 העקטאַר.

אין דער לעצטער צייט האָט די ים־המלח־געזעלשאַפט אויסגעבריייט איר טעטיקייט דורך אָרגאַניזירן אַ ברעג־בוי־לאַגער אויף דעם דרום־דיקן טייל פון ים־המלח, ווו דאָס וואַסער איז געדיכטער און דער ים איז פלאַטשיקער. מיט דער צייט וועט מען אפשר קאָנען פאַרט אָפּצוימען גאַנצע שטיקער ים אַלס נאַטירלעכע ריזיקע אויסוועפּונג־באַסיינען. דער לאַגער, וואָס איז דאָרט געשאַפן געוואָרן, געפינט זיך נעבן די חורבות פון מסדה, דער פעסטונג, ווו יידן האָבן אַמאָל געגעבן דעם לעצטן ווי־דערשטאַנד צום אָנגריף פון רוים. עטלעכע פון די אַרומיקע בערג האָבן אין זיך אַ מאַסע שטיין־זאַלץ, און איינער פון זיי ווערט באַטראַכט פון די אַראַבער, אַלס דער זאַלץ־סלופּ, אין וועלכן ס'איז אַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן לוטס ווייב... די געזעלשאַפט האָט דאָרט ביים סוף פון 1934 באַשעפטיקט 469 אַרבעטער.

אויף דער לעצטער אַקציאָנערן - פאַרזאַמלונג אין לאָנדאָן (יולי 1934), האָבן די פאַרוואַלטער פון דער ים־המלח־געזעלשאַפט זיך ביטער געקלאָגט אויפן מאַנגל פון אַרבעטער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער צו שטרענגער באַשרענקונג פון אימיגראַציע. דער אַרבעטער־מאַנגל, האָבן זיי געזאָגט, צווינגט די קאָמפּאַניע אָנגייען מיטן אויסבוי פון איר אונטערנעמונג מיט פיל לאַנגזאַמערע שריט, איידער זי וואָלט געוואָלט.

פון אַ געשפּרעך מיט נאָוואָמעיסקי, דער גרינדער און הויפּט־פאַר־וואַלטער פון דער קאָמפּאַניע, האָט דער מחבר אַרויסגעטראָגן דעם איינ־

דרום, אז די ביז־איצטיקע לייסטונגען פון דער ים־המלח־געזעלשאַפט ווערן באַטראַכט אַלס אַ באַשיידענער אָנהויב, און אַז אירע צוקונפטיקע פּלענער זענען פיל ברייטער און וויכטיקער. זי רעכנט נישט נאָר צו פאַר־גרעסערן די פּראָדוקציע פון קאַלי און בראָם, נאָר אויך שאַפן אין ארץ־ישראל עטלעכע כעמישע פאַבריקן מיטן צוועק איבערצואַרבעטן די מינעראַלן פונם ים־המלח אויפן אָרט, אויסנוצנדיק זיי אַלס גרונטלאַגע פאַר פאַרטיקע פּראָדוקטן, וואָס קאָנען דירעקט פאַרברויכט ווערן פון דער אָרטיקער לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע.

מיטן דאָזיקן ציל אין אויג, האָט די ים־המלח־געזעלשאַפט גענומען לעצטנס אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער גרינדונג פון דער „פּאַלעסטיין קעמיקאַל־אינדוסטריע, לימיטעד", אַ נייע קאָמפּאַניע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון איר בשותפות מיט „אימפּעריעל קעמיקאַלס", דעם גרויסן כעמישן טרעסט פון ענגלאַנד, און דער „איראַק פּעטראָלעאום־קאָמפּאַניע", וועלכע פאַרמאָגט די נאַפט־רערן, וואָס פירן פון מעסאָפּאָטאַמיע קיין חיפה. די דאָזיקע נייע געזעלשאַפט, וועלכע איז קאַפּיטאַליזירט דערווייל מיט 100,000 פונט, הויבט אָן צו בויען ביי חיפה אַ כעמישע פאַבריק, וועלכע וועט אויסאַרבעטן סופּער־פאָספאַט, כלאָר, שוועבל־זויער און סאָדע. די גרויסקייט און וויכטיקייט פון די אַנדערע צוויי געזעלשאַפטן, וואָס באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער גרינדונג, גיט דעם גרונט צו מיינען, אַז די נייע קאָמפּאַניע איז בלויז אַן אָנהויב, און ווען זי וועט אַרויסווייזן סמנים פון דערפאָלג, וועט זי גלייך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ריזיקע אונטערנעמונג, וואָס וועט האָבן גאָר אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די ארץ־ישראלדיקע אינדוסטריען. ספּעציעל קאָן זי וויכטיק זיין פאַר דער פאַרזאָרגונג פון דער אָרטיקער לאַנדווירטשאַפט מיט ביליקערע קינסטלעכע מיסט, וואָס זאָל זיין צום גרויסן טייל באַזירט אויף די אייגענע רעסורסן פונם לאַנד.

אַן אַנדערע נייע אונטערנעמונג פון דער ים־המלח־געזעלשאַפט איז אַ טאָכטער־געזעלשאַפט פאַר דער פּראָדוקציע פון מאַגנעזיום־צעמענט, וואָס איז לעצטנס אָנגעהויבן געוואָרן דערווייל אין אַ קליינעם פאַרנעם.

איינע פון די שוועריקייטן, וועלכע די ים־המלח־געזעלשאַפט מוז נאָך איבערקומען, איז די פראַגע וועגן טראַנספּאָרט פון אירע פּראָדוקטן צום ים. דערווייל ווערן זיי געבראַכט קיין ירושלים אין לאַסט־אויטאָמאָבילן, און גייען פון דאָרטן מיט דער באַן נאָך חיפה. די קאָנצעסיע שליסט אָבער אין זיך איין דאָס רעכט צו בויען אַן אייזנבאַן פונם ים־

המלח צום מיטל־מעער. אזא באַן וואָלט זיך געצויגן אַרויף־טייך איבערן ירדן־טאָל, און זי וואָלט צוגעקומען אין בית־שאן צו דער העדזשאַס־באַן וואָס פירט קיין חיפה. אַן אַנדער פּראָיעקט איז צו בויען אַ הענגענדע „שטריק־באַן", פון ים־המלח קיין ירושלים.

דער קאַלי און בראָם, וואָס זענען פאַראַן אין ריזיקע קוואַנטיטעטן אינם וואַסער פון ים־המלח, זענען נישט דאָס איינציקע מינעראַל־רייכטום פונם לאַנד. עס זענען פאַראַן נאָך אייניקע מינעראַלישע רייכטימער, כאָטש זיי האָבן מערסטנס נאָך נישט דערגרייכט די שטופע פון ווירקלעכער אויסנוצונג. דערצו געהערן די שוועבל־מינען ביי גאַזא, וואָס ווערן איצט אויסגעפאָרשט פון ענגליש־אַראַבישע קאָנצעסיאָנערן, און די פאָספאַט־פלאַסטן אין עבר־הירדן. נעבן דער יידישער קאָלאָניע מנחמיה זענען אויך פאַראַן באַדייטנדע פלאַסטן פון גיפּס, וואָס ווערן שוין אויסגענוצט פאַר דער אַרטיקער בוי־אינדוסטריע. ארץ־ישראל איז בכלל רייך אין בוי־מאַטעריאַלן פון כל־ערליי מינים: זי האָט אויסגעצייכנטע מינים פון שטיין, ליים פאַר ציגל, קרייד, קאַלך, צעמענט.

מען הערט אויך אין ארץ־ישראל וועגן נאַפט־קוואַלן, וואָס זאָלן זיך געפינען אין דער געגנט צווישן חברון און ים־המלח. די דאָזיקע נאַכריכטן ווערן טיילווייז באַשטעטיקט דורך דער אומצווייפלהאַפטער עקזיסטענץ פון ביטומינעזע שטיינער, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך נאַפט. ס'איז אָבער נאָך ווייט נישט קלאָר, צו די נאַפט־דעפּאָזיטן אין ארץ־ישראל זענען גענוג גרויס און רייך, כדי צו זיין אַ באַזע פאַר ווירטשאַפטלעכער אויסנוצונג.

### די אינדוסטריע פון חיפה.

צו די גרעסטע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען פון ארץ־ישראל געהערט די צעמענט־פאַבריק „נשר", וועלכע שטעלט צו דעם מערסטן צעמענט, וואָס ווערט פאַרברויכט אינם לאַנד. די פאַבריק געפינט זיך ביי חיפה, און זי אַרבעט טאָג און נאַכט, כדי צו באַפרידיקן דעם אַלץ־וואַקסנדן געברויך. זי פאַרמאָגט אַ קאַפּיטאַל פון 350,000 פונט, און איר פּראָדוקציאָנס־פעאיקייט איז לעצטנס פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 300,000 טאָן אַ יאָר. ביים סוף פון יאָר 1934 האָט די דאָזיקע פאַבריק באַשעפטיקט איבער 500 אַרבעטער.

מיט דריי יאָר צוריק האָט „נשר" נישט נאָר באַפרידיקט אַבציין

פּראָצענט פונם ארץ־ישראלדיקן באַדאַרף, נאָר זי איז אויך אימשטאַנד געווען צו עקספּאָרטירן א טייל פון איר פּראָדוקציע אין די שכנותדיקע לענדער. די נאָכפראַגע פונם לאַנד נאָך צעמענט איז אָבער לעצטנס גע־וואַקסן אין אַזאַ גיכקייט, אַז די ,,נשר״־פאַבריק, נישט קוקנדיק אויף איר לעצטן איבערבוי, איז איצט שטאַרק הינטער דעם מאַרקעט, און א סך צעמענט מוז מען אימפּאָרטירן פון אויסלאַנד. די דאָזיקע לאַגע האָט דערמוטיקט יידישע אונטערנעמער צו שאַפן א צווייטע צעמענט־פאַבריק ,,שמשון״, וועלכע וועט געבויט ווערן ביי דער סטאַנציע ארטוף (הר־טוב), אין די בערג פון יהודה. דער אָנהויב־קאַפּיטאַל פון ,,שמשון״ באַ־טרעפט 250,000 פונט.

אן אנדערע וויכטיקע אינדוסטריע ־ אונטערנעמונג איז די בוים־אייל־פאַבריק ,,שמן״ אין חיפה. זי פּראָדוצירט פאַרשידענע פלאַנצונגס־איילן, מערסטנס פון ארץ־ישראלדיקן רויען מאַטעריאַל. זי פּראָדוצירט אויך אויסגעצייכנטע זייף און פאַרשידענע אנדערע קאָסמעטישע אַרטיק־לען. לעצטנס האָט זי זיך גענומען צו דער פּראָדוקציע פון געוויסע פאַרבן, וואָס זענען באַזירט אויף אַלקאָהאָל, און פלאַקס־אייל. איינער פון אירע ביי־פּראָדוקטן זענען אויסגעפּרעסטע אייל־קוכן, אויף וועלכע ס׳איז פאַראַן אין לאַנד אן אַלץ גרעסערע נאָכפראַגע אויף צו פיטערן בהמות. איר קאַפּיטאַל באַטרעפט אַרום 200,000 פונט, און זי באַשעפטיקט ביז 250 אַרבעטער.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט באַראָן ראָטשילד געגרינדעט א קאָמ־פּאַניע, וועלכע האָט אויסגעבויט ביי חיפה א גרויסע מיל און מצה־פאַבריק. איר קאַפּיטאַל באַטרעפט 80,000 פונט, און די צאָל פון אירע אַרבעטער איז אַרום 120. אַרבעטנדיק אין אָנהויב מיט פאַרלוסט, איז זי שוין לאַנג בייגעקומען די ערשטע שוועריקייטן, און שיינט איצט צו ברענגען א געוויסן פּראָפיט.

אן אנדערע דערפאָלגרייכע אונטערנעמונג אין דער חיפער געגנט זענען די זאַלץ־ווערק אין אַטליט, אַרום 15 קילאָמעטער צום דרום פון דער שטאָט. די זאַלץ ווערט דאָרט פּראָדוצירט דורך אויסוועפּן ים־וואַסער אין ברייטע באַסיינען, און אויסרייניקן די אָפּלאַגערונגען, וואָס לייגן זיך אָפּ אויף זייער גרונט. אַטליט פּראָדוצירט אויף אַזאַ אופן 10,000 טאָן זאַלץ א יאָר.

צום צפון פון חיפה, אין דער אַלטער היסטאָרישער שטאָט עכו, גע־פינט זיך די פאַבריק פון שוועבעלעך ,,נורי״, די איינציקע פאַבריק פון

דעם מין אין ארץ־ישראל. זי איז געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1925 פון א יידישן שוועבעלעך - פאַבריקאַנט פון ליטע, מיט א קאַפּיטאַל פון 100.000 פונט. זי איז אָבער שפּעטער אריבער אין די הענט פון דער שוועדישער שוועבעלעך - קאָמפּאַניע, דעם גרויסן וועלט - טרעסט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פונם באַרימטן איוואַר קריגער. די פאַבריק, וואָס איז געבליבן אונטער דער לייטונג פון אירע פריערדיקע בעלי־בתים, באַשעפטיקט איבער הונדערט אַרבעטער, מערסטנס אַראַבער, און באַפרידיקט פּאַקטיש דעם גאַנצן באַדאַרף פונם לאַנד.

אין די לעצטע צוויי יאָר האָב זיך פיל פאַבריקן אויסגעבויט אין דער „אינדוסטריעלער זאָנע״, וואָס איז אויסגעטיילט געוואָרן פון דעם גרויסן באַזיץ פון נאַציאָנאַל־פאָנד צום צפון פון חיפה. די וויכטיקסטע פון זיי איז א גרויסע גיסעריי און מעטאַל־פאַבריק, וואָס ווערט אָנגעפירט פון א דייטשן עמיגראַנט, וועלכער האָט אַמאָל געהאַט אַן ענלעכע פאַבריק אין בערלין. צווישן די אַנדערע פאַבריקן, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרן אין דער דאָזיקע געגנט, איז פאַראַן א פאַבריק, וואָס שטעלט צוזאַמען אויטאָמאָבילן פון אימפּאָרטירטע טיילן, און פאַבריקן, וואָס פּראָדוצירן מאַראַנצן־קעסטלעך, אויוונס, עלעקטרישע באַטעריעס, קליידונג, פענסטער־גלאָז, דראָט און אַזוי ווייטער. אין דער זעלבער געגנט, עטוואָס מער צום צפון, ווערט איצט פאַרענדיקט א גרויסע באַוולפאַבריק, וועלכע וועט זיין די ערשטע פון איר מין אין ארץ־ישראל. זי געהערט צו א פאַמיליע פון טשעכיש־יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס זענען זינט דורות באַטייליקט אין דער בעהמישער טעקסטיל־אינדוסטריע.

אין דער געגנט פון חיפה געפינען זיך אויך א פּאָר טאַבאַק־פאַבריקן, א פאַבריק פון טשוועקעס, א זויער־שטאָף־לאַבאָראַטאָריע, עטלעכע מאָדערנע גיסערייען און מעבל־פאַבריקן. אויך די רעגירונג פון איר זייט האָט דאָרט אירע וויכטיקסטע באַן־ווערקשטאַטן, וואָס באַדינען דעם גאַנצן אייזנבאַן־נעץ פון ארץ־ישראל, סני און עבר־הירדן.

די „איראַק פּעטראָלעאום־קאָמפּאַניע״, וועלכע האָט די קאָנצעסיע אויף די רייכע נאַפט־קוואַלן פון מעסאָפּאָטאַמיע, און האָט דאָ נישט לאַנג פאַרענדיקט די „פּאַיפּ לאַין״, (רערן־ליניע), וואָס ציט זיך איבערן מדבר פון די נאַפט־פעלדער פון מאָסול ביזן מיטל־מעער, איז אויך א באַדייטנדער פאַקטאָר אינם אינדוסטריעלן וווקס פון חיפה. זי האָט דאָרט לעצטנס איינגעריכטעט א ראַפינעריע, ריזיקע טאַנקען און ווערקשטאַטן, און זי האַלט איצט ביים אויסבויען אַן אייגענע אָפּטיילונג אינם

חיפהער האפן, פאר די שיפן, וואס ווערן דארט אנגעלאדן מיטן נאפט, וואס פליסט קיין חיפה דורך די שטאלענע רערן.

א פיבערהאפטע בוי־טעטיקייט גייט אן אינם נישט־לאנג פארענ־דיקטן פארט, וואס נויטיקט זיך נאך אין א סך אויסבעסערונגען און לאגער־הייזער. די דאזיקע אלע אויפבוי־ארבעטן צוזאמען מיטן גרויסן הייזער־בוי געבן גענוג ארבעט פאר עטלעכע פאבריקן פון בוי־מאטער־יאלן, פאר מאדערנע שטיין־האקערייען, און מעכאנישע ווערקשטאטן.

די מערסטע ארץ־ישראלדיקע עקאנאמיסטן זענען איבערצייגט, אז חיפה, מיט איר מאדערנעם האפן און אירברייטן הינטערלאנד פון עבר־הירדן, סיריע און איראק, וועט ווערן מיט דער צייט דער וויכטיקסטער אינדוסטריע־צענטער אין נאענטן מזרח.

## די אינדוסטריע פון תל־אביב.

ווי גרויס עס זאלן נישט זיין די אויסזיכטן פון חיפה פאר דער צוקונפט, געהערט אבער ביים היינטיקן טאג דער ערשטער פלאץ אין דער ארץ־ישראלדיקער אינדוסטריע צו דער יידישער תל־אביב, ווו עס געפינען זיך די מערסטע פאבריקן און די גרעסטע צאל פון ארבעטער. די צאל פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין תל־אביב איז גע־וואקסן פאר די לעצטע יארן מיט אן אויסערגעוויינלעכער גיכקייט. אינם יאר 1919 האט די צאל פון פאבריקן און ווערקשטאטן באטראפן דארט 24, אינם יאר 1926 איז זי געווען 152, אינם יאר 1931 — איז זי גע־שטיגן ביז 294, און אין יאר 1933 איז זי דערגאנגען ביז 1511. אין אנהויב פון 1935 איז די צאל פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין תל־אביב געשאצט געווען אין 1950 מיט 14,000 באשעפטיקטע.

די אינדוסטריע פון תל־אביב באשטייט מערסטנס פון קליינע ווערק־שטאטן, מיט א פאר ארבעטער אין יעדערער. עס זענען אבער פארא: אויך עטלעכע בערך־גרויסע אונטערנעמונגען. צו זיי געהערן אין דער ערשטער ריי צוויי זייד־פאבריקן, וואס זענען איינגעריכטעט געווארן אין דער סאמע לעצטער צייט פון אונטערנעמער, וואס האבן זיך באשעפטיקט מיטן זעלבן פאך אין אויסלאנד. איינער פון זיי דעלפינער, קומט פון ווי: דער אנדערער, זאקס, פון פעטערסאן, אמעריקע. זיי ארבעטן אויס גאנץ גוטע סחורה, און באשעפטיקן דערווייל ארום 250 ארבעטער. לעצטנס אבער ליידן די דאזיקע פאבריקן זייער שטארק פון אויסלענדישער שונד־

קאָנקורענץ, באַזונדערס פון יאַפּאַן, וועלכע ווערט אַן ערנסטע סכּנה פאַרן ווייטערדיקן וווּקס פון ארץ־ישׂראלדיקער אינדוסטריע.

אַן אַנדער בייַשפּיל פון גרויס־אינדוסטריע איז די זאָקן־פאַבריק „לאָדזיאַ״, געגרינדעט פון אַ געוועזענעם טעקסטיל־פאַבריקאַנט פון פּוילן. זי באַשעפטיקט אַרום 300 אַרבעטער, און אירע זאָקן ווערן פאַרקויפט נישט נאָר אין ארץ־ישׂראל, נאָר אויך אין סיריע און איראַק.

איינע פון די עלטסטע פאַבריקן פון תּל־אָביב איז דער „סיליקאַט״, אַ גרויסע ציגל־פאַבריק, אין וועלכער ס׳איז אַריינגעלייגט אַ קאַפּיטאַל פון 150,000 פונט. זי אַרבעט טאָג און נאַכט, און באַשעפטיקט אַ דורכשניט פון 150 אַרבעטער.

גאַנץ דערפאָלגרייך זענען די שאָקאָלאַד־ און קאָנפעקטן־פאַבריקן פון תּל־אָביב, וואָס דרינגען צו ביסלעך אַריין מיט זייער סחורה אין די לענדער פון שכנותדיקן אָריענט. די גרעסטע און עלטסטע פון זיי, ליבערס, באַשעפטיקט 120 אַרבעטער. אַן אַנדער שאָקאָלאַד־פאַבריק גיט שטענדיקע אַרבעט צו 100 פּערזאָנען.

אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַרן עקאָנאָמישן לעבן פונם לאַנד האָט „עסיס״, אַ פאַבריק פאַר פרוכט־זאַפטן און מאַרמעלאַד, וועלכע אַרבעט איבער אַ טייל פון דער ארץ־ישׂראלדיקער אָראַנזש־ערנטע, וועלכע טויג נישט צוליב פאַרשידענע סיבות פאַר עקספּאָרט. עס זענען דאָ נאָך אַ פּאָר קלענערע פאַבריקן, וואָס נוצן אויס די „בּרארע״, די אָראַנזשן, וואָס טויגן נישט פאַר עקספּאָרט אויף פאַרשידענע אינדוסטריעלע צוועקן.

אין תּל־אָביב און דער שכנותדיקער יפו זענען פאַראַן צוויי באַדייטנדע טאַבאַק־פאַבריקן, — „מאַספּעראָ״ און „מאַזעס און וואַסקעוויטש״. די ערשטע איז אייגנטלעך אַ צווייג־פאַבריק פון אַ גרויסער עגיפּטישער קאָמפּאַניע. זי אַרבעט אָבער אין ארץ־ישׂראל מערסטנס מיט ייִדן, און ייִדן זענען אויך אירע וויכטיקסטע אָרטיקע געבּרויכער; זי קאָן דעריבער צוגערעכנט ווערן צו דער ייִדישער אינדוסטריע פונם לאַנד. די צווייטע פאַבריק איז אינגאַנצן ייִדיש, סיי לויט קאַפּיטאַל און סיי לויט אַרבעט. זי אַנטוויקלט זיך מיט גאָר גיכע שריט.

אַ מערקווירדיקע אונטערנעמונג איז די פאַבריק פון קינסטלעכע ציין, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך ה׳ בּלום, אַן אַמעריקאַנער ייִד פון פילאַדעלפיע. „עקאָנאָמיסטן״ האָבן אין אָנהויב חוזק געמאַכט פון זיין אונטערנעמונג, ווייל זיי האָבן נישט געזען קיין באַדייטנדן באַדאַרף פאַר זיין פּראָדוקט אין ארץ־ישׂראל. איצט באַשעפטיקט ה׳ בּלום 180 אַרבע־

טער, און זיין פאַבריק ווערט פאַררעכנט אַלס איינע פון די אָממערסטן־דערפאָלגרייכע אין ארץ־ישראל. זיינע פּראָדוקטן ווערן מערסטנס עקספּאָרטירט קיין אייראָפּע: קינסטלעכע ציין פון ארץ־ישראל האָבן גאָר אַ גוטן נאָמען ביי די דענטיסטן אין ענגלאַנד.

אַגב, ווערט איצט בלומס פאַבריק אָפט באַנוצט אַלס אַ באַווייז, אַז מען קאָן אין ארץ־ישראל דערפאָלגרייך אָרגאַניזירן אויך אַזעלכע אינדוסטריען, וואָס זענען נישט שטאַרק אָפּהענגיק פון אָרטיקן מאַרק אָדער פון אָרטיקע רויע מאַטעריאַלן. דאָס באַציט זיך באַזונדערס אויף אַזעלכע פּראָדוקטן, אין וועמענס קאָסטן אַרבעט, באַזונדערס קוואַליפיצירטע, פאַרנעמט מער פּלאַץ, איידער דער רויער מאַטעריאַל, און וועלכע זענען לויט זייער עצם געװוג טייער, כּדי די טראַנספּאָרט־קאָסטן זאָלן אין זיי נישט שפּילן קיין אַנטשיידנדע ראָליע. אויף דעם גרונט פונם דאָזיקן פּרינציפּ פּלאַנט מען איצט צו שאַפן אין ארץ־ישראל אַ גרויסע זייגער־אינדוסטריע, און איבערפירן אַהין אַ טייל פון די דימענטן־שלייפעריען פון אַמסטערדאַם און אַנטווערפּן, וואָס געפינען זיך אַגב מערסטנס אין יידישע הענט.

אַ באַדייטנדער טייל פון דער תּל־אביבער אינדוסטריע האָט זיך לעצטנס קאָנצענטרירט אין רמת־גן, אויפן וועג צו פּתח־תּקוה. רמת־גן ווערט אַלץ מער דער אינדוסטריעלער צענטער פון דער גיך־וואַקסנדער אַל־יידישע שטאָט. דאָרט זענען פאַראַן פאַבריקן פון זייד און קליידונג, פון שטעכעדיקע דראָט און מאַראַנצן־קעסטלעך, פון פרוכט־זאַפט און אַלקאָהאָל, פון שיך און לעדער, פון אייז־קאַסטנס און מעבל, א. אַז. וו., אַן אַנדער אינדוסטריעלע פאָרשטאָט אַנטוויקלט זיך איצט אין קרית־אריה, ווייטער הינטער רמת־גן, שוין באַלד ביי פּתח־תּקוה. אַהין האָבן זיך לעצטנס, צוליב ביליקערע באָדן־פּרייזן, איבערגעקליבן אייניקע אינדוסטריען פון תּל־אביב.

תּל־אביב פאַרמאָגט אויך עטלעכע באַדייטנדע דרוקעריען, ווו עס ווערן געדרוקט צוויי טעגלעכע צייטונגען, און פיל וואָכן־בלעטער, און אויך אַ בוך־פּראָדוקציע פון אַרום 400 בענדער אַ יאָר. זי פאַרמאָגט אַ קליינע אָבער אַ גיך־וואַקסנדע כעמישע אינדוסטריע, וועלכע גיט אַרויס קינסטלעכע מיסט, היינער־פוטער, דעזינפעקציע פאַר ביימער, אינסעקטן־פּולווער, ציין־פּאַסטע, הייוון, טינט, שוך־וואַקס, און איינפאַכע פאַרבן.

אַ וויכטיקער אָנהויב איז די פאַבריק פון גלאָז־כּלים (מערסטנס פּלעשער און באַנקעס), וואָס איז דאָ נישט לאַנג געגרינדעט געוואָרן ביי

ראשון־לציון, איינער פון די עלטסטע יידישע קאָלאָניעס, צוועלף קילאָמעטער פון תל־אביב. ביז אהער האָט מען אַלע גלאָז־כּלים, וואָס ווערן באַנוצט אין ארץ־ישראל געמוזט ברענגען פון אויסלאַנד, און זייער טייערקייט איז געווען אַן ערנסטע מניעה פאַר דער אַנטוויקלונג פון קאָנסערוון־פאַבריקן און ענלעכע אינדוסטריעס.

## לאַנדווירטשאַפטלעכע אינדוסטריעס.

אינם זעלבן ראשון־לציון, געפינען זיך די גרויסע וויין־קעלערס און קאָניאַק־ראַפינעריע, וואָס איז דאָרט אַמאָל, מיט פערציק יאָר צוריק, געגרינדעט געוואָרן פונם באַראָן ראָטשילד מיט אַ קאַפּיטאַל פון בערך 100,000 פונט. דער קעלער פון ראשון־לציון איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג איינע פון די גרעסטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פון לאַנד. מען זאָגט, אַז זיין פּראָדוקציאָנס־פעאיקייט פאַרנעמט דעם צווייטן פּלאַץ צווישן די גרויסע וויין־קעלערס פון דער וועלט. צוליב דער ירידה פון דער ארץ־ישראלדיקער וויין־ווירטשאַפט (זע דעם פריערדיקן קאַפּיטל וועגן אַגריקולטור) ווערט אָבער אַ גרויסער טייל פון זיין פּאָדוקציאָנס־פעאיקייט נישט אויסגענוצט, און די פירער פון דעם וויין־קאָאָפּעראַטיוו, אין וועמענס רשות ער געפינט זיך, סטאַרען זיך אויסצונוצן דעם ליידיקן פּלאַץ און איבעריקע מאַשינעריע פאַר דער אויסאַרבעטונג פון אָראַנזש־זאַפט און ענלעכע פּראָדוקטן. זיי האָבן לעצטנס פאַרדונגען אַ טייל פונם ריזיקן וויין־קעלער פאַר אַ ביר־ברויעריי. ביז איצט איז דאָס גאַנצע ביר, וואָס איז פאַרברויכט געוואָרן אין ארץ־ישראל, געקומען פון אויסלאַנד, מערסטנס פון דייטשלאַנד.

אַן אַנדערער וויין־קעלער, אין זכרון־יעקב, אויך געגרינדעט געוואָרן פון באַראָן ראָטשילד אין דער צייט פון זיין באַגייסטערונג פאַר דער צוקונפט פון דער וויין־אינדוסטריע אין ארץ־ישראל, איז פון אַ פיל־קלענערן פאַרנעם. עס זענען דאָ אויך באַדייטנדע קאָאָפּעראַטיווע וויין־קעלערס אין צוויי אַנדערע יידישע קאָלאָניעס, רחובות און גדרה.

אַ פיל־פאַרשפּרעכנדע אינדוסטריע, געבויט אויף אָרטיקער אַגריקולטור, איז די פּראָדוקציע פון עסענצן און עטערישע אייל פון בלומען און בלעטער. די וויכטיקסטע פאַבריק פון דעם מין אַרבעט אין דער קאָלאָניע בנימינה, אין שומרון. אירע פּראָדוקטן, וואָס זענען מערסטנס אַרויסגענומען פון זשאַסמין, נאַרצים און געראַניום, ווערן מערסטנס געשיקט

קיין פראַנקרייך, ווו זיי ווערן באַנוצט אין דער פאַבריקאַציע פון פאַרפיום.

## די אינדוסטריעלע אויסזיכטן פון ירושלים.

אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע גרעסערע שטעט פון ארץ־ישראל האָט ירושלים נישט פיל געוואונען פון דער לעצטער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג אינם לאַנד. די הויפּט־אורזאַך פון דעם איז איר אומגינסטיקע געאָגראַפישע פּאָזיציע, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ באַדייטנדן מרחק פונם ים און דעם מאַנגל פון מאָדערנע אַגריקולטורעלע ישובים ארום איר. באַזונדערס ליידט ירושלים פונם מאַנגל פון וואַסער, ספּעציעל אין די הייסע זומער־חדשים, און אויך די קאָסטן פון עלעקטריע זענען דאָרט העכער, ווי אין די אַנדערע שטעט. די מערסטע פאַבריקן דאַרפן אָבער האָבן אַ סך ביליקע וואַסער, און אויך ביליקן עלעקטרישן שטראָם. אויסער דעם, לאָזט זיך פילן די נויטיקייט צו טראַנספּאָרטירן די רויע מאַטעריאַלן און פאַרטיקע אַרטיקלען אויף גרעסערע שטרעקעס, איידער אין די אַנדערע שטעט. צוליב די אַלע אורזאַכן איז דער אינדוסטריעלער פּראָגרעס פון ירושלים פאַר די לעצטע יאָרן באַשרענקט געוואָרן מיט עטלעכע מאָדערנע דרוקערייען, אַ פאַרהעלטנים־מעסיק גרויסע ביסקוויט־פאַבריק, אַ באַשיידענע טאַבאַק־אינדוסטריע, אַ פּאָר טעפּיך־פאַבריקלעך, און מיט דער פּראָדוקציע פון אייניקע בוי־מאַטעריאַלן, וואָס ווערן פאַרברויכט אויפן פּלאַץ. פון די פריערדיקע אינדוסטריען פון ירושלים זענען די וויכטיקסטע — די ווערקשטאַטן, וואָס פאַרנעמען זיך מערסטנס מיט דער אויסאַרבעטונג פון שמוק־זאַכן און אָנדענק־אַרטיקלען, בעיקר פון זילבער, פערלמוטער און אָליוו־האָלץ.

די האָפענונגען אויף דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון ירושלים זענען לעצטנס שטאַרק געשטיגן אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרענדיקונג פון דער וואַסער־לייטונג, וואָס ווערט געבויט אהין פונם טייך ירקון, וועלכער קומט צום מיטל־מער ביי תל־אביב. די דאָזיקע וואַסער־לייטונג, וואָס מוז אַרויפברענגען דאָס וואַסער צו דער הויך פון 600 מעטער, — צו וואָס ס׳וועלן זיך פאָדערן עטלעכע כסדר־אַרבעטנדע פּאָמפּ־סטאַנציעס, איז נישט קיין ביליקע אונטערנעמונג. פונדעסטוועגן וועט זי לעזן די וואַסער־פראַגע פון ירושלים דורך ביליקערן פרייז און מער רייכלעכע ליפערונג. מען רעכנט, אַז די דאָזיקע וואַסער־לייטונג, וואָס

דאַרף אָנהויבן אַרבעטן ביים אָנהויב פון 1936. וועט אַרויסברענגען ירושלים פון איר איצטיקער עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענהייט.

קונסט־אינדוסטריעס

מיט עטלעכע יאָר פאַרן קריג איז געמאַכט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטער פּרוּוו אויסצוברייטערן און אויסבעסערן די קונסט־אינדוסטריען פון ארץ־ישראל און מאַכן זיי פאַר אַ קוועלע פון באַדייטנדער פּראָדוקציע און עקספּאָרט. דער דאָזיקער פּרוּוו איז געמאַכט געוואָרן דורך דעם בוי פון דער „בצלאל־שולע" אין ירושלים. איר גרינדער, דער פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר באָריס שאַץ, האָט געטרוימט וועגן שאַפן אין ארץ־ישראל אַ נייע היים־אינדוסטריע פון אַרטיקלען און סוּווענירן פון קינסטלעכן ווערט. ער האָט זיך באַזונדערס באַמיט אויפלעבן די אַלטע פיליגראַן־אינדוסטריע (זילבער - פלעכטעריי), אַנטוויקלען שטיין־שניצעריי, קופּער־גראַווירן, טעפּיך־אַרבעט, און אויסבעסערן די קוואַליטעט פון די אַליוו־האָלץ־אַרטיקלען, וואָס ווערן געמאַכט פון ירושלימער בעל־מלאכות זינט דורות. די שולן פון סתם־מאָלעריי און סקולפּטור, וואָס זענען איינגעריכטעט געוואָרן אין „בצלאל" האָבן פאַרנומען אין שאַצס ברייטע פּלענער אַ צווייטן פּלאַץ.

כאָטש די בצלאל־שולע האָט כּסדר געקעמפט קעגן פינאַנציעלע שוועריקייטן, און איז אפילו במשך פון עטלעכע יאָר געווען פאַרמאַכט צוליב דעם, האָט זי פונדעסטוועגן געהאַט אַ גאַנץ וועזנטלעכע ווירקונג אויף די מעטאָדן פון די אָרטיקע קונסט־ווערקשטאַטן, וועמענס פּראָדוקטן שפּילן אַ גאַנץ באַדייטנדע ראָליע אינם עקאָנאָמישן לעבן פון דער אַלטער שטאָט. די שולע איז אַגב מיט אַ קורצער צייט צוריק ווידער געעפנט געוואָרן, טיילווייז מיט דער שטיצע פון דער רעגירונג.

כּמעט אינגאַנצן אין אַ זייט פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל זענען געבליבן די אַלטע יידישע קהלות פון טבריה און צפת. די האָפענונגען אויף זייער קומענדיקן פּראָגרעס זענען פאַרבונדן מיט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אין גליל, וועלכע איז ביז אַהער געווען אַ סך לאַנגזאַמער, איידער אין דער מאַראַנצן־געגנט ביים מיטל־מעער."

די געאָגראַפישע פּאָזיציע פון ארץ־ישראל, אין דער שכנות פון סועץ־קאַנאַל, און אויך ביים צונויפקומען זיך פון אייראָפּע, אַזיע און

אפריקע, איז זייער גינסטיק פאַר איר אינדוסטריעלער אנטוויקלונג אין דער צוקונפט. א סך איז אָבער אָפּהענגיק פון דער טאַריף־סיסטעם אין ארץ־ישראל און פון אירע עקאָנאָמישע באַציונגען מיט די שכנותדיקע לענדער.

די דאָזיקע וויכטיקע פראַגן ווערן באַהאַנדלט אין אונזער נעקסטן קאַפּיטל.

קאפיטל זעקס



## האנדל, טראנספארט און פינאנסן

אינם אנהויב פון דער ארץ־ישראלדיקער קאלאניזאציע, האט מען געשטרעבט, אויף וויפל ס'איז מעגלעך, צו פארמיידן האנדל, די באשעפטיקונג, וואס שפילט אזא אנטשיידנדע ראליע אינם יידישן לעבן אין גלות. די דאזיקע שטעלונג האבן באזונדערס גענומען די „בילויצעס", וואס האבן געגרינדעט די ערשטע יידישע קאלאניעס אינם לאנד. זיי האבן געטרוימט וועגן א נייעם סארט יידישן ישוב, וואס זאל אינגאנצן באזירט ווערן אויף אקערבוי און פיזישער ארבעט. זיי האבן שארף פארדאמט די וויניקע צווישן זיי, וואס האבן דעמאלט זיך באזעצט אין די שטעט און זיך פארנומען מיט האנדל.

מיטן וווקס פון די יידישע אגריקולטורעלע ישובים האט די דאזיקע שטעלונג געמוזט געביטן ווערן. האנדל איז צוביסלעך אנערקענט געווארן אלס א וויכטיקער צווייג פון מענטשלעכער טעטיקייט. דער וווילשטאנד און די סאמע עקזיסטענץ פון די יונגע קאלאניעס האט זיך ארויסגעוויזן צו זיין אפהענגיק פון זייער פעאיקייט צו ארגאניזירן אויף א קאמערציעלן אופן דעם פארקויף פון זייערע פראדוקטן אין אויסלאנד.

ביים היינטיקן טאג פארנעמט האנדל א גאנץ וויכטיקן פלאץ אינם עקאנאמישן לעבן פון יידישן ארץ־ישראל. אין פארגלייך אבער מיטן גלות, איז דער פלאץ פון האנדל אינם ארץ־ישראלדיקן יידישן לעבן, א מער באשרענקטער און נארמאלער. לויט דער פאלקס־ציילונג פון נאוועמבער 1931, זענען צווישן הונדערט באשעפטיקטע יידן 13 פארנומען געווען אין האנדל. אין דייטשלאנד זענען 49 פראצענט פון די יידישע פארדינער פארנומען מיט האנדל, אין טשעכאסלאוואקיי באטרעפט דער דאזיקער פראצענט 46, אין אונגארן — 40, אין רומעניע — 37 און אין פוילן — 35. אין פארגלייך מיט די דאזיקע טיפישע גלות־לענדער פאר־

נעמט האנדל ביי די ארץ־ישראלדיקע יידן א דריי מאָל קלענערן פלאַץ. אזוי ווי דער ציוניזם איז אין גאַר א גרויסער מאָס א רעאקציע קעגן דעם איבערוווקס פון האנדל אינם גלות, מעג דער דאָזיקער פאקט באַטראכט ווערן אַלס איינע פון זיינע גרעסטע און נוצלעכסטע דערגרייכונגען.

צווישן די יידישע פרנסות אין ארץ־ישראל פארנעמט האנדל דעם דריטן פלאַץ, נאָך אינדוסטריע, וועלכע באַשעפטיקט 29 פראָצענט פון די יידישע פארדינערס, און אגריקולטור, וועלכע פארנעמט דעם צווייטן פלאַץ מיט 22 פראָצענט*). ביי די אראבער זענען די באטרעפנדע פראָצענטן — 49 פאר לאַנדווירטשאפט, 16 אינדוסטריע, און ניין פראָצענט פאר האנדל.

## דער אויסלענדישער האנדל.

ארץ־ישראלס אויסלענדישער האנדל צייכנט זיך אויס מיט אַן אוי־סערגעוויינלעכער איבערוואָג פון אימפּאָרט איבער עקספּאָרט. דאָס ווערט אילוסטרירט אין דער פאָלגנדער טאבעלע, וועלכע גיט די ציפערן וועגן דעם אויסלאַנד־האנדל פון ארץ־ישראל פאר די לעצטע זעקס יאָר אין פארגלייך מיטן יאָר 1913, דעם לעצטן יאָר פארן קריג (די ציפערן זענען

*) די אָפיציעלע סטאַטיסטיק פון ארץ־ישראל גיט אָן דעם יידישן אָנטייל אין אַגריקולטור מיט בלויז 19 פּראָצענט. די דאָזיקע ציפער קאָן אָבער נישט גענומען ווערן אַלס ענטגילטיק, ווייל די ארץ־ישראלדיקע סטאַטיסטיק האָט אַ מערקווירדיקע טבע צו באַצייכענען די נישט־גע־שולטע אַרבעטער, אַלס „נישט גענוג באַשריבענע פּראָפעסיעס"... אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע זענען אַריינגערעכנט געוואָרן ארום 12 פּראָ־צענט פון אַלע יידישע ברויט־פאַרדינערס. אָננעמענדיק, אַז ווייניקסטנס די העלפט פון זיי אַרבעטן אין אַגריקולטור, האָבן מיר מיט פולן רעכט אָנגענומען דעם פּראָצענט פון אַגריקולטוריסטן צווישן די יידישע ברויט־פאַרדינערט אינם יאָר 1931 — אַלס 25. נעמענדיק אָבער אין אָנבאַטראַכט דעם איבערוואָג פון שטאָטישע באַשעפטיקונגען צווישן די גאָר לעצטע אימיגראַנטן, וועל'ן מיר נישט זיין ווייט פון אמת, אויב מיר וועלן דעם איצטיקן (1935) פּראָצענט פון לאַנדווירטשאַפטלעכע באַשעפטיקונ־גען צווישן די ארץ־ישראלדיקע יידן אָננעמען עטוואָס קלענער — אַלס 22.

אין ארץ־ישראלדיקע פונטן, וואס זענען גלייך צום ענגלישן פונט סטער־לינג):

| | אימפארט | עקספארט |
|---|---|---|
| 1913 | 1,616,000 | 1,093 000 |
| 1929 | 7,167,000 | 1,734,000 |
| 1930 | 6,985.000 | 2,078,000 |
| 1931 | 5,940,000 | 1,823,000 |
| 1932 | 7,769,000 | 2,381,000 |
| 1933 | 11,122,000 | 2,592,000 |
| 1934 | 15,133,000 | 3,218,000 |

דער גרויסער איבערוואג פון אימפארט איבער עקספארט פאראור־זאכט א שטענדיקן ארויספיר פון געלט צו צאלן דערמיט פאר דער אימ־פארטירטער סחורה. בעיקר קומט דאס דאזיקע געלט פון אינוועסטיציעס פון יידישע אימיגראנטן, וואס זענען נישט אויסגערעכנט אויף א באלדיקער איינקונפט. ווען איינער, למשל, פלאנצט א פרדס, דארף ער גלייך האבן מאשינען אויף צו בויערן א ברונעם, און צו באארבעטן דאס לאנד. מיט זיין פלאנצן שאפט ער א פארלאנג נאך רערן פאר באוואסערונג, וואגנס פארן טראנספארט פון זיינע בוי־מאטעריאלן, האלץ פאר באראקן, ווי אויך שפייז און קליידונג פאר זיינע ארבעטער. די מערסטע פון די דא־זיקע ארטיקלען מוזן געבראכט ווערן פון אויסלאנד גלייך; אין דער זעל־בער צייט טראגט נאך נישט דער יונגער פרדס גארנישט אריין. עס וועט נעמען גאנצע זעקס יאר ביז זיין פרוכט וועט אנהויבן פיגורירן אינם עקספארט פונם לאנד, אויסגלייכנדיק דערמיט דעם אימפארט, וואס איז ארויסגערופן געווארן צוליב זיין פלאנצונג. אין א גרעסערער אדער א קלענערער מאס באציט זיך דאס אויך אויף פאבריקן, און אנדערע אונ־טערנעמונגען. אין דער צוקונפט וועלן אייניקע פון די דאזיקע אונטער־נעמונגען ווערן פיליכט א קוואל פון עקספארט. דערווייל אבער פא־דערן זיי א סך מאשינען און אנדערע מאטעריאלן פון אויסלאנד, אין דער צייט ווען זייערע פראדוקטן גייען אין דער ערשטער צייט כמעט אויס־שליסלעך אינם לאנד אליין.

די גרויס פון די יידישע אינוועסטיציעס אין ארץ־ישראל קאן גע־מאסטן ווערן לויט די ציפערן וועגן אימפארטירטן יידישן קאפיטאל. לויט דער קאנסערוואטיווער אפשאצונג פון מר. קלארק, דעם פארוואלטער פון

די פּאַלעסטינער אַפּטיילונגען פון דער ענגלישער באַרקלאַי־באַנק, האָט דער קאַפּיטאַל, וועלכן יידן האָבן אַריינגעבראַכט קיין ארץ־ישראל פאַר די צען יאָר פון ענדע 1919 ביז אָנהויב 1929 באַטראָפן נישט ווייניקער פון פערציק מיליאָן פונט. נעמענדיק אין באַטראַכט די שפּעטערדיקע ציפערן, וועלן מיר נישט זיין ווייט פונם אמת, אויב מיר וועלן אָננעמען דעם סך־הכל פון יידישן קאַפּיטאַל־אימפּאָרט זינט דעם וועלט־קריג און ביז דעם אָנהויב פון 1935, אַלס 68 מיליאָן פונט, אָדער 330 מיליאָן דאָלאַר. עס איז אַ באמת־ריזיקע סומע פאַר אַזאַ קליינעם לאַנד!

ווי געזאָגט דעקן די יידישע אינוועסטיציעס דעם גרעסטן טייל פונם ארץ־ישראלדיקן האַנדלס־דעפיציט. דער רעשט ווערט געדעקט דורך געלט־זענדונגען פון אויסלאַנד פאַר ציוניסטישע אַנשטאַלטן, פאַר מיסיאָנערישע און פילאַנטראָפּישע צוועקן, דורך איינקונפט, וואָס אַ געוויסער טייל פון אימיגראַנטן קריגן פון אויסלאַנד, דורכן געלט פון טוריסטן און „עולי־רגל" (פּילגרימען), הוצאות פון ענגלישן מיליטער, וואָס לעבט בלויז טיילווייז אויפן חשבון פון לאַנד, און אַזוי ווייטער.

אגב, איז כדאי צו באַמערקן, אַז ארץ־ישראל איז דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, וואָס האָט אינם יאָר 1932, אינם ערגסטן יאָר פונם עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס פאַרגרעסערט איר אויסלענדישן האַנדל אין פאַרגלייך מיט 1931 און אַפילו מיטן פּראָספּעריטי־יאָר פון 1929. אין פאַרגלייך מיט 1929 איז איר אימפּאָרט אינם יאָר 1932 געשטיגן אויף 53 פּראָצענט, און איר עקספּאָרט אויף אַכט פּראָצענט. און דאָס גיט נאָך נישט דאָס פולע בילד: מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז צווישן דיביידע יאָרן איז דער ווערט פון אַלע סחורות, סיי אימפּאָרטירטע, און סיי עקספּאָרטירטע געפאַלן אויף מינדעסטנס אַ דריטל. דאָס מיינט, אַז ווען מען זאָל אָפּלאָזן דעם געלט־מאַסשטאַב און רעדן פון סחורה לויט וואָג אָדער כמות, וועט דער וווקס פונם ארץ־ישראלדיקן אויסלאַנד־האַנדל אין דער צייט פונם אַרומיקן עקאָנאָמישן קריזיס אויסקוקן נאָך גרעסער, נאָך וואונדערלעכער.

פאַר די זעלבע דריי קריזיס־יאָרן צווישן 1929 און 1932, איז דער אויסלאַנד־האַנדל פון אַמעריקע געפאַלן אויף 69 פּראָצענט, פון דייטשלאַנד אויף 61 פּראָצענט, פון ענגלאַנד אויף 45 פּראָצענט, פון פראַנקרייך אויף 54 פּראָצענט און אַפילו פון יאַפּאַן אויף 35 פּראָצענט! צוויי שכנותדיקע לענדער, עגיפּטן און סיריע, האָבן פאַר די דריי קריזיס־יאָרן אָנגעווירן די גאַנצע העלפט פון זייער פריערדיקן אויסלאַנד־האַנדל!

## פון וואָס באַשטייט דער אימפּאָרט?

די אָפיציעלע קלאַסיפיקאַציע פונם ארץ־ישראלדיקן אימפּאָרט איז געגעבן אין פאָלגנדער טאַבעלע, ווו די ציפערן זענען, נאַטירלעך אין ארץ־ישראלדיקע פונטן:

| | 1931 | 1933 | 1934 |
|---|---|---|---|
| שפּייז, משקה, טאַבאַק | 1,535,129 | 2 425,817 | 2,902,093 |
| רוי־מאַטעריאַלן און נישט אויס־געאַרבעטע אַרטיקלען | 417,904 | 836 484 | 1,076,894 |
| אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען | 3,261,785 | 5 742 374 | 9,168.2 1 |
| פאַרשידענע און נישט קלאַסי־פיצירטע אַרטיקלען | 725,182 | 2,117,793 | 2,005,513 |
| צוזאַמען | 5,940,000 | 11,122,468 | 15,152,781 |

דער לעצטער קלאַס פון אימפּאָרט, „פאַרשידענע און נישט־קלאַסי־פיצירטע סחורות", נעמט אין זיך בעיקר אריין די כּל־ערליי סחורות, וואָס ווערן אריינגעפירט אָן גרענעץ־אָפּצאָלן פאַר רעגירונגס־מאַגאַזינען, מיליטערישע לאַגערן, אייזנבאַנען און פאַר דער „איראַק פּעטראָלעום־קאָמפּאַניע", וואָס האָט אויסגעדונגען אַזאַ פּריווילעגיע אין איר קאָנ־צעסיע. דער פּלוצימדיקער וווּקס פון דעם סאָרט אימפּאָרט פאַר די יאָרן 1932, און בפרט 1933, דערקלערט זיך דורך דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער לעצטער קאָמפּאַניע, וואָס האָט גראָד אין דער צייט אריינגעפירט די מערסטע מאַטעריאַלן פאַר איר גרויסער פּאַיפּ־לאַין, וואָס ציט זיך פון די נאַפט־קוואַלן פון מעסאָפּאָטאַמיע ביז צום ברעג פונם מיטל־לענדישן ים.

אייניקע אימפּאָרט־אַרטיקלען העלפן דירעקט אינעם אויפבוי פונם לאַנד און זיי ווערן דעריבער באַטראַכט פון די ארץ־ישראלדיקע עקאָנאָ־מיסטן אַלס נוצלעכער אימפּאָרט. צו זיי געהערן, צווישן אַנדערע:

| האָלץ און ברעטלעך | 1931 | 1932 | 1933 | 1934 |
|---|---|---|---|---|
| (פאַר געביידעס און אָראַנזש קעסטלעך) | 254,297 | 360,285 | 393,854 | 703,218 |
| אויטאָמאָבילן און שינעס (טייערס) | 152,626 | 222 369 | 436,970 | 645,231 |
| גאַזאָלין און קעראָסין | 256,272 | 262,823 | 292,971 | 358,256 |
| אייזערנע שטאַנגען, רערן א.אַ.וו. | 163,031 | 199,268 | 455,054 | 886,634 |

חוץ אזעלכע מאטעריאַלן, ווי מאשינען און בוי־מאטעריאַלן, נעמט אָבער אויך ארץ־ישראל אריין אַ אַלץ־גרעסערע כמות פון ארטיקלען. וואָס דינען פאַרן דירעקטן טעגלעכן געברויך פון דער באַפעלקערונג. די וויכטיקסטע פון די דאָזיקע געברויך־ארטיקלען זענען פאָלגנדע:

| | 1931 | 1932 | 1933 | 1934 |
|---|---|---|---|---|
| טעקסטיל שטאָפן | 635.419 | 710.133 | 843.864 | 1,071,664 |
| קליידער און שיך | 121,088 | 132,402 | 261 762 | 399.017 |
| ווייץ און מעל | 317,607 | 372,986 | 712,915 | 546,438 |
| בהמות (פאַר שלאַכט-הייזער) | 260,452 | 162.541 | 164,409 | 262,000 |
| רייז | 117,092 | 150,797 | 132,238 | 125,581 |
| צוקער | 105.366 | 132,710 | 141.865 | 150,805 |

## דער פאַסיווער האַנדלס־בילאַנס.

די מערסטע ארץ־ישראלדיקע עקאָנאָמיסטן באַטראַכטן דעם אַלץ־וואַקסנדן אימפּאָרט פון סחורה פאַר דירעקטן געברויך אַלס אַ בייז, וואָס דאַרף ווי ווייט מעגלעך פאַרקלענערט ווערן. ס'איז פאַראַן אַ גאַנץ גרויסער אונטערשיד צווישן דעם אימפּאָרט פון מאַשינען, ווערקצייגן און בוי־מאַטעריאַלן, און דעם אימפּאָרט פון טעקסטיל־שטאָפן, קליידער און טעגלעכע שפּייז. דער אימפּאָרט פון ערשטן מין ווערט געהאַלטן אַלס נוצלעך פאַרן אויפבוי פונם לאַנד, בעת דער געברויך פון אויסלענדישע שפּייז אָדער קליידער, וואָס טרייבט ארץ־ישראל אריין אין אַ ריזיקן האַנדלס - דעפיציט, ווערט געהאַלטן אַלס אַ געפאַר פאַר איר קומענדיקן וווקס און וווילשטאַנד. טאַקע דעריבער גייט אָן אין ארץ־ישראל אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר „תוצרת הארץ" (אָרטיקע פּראָדוקטן), וואָס איז, ענערגיש געשטיצט פון דער אָרטיקער פּרעסע, אין פיל פאַלן געווען אַ גרויסע הילף פאַר די אינדוסטריעלע פּיאָנערן פון ארץ־שראל, בפרט אין די ערשטע און שווערסטע יאָרן פון זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

יעדע שיף מיט נייע אימיגראַנטן מיינט אָבער אַ פאַרגרעסערונג אינם געברויך פון אויסלענדישע סחורות. ס'איז שווער צו פאָדערן פון אַ נייאַנגעקומענער בעל־הביתטע, מיט אירע קאָנסערוואַטיווע געברויכס־מנהגים און פאָראורטיילן, אַז זי זאָל פאַביטן די ספּעציפישע פּראָדוקטן, צו וועלכע זי איז צוגעוווינט אין איר פריערדיקער חיים, מיט ארץ־ישראל־דיקע פּראָדוקטן, און הויז־אַרטיקלען. ס'איז שווער צו איבערצייגן זי, אַז דער באַזונדערער קלימאַט פון ארץ־ישראל פאָדערט אַנדערע מינים שפּייז:

און אַנדערע שפּייז־געוווינהייטן. עס ווערט אַגב נישט געמאַכט קיין ערנסטער פּאַרזוך צופּאַסן די טאָג־טעגלעכע געוווינהייטן פון די אימיגראַנטן צו די עקאָנאָמישע באַדערפענישן פונם לאַנד. די ניי־אָנגעקומענע בעל־הבּיתטע פאַרשטייט גאָר מערסטנס נישט די אָפּיציעלע שפּראַך פונם יידישן ארץ־ישראל און לעבט אין איר אייגענער גייסטיקער וועלט. זי קאָכט אויפן זעלבן אופן ווי זי פלעגט דאָס טוען אין פּוילן אָדער דייטשלאַנד, און פאָדערט ביים שפּייז־קרעמער די זעלבע פּראָדוקטן און אַמאָל אפילו מיט די זעלבע „טרייד־מארקעס'', ווי זי פלעגט קריגן אין אויסלאַנד. איר ווונטש ווערט דערפילט. ארץ־ישראל איז א לאַנד פון פרייען האַנדל, און אין דער קלענסטער שפּייז־קראָם קאָנט איר דאָרט קריגן פיל־געבּוּויכטע סחורות פון פאַרשידענע עקן וועלט.

בדרך־כּלל גערעדט, איז דער פּאַסיווער האַנדלס־באַלאַנס פון ארץ־ישראל אין גאָר א גרויסער מאָס אַן אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון איר גיכן אויפבּוי, פון באַדייטנדן טוריסטן־פּאַרקער און פון איר ספּעציפישן כאַראַקטער אַלס דאָס הייליקע לאַנד פון דריי גרויסע רעליגיעס. פונדעסטוועגן איז די סומע פון איר האַנדלס־דעפיציט, וואָס דערגרייכט אינם יאָר 1934 די סומע פון צוועלף מיליאָן פונט, אומגלויבּלעך גרויס אין פאַרגלייך מיטן פאַרנעם פונם לאַנד.

ס'איז דעריבּער גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס דער אַלץ־וואַקסנדער האַנדלס־דעפיציט רופט אַרויס אַן ערנסטע זאָרג בּיי די מער ווייט־זיכטיקע עקאָנאָמיסטן פונם לאַנד. דער פאַקט, וואָס דער עקספּאָרט פון ארץ־ישראל האָט פאַר די לעצטע דריי יאָר באַטראָפן בלויז 24 פּראָצענט פון איר אימפּאָרט באַרעכטיקט די פאָדערונג פון אַן ערנסטן און קאָנצענטרירטן פּאַרזוך אָפּצושטעלן דעם וווּקס פונם אימפּאָרט, און אַרויפבּרענגען דעם עקספּאָרט כאָטש ביז צו אַזאַ מדרגה, אַז ער זאָל אויסמאַכן 60 פּראָצענט פונם אימפּאָרט. אייניקע אויפמערקזאַמע באָאָבּאַכטער פון דער לאַגע האַלטן דאָס פאַר דער וויכטיקסטער אויפגאַבּע פונם הייַנטיקן ארץ־ישראל. זיי האַלטן, אַז אויב דער איצטיקער האַנדלס־באַלאַנס וועט זיך נישט אויסבּעסערן, וועט דאָס פריער אָדער שפּעטער בּרענגען צו ערנסטע רעזולטאַטן.

ארץ־ישראלדיקער האַנדל און דער מאַנדאַט.

די באַמיונגען צו פאַרבּעסערן דעם האַנדלס־באַלאַנס פון ארץ־

ישראל, ווערן שטאַרק געשטערט דורך דעם ספּעציעלן צושטאַנד, אין וועלכן דאָס לאַנד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך די באַשטימונגען פונם פעלקער־בונד־מאַנדאַט וועגן ארץ־ישראל.

לויט די באַשטימונגען פונם מאַנדאַט מוז ארץ־ישראל זיין אָפן אין דער גלייכער מאָס פאַר אַלע מלוכות פון דער וועלט, לכל־הפחות פאַר די יעניקע פון זיי, וואָס געהערן צום פעלקער־בונד, אָדער האָבן וועגן דעם בּפּעציעל אָפּמאַכן (אַמעריקע). די דאָזיקע גלייכקייט האָט גאָרנישט צו טון דערמיט צי אַ געוויסע מדינה קויפט יאָ, אָדער קויפט נישט ארץ־ישראלדיקע פּראָדוקטן. ענגלאַנד, וועלכע נעמט צו די מערסטע ארץ־ישראלדיקע מאַראַנצן, האָט נישט אין איר האַנדל מיט ארץ־ישראל קיין שום פאָרצוג נישט איבער אַ לאַנד, וואָס לאָזט נישט אַריין קיין ארץ־ישראלדיקע פּראָדוקטן בכלל.

די דאָזיקע לאַגע האָט אַרויסגערופן אין ארץ־ישראל אַ גאַנץ שטאַרקע באַוועגונג פאַר דער ענדערונג פון די האַנדלס־באַשטימונגען פונם מאַנדאַט. די פירער פון דער דאָזיקער באַוועגונג גיבן צו, אַז די פאַרפאַסער פון דעם מאַנדאַט־סיסטעם האָבן בשעתם, פאַרבינדנדיק עס מיטן פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער האַנדלס־גלייכקייט, געהאַט גאַנץ גוטע כוונות. זיי גלויבן אָבער, אַז דער דאָזיקער פּרינציפּ, וואָס שטאַמט פון ווילסאָנס אידעאַליסטישע קריגס־חלומות, איז לחלוטין נישט צוגעפּאַסט פאַר אונזער נאַציאָנאַליסטיש־עגאָאיסטישער וועלט, מיט אירע הויכע טאַריפן און קוואָטעס. וואָלט טאַקע אין דער וועלט געהערשט אַן אמתע האַנדלס־פרייהייט, וואָלט ארץ־ישראל מיט איר גינסטיקער געאָגראַפישער לאַגע אַ סך געווונען פון דעם. אָבער ארץ־ישראל, אַלס אַ קליינינקער אינזל פון פרייען האַנדל, אין מיטן פון אַ וועלט, וואָס איז אָפּגעשפּאַרט פאַר איר דורך טאַריף־גראַטקעס און האַנדל־באַשרענקונגען, קאָן נאָר פאַרלירן פון אַזאַ סאָרט איינזייטיקער „פרייהייט", פרייען אימפּאָרט און דערשטיקטן עקספּאָרט.

ווען נאָר אַ מלוכה גייט אַראָפּ פון גאָלד־סטאַנדאַרט, און וואַרפט איר אַנטווערטעטע סחורה אויפן וועלט־מאַרק, איז ארץ־ישראל איינע פון די ווייניקע לענדער, וואָס קען זיך נישט ווערן קעגן דעם. זי איז שוצלאָז אפילו איינם פאַל, ווען אַ רעגירונג סובסידירט דירעקט איר עקספּאָרט קיין ארץ־ישראל.

בעת מיין לעצטן באַזוך אין ארץ־ישראל האָב איך געהערט קלאָגן פון פּי־ציבּטערס, אויף די שטאַרקע קאָנקורענץ פון לאַטווישער פּוטער, וועלכע ווערט פאַרקויפט אין ארץ־ישראל פאַר אַ פּרייז, וואָס וואָלט געווע:

א דירעקטער פארלוסט פאַרן אַרטיקן לאַנדווירט. עס שיינט, אַז די לאָט־ווישע רעגירונג סובסידירט אירע פוטער־עקספּאָרטערן אַזוי ברייטלעך, אַז זיי קענען פאַרקויפן די דאָזיקע פוטער אין יפו, נאָך אַלע טראַנספּאָרט־הוצאות און טאַריף, ביליקער ווי אין ריגע. אין דער זעלבער צייט ווערט אויך קיין ארץ־ישראל אימפּאָרטירט אויסטראַלישע פוטער, וועלכע קריגט נישט פון איר רעגירונג אַזא ברייט־האַרציקע הילף. אויסטראַליע איז טאַקע א בריטישע דאָמיניאָן, און אָבער האָבן אירע סאָלדאַטן געגומען דעם אַנט־שיידנדן אַנטייל אין דער עראָבערונג פון ארץ־ישראל. פונדעסטוועגן איז די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג צוליב די באַשטימונגען פונם מאַנדאַט נישט באַרעכטיקט צו הייבן דעם טאַריף אויף לאַטווישע פוטער, נישט טרעפנ־דיק — אין נאָך א גרעסערער מאָס — די פוטער פון אויסטראַליע. אויב דער טאַריף זאָל געהעכערט ווערן, וועט די אויסטראַלישע פוטער ווארשיינ־לעך פאַרשווינדן פון מאַרק, אין דער צייט, ווען די לאַטווישע וועט זיך נאָך ידורכשטופּן. אויב אָבער דער טאַריף זאָל נישט געהעכערט ווערן, וועלן די ארץ־ישראלדיקע מילך־ווירטשאַפטן סוף כל סוף שטאַרק גע־שעדיקט ווערן דורך אומגלייכער און סובסידירטער קאָנקורענץ. פאַר דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג איז דאָס א גאַנץ שווערע פראַגע...

דער אומגלייכער האַנדלס־צושטאַנד.

די אומגלייכקייט פונם ארץ־ישראלדיקן האַנדלס־צושטאַנד איז באַזונדערס קלאָר געוואָרן פאַר די לעצטע עטלעכע יאָרן, ווען אייניקע איראָפּעישע רעגירונגען, היטנדיק דעם ווערט פון זייער וואַקלדיקער וואַ־ליוטע, האָבן איינגעפירט גלערליי באַשרענקונגען פאַרן אַרויספירן געלט פון זייער לאַנד. די דאָזיקע אַלע לענדער אימפּאָרטירן קיין ארץ־ישראל א סך מער, איידער זיי עקספּאָרטירן פון דאָרטן. זיי קריגן פון ארץ־ישראל בערך באַדייטנדע סומעס געלט, אין דער צייט, ווען דער ווערט פון זייע־רע אייגענע איינקויפן איז א סך, א סך קלענער. פונדעסטוועגן האָט זיך נישט איינמאָל געטראָפן, אַז דאָס ביסל געלט, וואָס זיי זענען שולדיק די ארץ־ישראלדיקע עקספּאָרטערן, איז פאַרהאַלטן געוואָרן, אין דער צייט, ווען די פיל גרעסערע סומען, וואָס עס קומט זיי פאַר דער סחורה, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישראל, איז אויפגענומען געוואָרן אין פולן פאַרנעם. איז אַנטשטאַנען די פאָדערונג, אַז מען זאָל פאַרהאַלטן א קליינעם טייל פונם געלט, וואָס עס קומט די דאָזיקע לענדער פאַר זייערע

אין ארץ־ישראל פאַרקויפטע סחורה, כדי אָפּצוצאָלן די ארץ־ישראלדיקע עקספּאָרטערן פאַר זייערע מאַראַנצן. די באַטרעפנדע רעגירונגען האָבן אָבער נישט מסכים געווען צו אַזאַ מין פּראָצעדור (וועלכע איז, אגב, אַנ־גענומען אין אייניקע לענדער), און די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג האָט אויפן גרונט פונם מאַנדאַט געמוזט זיי געבן רעכט. דער פּועל־יוצא איז, אַז פיל איראָפּעישע לענדער באַקומען פון ארץ־ישראל בערך באַדייטנדע סומען פון וואַליוטע, אין דער צייט, ווען זיי אַליין שליסן זייערע טויערן פאַר ארץ־ישראלדיקע פּראָדוקטן, וועלכע זיי באַטראַכטן אַלס „לוקסוס״:

אָט זענען די ציפערן, וואָס גיבן אַ באַגריף וועגן די האַנדלס־באַצי־אונגען פון ארץ־ישראל מיט אייניקע פון די לענדער, וואָס האָבן איינגע־פירט פלעראַליי וואַליוטע־באַשרענקונגען:

אימפּאָרט און עקספּאָרט קיין און פון ארץ־ישראל.

| | אימפּאָרט קיין א״י | | עקספּאָרט פון א״י | |
|---|---|---|---|---|
| | 1932 | 1934 | 1932 | 1934 |
| דייטשלאַנד | 775,074 | 1 658.706 | 332.273 | 600.669 |
| רומעניע | 538,619 | 951,343 | 54,069 | 60,485 |
| בולגאַריע | 95.020 | 148,818 | 8.740 | 4,063 |
| עסטרייך | 94,123 | 348 157 | 6.455 | 6,332 |
| אונגאַרן | 29,034 | 115 410 | 503 | 920 |

אַן ענלעך בילד שטעלט מיט זיך פאָר דער ארץ־ישראלדיקער האַנדל מיט פּוילן. קיין באַשרענקונגען פאַרן אַרויספיר פון וואַליוטע זענען דאָרט נישט איינגעפירט געוואָרן, אָבער דער עקספּאָרט פון ארץ־ישראל ווערט דאָך געשטערט דורך הויכע טאַריפן און קוואָטעס. דער אימפּאָרט קיין ארץ־ישראל פון פּוילן איז פאַר די לעצטע צוויי יאָר (פון 1932 ביז 1934) געשטיגן פון 101,355 ביז 475,375 פּאַלעסטינער פונטן, אין דער צייט, ווען דער עקספּאָרט פון ארץ־ישראל איז בסך־הכל געשטיגן פון 16,499 ביז 31,990 פונט. מיט אַנדערע ווערטער: פּוילן געבּרויכט ארץ־ישראלדי־קע סחורה אויף אַ סומע, וועלכע איז 15 מאָל ווייניקער, איידער די סו־מע, וואָס עס מאַכן אויס די פּוילישע סחורות, וואָס ווערן פאַרקויפט אין ארץ־ישראל.

„פאַרוואָס זאָל רומעניע, — האָט מיך אַמאָל געפרעגט אַן ארץ־ישראלדיקער סוחר, — מעגן אַרויפלייגן אַן עמבאַרגאָ אויף אונזערע מאַ־ראַנצן און פאַרהאַלטן דאָס ביסל געלט, וואָס עס קומט אונז פאַרן קליי־

נעם עקספּאָרט אַהין, אין דער צייט, ווען זי שיקט אונז אַהער פופצן מאָל מער פון אירע אייגענע פּראָדוקטן און קריגט פאַר זיי באַצאָלט אין מזומנער וואַליוטע? איז אונז באמת באַשערט צו זיין דער „דאָמפּינג"־פּלאַץ פאַר דער גאַנצער וועלט?"

ביי אַזעלכע אומשטענדן איז גאָר קיין ווונדער נישט, וואָס איניקע עקאָנאָמישע פירער אין ארץ־ישראל טראַכטן גאַנץ ערנסט וועגן אַן ענדערונג אינם יוריסטישן סטאַטוס פונם לאַנד. זיי וואָלטן בעסער געוואָלט פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין ענגלאַנדס אַ קאָלאָניע, אָדער איר „זיבעטע דאָמיניאָן", איידער בלייבן אונטער דער פאָרמעלער השגחה פון פעלקער־בונד. אַלס אַ בריטישע דאָמיניאָן וואָלט ארץ־ישראל באַרעכטיקט געווען צו פאָרצוג פאַר איר ציטרוס - עקספּאָרט קיין ענגלאַנד. זי וואָלט געקאָנט שליסן האַנדלס - אָפּמאַכן מיט יעדן לאַנד באַזונדער, און אין אַזעלכע אָפּמאַכן וואָלט זי גראָד געהאַט אַ שטאַרקן וואָפן אין דער האַנט: זי וואָלט געקאָנט אויסנוצן די נאַטירלעכע איבערוואָג פון איר אימפּאָרט, כדי צו קריגן פון אַנדערע לענדער באַדייטנדע הנחות פאַר די לאַנדווירטשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע פּראָדוקטן פון ארץ־ישראל. די אויפנאַמסבאַזירט געוועזן אויף אַ געזונטערן און מער זיכערן יסוד.

## רעפאָרם פון מאַנדאַט.

איניקע ציוניסטישע פירער זענען אָבער ביי דער מיינונג, אַז מען וועט קאָנען מיט דער צייט פאַרבעסערן די איצטיקע אומנאָרמאַלע האַנדעלס־לאַגע פון ארץ־ישראל, נישט ענדערנדיק דערביי דעם ספּעציפישן פּרצוף פון ארץ־ישראל אַלס מאַנדאַט־לאַנד. זיי גלויבן, אַז זיי וועלן מיט דער צייט איבערצייגן צוביסלעך די אייראָפּעישע מלוכות, וואָס קאָנטראָלירן דעם פעלקער־בונד, אַז ארץ־ישראל מוז קריגן דיזעלבע האַנדלס־רעכט, ווי אַנדערע לענדער פון דער וועלט. מען וועט קאָנען, האָפן זיי, אַמאָל פועלן ביי די מיטגלידער פון פעלקער־בונד, אַז זיי זאָלן יעדער איינציקווייז מותר זיין אויף זייערע ספּעציעלע האַנדלס - פּריווילעגיעס אויף אַבסאָלוט בעסטע באַהאַנדלונג אין ארץ־ישראל, נישט ענדערנדיק דערביי קיין איין וואָרט אינם אָפיציעלן טעקסט פונם מאַנדאַט. די דאָזיקע האָפענונג ווערט אָפּגעשפּיגלט אין די לעצטע צוויי ראַפּאָרטן פון דער יידישער אַגענץ קיין זשענעווע. די דאָזיקע באַריכטן

באַקלאָגן זיך, אַז ארץ־ישראל איז נישט געגוג זעלבסטשטענדיק, כּדי צו שליסן האַנדלס - אָפּמאַכן מיט אַנדערע לענדער אויפן יסוד פון קעגנזייטיקייט, און איז אין דער זעלבער צייט נישט גענוג ענגליש, כּדי צו קריגן פּאַרצוגס־רעכט פאַר אירע פּראָדוקטן אין ענגלאַנד...

מיר פערזענלעך שיינט עס, אַז ווי שווער ס'זאָל נישט זיין דורכצופירן אַן ענדערונג אינם נוסח פונם מאַנדאַט, וואָלט זי דאָך געוועזן ווייניקער אוטאָפּיש, איידער פּועלן אין דער היינטיקער עגאָאיסטישער צייט, אַז אַ מלוכה זאָל זיך פרייוויליק אָפּזאָגן פון געוויסע רעכט אין ארץ־ישראל אָדער אַן אַנדער לאַנד, — בפרט ווען עס זאָל זיך געפינען כאָטש איין מלוכה, וואָס זאָל נישט זיין וויליק אָפּצוגעבן אַזאַ סאָרט פרייוויליקע דעקלאַראַציע.

אין אייניקע ציוניסטישע קרייזן זאָגט מען, אַז די גרעסטע שוועריקייט פאַר דער ענדערונג פונם איצטיקן האַנדלס - סטאַטוט פון ארץ־ישראל וואָלט געקומען פון אַמעריקע. כאָטש אַמעריקע איז נישט קיין מיטגליד פון פעלקער־בונד און האָט נישט קיין דירעקטע שטימע אין דער ענדערונג פונם מאַנדאַט, וואָלט אָבער אַזאַ ענדערונג אַנגערירט דעם ספּעציעלן אָפּמאַך וועגן ארץ־ישראל, וועלכן זי האָט אין יאָר 1921 געשלאָסן מיט ענגלאַנד. לויטן דאָזיקן אָפּמאַך האָט אַמעריקע געקריגן אַבסאָלוטע רעכט פון „אַן אַממערסטן באַגינסטיקטער נאַציע” אין איר האַנדל מיט ארץ־ישראל.

ס'איז אָבער פאַראַן אַ מיינונג, אַז דער אַמעריקאַנער ווידערשטאַנד וואָלט איצט געוועזן שוואַכער, איידער מיט יאָרן צוריק. פונם פּרינציפּ פון אַן אַבסאָלוט באַפאָרצוגטער נאַציע איז אַמעריקע סיי ווי אָפּגעטרעטן דורך דעם סיסטעם פון „האַנדלס - באַרגעינס” (ספּעציעלע אָפּמאַכן), וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון דער איצטיקער רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע. וואָס איז נוגע דעם רעאַלן אינטערעס פון אַמעריקע אינם ארץ־ישראלדיקן האַנדל — איז ער נאָך בערך קליין, און מען וואָלט פיליכט געקאָנט אים באַוואָרענען אויף אַן אַנדער אופן, דורך פרייוויליקער קאָאָפּעראַציע מיטן ארץ־ישראלדיקן ידישן ישוב...

אינם יאָר 1934 האָט דער אַמעריקאַנער אימפּאָרט קיין ארץ־ישראל באַטראָפן 1,283,434 פונט, אין פאַרגלייך מיט בלויז 30,667 פונט פון ארץ־ישראלדיקן עקספּאָרט קיין אַמעריקע. אינם אַלגעמיינעם עקספּאָרט פון אַמעריקע פיגורירט ארץ־ישראל בלויז מיט 1 פּראָצענט.

## האָפענונגען אויף בעסערונג

נישט קוקנדיק אויפן גרויסן און אַלץ וואַקסנדן האַנדלס - דעפיציט, זענען אייניקע באַאָבאַכטער פון דער ארץ־ישראלדיקער עקאָנאָמישער לאַגע סימנים פון אויסבעסערונג. זיי ליגן באַזונדערס גרויסע האָפענונגען אויפן אַלץ וואַקסנדיקן עקספּאָרט פון ציטרוס־פרוכט, וואָס איז דער הויפּט - עקספּאָרט - אַרטיקל פונם לאַנד. דער וווּקס פונם דאָזיקן עקספּאָרט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, איז געגעבן אין דער פאָלגנדיקער טאַבעלע:

ארץ־ישראלדיקער ציטרוס־עקספּאָרט.

| סעזאָן | מאַראַנצן (קעסטלעך) | גרעיפּ־פרוכט (קעסטלעך) |
| --- | --- | --- |
| 1931—1930 | 2,616,451 | 80,507 |
| 1932—1931 | 3,524,000 | 149,801 |
| 1933—1932 | 4,225,281 | 261,774 |
| 1934—1933 | 5,049,327 | 350,500 |
| 1935—1934 | 6,620,284 | 660,000 |

די פּסדרדיקע אויסברייטערונג פונם שטח, וואָס איז פאַרפלאַנצט מיט פּרדסים, באַרעכטיקט די דערוואַרטונג אויף אַ נאָך גרעסערן עקספּאָרט פון ציטרוס - פרוכטן אין דער נאָענטער צוקונפט. ווען די אָראַנזש־פּלאַנטאַציעס, וואָס זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן פאַר די לעצטע 5 יאָר, וועלן אָנהויבן געבן פרוכט, וועט דער ציטרוס - עקספּאָרט פון ארץ־ישראל דערגרייכן ביז פופצן מיליאָן קעסטלעך, — אפילו ווען אין די נעכסטע פאַר יאָר זאָל מען נישט צופלאַנצן קיין נייע פּרדסים. דאָס מיינט אַ באַדייטנדן צוגאָב צום איצטיקן ווערט פונם ארץ־ישראלדיקן עקספּאָרט.

אייניקע ארץ־ישראלדיקע שרייבער זענען לעצטנס שטאַרק מסופּק וועגן דער פעאיקייט פונם אייראָפּעישן מאַרק אויפצונעמען אַ פיל גרעסערע ציטרוס ערנטע, איידער איצט, און זיי וואָרענען דעריבער קעגן דער ווייטערדיקער אויסברייטערונג פונם איצטיקן שטח פון פּרדסים אין ארץ־ישראל. אייניקע פון זיי דערוואַרטן אפילו ערנסטע שוועריקייטן אינם פאַרקויף פון דער ערנטע פון די שוין עקזיסטירנדע פּרדסים, ווען די נישט לאַנג געפלאַנצטע פּרדסים וועלן אָנהויבן געבן זייער פולע ערנטע.

דער דאָזיקער פּעסימיסטישער אויסקוק ווערט שטאַרק באַקעמפט מצד אַנדערע עקאָנאָמיסטן, וועלכע ווייזן אויף דעם אַלץ וואַקסנדן גע־ברויך פון ציטרוס - פּרוכט איבער גאָר דער גאַנצער וועלט, אַלס אַ שטאַרקע באַזע פאַר דער ארץ־ישראלדיקער אָראַנזש - אינדוסטריע. זיי האַלטן, אַז די וועלט האָט ערשט איצט אָנגעהויבן פאַרשטיין די באַדײַ־טונג פון וויטאַמינען אין דער מענטשלעכער נאַרונג, און די עפּאָכע פון ציטרוס - פּרוכט הויבט זיך ערשט אָן. זיי גלויבן, אַז ציטרוס - פּרוכטן האַלטן איצט אין דעראָבערן די וועלט אויפן זעלבן ברייטן שטייגער, ווי קאַרטאָפל האָט דאָס געטאָן מיט דריי הונדערט יאָר צוריק.

דער דאָזיקער אָפּטימיסטישער שטאַנדפּונקט ווערט געוויינלעך גע־שטיצט דורך סטאַטיסטיק, וואָס באַווייזט אויפן גיכן וווּקס פון אָראַנזש־געברויך אין די וויכטיקסטע לענדער פון דער וועלט. אינם יאָר 1920 האָט ענגלאַנד, למשל, פאַרברויכט אַרום זיבן מיליאָן קעסטלעך מאַראַנצן. וואַקסנדיק בסדר, איז דער דאָזיקער אימפּאָרט דערגאַנגען ביז 17 מיליאָן קעסטלעך אינם יאָר 1931 — אין סאַמע מיטן פונם עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס, און ער באַטרעפט איצט אַרום צוואַנציק מיליאָן קעסטלעך! אין די יאָרן 1919—1920 האָט אַמעריקע געברויכט 42 מאַראַנצן אויף יעדן איינוווינער. איצט איז דער דאָזיקער דורכשניטלעכער געברויך פּונקט צוויי מאָל אַזוי הויך. דער געברויך פון מאַראַנצן אין די צענטראַל־אײַ־ראָפּעישע לענדער — האָלאַנד, דײַטשלאַנד, סקאַנדינאַוויע און פראַנק־רײַך — האָט זיך מער ווי פאַרדאָפּלט פאַר די לעצטע צען יאָר, כאָטש דער דורכשניטלעכער פאַרלאַנג נאָך ציטרוס - פּרוכטן איז אין די דאָזיקע לענדער נאָך אַ סך נידריקער, איידער אין ענגלאַנד און אַמעריקע.

גלויבן דעריבער די ציטרוס - אָפּטימיסטן פון ארץ־ישראל, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום וועט דער ציטרוס - געברויך פון די מערסטע אייראָ־פּעישע לענדער דערגרייכן דעם ענגלישן סטאַנדאַרט, און אין דער זעלבער צײַט וועט ענגלאַנד פון איר זײַט פאַרגרעסערן איר איצטיקן געברויך פון דער „גאָלדענער פּרוכט". ביי אַזאַ גיכן וווּקס פונם ציטרוס - געברויך, שײַנט די צוקונפט פון די ארץ־ישראלדיקע פּרדסים צו זײַן געזיכערט. צום אונטערשיד פון קאַרטאָפל, וואָס איז אײַנגעפירט געוואָרן מיט דו־רות צוריק פון אַמעריקע, קאָן מען נישט פלאַנצן מאַראַנצן אין יעדן קלימאַט. מיט אויסנאַמען פון אירע זידלעכסטע שפּיצן — שפּאַניע, אי־טאַליע און גריכנלאַנד — וועט אייראָפּע שטענדיק מוזן אָנקומען צו אימפּאָרטירטער ציטרוס - פּרוכט. אינם דאָזיקן אימפּאָרט וועט ארץ־

ישראל, א דאנק דער זעלטענער קוואליטעט פון אירע מאראנצן און גרעיפ - פרוכט, האבן שטענדיק א געוויסן פארצוג איבער אנדערע לענדער.

די דאזיקע אויסערגעוויינלעכע זענען נאטירלעך באזירט אויף דער דערוואַרטונג פון א נארמאלער עקאנאמישער אנטוויקלונג אין אייראפע. אויב אבער די אייראפעישע לענדער וועלן ווייטער פירן און נאך פארשארפן זייער איצטיקע פאליטיק פון האנדלס - קוואטעס און שטרענגע אימפארט - באגרענעצונגען, וועלן די ציטרוס - פלאנצונגען פון ארץ-ישראל, אלס א לאנד מיט אומגלייכע האנדלס - רעכט, שטארק ליידן פון דעם.

אינדוסטריע און אויסלאנד-האנדל.

אן אנדער גרונט פאר עקאנאמישן אפטימיזם איז די פסדרדיקע פארשטארקונג פון דער ארטיקער אינדוסטריע און די אלץ - גרעסערע פילזייטיקייט פון אירע פראדוקטן. נישט קוקנדיק אויפן אלגעמיין - פארגרעסערטן אימפארט, איז דער אריינפיר פון אייניקע ארטיקלען דאך קלענער געווארן, אדער געבליבן שטיין אויף איין ארט צוליב דעם וווקס פון זייער ארטיקער פראדוקציע. א ביישפיל פון דעם איז די שיך - פראדוקציע, וועמען ס'איז אין די לעצטע פאר יאר געלונגען ערנסט צו שניידן דעם אויסלענדישן אימפארט. דער געברויך פון אימפארטירטן נאפט איז לעצטנס געפאלן צוליב דעם גרעסערן געברויך פון עלעקטרישער באלייכטונג, וועלכע מען קריגט מערסטנס ארוים פון דער ארטיקער וואסערקראפט. אן אנדערער אינטערעסאנטער ביישפיל איז דער אימפארט פון אויסלענדישע קארטאפל, וואס האט לעצטנס אויפגעהערט צו וואקסן, א דאנק דער פארבעסערונג פון דער ארטיקער ערנטע.

מיט צען יאר צוריק האט ארץ - ישראל געקראגן דעם גאנצן צעמענט, וואס זי דארף האבן פאר בוי - צוועקן, פון אויסלאנד. איצט אבער האט ארץ - ישראל א באדייטנדע צעמענט - אינדוסטריע, וועלכע האט נישט נאר שטארק געשניטן דעם אימפארט, נאר צייטנווייז עקספארטירט אליין א באדייטנדן סכום פון צעמענט צו די שכנותדיקע לענדער.

מען האפט, אז אייניקע פון די נאר - וואס געבויטע פאבריקן וועלן זיך אפרופן אויפן אימפארט פון אנדערע אינדוסטריע ארטיקלען. צוויי גלאז - פאבריקן, איינע פאר כלים און די צווייטע פאר פענסטער - גלאז,

וועלן וואַרשיינלעך פאַרקלענערן דעם געברויך פון אויסלענדישן גלאָז און געבן אין דער זעלבער צייט א שטופּ צו דער אנטוויקלונג פון דער קאָנסערוון - אינדוסטריע, וועלכע ווערט איצט שטאַרק געשטערט צוליב דער טייערקייט פון גלאָז. א ביר - ברויעריי, וואָס ווערט איצט פאַרענ־דיקט אין ראשון - לציון, קאָן אויך אביסל שניידן דעם האנדלס־דעפיציט פון לאַנד.

עס באַמערקט זיך אויך אין ארץ־ישראל א טענדענץ צו בויען פאַב־ריקן, וואָס וועלן איבעראַרבעטן אויפן אָרט רויע מאַטעריאַלן, וואָס ווערן געבראַכט פון אויסלאַנד. א ביישפּיל פון דעם איז א פּראָיעקטירטע פּאַ־פּיר - פאַבריק, וואָס וועט זיך באַנוצן מיט אימפּאָרטירטן האָלץ אַלס רויער מאַטעריאַל. עס ווערט אויך צוגעגרייט א צוקער־פאַבריק, וואָס וועט אין אָנהויב זיך באַשרענקען מיט ראַפינירן אויסלענדישן זאַמד־צוקער, אָבער וועט אפשר שפּעטער געבן א שטופּ צו דער קולטיווירונג פון צוקער - ריבן אין עמק - יזרעאל, און צוקער - רערן אין עמק־הירדן און אין דער חולה.ביידע פּלאַנצונגען גיבן גוטע ערנטען אויף באַוואַ־סערטע באָדנס אין ארץ־ישראל.

דער וווּקס פון אינטענסיווער אגריקולטור, וואָס איז אימשטאַנד אַרויסצוקריגן מער שפּייז - פּראָדוקטן פון א בערך באַשרענקטן שטח לאַנד, און די אנטוויקלונג פון דער אָרטיקער אינדוסטריע, זענען דער וויכטיקסטער יסוד פאַר די האָפענונגען פון די ארץ־ישראלדיקע עקאָנאָ־מיסטן אויף א בעסערן האנדלס - בילאַנס אין דער צוקונפט. די בעסע־רונג וועט אָבער נישט זיין קיין אנטשיידענע, כּל־זמן ארץ־ישראל וועט נישט געשטעלט ווערן יורידיש אויפן יסוד פון האנדלס - גלייכהייט מיט אנדערע מלוכות: זי מוז זיין אין דער לאַגע צו פאַרטיידיקן אירע עקאָ־נאָמישע אינטערעסן מיט דעם זעלבן וואָפן, וואָס ווערט באַנוצט פון אנדערע לענדער.

## די מערק פון ארץ־ישראל

דער גרעסטער מאַרק פאַר די ארץ־ישראלדיקע פּראָדוקטן האָט זיך אנטוויקלט אין ענגלאַנד, וועלכע נעמט צו די מערסטע ארץ־ישראלדיקע ציטרוס - פּרוכטן. אין די יאָרן 1931 און 1932 האָט ענגלאַנד צוגענו־מען 50.7 פּראָצ. פונם גאַנצן עקספּאָרט פונם לאַנד, און אין יאָר 1934 איז דער דאָזיקער פּראָצענט געשטיגן ביז 55.5. נאָך ענגלאַנד קומט

דייטשלאנד, וועלכע האט פארברויכט אינם יאר 1934 — 13.4 פראצענט פונם ארץ־ישראלדיקן עקספארט. אויפן דריטן ארט שטייט סיריע מיט 7 פראצענט, און דאן קומט האלאנד מיט 2.4 פראצענט און עגיפטן מיט קוים 2.2.

די דאזיקע פאנאנדערטיילונג פון דעם ארץ־ישראלדיקן עקספארט שטעלט מיט זיך פאר א גרויסע ענדערונג אין פארגלייך מיט די פריער־דיקע יארן, ווען עגיפטן און סיריע האבן כסדר פארנומען דעם צווייטן און דריטן פלאץ.

ענגלאנד פארנעמט אויך דאס ערשטע ארט אינם אימפארט פון ארץ־ישראל, כאטש דא איז איר איבערגעוויכט נישט אזוי שארף. אינם יאר 1934 האט ארץ־ישראל צוגענומען ענגלישע סחורות אויף 2.960.706 פונט, וואס האט אויסגעמאכט 19.7 פראצענט פונם גאנצן אימפארט. דאס צווייטע ארט פארנעמט דייטשלאנד מיט אן אימפארט פון 1,658,993 פונט, וואס מאכט אויס 11 פראצענט פונם גאנצן אימפארט פון לאנד. דאס דריטע און פערטע ארט פארנעמען אמעריקע מיט 1,290,000 פונט, און סיריע מיט 1,066,000 פונט. ווייטער גייען אין דער רייע — רו־מעניע, בעלגיע, יאפאן און טשעכאסלאוואקיע, וואס פיגורירן אינם ארץ־ישראלדיקן אימפארט מיט סומען צווישן א האלבן און א גאנצן מיליאן פונט. מיט סומען צווישן 400 און 500 טויזנט פונט האבן זיך אין אימ־פארט באטייליקט — טערקיי, איטאליע, פוילן, עגיפטן און פראנקרייך.

מיט דעם אויסנאם פון ענגלאנד, דייטשלאנד און סיריע, פירן די אלע דערמאנטע לענדער אן א י נ ז י ט י ק ן האנדל מיט ארץ־ישראל; זיי זענען כמעט בלויז אימפארטערן און פיגורירן נישט אין א באדייטנדער מאס אינם ארץ־ישראלדיקן עקספארט. דער ענגלישער פאר־ברויך פון ארץ־ישראלדיקע פראדוקטן האט אויסגעמאכט 58 פראצענט פון איר אימפארט קיין ארץ־ישראל. ביי דייטשלאנד האט דער דאזיקער פרא־צענט אויסגעמאכט 40 פראצענט, ביי סיריע 20, ביי עגיפטן 17 פראצענט. די איבעריקע לענדער, וואס שפילן א ראלע אין ארץ־ישראלדיקן אימפארט, גיבן נישט ארץ־ישראל צו לייזן אפילו 10 פראצענט פון די סומען, וואס זיי פירן פון דארט ארויס פאר זייערע סחורות.

ווי שוין פריער אנגעוויזן, נעמען אינם ארץ־ישראלדיקן עקספארט דעם גרעסטן פלאץ די ציטרוס־פרוכטן, וואס שטעלן מיט זיך פאר צוויי דריטל פון זיין גאנצן ווערט. דאס צווייטע ארט איז פארנומען דורך אינ־דוסטריעלע ארטיקלען, וועמענס עקספארט האט אינם יאר 1934 באטראפן

421,000 פונט אין פאַרגלייך מיט 406,000, אין פֿריערדיקן יאָר. דער אינדוסטריעלער עקספּאָרט פון ארץ־ישראל שטייט פאַר די לעצטע פינף יאָר כּמעט אויפן זעלבן אָרט. דאָס דערקלערט זיך מיט דער שטאַרקער אימיגראַציע, וועלכע רופט אַרויס אַן אָרטיקן שטאַרקן פאַרלאַנג נאָך אינדוסטריעלע פּראָדוקטן, און נעמט דעריבער צו ביים פאַבריקאַנט דעם באַלדיקן אינטערעס צו זוכן אַ מאַרק אין די שכנותדיקע לענדער.

פונם דאָזיקן אינדוסטריעלן עקספּאָרט פאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט זייף, וואָס ווערט געמאַכט פון אָליוון - אייל. צום דאָזיקן מין עקספּאָרט געהערט אויך וויין און קאָניאַק, אייל פון אָליוון און זון - בלומען, צע־מענט, קליידער, זאָקן, האַנט־טאַשן, קעז, פרוכט־זאַפטן, שאָקאָלאַד און צוקערקעס, ביסקוויטן און געדענק - אַרטיקלען, געמאַכט פון פּערלמוטער און אָליוון־האָלץ.

אין יאָרן פון גערעטעניש עקספּאָרטירט אויך ארץ־ישראל אייגענע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן אויסער די ציטרוס - פרוכטן. צו זיי געהערן אַרבוזן, וואָס ווערן אַממערסטן געשיקט קיין עגיפּטן, ווי אויך בעבלעך, סעזאַם, דורא און גערשטן, אַ געוויסע ראָליע האָט אַמאָל גע־שפּילט אויך דער עקספּאָרט פון מאַנדלען, וועלכער גייט לעצטנס אויף צוריק. אין די יאָרן פון אַ שלעכט גערעטעניש פאַלט דער דאָזיקער מין עקספּאָרט ביזן קלענסטן מינימום.

בדרך כּלל איז דער שפּייז־באַלאַנס פון ארץ־ישראל אַ נעגאַטיווער. דאָס לאַנד פירט אַריין מער ווייץ, מעל, רייז, קאַרטאָפל, צוקער, קאָנסער־ווירטע שפּייז, איידער עס באַטרעפט דער ווערט פון איר אייגענעם שפּייז־עקספּאָרט, אַריינרעכענענדיק אין דעם אויך די מאַראַנצן.

שיפס־פאַרקער און האַפנס.

דער גיכער וווקס פונם ארץ־ישראלדיקן האַנדל שפּיגלט זיך נאַטיר־לעך אָפּ אין אַ כּסדר־וואַקסנדיקן שיפס־פאַרקער. די צוויי וויכטיקסטע פּאָרטן פונם לאַנד, חיפה און יפו זענען אינם יאָר 1934 באַזוכט געווען פון 2518 דאַמף־שיפן, וואָס האָבן בסך הכּל געהאַט אַ געוויכט (טאָנאַזש) פון 5,977,000 טאָן. אין פאַרגלייך מיטן יאָר 1932, ווען די צאָל פון די באַזוכנדע שיפן איז געווען 1485 מיט אַ טאָנאַזש פון 3,161,000 טאָן, איז דאָס אַ ריזיקער וווקס. צווישן די דאָזיקע שיפן פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ איטאַליענישע שיפן, דעם צווייטן — ענגלישע, דעם דריטן — פראַנצויזישע. צוזאַמען האָבן די דאָזיקע דריי לענדער אין

זייערע הענט די פולע העלפט פונם ארץ־ישראלדיקן שיפס־פאַרקער. דער איבעריקער טאָנאַזש איז פאַרטיילט צווישן שיפן פון פופצן אַנדערע פעלקער און לענדער, איינגערעכנט רוסלאַנד, גריכנלאַנד, דייטשלאַנד, האָלאַנד און ארץ־ישראל זעלבסט.

ווי געזאָגט, איז כמעט דער גאַנצער שיף ־ פאַרקער פון לאַנד קאָנ־צענטרירט אין צוויי פּאָרטן: חיפה און יפו. דער ערשטער פון זיי, חיפה, באַדינט דעם צפונדיקן טייל פונם לאַנד און האָט אויך א באַדייטנדע סומע פון טראַנזיט ־ סחורות, וואָס גייען פון און קיין סיריע, איראַק און עבר ־ הירדן. יפו באַדינט דעם גיך ־ וואַקסנדן תל־אביב און די ארומי־קע רייכע ציטרוס ־ געגנטן. דורך יפו גייען אויך דורך די מערסטע סחו־רות, וואָס זענען באַשטימט פאַר ירושלים.

פאַרן קריג איז יפו פאַררעכנט געוואָרן אַלס דער ערשטער פּאָרט פונם לאַנד. כאָטש חיפה איז פון נאַטור אויס בעסער געשיצט קעגן ווינטן, האָט יפו צוליב איר נאָענטקייט צו ירושלים געצויגן צו זיך דעם גאַנצן טוריסטן פאַרקער. זי איז אויך שטאַרק געהאָלפן געוואָרן דורך דער גרע־סערער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין דער שכנות־דיקער יהודה, איידער אין גליל, וואָס איז די הינטערלאַנד פון חיפה.

נאָך דעם קריג האָט אָבער חיפה אָנגעהויבן שטאַרק קעמפן פאַרן ערשטן פּלאַץ. אינם יאָר 1929 האָבן זי שוין באַזוכט מער שיפן, איידער יפו און מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט זי שוין אויך איבערגעשטיגן יפו אין טאָנאַזש.

אָט איז א טאַבעלע, וואָס גיט אָן די צאָל פון דאַמף־שיפן, וואָס האָבן באַזוכט ביידע פּאָרטן פאַר די לעצטע פיר יאָר, און זייער צוזאַמען־גענו־מענער טאָנאַזש:

| | חיפה | | יפו | |
|---|---|---|---|---|
| | צאָל פון שיפן | טאָנאַזש | צאָל פון שיפן | טאָנאַזש |
| 1931 | 643 | 1,373,123 | 559 | 1,306,390 |
| 1932 | 787 | 1,733,036 | 698 | 1,428,454 |
| 1933 | 1063 | 2,661,622 | 866 | 2,041,200 |
| 1934 | 1404 | 3,488,000 | 1114 | 2,489,000 |

ביידע פּאָרטן, און באַזונדערס יפו, זענען אויך באַזוכט געוואָרן פון א באַדייטנדער צאָל פון זעגל־שיפן, וועלכע זענען נישט אריינגענומען געוואָרן אין די אויבן־שטייענדע ציפערן.

די איבערוואָג פון חיפה ווערט אָבער א סך קלענער, אויב מיר זאָלן

נעמען אין חשבון נישט דעם אַלגעמיינעם טאָנאַזש פון די באַזוכנדע שיפן, נאָר דעם געוויכט פון דער סחורה, וועלכע זיי האָבן אָנגעלאָדן און אויסגעלאָדן אין דעם געהעריקן פּאָרט. די ציפערן — אין טאָנען,— וועגן דעם זענען געגעבן געוואָרן אין פאָלגענדער טאַבעלע:

געוויכט פון סחורה־לאָדונגען אין ארץ־ישראלדיקע פּאָרטן.

| | חיפה | | יפו | |
|---|---|---|---|---|
| | אָנגעלאָדן | אויסגעלאָדן | אָנגעלאָדן | אויסגעלאָדן |
| 1933 | 42,000 | 401,000 | 97,000 | 349,000 |
| 1934 | 100,000 | 589,000 | 121,000 | 487,000 |

דער גרויסער אונטערשיד צווישן לאָדונגען און אויסלאָדונגען שפּיגלט אָפּ די גרויסע איבערוואָג פון דעם ארץ־ישראלדיקן אימפּאָרט איבער איר עקספּאָרט.

אינם יאָר 1931 איז ארץ־ישראל געווען באַזוכט פון 53,765 טוריסטן. אינם נעכסטן יאָר איז זייער צאָל געשטיגן ביז 63,253, אינם יאָר 1933 האָט זי באַטראָפן — 79,833, און אינם יאָר 1934 איז זי דערגאַנגגען ביז 91,823. וואַרשיינלעך וואָלט די צאָל פון די טוריסטן געוואַקסן נאָך גיכער, ווען נישט די לעצטע פאַראָרדענונג וועגן דעם משכּן פון 60 פונט, וואָס שרעקט אָפּ פיל טוריסטן, וואָס טראַכטן אפילו נישט וועגן בלייבן אין ארץ־ישראל.

שטרעבנדיק צו פאַרנעמען פּאָזיציס אין אַלע צווייגן פון מענטשלעכער טעטיקייט, האָבן ארץ־ישראלדיקע יידן אָנגעהויבן לעצטנס אַקטיוו אַריינצודרינגען אין דעם געביט פון ים־טראַנספּאָרט, וואָס איז טראַדיציאָנעל פאַרמאַכט געווען פאַר די יידן אין גלות־לענדער. די דאָזיקע אַריינדרינגונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט פיר יאָר צוריק, ווען יידן האָבן געקויפט עטלעכע קליינע פראַכט־שיפן, — פון 500 ביז 1000 טאָן, — און באַנוצט זיי אונטער יידישער קאָמאַנדע פאַרן ברעג־פאַרקער אינם לאַנד ווי אויך פאַר טראַנספּאָרט פון סחורות פון סיריע, עגיפּטן און ציפּרוס.

דערמוטיקט דורך דעם דערפאָלג פון דער דאָזיקער פּיאָנערישער אונטערנעמונג, זענען פּאַלעסטינער יידישע קאַפּיטאַליסטן אריין אין די שיפּ־פאַרקער אויף א גרעסערן פאַרנעם. זיי האָבן געקויפט דריי גרעסערע שיפן און איבערגעפירט זיי אונטער דער פאָן פון ארץ־ישראל, האָפנדיק אריינצוקריגן א באַדייטנדן טייל פונם העכסט־לוינענדן אימיגראַנטן־פאַרקער

פון איראַפּע. די דאָזיקע שיפן, ארום 10,000 טאָן יעדע, האָבן אין פרי־לינג 1935 אָנגעהויבן רעגולמעסיק קורסירן צווישן ארץ־ישראל און טריעסט, און ארץ־ישראל — קאָנסטאַנצע. זייער קאָמאַנדע איז שוין צום גרעסטן טייל אַ יידישע.

אין די ארץ־ישראלדיקע פּאָרטן ארבעט איצט אויך אַן אָנזעעוודיקער צאָל פון יידישע טרעגערס, מאַגאַזיניערן, שיף־לאָדערס א. אַז. וו.

דער האַפן פון חיפה.

חיפה האָט איצט אַ מאָדערנעם האַפן, וואָס איז פאַרענדיקט געוואָרן ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק; ער קאָן אַריינעמען די גרעסטע שיפן.

דער האַפן, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער רעגירונג ארום דריי מיליאָן פונט האָט זיך ארויסגעוויזן צו זיין זייער אַ לוינענדע אינוועסטיציע. דאָס לאַנד, וואָס איז אויסגעטריקנט געוואָרן אינם לויף פון זיין קאָנסטרוקציע איז בײַ די היינטיקע גרונט־פרייזן אין חיפה באַלד ווערט דאָס גאַנצע געלט, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין פּאָרט. אויסער דעם, דער־ווארטעט די רעגירונג אַ באַדייטנדע הכנסה פון אַריינקומענדע שיפן, לאַ־גער־הייזער און אַנדערע פּאָרט־איינריכטונגען. אַגב, וועט דער חיפהער פּאָרט באַדינען נישט נאָר ארץ־ישראל, נאָר אויך אַ וויַיטן הינטערלאַנד, וואָס באַשטייט פון סיריע, עבר־הירדן און טיילווייז אויך איראַק. די נישט לאַנג פאַרענדיקטע ליניע פון מאָסול שיינט צו זיין דער ערשטער שריט פון אַ גרויסער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וועלכע וועט שפּעטער אויך אפשר אַריינעמען אַ דירעקטע אייזנבאַן פון חיפה קיין באַגדאַד.

נישט וויניקער לוינענד וואָלט געווען דער געפּלאַנטער פּאָרט פון יפו—תל־אביב, וואָס ווערט ענערגיש געפאָדערט פון די פירער פון דער אַל־יידישער שטאָט. דער האַפן אין חיפה מאַכט בשום אופן נישט איבע־ריק אַ מאָדערנעם פּאָרט אין דעם זידלעכן טייל פון ארץ־ישראל. ס'איז קיין ספק נישטאָ, אַז דער שטאָטישער צענטער פון יפו—תל־אביב, וואָס האָט שוין אַליין אַ באַפעלקערונג פון 190,000 און האָט ארום זיך די רייכסטע ציטרוס־פּלאַנצונגען פונם לאַנד, וואָלט געווען דער אידעאַלער פּלאַץ פאַר אַזאַ האַפן.

אין תל־אביב דערקלערט מען דעם פאַרצוג, וועלכן די רעגירונג גיט חיפה מיט אירע אייזנבאַן־אינטערעסן, ווי אויך מיט מיליטערישע אויס־רעכענונגען. די אַלגעמיינע מיינונג אָבער איז, אַז ארץ־ישראל דאַרף האָבן

וויניקסטנס צוויי גרויסע האפנס, און די פאַרנאַכלעסיקונג פונם יפוע־
פּאָרט ווערט דעריבער באַטראַכט אַלס זייער שעדלעך פאַר די אַלגעמיינע
אינטערעסן פונם לאַנד.

די געשעענישן פון דער לעצטער צייט שיינען צו באַשטעטיקן די
דאָזיקע מיינונג. דער אָפּזאַץ פון דער ארץ־ישראלדיקער מאַראַנצן־ערנטע
איז שטאַרק געשטערט געוואָרן צוליב דעם מאַנגל פון האַפן־געלעגנהייטן.
פּלאַנטאַציען־באַזיצערס און עקספּאָרטערס האָבן געהאַט אַ גרויסן היזק
ווײַל זייער קאַליע־ווערנדער פּראָדוקט האָט אָפט געמוזט צו לאַנג וואַרטן
אין די האַפנס. אינם בעסטן פונם מאַראַנצן־סעזאָן איז די לאַגע געוואָרן
אַזוי ערנסט, אַז די רעגירונג האָט געמוזט פאַרמאַכן דעם יפוער פּאָרט
פאַר יעדן אימפּאָרט און איבערפירן דעם גאַנצן אימיגראַנטן־ און טוריסטן־
פאַרקער פונם לאַנד קיין חיפה, איבערלאָזנדיק די פאַרעלטערטע און
העכסט־באַשרענקטע מעגלעכקייטן פון יפו אויסשליסלעך פאַרן מאַראַנצן־
עקספּאָרט.

די איינוווינער פון תל־אביב וואָלטן אפילו גרייט געווען צו בויען אַ
האַפן אויף זייערע אייגענע מיטלען, — זיי רעכענען, אַז דאָס וואָלט גע־
ווען אַ פּראָפיט־ברענגענדע אונטערנעמונג, — אויב נאָר די רעגירונג
זאָל זיי דאָס דערלויבן. זיי האַלטן, אַז די מאָדערניזאַציע פונם יפוער
פּאָרט, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט געפערלעכע פעלזן, וועט קאָסטן טײַ־
ערער און געבן ערגערע רעזולטאַטן, איידער דער בוי פון אַ שפּאָגל נײַעם
האַפן אינם צפון־טייל פון תל־אביב, וווּ דער טײַך ירקון פאַלט אַרײַן
אינם ים. אַזאַ האַפן, אין מיטן פון אַ גיך־וואַקסנדער שטאָט, און אין
סאַמע צענטער פון די פּרדסים פון שרון, וואָלט באַלד אָפּגעשטופּט דעם
אַלטן האַפן פון יפו אויפן צווייטן פּלאַץ.

צוליב ריין־פּאָליטישע אורזאַכן, — איז אָבער די רעגירונג נישט גע־
נייגט צו געבן אַזאַ סאָרט דערלויבעניש. זי האַלט, אַז אַ האַפן אין תל־
אביב וואָלט געווען אַ קלאַפּ פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די אַראַ־
בער אין יפו, בײַ וועלכע עס דאַרף בלײַבן די חזקה צו באַדינען דעם
ים־האַנדל פון דער אַל־יידישער שטאָט.

לעצטנס האָט די רעגירונג אונטער דעם דרוק פון דער אַלץ־קריטיש־
ווערנדער לאַגע אָנגעהויבן עטוואָס צו פאַרבעסערן דעם אַלטן האַפן פון
יפו, דורך בויען אַ „ברעקוואַטער" און אָנפילן אַ קליינעם וואַסער־שטח
בײַם ברעג. אין תל־אביב איז מען אָבער זייער סקעפּטיש וועגן דער
פּעולה פון די דאָזיקע אַרבעטן, וואָס ווערן געטאָן אין צו אַ קליינעם פאַר

נעמ. מען האלט אז בלויז א נייער האפן, אמבעסטן אין די גרענעצן פון תל־אביב גופא, וועט פארענטפערן די פראגע.

## באנען און שאסייען.

די באן־סיסטעם פון ארץ־ישראל האט זיך אויך ארויסגעוויזן צו זיין הינטער די באדערפעניש פונם גיך־וואקסנדן לאנד. דער מאנגל פון אייזנבאנען ווערט אבער אין גאר א גרויסער מאס אויסגעגליכן דורך דעם גיכן וואוקס פון אויטאמאביל־פארקער.

די אלגעמיינע לענג פון ארץ־ישראלדיקע באנען איז 634 קילאמעטער. די וויכטיקסטע פון זיי ציט זיך פון קאנטארא, אויפן סועץ־קאנאל, איבער לוד קיין חיפה. קומענדיק פון עגיפטן שניידט זי דורך דעם מדבר פון סני, און קומט אריין קיין ארץ־ישראל ביי וואד־על אריש, צו דרום פון עזה. זי ווערט דורכגעשניטן אין לוד פון אן אנדערער באן, יפו־ירושלים. ביידע זענען זיי געבויט אויף נארמאלער ברייט צווישן די רעלסן, — 144 סענטימעטער. אן אנדער באן פון חיפה קיין דמשק, וועלכע איז א טייל פון דער בארימטער העדזשאס־באן איז געבויט שמאלער, בלויז 105 סענטימעטער, און דער דאזיקער אונטערשייד אין ברייט, וואס פאדערט די איבערלאדונג אין חיפה פון די פראכטן, וואס ווערן געשיקט פונם זידלעכן טייל פון ארץ־ישראל קיין סיריע, פארקלענערט אין א באדייטנדער מאס דעם עקאנאמישן ווערט פונם ארץ־ישראלדיקן באן־נעץ.

די לענג פון די שאסייען, וואס זענען פאסיק פאר אויטאמאביל־פארקער אין יעדער צייט פון יאר, האט דערגרייכט 1100 קילאמעטער אינם אנהויב פון 1935, אין פארגלייך מיט 450 קילאמעטער אינם יאר 1921. די צאל פון אויטאמאבילן אין לאנד איז געוואקסן פון 400 אינם יאר 1922 ביז 10,189 אינם יאר 1934.

## געלט און קרעדיט.

ארץ־ישראל האט איר אייגענע וואליוטע, וואס איז באזירט אויפן ענגלישן פונט. דער פאלעסטינער פונט, וואס הייסט „לירה“ אין העברעיש און „דינאר“ איז אראביש, איז גלייך אין זיין ווערט צום ענגלישן פונט סטערלינג, און איז געדעקט דורך מזומענע געלט און ווערט־פאפירן אין לאנדאן. כאטש ארץ־ישראל האט קיינמאל נישט געמינצט קיין גאלד־

מטבעות האָט פונדעסטוועגן איר פונט קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן אפילו אויף א האָר פונם ענגלישן פונט; פאַרקערט, אין אויסלענדישע בענק און אפילו אין ארץ־ישראל זעלבסט פאָדערט מען פאַרן ארץ־ישראלדיקן פונט עפּעס מער, ווי פאַרן ענגלישן.

צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן וווּקס פונם לאַנד איז זייער גאָלד־אומזאַץ בסדר געוואַקסן. די געלט־צירקולאַציע פון ארץ־ישראל האָט באַטראָפן (אין פונטן):

| | |
|---|---|
| 31 מערץ, 1929 | 1,788,000 פונט |
| 31 מערץ, 1930 | 2.198.000 „ |
| 31 מערץ 1931 | 2,307,000 „ |
| 31 מערץ, 1932 | 2,409,000 „ |
| 31 מערץ, 1933 | 2,822,000 „ |
| 31 מערץ, 1934 | 4,069 000 „ |
| 31 מערץ 1935 | 5 326,000 „ |

די צעטיילונג פון ארץ־ישראלדיקן פונט אין קלענערע מטבעות, איז אַנדערש איידער אין ענגלאַנד. אָפיציעל איז דער פונט צוטיילט אין טויזנט „מיל". אָבער די אַמערסטן געברויכלעכע מטבע איז דער פיאַסטער (גרוש), וואָס באַשטייט פון צען מיל. זיין איצטיקער ווערט איז אַרום פינף סענט, אָדער א פערטל זלאָט. א מטבע פון פופציק מיל ווערט געוויינלעך אָנגערופן „שילינג". כאָטש אָפיציעל איז אזא געלט־איינהייט נישטאָ אין ארץ־ישראל.

צווישן ארץ־ישראלדיקע סוחרים הערט מען אַמאָל די מיינונג, אז די הויכע וואַליוטע פונם לאַנד שטערט איר דערפאָלגרייך צו קאָנקורירן מיט אזעלכע לענדער, ווי איטאַליע און שפּאַניע, וועמענס וואַליוטע האָט א פיל־קלענערן ווערט. די בערכדיקע אַנטווערטונג פונם ענגלישן פונט, וואָס האָט זיך אויטאָמאַטיש אָפּגערופן אויך אויפן אינטערנאַציאָנאַלן ווערט פון דעם ארץ־ישראלדיקן געלט, האָט אָבער אין א געוויסער מאָס געלייזט די דאָזיקע פּראָבלעם.

## די קרעדיט־פראַגע.

די קרעדיט - לאַגע אין ארץ־ישראל איז ערגער, איידער אין אַמעריקע און די אַממערסטן־אַנטוויקלטע לענדער פון אייראָפּע. ארץ־ישראל איז

נאָך נישט אימשטאַנד געווען אויפצובויען אַ קרעדיט־סיסטעם, וואָס זאָל באַזירט ווערן אויף די אָפּשפּאָרונגען פון איר אייגענער באַפעלקערונג. די אָפּשפּאָרונגען פון די אַראַבישע פּויערים, אויף וויפל זיי עקזיסטירן בכלל, ווערן נאָך באַהאַלטן אין קופּערס און באַגראָבן אין ליימענע כּלים. דער יידישער אימיגראַנט האָט נאָך נישט אין די מערסטע פאַלן קיין אָפּשפּאָרונגען, וואָס זאָלן קאָנען אַריינגעצויגן ווערן אין די לאַנג־יאָריקע קרעדיט־קאַנאַלן פונם לאַנד. אויב ער שפּאָרט אָפּ אַ פּאָר פונט, לייגט ער זיי גלייך אַריין אין זיין אייגענעם הויז, גאָרטן, אָדער וואַרשטאַט.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען מוזן היפּאָטעקן (מאָרטגיידזשעס) און אַנדערע לאַנג־יאָריקע קרעדיטן געשאַפן ווערן פון אויסלענדישע קוואַלן, און אויסלענדישער קאַפּיטאַל לאָזט זיך נישט אַריינשפּאַנען אין ווייטע און פרעמדע לענדער אָן אַ באַדייטנדן פּראָצענט. אויסער דעם קאָן מען נישט אויסבויען קיין ווירטשאַפט פון אַ נייעם לאַנד, און בפרט איר אַגרי־קולטור, מיט געלט, וואָס פאָדערט הויכע צינזן.

טאַקע דעריבער ווערט דער אויפבוי פון ארץ־ישראל מערסטנס דורכ־געפירט מיט מזומנע געלט, וואָס ווערט געבראַכט פון אימיגראַנטן, אָדער ביי־געשטייערט פון די יידישע מאַסן אין גלות פאַר פאַרשידענע ציוניס־טישע פאָנדן.

נאַטירלעך שליסט דאָס נישט אויס קיין געוויינלעכן קאָמערציעלן קרעדיט פאַר לויפנדע געשעפטס־צוועקן. אָבער אויך אַזאַ קורץ־צייטיקער קרעדיט קומט אָן אין ארץ־ישראל נישט אַזוי גרינג, און דער פּראָצענט, וואָס מען דאַרף דערפאַר צאָלן פאַר אים איז העכער, איידער אין פיל אַנדערע לענדער. ביז לעצטנס איז 10 ביז 12 פּראָצענט אַ יאָר געווען דער גע־וויינלעכער צינז אַפילו אין די גרעסטע באַנקן פונם לאַנד.

אין דער לעצטער צייט הויבט אָבער אָן די לאַגע אין דעם פּרט זיך צו בעסערן. אַ דאַנק דער אומזיכערער לאַגע, אין וועלכער יידישע געשעפטס־לייט פילן זיך אין אייניקע גלות־לענדער, זענען די ארץ־ישראלדיקע בענק איצט ממש פאַרפלייצט מיט דעפּאָזיטן. זיי האָבן געמוזט צוליב דעם שניידן דעם פּראָצענט אויף זייערע דעפּאָזיטן, און נאַטירלעך וועט דאָס מיט דער צייט מוזן ברענגען צו נידעריקערע צינזן פאַר קאָמערציעלע הלוואות און צו אַ גרינגערן קרעדיט בכלל.

די „גרויסע פיר".

צווישן די ארץ־ישראלדיקע קרעדיט־אנשטאלטן פארנעמען דעם ערשטן פלאץ די פיר פאלגנדע בענק: די בארקלאיס - באנק, די באנ־ אָטאָמאַן, באנקאָ די ראָמא און אנגלאָ־פאלעסטיין באנק.

בלויז איינע פון זיי, די אנגלאָ־פאלעסטיין באנק, איז א ריין־יידישע אינסטיטוציע, וואָס איז לכתחילה געשאפן געוואָרן מיט ציוניסטישער פאָלקס־געלט. עס שיינט אָבער, אז דער קאָנטראָל פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע איבער דער דאָזיקער באנק איז זייער א שוואכער. ס'איז א סברה, אז געוויסע ענדערונגען, וואָס זענען לעצטנס געמאכט געוואָרן אין אירע סטאטוטן און נאָמען (זי האָט פריער געהייסן — „אנגלאָ־פאלעס־טיין קאָמפּאני") האָבן זי געמאכט פאר א פאקטיש אומאָפּהענגיקע אינס־טיטוציע, און אירע אמאָליקע געלט־געבער, וואָס זענען אייגנטלעך די באזיצערס פון די אמאָליקע אקציעס פון דער קאָלאָניאל־באנק, האָבן בכלל פארלאָרן יעדע פארבינדונג מיט אירע געשעפטן און פראָפיטן.

דער איינגעצאָלטער גרונט־קאפיטאל פון דער אנגלאָ־פאלעסטיין באנק באטרעפט ארום 350,000 פונט, און אירע דעפּאָזיטן האָבן ביים סוף פון 1934 באטראָפן נישט ווייניקער פון 6,300,000 פונט. זי האָט צווייגן אין יפו, תל־אביב, ירושלים, חיפה, צפת, טבריה, פתח־תקוה, רחובות און חדרה.

דער בריטישער פינאנץ־קאפיטאל איז פארטרעטן אין ארץ־ישראל דורך דער בארקלאיס־באנק. א דאנק אירע גרויסע אינטערנאציאָנאלע פארבינדונגען און איר ספּעציעלער פּאָזיציע אלס דער באנקיר פון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג, פארנעמט די בארקלאיס־באנק א גאנץ בא־דייטנדן פלאץ אינם פינאנציעלן לעבן פונם לאנד. די ארץ־ישראלדיקע צענטראלע פון דער דאָזיקער באנק געפינט זיך אין ירושלים, און אירע אָפּטיילונגען געפינען זיך אין זעקס אנדערע שטעט. איר הויפּט־אָפיס א'ז, נאטירלעך, אין לאָנדאָן.

די אָטאָמאַן־באנק, אלס די אמאָליקע רעגירונגס־באנק פון דער טער־קיי, האָט פינף אָפּטיילונגען אין ארץ־ישראל, ווו זי פארנעמט טראדיציאָ־נעל אן אנגעזעענעם פלאץ. די איטאליענישע „באנקאָ די ראָמא", מוט נישט נאָר געוויינלעכע באנק־געשעפטן, נאָר זי האָט אויך די קאָנטעס פון די מערסטע קאטוילישע אינסטיטוציעס אינם לאנד.

לעצטנס זענען צו די אויסלענדישע בענק, וואָס האָבן אָפּטיילונגען

אין ארץ־ישראל, צוגעקומען אויך די האָלענדישע „יוניאָן־באַנק", וואָס האָט געעפנט אַ צווייג אין חיפה, און די פּוילישע פּ. ק. אָ. (פּאָלסקא קאַסאַ אָפּיעקי), וועלכע האָט געעפנט אַן אָפּטיילונג אין תל־אביב. בכלל האָט פּוילן זיך לעצטנס גענומען שטאַרק אינטערעסירן מיטן האַנדל מיט ארץ־ישראל, אויף וועלכן זי ליגט גרויסע האָפענונגען. נישט באַגנוגנדיק זיך מיט דער דערעפענונג פון אַ באַנק אין תל־אביב, האָט די פּוילישע רעגירונג לעצטנס איינגעשטעלט אַן אייגענע שיפס־ליניע צווישן ארץ־ישראל און דעם רומענישן פּאָרט קאָנסטאַנץ.

אָרטיקע בענק.

די אָרטיקע בענק פון ארץ־ישראל זענען מיט אַ פּאָר קליינע אויס־נאַמען אין יידישע הענט. די איינע אויסנאַמע איז די „באַנק דער טעמפּל־געזעלשאַפט", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון די דייטשע „טעמפּל־ברידער", וועלכע האָבן מיט 70 יאָר צוריק געגרינדעט זייערע ערשטע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. די אַנדערע איז אַן אַראַבישע באַנק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אונטער דעם נאַציאָנאַליסטישן לאָזונג צו מאַכן אַראַבער פינאַנציעל אומאָפּהענגיק פון אויסלאַנד און יידן. זי שיינט צו זיין דערפאָלגרייך, אָבער קיין גרויסע ראָליע אינם עקאָנאָמישן לעבן פונם לאַנד שפּילט זי נישט.

פון די אָרטיקע בענק פון ארץ־ישראל איז כּדאַי צו דערמאָנען — די „קופּת עם" און „בנק אשראי", — ביידע אין תל־אביב. זיי זענען געבויט אויפן פּרינציפּ פון קעגנזייטיקן קרעדיט, און האָבן זיך צוביס־לעך אַנטוויקלט אין פעסטע און באַדייטנדע פינאַנס־אַנשטאַלטן. פיל פון די קלענערע בענק זענען געגרינדעט געוואָרן מיט אומבאַדייטנדע קאַפּיטאַלן און רופן אַרויס אַ געפיל פון זאָרג ביי זייטיקע באַאָבאַכטער, בפרט אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צוקוקן זיך צום עלענד, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן אין אַמעריקע דורך איר כאַאָטישער סיסטעם פון אָרטיקע קליינע בענק. אייניקע פון די דאָזיקע קליינע בענק ווערן אָבער געשטיצט פון אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, און דאָס מאַכט זיי אַביסל פעסטער איידער זיי שיינען צו זיין אויפן ערשטן בליק.

לעצטנס האָט די רעגירונג, אָנערקענענדיק די עקאָנאָמישע געפאַר פון שוואַכע און נישט גענוג קאָנטראָלירטע בענק, אַרויסגעגעבן אַ גע־זעץ, וואָס מאַכט שווער צו קריגן נייע דערלויבענישן פאַר בענק, און גיט

די גרעסערע בענק געוויסע פּריווילעגיעס אין אייניקע באַנק־טעטיקייטן. האָפנטלעך וועט דער דאָזיקער געזעץ צווינגען די קלענערע בענק צו פאַראייניקן זיך אין שטאַרקערע קערפּערשאַפטן, וואָס זאָלן האָבן אַ גרעסערן האַלט אין דער צוקונפט.

אויף אַ פיל העכערן סטאַנדאַרט פון זיכערהייט ווערט אָנגעפירט די טעטיקייט פון די ווייניקע היפּאָטעקן־בענק אינם לאַנד. די גרעסטע פון זיי איז די „זשענעראַל מאָרטגיידזש באַנק״, וועלכע איז אַ טאָכטער־געזעלשאַפט פון דער נאַמינאַל־ציוניסטישער אַנגלאָ־פּאַלעסטיין באַנק (אַ. פּ. ב.). זי אַרבעט מיט אַ קאַפּיטאַל פון 1,123,000 פונט, וואָס באַשטייט פון 60,000 פונט געווינלעכע אַקציעס, וואָס באַלאַנגען אַלע צו דער אַ. פּ. ב., 190,000 פונט באַפאָרצוגטע אַקציעס, און 873,000 אָבליגאַציעס (באָנדס). ערשט נישט לאַנג איז דער דאָזיקער באַנק געלונגען צו פאַרבייטן אירע אַלטע אָבליגאַציעס מיט נייע, וואָס טראָגן אַ קלענערן צינז פון פינף פּראָצענט אַ יאָר. דאָס האָט איר געגעבן אַ מעגלעכקייט אַראָפּצולאָזן דעם צינז פון אירע היפּאָטעקן, וועלכער האָט אַמאָל באַטראָפן אַרום 9 פּראָצענט, ביז 7 פּראָצענט.

די צווייט־וויכטיקע היפּאָטעקן־באַנק איז די „פּאַלעסטיין מאָרטגיידזש ענד קרעדיט־באַנק״ קאָנטראָלירט פון דער פּאַלעסטיין עקאָנאָמיק קאָרפּאָריישאָן אין אַמעריקע. די לעצטע געזעלשאַפט, אָרגאַניזירט פון די אַזוי גערופענע „בראַנדייסיסטן״, איז אַ מין אינוועסטמענט־קאָמפּאַניע, וועלכע האָט אויפגעטאָן גאַנץ וויכטיקע עקאָנאָמישע אַרבעטן אין ארץ־ישראל, ווו זי האָט אַריינגעלייגט איבער דריי מיליאָן דאָלאַר. נאָך אַן אַנדער היפּאָטעקן־באַנק איז „דרום־אַפריקע — ארץ־ישראל״, וועלכע נעמט משכנות פון שטאָטישן אייגנטום.

די אַלע דערמאָנטע היפּאָטעקן־בענק זענען אָבער לחלוטין נישט גענוג צו באַפרידיקן דעם נאָרמאַלן באַדאַרף פונם לאַנד אין היפּאָטעקן־קרעדיט. כאָטש זיי האָבן זיך פיין אַנטוויקלט אין די לעצטע פאַר יאָר, ליידן זיי נאָך אַלץ פונם מאַנגל פון קאַפּיטאַל, און חוץ דעם זענען די קוועלן פון זייער געלט צו טייער. דער רעזולטאַט פון דעם איז, אַז ס'איז שווער צו קריגן אַ היפּאָטעק, בפרט אין דאָרף, אפילו מיט גוטער באַוואָרעניש, און דער צינז איז נאָך אַלץ צו הויך. אַכט פּראָצענט אַ יאָר אויף אַן ערשטע היפּאָטעק ווערט באַטראַכט אַלס נאָרמאַל, און זיבן פּראָצענט קוקט גאָר אויס צו זיין אַ מציאה...

די שאַפונג פון אַ גרויסער היפּאָטעקן־באַנק מיט ביליקערע צינזן

איז נאך אלץ איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן אין דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פונם לאנד. ס'איז א סברא, אז לאנדאנער אינשורענס קאמפאניעס (לעבנס־פארזיכערונגס־געזעלשאפטן) זענען גרייט צו העלפן דער רעגירונג צו שאפן אזא באנק, אבער זיי פאדערן אלס גרונט־באדינגונג די אפשוואכונג פון די געזעצן וועגן שוץ פון לאנדווירטשאפטלעכע ארענדאטארן, וואס זענען אנגענומען געווארן אין פארבינדונג מיטן אראבישן קאמפיין קעגן יידישן באדן־פארקויף. עס שיינט, אז די דאזיקע געזעצן, וועלכע שיסן ווייטער פון זייער אריגינעלן ציל, רופן זיך אפ פונם ריין־קאפיטאליסטישן שטאנדפונקט אויפן קרעדיט פון דער ארץ־ישראלדיקער לאנדווירטשאפט.

## קאאפעראטיווער קרעדיט.

די פריערדיקע באמערקונגען וועגן דעם נישט־סאלידן כאראקטער פון די ארץ־ישראלדיקע קליינע בענקלעך באציען זיך נישט אויף די קאאפעראטיווע קרעדיט־געזעלשאפטן. אפילו ווען זיי זענען קליין האבן די ארץ־ישראלדיקע קאאפעראטיווע בענק די מעלה פון נאטירלעך־באשרענקטע און פארזיכטיקע אפעראציעס און כסדרדיקן מיטגלידער־קאנטראל. בסך־הכל עקזיסטירן אין לאנד (אנהויב 1935) עטלעכע און פופציק יידישע קרעדיט־קאאפעראטיוון מיט ארום 35,000 מיטגלידער, און אן אלגעמיינער דעפאזיטן־סומע פון דריי מיליאן פונט. זיי אנטוויקלען זיך בדרך־כלל זייער גוט, און שטייען אויף פעסטע גרונטלאגן. פאר דער גאנצער צייט איז אין ארץ־ישראל בלויז איינמאל פארגעקומען א פאל, ווען א קרעדיט־קאאפעראטיוו זאל באנקראטירן.

דער דורכשניט פון דעפאזיטן און איינגעצאלטן קאפיטאל אויף יעדן מיטגליד איז אין ארץ־ישראל פיל העכער, איידער אין די אנטשפרעכנדע יידישע אינסטיטוציעס אין אייראפע. לויט א חשבון, וואס באציט זיך אויפן יאר 1932 (קיין שפעטערדיקע ציפערן וועגן דעם האבן מיר נישט) האט דער דורכשניטלעכער דעפאזיט פון א מיטגליד אין אן ארץ־ישראלדיקן קרעדיט - קאאפעראטיוו באטראפן 113 דאלאר, אין פארגלייך מיט 60 דאלאר אין ליטע, 58 אין פוילן, און 30 אין בעסאראביע. דער חלק פונם מיטגליד אינם קאפיטאל (די סומע פון זיינע אקציעס) האט באטראפן אין ארץ־ישראל 21 דאלאר, אין פארגלייך מיט ניין אין בעסאראביע, אכט אין פוילן און זעקס אין ליטע.

אויסער די דאָזיקע אַלגעמיינע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון איז דאָ אין ארץ־ישראל אַ ברייטע נעץ פון אַרבעטער קרעדיט־קאַסעס, וועגן וועלכע מיר וועלן רעדן באַזונדערס — אינם קאַפּיטל וועגן קאָאָפּעראַציע.

די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון און אַרבעטער־קאַסעס פון ארץ־ישראל ווערן אין אַ באַדייטנדער מאָס געשטיצט דורך „דער צענטראַל־באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס", וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער פריער־דערמאָנטער בראַנדייס־גרופּע אין אַמעריקע, און דער אַרבעטער־באַנק, וואָס איז געמיינזאַם געגרינדעט געוואָרן מיט פערצן יאָר צוריק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער אַרבעטער־„הסתדרות". פון אַ קליינעם אָנהויב האָט זיך די אַרבעטער־באַנק אַנטוויקלט אין אַ באַדייטנדע פינאַנץ־אַנשטאַלט, וואָס שאַפט קרעדיט פאַר אַגריקולטורעלע קאָאָפּעראַטיוון (קבוצות), קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטאַטן און בוי־פאַריינען. ביים סוף פון 1934 האָט זי פאַרמאָגט אַ קאַפּיטאַל פון 110,000 פונט און אַ דעפּאָזיטן־סומע פון 273,420 פונט.

באַמיענדיק זיך צו פאַרשטאַרקן דעם פינאַנץ־פונדאַמענט אונטער ווייטער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, האָבן זיך יידן דאָרט לעצטנס פאַראינטערעסירט מיט לעבנס־פאַרזיכערונג, אַלס אַ וויכטיקן צווייג פון פינאַנציעלן לעבן פון אַ לאַנד. אויסער דעם פאַרזיכערונגס־קאָאָפּעראַטיוו „הסנה", וועגן וועלכן מיר וועלן נאָך רעדן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט (אינם קאַפּיטל וועגן קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג), זענען געשאַפן געוואָרן איניקע יידישע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן, וואָס שטרייכן שטאַרק אונטער אין זייערע פּראָספּעקטן דעם נוצן, וועלכן זיי וועלן ברענגען דעם לאַנד דורך איינהאַלטן אין ארץ־ישראל דאָס געלט פאַר פּרעמיעס, וואָס גייט געוויינלעך אַוועק קיין אויסלאַנד. בדרך־כלל, הערשט אויף דעם פעלד דער זעלבער כאַאָס ווי אין די פּריוואַטע באַנק־געשעפטן. פונדעסטוועגן קריסטאַליזירן זיך פונם דאָזיקן כאַאָס צוויי געזעלשאַפטן, וואָס שיינען צו האָבן אין זיך די קערנדלעך פון אַ באַדייטנדער אַנטוויקלונג אין דער צוקונפט. דאָס איז די „יהודה פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט", וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט אַמעריקאַנער יידישן קאַפּיטאַל, און די „אַלגעמיינע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט" פון ארץ־ישראל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון אָרטיקע אונטערנעמער.

---

אונטערפירנדיק דעם סך־הכל פון די יידישע דערגרייכונגען אויפן פעלד פון פינאַנצן און קרעדיט האָבן מיר דעם איינדרוק, אַז ווי גרויס די

דאָזיקע דערגרייכונגען זאָלן נישט זיין אין איינצלנע פאַלן, איז זייער אַלגעמיינער רעזולטאַט פאָרט הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט די פּיינע יידישע אויפטואונגען אויפן פעלד פון לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע. דאָס איז באַזונדערס מערקווירדיק, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז יידן האָבן אַ שם אין דער וועלט, ביי פריינט און שונאים, אַלס די געבוירענע באַנקירן...

די איבערשטעלונג פון דעם קרעדיט־וועזן פונם לאַנד אויף בעסער־אָרגאַניזירטע און מער־קאָנסטרוקטיווע יסודות, איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וועלכע די ארץ־ישראלדיקע יידן האָבן נאָך אין דער צוקונפט.

## קאַפּיטל זיבן



# יידן אלס שטאָט־בויער

פון אַלע יידישע אויפטואונגען אין ארץ־ישראל איז אַממערסטן באַ־רימט אין דער וועלט די נייע און מאָדערנע שטאָט תּל־אביב, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אויף אַ פּלאַץ, וועלכער איז מיט צוואַנציק יאָר צו־ריק געווען אַן אמתער מדבר. מיט איר באַפעלקערונג פון 140,000 און דעם שנעלן טעמפּ פון איר ווייטערדיקן וווקס האָט תּל־אביב אַלע אויס־זיכטן צו ווערן איינע פון די גרעסטע שטעט אויפן מיטללענדישן ים.

לכתחילה איז תּל־אביב געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1909 פון אַ גרופּע יידישע איינוווינער פון יפו, וואָס האָבן געוואָלט שאַפן אַן אייגענע „גאָרטן־שטאָט", ווו זיי זאָלן קאָנען לעבן אין מער־סאַניטאַרישע באַ־דינגונגען, איידער אין דער אַלטער שטויביקער אַראַבישער שטאָט. די פאָרשטאָט איז אָבער שפּעטער געוואַקסן אַזוי גיך, אַז ביים היינטיקן טאָג האָט מען דעם איינדרוק, אַז יפו מיט אירע זעכציק טויזנט מערסטנס אַראַבישע איינוווינער איז גאָר אַ פאָר־שטאָט פון תּל־אביב... לעצטנס האָבן זיך יידן גענומען בויען אַ שנעל־וואַקסנדן שטאָטישן ישוב („בית וגן") אויף דער אַנדערער זייט פון יפו, צווישן מקוה ישראל און דעם ים. אַזוי אַרום ווערט די אַלטע יפו אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַן אַראַבישן אינזל אין מיטן פון אַ קאָמפּאַקטער יידישער גרויס־שטאָט.

ביים אויסבּרוך פון וועלט־קריג האָט דאָס יונגע שטעטל געהאַט 1313 איינוווינער און אינם יאָר 1920 איז די דאָזיקע צאָל געשטיגן ביז 3004. אין 1922 איז זי דערגאַנגען ביז 15,185, און אין נאָוועמבער 1931, בעת דער פאָלקס־ציילונג האָט זי באַטראָפן 45,564. זינט יענער צייט פאַר קנאַפּע פיר יאָר האָט זיך איר באַפעלקערונג מער ווי פאַר־דרייפאַכט!

דער הייזער־בוי אין תּל־אביב איז בסדר געשטיגן צוזאַמען מיט איר אַלץ־וואַקסנדער באַפעלקערונג. אָנהויבנדיק מיט 50 דירות, האָט תּל־

אביב ביים אויסברוך פון וועלט־קריג געהאט 182 הייזער. אינם יאָר 1920 האָט די בוי־טעטיקייט, וואָס איז אונטערגעבראָכן געוואָרן דורך דער מלחמה, זיך ווידער באַנייט, און זי האָט א באַזונדערס גרויסן פאַרנעם גענומען אינם יאָר 1922, ווען פאַר איין יאָר אַליין האָט די צאָל געביי־דעס אין דער שטאָט א שפּרונג געטאָן פון 242 ביז 1007!

די בוי־טעטיקייט אין תּל־אביב פאַר די לעצטע פיר יאָר ווערט אי־לוסטרירט אין דער פאָלגנדער טאַבעלע, וואָס גיט אָן די צאָל פון די צי־מערן און קלייטן, וואָס זענען אויסגעבויט געוואָרן אין יעדן יאָר, צוזא־מען מיט זייער שטח אין קוואַדראַט מעטער:

| יאָר | שטח אין קוואַדראַט מעטער | צאָל צימערן | צאָל קלייטן |
|---|---|---|---|
| 1931 | 65,795 | 1,566 | 139 |
| 1932 | 128,079 | 3,550 | 175 |
| 1933 | 353,322 | 10,714 | 320 |
| 1943 | 429,729 | 13,697 | 346 |

נישט קוקנדיק אויף איר אַלץ־וואַקסנדן פאַרנעם, איז די בוי־טעטי־קייט אין תּל־אביב נאָך אַלץ הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיטן פּאָק־טישן באַדאַרף אין וווינונגען. די אימיגראַציע גייט אָן אין א גרעסערן פאַרנעם, איידער דער בוי פון נייע וווינונגען, און דאָס שאַפט א גרויסע ענגשאַפט אין דער אַל־ייִדישער שטאָט. אין 1928 האָבן זיך אין תּל־אביב גערעכנט 1.8 נפשות אויף יעדן צימער. אין 1932 איז די דאָזיקע דורכשניטלעכע ציפער דערגאַנגען צו 2,1, און אינם יאָר 1935 האָט זי דערגרייכט צו 3.2!*).

ביזן יאָר 1922 איז תּל־אביב נישט אָנערקענט געוואָרן פון דער רע־גירונג אַלס א באַזונדערע שטאָט. זי האָט אָבער שפּעטער געקריגן די

*) אַ טייל פון די תּל־אביבער איינוווינער וווינען אין באַראַקן (צריפים) אויפן ראַנד פון דער שטאָט. אָרעמע אימיגראַנטן לעבן אין אַזעלכע „צריפים" חדשים און אַמאָל יאָרן, ביז די פאַרבעסערונג אין זייער מאַטעריעלער לאַגע דערלויבט זיי אַריבערגייען אין געמויערטע היי־זער, אָדער אַליין בויען אַ הייזל פאַר זיך אַליין. די דורכשניטלעכע צאָל פון איינוווינער אין געמויערטע צימערן, איז דעריבער עטוואָס נידעריקער, איידער די אויבנדערמאָנטע אָפיציעלע ציפערן. זי איז אָבער אַלנפאַלס נאָך אַ סך העכער איידער אין דער מערהייט אַנדערע שטעט פון דער וועלט

רעכט פון א באַזונדערער מוניציפּאַליטעט, און זי האָט איצט איר אויטאָנאָמע פאַרוואַלטונג, מיט אַן אייגענעם און אַליין־שטייענדן שטאָטישן בודזשעט. פאַר די לעצטע פינף יאָר האָט זיך דער בודזשעט פון תּל־אָביב פאַרפירפאַכט. אויפן יאָר 1935—1936 זענען די איינגאַמען פון דער שטאָט אויסגערעכנט געוואָרן אַלס 401,000 פונט, און אירע אויסגאַבן אַלס 398,000. זי האָט אינם יאָר 1934 אויסגעגעבן 70,000 פונט אויף עפנטלעכע געזונטהייט, 50,000 פונט אויף פאָלקס־בילדונג און 30,000 פונט אויף וואַסער ־ דינסט א. אַז. וו.

צוליב איר כּסדרדיקן וווקס און אירע אַליין־גרעסערע איינגאַמען האָט תּל־אָביב א גוטן קרעדיט אין די פינאַנץ־קרייזן פון לאָנדאָן. זי האָט דאָרט ערשט נישט לאַנג געקריגן אַן אָנלייהע פון א מיליאָן פונט, אויף בלויז פיר פּראָצענט א יאָר! דאָס געלט פון דער אָנלייהע וועט באַנוצט ווערן אויף א מאָדערנע קאַנאַליזאַציע, אויף שול־געביידעס און אַנדערע עפנטלעכע ארבעטן.

אויסברייטערונג און איבער־ספּעקולאַציע.

מיטן כּסדרדיקן וווקס פון דער באַפעלקערונג איז דער שטח פון תּל־אָביב אַלץ ברייטער געוואָרן. אַרומיקע זאַמד־פעלדער און ציטרוס־פּלאַנטאַציעס זענען אָפּגעקויפט געוואָרן, און צוטיילט געוואָרן אין בוי־פּלעצער. דאָס האָט געבראַכט צו ווילדער באָדן־שפּעקולאַציע, וועלכע איז באַזונדערס געשטיצט געוואָרן דורך דער ארץ־ישראלדיקער לאַנד־געזעצגעבונג, וואָס דערלויבט צו האַלטן אַגריקולטורעלע באָדנס ארום שטאָטישע ישובים נישט צאָלנדיק פאַר זיי קיין שטייערן, וואָס זאָלן זיין בהסכּם מיט זייער געשטיגענעם ווערט. דער פּועל־יוצא פון די ספּעקולאַטיוו־געשטיגענע גרונט־פּרייזן איז הויכע דירה־געלט, וועלכע איז אין פיל פאַלן איבער די כּחות פון די דורכשניטלעכע איינוווינער מיט זייערע באַשרענקטע אָרטיקע פאַרדינסטן.

די דאָזיקע שווערע לאַגע ווערט טיילווייז פאַרגרינגערט א דאַנק די צאָלרייכע בוי־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס מאָביליזירן די באַשיידענע אָפּשפּאָרונגען פון זייערע מיטגלידער מיטן צוועק צו באַזאָרגן זיי מיט אַן אייגענער היים. די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון הויבן אָן זייער טעטיקייט מיט זאַמלען באַשטימטע מאָנאַטלעכע סומען פון זייערע מיטגלידער. ווען זיי קלויבן אָן א געהעריקן מינימום, זוכן זיי צו קויפן א גרעסער שטיק לאַנד אין א פאָרשטאָט, ווו די באָדן־פּרייזן זענען נאָך נישט ארויפגעשרויפט

געוואָרן ביז אין הימל אַריין. דער צווייטער שריט איז צו באַזאָרגן די מיטגלידער מיט אָנלייהען, וואָס זאָלן מעגלעך מאַכן פֿאַר זיי צוטרעטן צום בוי. מערסטנס איז די געזעלשאַפֿט נישט בכּח צו בויען פֿאַר אַלע אירע מיטגלידער מיט אַמאָל. אין פֿיל פֿאַלן ווערן די ערשטע קאַנדידאַטן אויף צו קריגן די בוי־אָנלייהען אויסגעקליבן דורך גורל. דערווייל גייען די איבעריקע מיטגלידער אָן מיט זייערע מאָנאַטלעכע אָפּצאָלונגען, און די דאָזיקע צאָלונגען, פֿאַרגרעסערט דורך די סומען, וואָס ווערן צוריקגעצאָלט פֿון די מער גליקלעכע מיטגלידער, וואָס זענען שוין באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ הויז, שאַפֿן נייע פֿאָנדן פֿאַר ווייטערדיקער און גיכערער בוי־טעטיקייט. נאַטירלעך, נוצן אויס אַזעלכע קאָאָפּעראַטיוון אויכער אייגענע מיטלען, דעם מעגלעכן מאַקסימום פֿון היפּאָטעקן־קרעדיט (מאָרטגיידזשעס).

אין פֿיל פֿאַלן זענען אַזעלכע קאָאָפּעראַטיוון צופֿרידן צו דינגען לאַנד פֿונם נאַציאָנאַל־פֿאָנד, אָנשטאָט צו דערווערבן אים אַלס אייגנטום. דער צוועק פֿונם נאַציאָנאַל־פֿאָנד ביים איינקויף פֿון שטאָטישן באָדן איז בעיקר געווען אַראָפּצוקלאַפּן די באָדן־ספּעקולאַציע. עס שיינט אָבער, אַז די 277,000 קוואַדראַט מעטער, וועלכע דער נאַציאָנאַל־פֿאָנד פֿאַרמאָגט אין תּל־אָביב, זענען פֿאָרט נישט גענוג, כּדי צו האָבן אַן ערנסטע ווירקונג אויף דער לאַגע. אַפֿילו די אייגנטימער פֿון הייזער אויפֿן באָדן פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד ווערן אויך אַמאָל אַריינגעצויגן אינם טומל פֿון הויז־ספּעקולאַציע. נאַטירלעך, קאָנען זיי נישט פֿאַרקויפֿן דעם באָדן, אויף וועלכן זייערע הויז שטייט. זיי בויען אָבער אויפֿן דאָזיקן באָדן נייע געביידעס, אָדער שטעלן אַרויף אַ צווייטן שטאָק אויף זייער אורשפּרינגלעכער געביידע, נעמענדיק דערביי די געוויינלעכע הויכע דירה־געלט, וואָס איז אָנגענומען אין תּל־אָביב. אין אַן אַרבעטער־פֿאָרשטאָט, וואָס איז געבויט אויפֿן באָדן פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד (שכונת־באָראָכאָוו) האָט מען פּרובירט באַקעמפֿן די דאָזיקע דערשיינונג דורך שטרענגע תּקנות, און נאָך שטרענגערע מיטלען ווערן גענומען אין נייע פֿאָר־שטעט, וואָס ווערן איצט געגרינדעט אַרום תּל־אָביב. פֿונדעסטוועגן הערט מען אָפֿט די מיינונג, אַז דער פֿאַרזוך גובר צו זיין די ספּעקולאַציע דורך באָדן־באַזיץ פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד אין די שטעט איז נישט קיין געלונגענער און עס וועט זיין בעסער ווען די באַשרענקטע מיטלען פֿונם נאַציאָנאַל־פֿאָנד ווע־ן פֿון איצט אָן קאָנצענטרירט ווערן אויף זיין אייגנטלעכער גרונט־אויפֿגאַבע, — אויף קויפֿן באָדן פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿטלעכע צוועקן.

די מערסטע בוי־קאָאָפּעראַטיוון פון תּל־אביב ווערן אָנגעפירט פונם „צענטראַל־ביוראָ פון שטאָטישע אַרבעטער־זידלונגען", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דער „הסתּדרות" מיט פינף יאָר צוריק. אין תּל־אביב אַליין האָט די דאָזיקע צענטראַל־ביוראָ געהאָלפן צו באַזעצן 690 פאַמיליעס אין אייגענע דירות, און ס'איז פאַראַן די האָפנונג, אַז ביזן זומער 1936 וועט די דאָזיקע צאָל פאַרדרייפאַכט ווערן!

לעצטנס האָט אַ גרופּע פון געזעלשאַפטלעך - געשטימטע בירגער פון תּל־אביב, אונטער דער פירונג פונם מעיאָר, מאיר דיזענהאָף, אָרגאַניזירט אַ האַלב־פּריוואַטע געזעלשאַפט מיטן צוועק אָפּצוקויפן גרינטשטיקער לאַנד אַרום תּל־אביב און שאַפן דערמיט פּלאַץ פאַר איר וויטערדיקער אַנטוויקלונג. אויף וויפל די דאָזיקע „געזעלשאַפט פאַר דער אַנטוויקלונג פון תּל־אביב" וועט בלייבן ביי אירע אורשפּרינגלעכע צילאויפגאַבן, און וועט אַליין אויסגעהיט ווערן פונם נסיון פון ספּעקולאַציע איז דערווייל שווער צו זאָגן. אַלנפאַלס בלייבט די פראַגע וועגן וויטער אַנטוויקלען תּל־אביב, אויסמיידנדיק דערביי די געפאַרן פון איבער־ספּעקולאַציע, דער שווערסטער עקזאַמען פון יידישער קאָלאָניזאַציאָנס־פעאיקייט אין ארץ־ישראל.

לעצטנס האָט די רעגירונג, אונטער דעם דרוק פון די איבער־עקספּלואַטירטע שכנים, אַרויסגעגעבן געזעצן, וואָס באַשרענקען — אין פאַרווערן אין אייניקע פאַלן — שטייגערונגען פון שכר־דירה אין ירושלים און תּל־אביב.

די כּוונה פון די דאָזיקע געזעצן איז זיכער אַ גוטע, אָבער ס'איז מינדעסטוועגן אַ ספק, צי זיי וועלן ערנסט פאַרבעסערן די לאַגע. דערצו וואָלט נויטיק געווען צו מאַכן דעם נעכטן לאַגישן שריט, — עקספּראָפּריאירן פאַר געהעריקע אַנטשיידיקונג, — די אַגריקולטורעלע באָדנס אַרום די שטעט, און אויסנוצן זיי פאַר עפנטלעך־קאָנטראָלירטע בוי־אונטערנעמונגען מיט ביליקער דירה־געלט.

עס ווערט אויך אָנגעוויזן אויפן פאַקט, אַז אַפילו אין היינטיקן תּל־אביב זענען פאַראַן אַרום 2000 ליידיקע בוי־פּלעצער, וואָס זענען נישט פאַרבוים, — טיילווייז צוליב מאַנגל פון קאַפּיטאַל, און מערסטנס צוליב ספּעקולאַציע. מען הערט קלאַנגען, אַז די שטייער־פּאָליטיק פון דער איצטיקער שטאָט־פאַרוואַלטונג איז נישט ראַדיקאַל גענוג, כּדי צו צווינגען די באַזיצער פון די דאָזיקע ליידיקע בוי־פּלעצער צו פאַרקויפן זיי, אויב זיי קאָנען זיך אַליין נישט בויען אויף זיי. די שטאָט־פאָטערס זאָגן

אָבער, אַז דאָס איז נישט זייער שולד, און פאַראַנטוואָרטלעך איז די רעגירונג, וועמענס באָדן־פּאָליטיק, סיי אין שטאָט און סיי אין דאָרף, באַפאָרצוגט די באַזיצער פון אומאַנטוויקלטן אייגנטום אויפן חשבון פון די יעניקע, וואָס טוען עפּעס אויף זייער גרונט און באָדן.

## שטאָט און דאָרף אינעם אויפבוי פון ארץ־ישראל.

אין אייניקע ציוניסטישע קרייזן קוקט מען אויפן גיכן וווקס פון תל־אביב מיט אַ היפּש ביסל זאָרג. ס'איז פאַראַן אַ געפיל, אַז די דאָזיקע גיך־וואַקסנדע שטאָט ציט אַריין אַ צו־גרויסן טייל פון די יידישע אימיגראַנטן. זיי ווע־ן דערמיט אָפּגעריסן פון דאָרף און דאָרפישער אַרבעט, וואָס פאַרדינט דעם פאָרצוג אינעם אויפבוי פונם לאַנד. מען הערט אָפט די טענה, אַז תל־אביב איז געבויט אויף זאַמד, אַז זי האָט נישט אונטער זיך קיין געזונטע עקאָנאָמישע יסודות, און אַז דער איבערפלוס פון מיטל־קלאַס און ווייסע קאָלנערס, קאָן ווערן זייער געפערלעך אין פאַל פון אַן עקאָנאָמישן קריזיס.

אין דער דאָזיקער קריטיק איז זיכער פאַראַן אַ קערנדל אמת. ס'איז אָבער קיין ספק נישט, אַז אין די לעצטע פאָר יאָר האָט זיך אין תל־אביב אויפגעבויט אַ כסדר־וואַקסנדע אינדוסטריע, וואָס שאַפט אַ געזונטערן עקאָנאָמישן פונדאַמענט אונטער דער אַל־יידישער שטאָט. אייניקע פון אירע אינדוסטריען האָבן געפונען אַ גוטן מאַרק נישט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין די שכנותדיקע לענדער.

לויט דער פאָלקס־ציילונג פון 1931, זענען פון די 46,000 דעמאָלטיקע איינוווינער פון תל־אביב געווען נישט ווייניקער פון 19,000 ברויט־פאַרדינער, פערצן טויזנט מענער, און אַרום פינף טויזנט פרויען. פון די דאָזיקע ברויט־פאַרדינער זענען נישט ווייניקער ווי 6528 געווען פאַרנומען אין אינדוסטריע און האַנטווערק, און בלויז 1682 אין לאחדים־האַנדל. פון די איבעריקע פאַרדינערס זענען 804 באַשעפטיקט געווען מיט אַגריקולטור (וואַרשיינלעך אַרום תל־אביב), 960 אין טראַנספּאָרט, 693 אין בענק, לעבנס־פאַרזיכערונגס און עקספּאָרט־האַנדל, 428 אין רעסטאָראַנען און האָטעלן, 397 אויף עפנטלעכע שטעלן (מלוכה און שטאָט), 803 אין הויז־אַרבעט און 2322 אין פרייע פּראָפעסיעס (דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לערער א. אַז. וו.).

די אָפיציעלע סטאַטיסטיק ציילט אויך 3267 פערזאָנען אַלס נישט

נענוגנט־באַשריבענע פּראָפעסיעס. ווי מיר האָבן שוין געוויזן אין אַן אַנ־
דער פּלאַץ, מיינט דאָס נישט־קוואַליפיצירטע (שווארצע ארבעטער), בפרט
ביים הייזער־בוי. ס׳איז פאַראַן דעריבער דער גרונט צו גלויבן, אַז ביי אַ
נעוויינלעכע סיסטעם פון סטאַטיסטיק וואָלט מען אין תל־אביב געציילט
אַרום 9000 באַשעפטיקטע אין אינדוסטריע און בלויז 2000 אין האַנדל.
דאָס איז אַ מער־ווייניק נאָרמאַלע צעטיילונג, אויף פּראָפעסיס, און זי
אונטערשיידעט זיך גאַנץ שאַרף פון דער צעטיילונג, וועלכע מיר האָבן צווישן
שטאָטישע יידן אין גלות. נישט נאָר האָט ארץ־ישראל אַ גרעסערן פּראָצענט
פון דאָרפישע יידן, נאָר אויך אירע שטאָטישע יידן האָבן אַ געזונטערע
עקאָנאָמישע סטרוקטור, איידער אין גלות.

## תל אביב אַלס טוריסטן־צענטער.

כדי צו פאַרברייטערן דעם פונדאַמענט פון תל־אביבס וווילשטאַנד,
באַמיט מען זיך צו מאַכן זי פאַר אַ זאַמל־פונקט פון טוריסטן, און פאַר
אַ פּלאַץ פון ספּאָרט־געשעענישן און האַנדלס־אויסשטעלונגען. די דאָזיקע
באַמיאונגען שיינען צו האָבן אַ גאַנץ־באַדייטנדן דערפאָלג. דער תל־
אביבער קאַרנאַוואַל, וואָס ווערט יעדעס יאָר אַראַנזשירט אין פורים־צייט,
ברענגט אריין אַ סך באַזוכער פונם גאַנצן לאַנד, און איז אויך זייער פּאָ־
פולער ביי יידישע טוריסטן פון אויסלאַנד. נאָך דערפאָלגרייכער איז אין
דעם פּרט די „מכביאַדע", אַ יידישער אַטלעטישער וועלט קאָנגרעס,
וואָס קומט פאָר יעדן צווייטן יאָר אין תל־אביב. אַן אַנדערע וויכטיקע
אונטערנעמונג פון דעם מין איז דער „מזרח־יריד", ווו ארץ־ישראלדיקע
און אויסלענדישע פּראָדוקטן זוכן צו דעראָבערן דעם אַלץ־וואַקסנדן אָרי־
ענטאַלישן מאַרק. דער לעצטער מזרח־יריד איז באַזוכט געוואָרן פון 600,000
פערזאָנען. עס זענען אין אים געווען פאַרטרעטן דרייסיק לענדער מיט
2895 אויסשטעלער, פון וועלכע 675 זענען געווען פון ארץ־ישראל. דער־
נעכסטער מזרח־יריד איז באַשטימט אויף פרילינג 1936.

די שטאָט־פאָטערס פון תל־אביב באַמיען זיך אויך צו שאַפן דער
שטאָט אַ גוטע רעפּוטאַציע אַלס אַ ים־קוראָרט, און צוציען דערמיט אַ
באַדייטנדע צאָל פון באַזוכער אין די זומער־חדשים, ווען דער געוויינ־
לעכער שטראָם פון אויסלענדישע טוריסטן ווערט שוואַכער. מען טרוימט
אויך וועגן פאַרוואַנדלען תל־אביב אין אַ מיטל־פונקט פון מוזיק און
קונסט, און שאַפן פאַר דער שטאָט אַ נאָמען אַלס אַ מעדיציניש „מע־

קאַ", ווותין מען זאָל וואַנדערן פון אַלע אַרומיקע לענדער צו באַראַטן זיך מיט באַרימטע דאָקטוירים. דערווייל זענען די באַמיאונגען אין דער ריכטונג נאָך אין אָנהויב, און עס קוקט אויס, אַז אין דעם זין וועט די אַלטע ירושלים, מיט איר אוניווערזיטעט זיין אַן ערנסטע קאָנקורענץ.

## די פּאָרט־פראַגע פון תּל אבי־ב.

דער עקאָנאָמישער ווווילשטאַנד פון תּל־אביב וואָלט געשטאַנען אויף פיל שטאַרקערע יסודות, אויב דער דערבייאיקער פּאָרט פון יפו וואָלט אויסגעבריטערט און מאָדערניזירט געוואָרן אין א פאָרנעם, וואָס זאָל באַפרידיקן דעם אַלץ־וואַקסנדן באַדאַרף פון תּל־אביב און דער אַרומיקער פּרדסים־געגנט.

דער איצטיקער פּאָרט פון יפו איז אַן אָפענער פּלאַץ, מיט געפערלעכע פעלזן ביים סאַמע ברעג. אָנקומענדיקע שיפן מוזן דעריבער זיך אָפּשטעלן א מייל פונם ברעג און די אויסלאָדונג פון סחורה און פּאַסאַזשירן ווערט געטאָן מיט דער הילף פון קליינע שיפלעך, וואָס מוזן אָפט אונטערברעכן זייער אַרבעט דורכן שטורמישן וועטער. די לאָדונגס־מעגלעכקייטן אינם שמאָלן פּאָרט, וואָס איז אַריינגעקוועטשט צווישן אַרומיקע הייזער, איז אַזוי קליין, אַז פאַר די לעצטע פּאָר יאָר האָט די האַפן־פאַרוואַלטונג עטלעכע מאָל געמוזט פּראָקלאַמירן „אויסרו־וואָכן", במשך פון וועלכע קיין שום סחורה פון אָנקומענדיקע שיפן האָט נישט געטאָרט אָנגענומען ווערן. בעת דעם לעצטן מאַראַנצן־סעזאָן איז דער גאַנצער פאַרקער פון אימיגראַנטן און טוריסטן איבערגעפירט געוואָרן קיין חיפה. די אויסבעסערונגען, וואָס ווערן איצט געמאַכט אינם יפוער פּאָרט, ווערן באַטראַכט אין תּל־אביב אַלס לחלוטין אומגענוגנד, און דער פאַרלאַנג נאָך אַן אייגענעם האַפן ווערט דאָרט אַלץ עקשנותדיקער און שטאַרקער. וויניקסטנס פאָדערט תּל־אביב דאָס רעכט צו אימפּאָרטירן דירעקט, אָן יפו, סחורות, וואָס פאַרנעמען אַ סך פּלאַץ, למשל האָלץ. גראָד איז תּל־אביב, אין וועמענס גרענעצן דער טייך ירקון פאַלט אַריין אין ים, אַ מער באַקוועמער און נאַטירלעכער פּלאַץ פאַר אַ האַפן, איידער די שכנותדיקע יפו, און אויך די פראַגן וועגן פינאַנצן וואָלטן וואַרשיינלעך נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין גרויסע שוועריקייטן.

צוליב די הויכע גרונט - פרייזן אין תּל־אביב האָבן זיך פיל ייִדן באַזעצט אין די גרענעצן פון דער שכנותדיקער יפו, וועלכע ציילט היינט

15,000 יידן צווישן אירע 60,000, מערסטנס אראַבישע, איינוווינער. עס זענען דאָ גאַנצע יידישע פאַרשטעטלעך אין די גרענעצן פון יפו. צו־זאַמען באַטרעפט די צאָל פון יידן אינם שטאָטישן קאָמפּלעקס פון יפו — תל־אביב ארום 155,000.

## שפּראַכן אין תל־אביב

תל־אביב, וועמענס גאַנצע באַפעלקערונג געהערט מיט ווינציקע אויסנאַמען צו איין איינציקן פאָלק, יידן, האָט פונדעסטוועגן אַן אינ־טערנאַציאָנאַלן אויסזען צוליב די דאָזיקע יידן אַליין, וואָס זענען קולטו־רעל באַאיינפלוסן דורך די פאַרשידענע לענדער, פון וועלכע זיי קומען. לויט דער לעצטער פאָלקס - ציילונג, זענען 71 פּראָצענט פון די תל־אביבער איינוווינער געבוירן געוואָרן אין חוץ־לארץ, און אויב מען זאָל פון דער דאָזיקער סטאַטיסטיק אויסשליסן די מינדעריעריקע קינדער, וועט דער פּראָצענט פון די פרעמד - געבוירענע צווישן תל־אביבס איינ־וווינער דערגייען ביז 85. וואַרשיינלעך איז איצט דער דאָזיקער פּראָצענט נאָך העכער צוליב דער גרויסער אימיגראַציע פון די לעצטע דריי יאָר.

לויט דער לעצטער פאָלקס־ציילונג, פאַרנעמט פוילן דעם ערשטן פּלאַץ צווישן די אָפּשטאַמונג - לענדער פון די תל־אביבער פרעמד־געבוירענע איינוווינער. דעם צווייטן פּלאַץ פאַרנעמט רוסלאַנד, דעם דריטן — דייטשלאַנד. דערנאָך קומט ליטע, רומעניע, תימן, גריכנלאַנד און צענט־ליקער אַנדערע לענדער. ס'איז שווער צו געפינען אַ לאַנד, פון וואַנען עס זאָל נישט שטאַמען כאָטש איין תל־אביבער ייד!

נאַטירלעך, ווערט דער איבערוואָג פון די פרעמד־געבוירענע אין דער באַפעלקערונג פון תל־אביב אָפּגעשפּיגלט אין דער גרויסער פאַרשידנ־הייט פון שפּראַכן, וואָס ווערן דאָרט גערעדט. ווען איינער מיט אַ גוטן באַגריף פון שפּראַכן זאָל אַוועקשטעלן זיך שבת־צו־נאַכט אויף אַ טראָ־טואַר פון אַלענבאַי־גאַס, דער הויפּט - שפּאַציר - גאַס פון תל־אביב, און זיך איינהערן צו די לשונות פון דעם שפּאַצירנדן עולם, וועט ער האָבן דעם איינדרוק פון אַ לינגוויסטישן בבל. זיין איינדרוק וועט זיין, אַז די אַממערסטן געברויכלעכע שפּראַכן זענען יידיש און העברעיש, אויף וועלכע עס ווערט געפירט איבער אַ העלפט פון אַלע געשפּרעכן. דעם דריטן פּלאַץ נאָך זיי פאַרנעמט דייטש. דערנאָך קומען פּויליש, רוסיש, ענגליש און אַראַביש. אַראַביש ווערט אין תל־אביב באַנוצט נישט נאָר

דורך געסט פון דער שכנותדיקער יפו, נאר אויך פון א ׳גרויסן טייל פון איר אייגענער יידישער באפעלקערונג, פון די אריענטאלישע יידן, וואס מאכן אויס בערך 10 פראצענט פון אלע אירע איינוווינער. עטוואס זעלטענער הערט מען איצט פראנצויזיש, שפאניאליש, רומעניש און אייניקע אנדערע שפראכן. בדרך כלל וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאגן, אז אויב איינער זאל רעגיסטרירן הונדערט געשפרעכן אויף א תל־אביבער גאס, וועלן זיי זיין נישט ווייניקער, ווי אין צען פארשידענע שפראכן.

תל־אביב איז אבער נישט נאר א שפראכלעכער בבל, נאר אויך א שפראכלעכער שמעלץ־טאפ. די באמיאונגען צו פאראייניטלעכן די שפראך פון דעם יונגן דור דורך העברעאישע שולן גייען אן אויף זייער אן ענערגישן אופן. אויסער דעם העלפט די תל־אביבער פרעסע, די טעאטערס און דאס הויך־אנטוויקלטע עפנטלעכע לעבן צו פארשפרייטן א געוויסע קענטעניש פון העברעאיש אויך צווישן דעם עלטערן דור. לײדער, מערקט זיך דערביי א היבש ביסל שפראך־פאנאטיזם, וואס שאפט פיל שוועריקייטן פאר די נייע איינגעוואנדערטע...

לויטן אויסערלעכן אויסזען איז תל־אביב א פולשטענדיק אייראפעישע, אדער נאך ריכטיקער, אמעריקאנער שטאט אין הארץ פון נאנטן מזרח. עס פילט זיך א שטארקער קאנטראסט, ווען איינער קומט אריין אין תל־אביב פון דער שכנותדיקער יפו מיט אירע קרומע פארשטויבטע און פארשמוציקטע געסלעך, און ער דערזעט פאר זיך גלייכע, גוט - געפלאנטע גאסן, געהאלטן אין פולער ארדנונג און ריינקייט, און אן אייראפעיש געקליידעטן עולם, וואס איילט צו זיינע געשעפטן אדער ארבעט.

תל־אביב האט אבער אויך ערנסטע חסרונות, וואס שטאמען אממערסטן פון דער איבערוואג פון גרונט־שטיק אינטערעסן אין איר אויפבוי. זי האט, צום ביישפיל, נישט קיין ריכטיקן פארק, און איר נאטירלעך שיינער ים־ברעג איז פארמיאוסט דורך צוזאמענגעווארפענע געביידעס אן דעם קלענסטן פלאן און ארטיסטישן חוש. די פירער פון דער שטאט אנערקענען איצט די דאזיקע חסרונות און באמיען זיך זיי אויסצובעסערן. מיין איינדרוק איז אבער, אז דאס ווערט נישט געטאן אין א גענוגנדן פארנעם.

### די נײַע ירושלים

אויסער תל־אביב האָבן די ארץ־ישראלדיקע יידן געהאט נאָך איי־ניקע געלעגנהייטן צו ווייזן זייער בריהשקייט אלס שטאָט־בויער. זיי האָבן פּאַקטיש איבערגעבויט ירושלים דורך אַרומרינגלען די אַלטע, אַרומגעמויערטע שטאָט, מיט אַ רייע פון מאָדערנע פאָרשטעט. קומענדיק נענטער איינע צו דער אַנדערער, האָבן די דאָזיקע פאָרשטעט צוביסלעך אַריינגענומען אין זיך דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן פון ירושלים, און זיי זענען איצט די אייגנטלעכע שטאָט.

דער בוי פון די דאָזיקע פאָרשטעט איז אָנגעהויבן געוואָרן נאָך לאַנג פאַר דער מלחמה, אָבער ערשט אין די לעצטע צען יאָר האָט די שטאָט זיך אָנגעהויבן בויען לויט אַ באַשטימטן, און פאָרויס אויסגע־אַרבעטן פּלאַן. ברייטע און שיין אויסגעלייגטע דורכפאָר־גאַסן, פּלאַ־נירט מיט פיינע מאָדערנע הייזער, ענדערן צוביסלעך דעם גאַנצן אויסזען פון דער אַלטער שטאָט. די ברייטע אויסנוצונג פונם אָרטיקן גראַניט־שטיין, וואָס גיט די געביידעס אַ מערקווירדיק אימפּאָנירנדיקן אויסזען, און דער אייגנאַרטיקער חן פון די יהודה ־ בערג, אויף וועלכע די שטאָט איז צעוואָרפן, און דער פאַקט, וואָס די וויכטיקסטע געביידעס פון ירוש־לים זענען אויסגעבויט געוואָרן פון פאַרשידענע אויסלענדישע פעלקער, וואָס יעדער פון זיי האָט אַריינגעבראַכט זיין אייגנאַרטיקן סטיל און איי־גענע אַרכיטעקטאָרישע אידייען — האָבן אַלע צוזאַמען געהאָלפן ירוש־לים, ווערנדיק אַ מאָדערנע שטאָט, דאָך אויסהיטן זיך פונם אייניטאָניקן שאַבלאָן, וואָס קומט אָפט מיט מאָדערניזם, און איינהאַלטן אַ באַזונדערן קאָליר, אַ באַזונדערן עקזאָטישן צויבער.

דער ווייטערדיקער וווקס פון ירושלים מיט אירע 100,000 איינוווי־נער ווערט שטאַרק געשטערט צוליב דעם מאַנגל אין וואַסער ספּעציעל פאַר אינדוסטריע און צוגרייטונג פון בוי־מאַטעריאַלן. דער דאָזיקער חסרון וועט אינגיכן באַזייטיקט ווערן דורך דעם בוי פון אַ וואַסער־ליניע (אַקוועדוקט) פון דעם טייך ירקון. דער אַקוועדוקט, וואָס ווערט פינאַנסירט פון דער לעצטער רעגירונגס ־ הלוואה אין לאָנדאָן, און וואָס הויבט דאָס וואַסער אויף 600 מעטער, — פונם טאָל פון שרון ביז די בערג פון יהודה, — האַלט איצט ביי פאַרענדיקט ווערן. ער וועט זיכער אַ סך העלפן דעם ווייטערדיקן אויפבוי פון דער היסטאָרישער הויפּט־שטאָט פונם לאַנד.

## דער וואוקס פון חיפה.

א גרויסע שטאָטישע אויפבוי־אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון יידן אין חיפה, א שטאָט, וועלכע האָט צוליב איר גינסטיקער געאָגראַפישער פּאָזיציע, אַלע אויסזיכטן צו ווערן איינע פון די גרעסטע פּאָרט - שטעט אויפן מיטללענדישן ים. צווישן אירע 90.000 איינוווינער געפינען זיך איצט אַרום 40.000 יידן, 30 טויזנט מאַכמעדאַנער און 20 טויזנט קריסטן.

נאָכמאַכנדיק דעם ביישפּיל פון תל־אביב, האָט א גרופּע חיפהער יידן אָנגעהויבן נאָך פאַר דער מלחמה בויען א ריין־יידישע פאָרשטאָט מיטן נאָמען „הדר הכרמל“. מאַלעריש געלעגן אויפן אַראָפּגאַנג פונם כרמל־באַרג, איז „הדר הכרמל“ ביז דער לעצטער צייט באַשטאַנען אויב־שליסלעך פון וווין־הייזער, און אַלע געשעפטן זענען געטאָן געוואָרן אונטן אין שטאָט. איצט אָבער ווערט די הויפּט־גאַס פון „הדר־הכרמל“ אָנ־געפולט מיט געשעפטן און ביוראָס, און עס שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז עס ווערט אַהין אריבערגעטראָגן א טייל פון די געשעפטן פון דער אייגנט־לעכער שטאָט. ס'איז פונדעסטוועגן אומוואַרשיינלעך, אַז „הדר־הכרמל“ זאָל ווען נישט איז ווערן א צווייטע תל־אביב: איר שטח איז נאַטירלעך באַשרענקט צוליב דעם באַרג אין הינטערגרונט, און אויסער דעם, איז דאָס געשעפטלעכע לעבן פון חיפה צו־שטאַרק פאַרבונדן מיטן פּאָרט, און קאָן נישט צוגענומען ווערן פון זיין דירעקטער שכנות. אגב, האָבן יידן אין צענטער שטאָט אויסגעבויט צוויי מאָדערנע געשעפטס־צענטערן, וואָס זענען אין קיין פּרט נישט הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט מאָ־דערנע אונטערנעמונגען אין אייראָפּע.

אויסער דעם הדר־הכרמל, האָבן יידן לעצטנס אויסגעבויט א רייע פון פאָרשטעט ביים ים־ברעג צווישן חיפה און עכו. בוי־קאָאָפּעראַטיון, אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון דער אַרבעטער־פעדעראַציע (הסתדרות), האָבן דאָרט אויפגעשטעלט פאַר די לעצטע דריי יאָר נישט ווייניקער פון 780 אַרבעטער - הייזער, אויף א באָדן, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין זייער רשות פונם נאַציאָנאַל - פאָנד, פיר מייל פון דער שטאָט. נאָך 500 הייזער זענען דאָרט געבויט געוואָרן דורך בוי - געזעלשאַפטן פון מיטל־קלאַס־יידן און איינציקע יחידים.

ביים זעלבן ים - איינגוס פון חיפה (מפרץ חיפה), נענטער צום פּאָרט, איז אויסגעטיילט געוואָרן א ברייטע אינדוסטריעלע זאָנע, וואו

עס געפינען זיך די וויכטיקסטע פאַבריקן פון דער וואקסנדער פּאָרט־שטאָט. מיטן אויסנאַם פון די טאַנקן, ראַפינעריעס און לאָדונג־סטאַציעס פון דער „איראַק ־ פּעטראָלעאום ־ קאָמפּאַני" און די אייזנבאַן ־ וואַר־שטאַטן פון דער רעגירונג — געהערן זיי אַלע צו יידן.

צו דרום צו חיפה געפינט זיך אַ יידישע פאָרשטאָט מיטן נאָמען „בת גלים", וועלכע וועט וואַרשיינלעך ווערן דער אָנהויב פון אַ בוי־טעטיקייט אין אַ נייער ריכטונג.

כאָטש די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון חיפה ציט זיך צו איר נייעם פּאָרט, גייט פונדעסטוועגן אויך אָן אַ באַדייטנדע בוי־טעטיקייט אויף דעם הר ־ הכרמל, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ געזונטן און קילערן קלימאַט. דאָרט זענען לעצטנס אויסגעבויט געוואָרן פיל פיינע וווין־הייזער, און דער פּלאַץ ווערט אויך באַטראַכט אַלס אַ פּאַסנדער זומער־פּלאַץ, וואָס ציט־צו אין די הייסע חדשים פון יאָר אַ היפּשע צאָל מענטשן פון אַנדערע הייסערע געגנטן פונם לאַנד, פאַר וועלכע עס זענען דאָרט אויסגעבויט געוואָרן עטלעכע האָטעלן און פּענסיאָנאַטן. דאָרט איז אויך אויסגעבויט געוואָרן, פון דער אַרבעטער ־ קראַנקן ־ קאַסע, (קופּת־חולים) אַ זומער ־ סאַנאַטאָריע אויפן נאָמען פון באָראָכאָוו. דער ווערט פון כרמל אַלס אַפּרו־פּלאַץ איז פאַרגרעסערט געוואָרן דורך אינטענסיווע באַוועלדערונג, וואָס איז אויך אים דורכגעפירט געוואָרן פון יידישע גע־זעלשאַפטן באַלד נאָך דער מלחמה.

אויפן צפונדיקן אָראָפּגאַנג פון כרמל געפינט זיך נאָך אַ פאָרשטאָט „נוה שאנן", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון יידישע בעלי־מלאכות און באַאַמטע מיט אַ יאָר 15 צוריק.

דער וווקס פון דער בוי ־ טעטיקייט אין חיפה און דער אָנטייל פון יידן אין איר, ווערט געשילדערט אין דער פאָלגנדער טאַבעלע:

בוי־טעטיקייט אין חיפה:

| געבויט פון | צאָל פון נייע צימערן | | | | צאָל פון נייע קראָמען | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1931 | 1932 | 1933 | 1934 | 1931 | 1932 | 1933 | 1934 |
| יידן | 347 | 706 | 3833 | 5640 | 20 | 34 | 173 | 202 |
| קריסטן | 254 | 307 | 1249 | 1606 | 62 | 13 | 103 | 105 |
| מאַכעמדאַנער | 222 | 226 | 666 | 692 | 4 | 3 | 34 | 47 |
| בסך הכל | 823 | 1239 | 5748 | 7938 | 50 | 50 | 310 | 354 |

## די שטעט פון גליל.

אַ מאָדערנע פאָרשטאָט איז אויך אויסגעבויט געוואָרן פון ייִדן אין טבריה, דער שטאָט אין גליל, וואָס איז באַרימט מיט אירע מינעראַלישע הייל - קוואַלן. געלעגן אויף אַ בערגל איבער דער אַלטער שטאָט, איז קרית שמואל, מיט איר געזונטערן קלימאַט, באַוואוינט פון די מער פּראָגרעסיווע איינוואוינער פון דער בכלל אָפּגעשטאַנענער אַלטער שטאָט.

אין יוני 1934 איז די אַלטע טבריה טיילווייז צעשטערט געוואָרן דורך אַ פאַרפלייצונג, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון אַן אומגעריינלעכן וואָלקנבּרוך. פיל געביידעס זענען אַוועקגעטראָגן געוואָרן פונם וואַסער און אַרום דרייסיק מענטשלעכע לעבנס זענען דערביי אומגעקומען. ס'איז מעגלעך, אַז דער דאָזיקער נאַטור - אומגליק וועט געבן אַ שטופּ צו אַן אַלגעמיינעם איבערבוי פון דער שטאָט אויף געזונטערע און מער מאָדערנע יסודות.

אַן אַנדערע פאַרשלאָפענע שטאָט איז צפת, די הייליקע שטאָט פון מקובלים. נישט קוקנדיק אויף איר פיינעם באַרג - קלימאַט און געוויסע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן אַרום איר, האָט די דאָזיקע אַלטע שטאָט איצט ווייניקער ייִדישע איינוואוינער איידער פאַרן קריג.

געוויסע האָפענונגען ווערן איצט געלייגט אין צפת אויפן פּלאַן צו פאַרוואַנדלען דעם שכנותדיקן באַרג כּנען, איינע פון די פיינסטע געגנטן אינם לאַנד, אין אַ זומער - קוראָרט פאַר די איינוואוינער פון די זון־פאַרבּרענטע אַרץ־ישראלדיקע טאָלן. די אויסזיכטן פונם דאָזיקן פּלאַן זענען לעצטנס געשטיגן צוליב די באַמיאונגען פון אַ רייכער ייִדישער פרוי פון סינגאַפּור, וואָס איז פאַראינטערעסירט אינם ווידעראויפבוי פון דער פאַרנאַכלעסיקטער שטאָט. זי האָט דאָרט אויסגעבויט אַ פּאָר צענדליק הייזער, און אַנדערע זענען איצט שיינבּאַר גרייט צו פאָלגן אין אירע טריט.

פלענער אויפצובויען אַ נייע שטאָטישע זידלונג ביי חברון, איינער פון די עלטסטע שטעט פון לאַנד, זענען צונישט געוואָרן דורך דעם בלוטיקן פּאָגראָם פון אויגוסט 1929, וואָס האָט אָנגענומען אין דער היסטאָרישער שטאָט די פאָרם פון אַ שרעקלעכער שחיטה. די מערסטע פון אירע דעמאָלטיקע ייִדישע איינוואוינער האָבן זי פאַרלאָזן, און דער געדאַנק וועגן איר ווידעראויפבוי אַלס ייִדישער צענטער, איז אָפּגעלייגט געוואָרן פאַר דער ווייטערדיקער צוקונפט.

עס האָט זיך אויך נישט איינגעגעבן דער פּלאַן פון אַ שטאָט בײַ עפולה, אַן אייזנבאַן־סטאַציע אינם האַרץ פון עמק יזרעאל. די „אמע־ריקען זייאָן קאָמאָנוועלטה", וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָכן קריג מיטן געדאַנק צו ריכטן די פּריוואַטע איניציאַטיוו פון אַמעריקאַנער יידן קיין ארץ־ישראל, האָט דאָרט געקויפט אַ גרויסע שטרעקע לאַנד און געלייגט דעם פונדאַמענט פון אַ שטאָט, וואָס האָט געקראָגן דעם נאָמען „עיר יזרעאל" און איז ווייט און ברייט רעקלאַמירט געוואָרן אַלס אַ „צווייטע תל־אביב". עס קוקט אויס, אַז די „שטאָט" האָט בײַ יענער צייט נישט געהאַט קיין געזונטן עקאָנאָמישן פונדאַמענט, און אויסערדעם האָבן אירע גרינדער באַהאַנדלט דעם גאַנצן ענין לויטן מוסטער פון צווייפל־האַפטע גרונטשטיק־אַנטוויקלונג (ריעל עסטייט דעוועלאָפּמענט) אין אַמעריקע, אָן גענוגנדיקער אחריות און פאַרשטענדעניש פון די ספּע־ציעלע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון ארץ־ישראל. דער רעזולטאַט איז אַ מין אנדרוגנס, וואָס איז נישט קיין שטאָט און נישט קיין דאָרף, און האָט נאָך ביז איצט נישט קיין פעסטן פונדאַמענט אונטער די פיס. איר צאָל איינוואוינער, אַרום טויזנט נפשות, איז פּאַקטיש קלענער, איי־דער פיל דערפאָלגרייכע קאָלאָניעס, וואָס פּוצן זיך נישט מיטן הויכן שטאָטישן טיטול.

מיט פולער אָנערקענונג פון אַ פּאָר אומגעלונגענע פּראָיעקטן, בלייבט פונדעסטוועגן דער אַלגעמיינער איינדרוק וועגן די ארץ־ישראל־דיקע יידן אַלס שטאָט־בויער, זייער אַ גינסטיקער. זיי האָבן באַוויזן אויסצובויען אין אַ קורצער צייט אַ נייע און בליענדע שטאָט — תל־אביב, — וועלכע ווערט מיט רעכט באַצייכנט אַלס די מוסטער־שטאָט פונם גאַנצן נאָענטן מזרח, און זיי האָבן אויך גענומען די איניציאַטיוו און אַנטשיידנדן אָנטייל אינם ווידעראויפבוי פון די אַנדערע שטעט אין ארץ־ישראל. זייערע לייסטונגען אויף דעם פעלד ווערן אָנערקענט אפילו דורך די גרעסטע קענער פון דער יידישער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל.

קאַפּיטל אַכט



# די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין ארץ-ישראל

דער וויכטיקער פּלאַץ, וועלכן די קאָאָפּעראַטיוון פאַרנעמען אינם אויפבוי פונם נייעם ארץ־ישראל, איז איינער פון די אינטערעסאַנטסטע שטריכן פון דער דאָרטיקער אויפבוי־אַרבעט. אין ערגעץ ווערט קאָאָפּעראַציע נישט באַנוצט פילזייטיקער און דערפאָלגרייכער איידער צווישן די יידן אין ארץ־ישראל. אויף אַ באַפעלקערונג פון אַ דריטל מיליאָן יידן זענען דאָרט איצט פאַראַן נישט ווייניקער פון 600 קאָאָפּעראַטיוון.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין ארץ־ישראל באַשרענקט זיך נישט מיט שפּייז־קראָמען, בעקערייען און לייקאַסעס, וואָס זענען איר הויפּט־פונדאַמענט אין אַנדערע לענדער. זי דרינגט טיף אַריין אין די אַגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע פּראָדוקציע פון לאַנד.

נאָך פאַרן קריג האָבן ארץ־ישראלדיקע פּיאָנערן געשאַפן עטלעכע קבוצות, וואָס זענען באַזירט נישט נאָר אויף געמיינזאַמער אַרבעט, נאָר אויך אויף געמיינזאַמען געברויך (די קבוצות ווערן באַזונדערס באַשריבן אין אונזער נעכסטן קאַפּיטל). באַלד נאָך דעם זענען אין חיפה געגרינדעט געוואָרן די ערשטע אינדוסטריעלע קאָאָפּעראַטיוון, די האָלץ־פאַבריק „כרמל״ און דער מעכאַנישער וואַרשטאַט „עמל״. נאָך דער מלחמה איז דער קאָאָפּעראַטיווער פּרינציפּ באַנוצט געוואָרן אין קאָנטראַקט־אונטערנעמונגען: אין דער בוי־אינדוסטריע, אין פלאַנצונג פון פרדסים, אין דעם בוי פון וועגן, טרוקענונגס־אַרבעטן, עקספּאָרט און אימפּאָרט, ווי אויך אויף טראַנספּאָרט, באַנק־טעטיקייט, לעבנס־פאַרזיכערונג א. אַז. וו.

## לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַרקויף־קאָאָפּעראַטיוון.

דער עלטסטער ארץ־ישראלדיקער קאָאָפּעראַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1896 מיטן צוועק צו פאַרקויפן דעם וויין פון די יידישע

קאָלאָניעס. זייערע קעלערס, בעיקר אין ראשון לציון, נעמען אריין אבער אכט מיליאָן ליטער וויין, און איר יערלעכער פאַרקויף, הויפּטזאַכלעך אין אויסלאַנד, שטייגט אריבער 100,000 פונט. די טעטיקייט פונם דאָזיקן קאָאָפּעראַטיוו איז נאָך דעם קריג שטאַרק פאַרשמעלערט געוואָרן צוליב דער שליסונג פון די וויכטיקסטע צוויי מערק, אויף וועלכע ער איז אויסגערעכנט געוואָרן — דעם רוסישן, צוליב דער רעוואָלוציע, און דעם אַמעריקאַנער — צוליב פּראָהיבישאָן. דער רוסישער מאַרק איז געבליבן פאַרמאַכט ביזן היינטיקן טאָג. דער אַמעריקאַנער מאַרק, וואָס איז פאָרמעל געעפנט געוואָרן אין 1934, מיט דער אָפּשאַפונג פון פּראָהיבישאָן, בלייבט זייער באַשרענקט צוליב דעם הויכן טאַריף, און דעם פאָרצוג, וואָס אַמעריקע גיט צו די פּראָדוקטן פון לענדער, מיט וועלכע זי האָט ספּעציעלע אָפּמאַכן אויפן פּרינציפּ פון קעגנזייטיקייט.

די מערסטע ציטרוס ־ פרוכט פון די ארץ־ישראלדיקע פרדסים ווערט עקספּאָרטירט אויף אַ קאָאָפּעראַטיווער גרונטלאַגע. דער עלטסטער און גרעסטער פון די ציטרוס ־ קאָאָפּעראַטיוון אין ארץ־ישראל, איז דער „פרדס", וועלכער פאַרקויפט בערך אַ דריטל פון דער גאַנצער יידישער ערנטע. צוליב די באַשרענקונגען, וועלכע דער „פרדס" מאַכט אין דער אויפנאַמע פון נייע מיטגלידער, האָבן זיך פאַר די לעצטע יאָרן אָרגאַנירט עטלעכע קלענערע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס ווערן צוביסלעך פאַראייניקט אין גרעסערע און שטאַרקערע פאַרקויפס ־ אָרגאַניזאַציעס. איינער פון זיי איז „הית" (די ראשי ־ תבות פון „המשביר", „יכין" און „תנובה"), וועלכער איז אָרגאַניזירט פון דער הסתדרות. ער עקספּאָרטירט מאַראַנצן אַממערסטנס צו די גרויסע איינקויף־געזעלשאַפטן פון די ענגלישע קאָנסום־פאַריינען.

## דער ערפאָלג פון „תנובה".

דער פאַרקויף פון די יידישע דאָרפישע פּראָדוקטן אויפן היימישן מאַרק פון ארץ־ישראל, ווערט אַממערסטנס דורכגעפירט דורך דער „תנובה", דער קאָאָפּעראַטיווער פאַרקויף ־ אָרגאַניזאַציע, וואָס שטייט אונטער דער אויפזיכט פון דער הסתדרות. פון קליינע אָנהייבן האָט זיך די „תנובה" אַרויפגעאַרבעט צו אַ גרויסער און שטאַרקער אָרגאַניזאַציע, וועמענס יערלעכער אומזאַץ באַטרעפט איצט איבער 350,000 פונט. זי

פּאַרקויפט אַממערסטן מילך און מילך - פּראָדוקטן, אייער, גרינס, הינער, פרוכט, האָניג א. אז. וו.

די „תנובה" הויבט אויך אָן אריינשטעקן א פּוס אין געוויסע אַגרי־קולטורעלע אינדוסטריעס. זי פּאַרמאָגט עטלעכע מאָדערנע מעלקערייען מיט די נייעסטע מעכאַנישע איינריכטונגען. זי פּראָדוצירט בשותּפות מיט א פּריוואַטן יידן א מין געטראַנק „צוף", וואָס ווערט געמאַכט פון האָניג, און זי האָט אויך געמאַכט אַן אָנהויב אין פּראָדוצירן קאָנסערוון (קענד גודס).

אַן אינטערעסאַנטער שטריך פון דער ארץ־ישראלדיקער קאָאָפּעראַטי־ווער באַוועגונג איז דער פּאַקט, וואָס די צענטראַלע פּאַרקויף־אָרגאַניזאַ־ציעס זענען דאָרט געשאַפן געוואָרן פריער, ווי עס האָבן עקזיסטירט לאָ־קאַלע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען (קאָנסום - פּאַריינען). דער דאָזיקער דרך, וואָס איז אין פּוילן ווידערשפּרוך צו דער אָנגענומענער פּראָצעדור אין אַנדערע לענדער, דערקלערט זיך מיט די ספּעציעלע מאָטיוון, וואָס זענען געווען די שטוים־קראַפט פאַר דער גרינדונג פון די דאָרטיקע קאָאָפּעראַ־טיווע אַנשטאַלטן. דער ריין־קאָאָפּעראַטיווער אידעאַל, דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן די צעטיילונג אָן דער הילף פון פּריוואַטן האַנדל, איז אין ארץ־ישראל אָפּגעשטופּט געוואָרן אויפן צווייטן פּלאַן דורך אַן אַנדערן און מער־ספּעציפישן מאָטיוו, — דורך דער נויטיקייט איינצושטעלן די אַרבעטער - זידלונגען אויף א מער לוינענדן פונדאַמענט, און דערמוטיקן דערמיט די וויטערדיקע יידישע קאָלאָניזאַציע אינם לאַנד. די קבוצות האָבן נישט געקאָנט וואַרטן ביז עס וועט זיך שאַפן א נעץ פון אָרטיקע קאָנסום - קאָאָפּעראַטיוון, וואָס וועלן גרייט זיין צוצונעמען זייערע פּראָ־דוקטן. זיי האָבן געמוזט גלייך אָרגאַניזירן זייער פּאַרקויף אונטער אַלע אומשטענדן.

צוליב דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער לאַגע, מוז די „תנובה", וועלכע איז געבויט געוואָרן אַלס צענטראַלע פּאַרקויף - אָרגאַניזאַציע פריער, ווי עס זענען געשאַפן געוואָרן אָרטיקע קאָנסום - פּאַריינען, זיך שטיצן אין איר לאחדים - פּאַרקויף אויף פּריוואַטע שפּייז־ און מילך־הענדלער. פיל קאָאָפּעראַטאָרן האַלטן אָבער אַזאַ פּראַקטיק פאַר אומגעזונט, און זיי פאָ־דערן א וואָס גיכערן אויסבוי פון אָרטיקע געברויך־קאָאָפּעראַטיוון, כדי צו פאַרשטאָפן דעם לאָך.

קאָאָפּעראַטיווע קראָמען.

לעצטנס ווערט געמאַכט אַ באַדייטנדע אָנשטרענגונג צו דערגענצן די קאָאָפּעראַטיווע סיסטעם פון ארץ־ישראל דורך אָרגאַניזירן די געבּרויכער אין אָרטיקע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען. די דאָזיקע אָנשטרענגונגען האָבּן אַ גאַנץ היפּשן דערפאָלג אינם דאָרף, זיי זענען אָבּער אַ סך ווייניקער דערפאָלגרייך אין די שטעט. די קאָנקורענץ פון די פּריוואַטע קרעמער איז אין די שטעט אַמשטאַרקסטן, און עס שיינט אויך, אַז די באַמיאונגען צו שאַפן קאָאָפּעראַטיוון אין די שטעט זענען ווייניקער ענערגיש אייder אין די דערפער. עס קוקט אויס, אַז די פירער פון דער ארץ־ישראלדיקער ארבּעטער - באַוועגונג האָבּן נישט פאַר אומבאַדינגט נויטיק צו האָבּן קאָאָפּעראַטיווע קראָמען אין די שטעט, כּל זמן דער פּריוואַטער האַנדל דערפילט זיינע אויפגאַבּן אויף אַ מער־ווייניק באַפרידיקנדיקן אופן. פונם נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט ווערט דער מענגלעכער חורבן פונם קליינעם קרעמער באַטראַכט אַלס אַ קלאַפּ, וואָס וועט קוים אויסגעגליכן ווערן דורך דעם וואוקס פון קאָאָפּעראַטיווע קראָמען. אייניקע פון די ארץ־ישראלדיקע קאָאָפּעראַטאָרן האַלטן דעריבּער, אַז די קאָאָפּעראַטיווע קראָמען אין די שטעט דאַרפן געהאַלטן ווערן אַלס אַ בייטש איבּער די קעפּ פון די קלענערע קרעמער, אויבּ זיי וועלן מיסבּרויכן זייער פּאָזיציע פאַר שינדן איבּערטריבּענע פּרייזן. די דאָזיקע בייטש זאָל באַנוצט ווערן בלויז אין פאַל פון עקסטרעמער נויטווענדיקייט.

ס'איז דאָ נאָך אַ סיבּה, מיט וועלכער מען דערקלערט די שוואַכקייט פון די ארץ־ישראלדיקע געבּרויכס - קאָאָפּעראַטיוון אין פאַרגלייך מיט דעם ברייטן אויפבּוי פון איר פיל מער קאָמפּליצירטער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַציע.

„אין לענדער, וואָס מאַכן דורך אַ פּראָצעס פון גיכער קאָלאָניזאַציע זענען די מוחות פון די אימיגראַנטן אַממערסטן פאַרנומען מיט בויען זייער אייגענע צוקונפט. זיי זענען דעריבּער מער פאַראינטערעסירט אין באַפרידיקן זייערע באַדערפעניש אַלס פּראָדוצירער און געבּן זיך ווייניקער אָפּ מיט זייערע אינטערעסן אַלס געבּרויכער*)”

דער פאַקט איז אַלנפאַלס, אַז קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, וועלכע זענען

---

*) נח בּארו, „קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין ארץ־ישראל" „צוקונפט", 1933, זייט 84—85.

אין די מערסטע לענדער דער הויפּט־יסוד פון קאָאָפּעראַציע, זענען אין ארץ־ישראל גראָד איינער פון אירע שוואַכסטע טיילן. ביים אָנהויב פון יאָר 1935 האָבן עקזיסטירט בלויז 34 קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, וואָס האָבן באַדינט 3500 פאַמיליעס פון זייערע מיטגלידער, מיט דער אַלגע־מיינער צאָל פון איבער 10,000 נפשות.

ווי פריער געזאָגט, געפינען זיך די מערסטע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען פון ארץ ישראל אין די דערפער, וווּ זיי ווייזן אַרויס אַלץ אַ שטאַרקערע טענדענץ צו פאַראייניקן זייער אייגנטלעכע אויפגאַבע — צו באַזאָרגן די לאַנדווירטן מיט שטאָטישע פּראָדוקטן, — מיטן פאַרקויף פון זייערע פּראָדוקטן אויפן שטאָטישן מאַרק. די זעלבע קראָם, וואָס פאַרקויפט שיך, מאַנופאַקטור, צוקער, רייז צו אירע מיטגלידער, זאַמעלט אויך זייערע מילך, אייער, האָניק, אויף איבערצוגעבן עס צו דער „תנובה”. די פירער פון די דאָזיקע געברויכער־פּראָדוצירער־קאָאָפּעראַטיוון זאָגן, אַז די דאָזיקע סיסטעם מיינט אַ באַדייטנדע עקאָנאָמיע פאַר זייערע מיטגלידער סיי אַלס געברויכער און סיי אַלס פּראָדוצירער.

די מערסטע שטאָטישע פּראָדוקטן, וואָס ווערן פאַרקויפט אין דאָר־פישע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, ווערט צו זיי געליפערט פון׳ם „המשביר”, דער קאָאָפּעראַטיווער גרוים־איינקויף געזעלשאַפט פון ארץ־ישראל. אינ׳ם יאָר 1934 האָט דער „המשביר” פאַרקויפט, —אויסשליסלעך צו קבוצות און קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, — סחורה אויף 198,869 פונט אין פאַר־גלייך מיט 122,815 פונט אין פריערדיקן יאָר.

פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון.

אויסער די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון (קבוצות), וועגן וועלכע מיר רעדן אין נעכסטן קאַפּיטל פון דעם בוך, זענען אין ארץ־ישראל אינם יאָר 1934 געווען 74 שטענדיקע ארבעטער־פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן צוזאַמען באַשעפטיקט 2187 פערזאָנען. פון זיי זענען 1600 גלייכבארעכטיקטע מיטגלידער, און די איבריקע גע־דונגענע ארבעטער און לערלינגען. אין די דאָזיקע ציפערן גייען נישט אריין פיל קאָנטראַקט־קאָאָפּעראַטיוון אין דער בוי־אינדוסטריע, וואָס האָבן נישט קיין אייגענע וואַרשטאַטן און טראָגן נישט דעריבער קיין שטענדיקן כאַראַקטער.

אין קעגנזאַץ צו די אגראַרישע קבוצות, זענען די שטאָטישע פּראָ־

דוציר־קאָאָפּעראַטיוון באַגרינדעט בלויז אויף געמיינזאַמער ארבעט, און זיי פאַרנעמען זיך נישט מיט דעם אָרגאַניזירן דעם געברויך פון זייערע מיטגלידער. די חברים וווינען נישט אין איין פּלאַץ, זיי האָבן נישט קיין בשותפותדיקע קיך, זיי ערציען נישט זייערע קינדער אין אַ געמיינזאַמען „קינדער־הויז". יעדער לעבט, ווו און ווי אַזוי ער וויל. אויב ער טרעט אַריין אין אַ הייזער־בוי קאָאָפּעראַטיוו, טוט ער דאָס אַלס יחיד, אָן שום צוואַנג פון קאָאָפּעראַטיוו ווו ער ארבעט. חוץ דעם קריגן נישט די מיט־גלידער פון שטאָטישן קאָאָפּעראַטיוו קיין גלייכן געהאַלט פאַר זייער ארבעט. דער לוין פון יעדן איינעם ווערט באַשטימט לויט זיינע פעיקייטן און פאַכמענישקייט, — כאָטש דער אונטערשייד אין ארבעטס־לוין איז אין די קאָאָפּעראַטיוון בדרך כלל פיל קלענער איידער אין פּריוואַטער אינדוסטריע. אַלע מיטגלידער באַטייליקן זיך אָבער אין אַ גלייכער מאָס אין די רווחים, וואָס בלייבן נאָך דעם לוין און דער אויסצאָלונג פון אַלע אַנדערע אויסגאַבן. אָפט ווערן די דאָזיקע רווחים צוריק אַריינגעלייגט אין די קאָאָפּעראַטיווע ווארשטאַטן צוליב זייער פאַרגרעסערונג און כלערליי אויסבעסערונגען.

די אָנוועזנהייט פון געדונגענע ארבעטער און לערלינגען אין פּראָ־דוציר־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס איז אַן ערנסטע אָפּווייכונג פון שטרענג־קאָאָפּעראַטיוון פּרינציפּ, ווערט באַרעכטיקט דורך זייערע פירער מיט פאַרשיידענע ארגומענטן. זיי זאָגן, אַז אַ קאָאָפּעראַטיוו קאָן נישט אָננע־מען אַ נייעם מיטגליד, ביז ער איז נישט איבערצייגט, אַז ער האָט פאַר אים שטענדיקע ארבעט. פון דער אַנדערער זייט פילט ער זיך נישט באַ־רעכטיקט אַרויסלאָזן ארבעט, וואָס האָט צו טאָן מיט צייטווייליקע סעזאָן באַדערפענישן, ווייל דאָס וואָלט געמיינט אַ שטאַרקונג פון דער פּריוואַט קאַפּיטאַליסטישער קאָנקורענץ. אויסער דעם האַלטן זיך די מערסטע קאָאָ־פּעראַטיוון פאַר באַרעכטיקט אויספּרוון עטלעכע חדשים אַ נייעם מענטש סיי פון סאָציאַלן און סיי פון פאַך שטאַנדפּונקט, ביז מען נעמט אים אַריין אַלס שטענדיקן מיטגליד. געוויינלעך, ווערט אַ געדונגענער ארבע־טער, וועמענס ארבעט און פּערזענלעכקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין באַפרידיגענד פאַר די עלטערע מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו, צוגענומען אין לויף פון אַ יאָר צייט אַלס אַ שטענדיקער מיטגליד.

די אָנוועזנהייט פון לערלינגען ווערט באַרעכטיקט דורך דער באַ־הויפּטונג, אַז דאָס איז אין די אינטערעסן פון לאַנד, וואָס מוז האָבן אַ וואָס גרעסערע צאָל פון אויסגעלערנטע ארבעטער. די קאָאָפּעראַטאָרן

וואָלטן געהאַנדלט אַנטי־ציוניסטיש, ווען זיי פֿאַרמאַכן זייערע וואַרשטאַטן פֿאַר פֿאַך־אויסבילדונג.

נישט קוקנדיק אויף די דאָזיקע ערקלערונגען זענען אייניקע ארץ־ישׂראלדיקע אַרבעטער־פֿירער גענייגט שאַרף צו קריטיקירן די באַשעפֿטיקונג פֿון געדונגענע אַרבעטער (לערלינגען האַלט מען פֿאַר אַ קלענערע סכנה). זיי באַטראַכטן דאָס אַלס דעם אָנהויב פֿון כּסדרדיקער פֿאַרוואַנדלונג פֿון די קאָאָפּעראַטיוון אין קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. זיי זיינען אויך שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער כּסדרדיקער פֿאַרגרעסערונג פֿונם איינטריט־קאַפּיטאַל, וואָס ווערט געפֿאָדערט פֿון נייע מיטגלידער ביי זייער אַריינקומען אין קאָאָפּעראַטיוו. אין אייניקע פֿאַלן — טראַנספּאָרט־קאָאָפּעראַטיוון, — איז די דאָזיקע אָבליגאַטאָרישע געלד־איינלאַגע דערגאַנגען ביז 800 פֿונט, וואָס מוז צום גרעסטן טייל איינגעצאָלט ווערן אין מזומנים.

אמת, פֿון ריין געשעפֿטלעכן שטאַנדפּונקט קאָן דער דאָזיקער פֿאַרלאַנג באַרעכטיקט זיין צוליב דעם באַדייטענדן פֿאַרמעגן, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אינם קאָאָפּעראַטיוו פֿון פֿריער, אַ דאַנק דער אַרבעט פֿון די פֿריערדיקע מיטגלידער. אָפֿט איז דער פֿאַרלאַנג פֿון הויכן איינטריט־געלט באַרעכטיקט דערפֿאַר, ווייל דאָס אַריינגעמען פֿון יעדן נייעם חבר מיינט אַן אויסברייטערונג פֿון דער אונטערנעמונג, און דאָס איז געבונדן אויך מיט נייע געלט־איינלאַגעז. מען קאָן אויך נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם בערך הויכן סטאַנדאַרט פֿון פֿאַרדינסטן און זיכערקייט, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן פֿון פֿיל קאָאָפּעראַטיוון. זיי זענען גענוג אַנציענד פֿאַרן נייעם מיטגליד, כּדי צו מאַכן אים באַטראַכטן די געפֿאָדערטע איינטריט־געלט אַלס אַ באַרעכטיקטן פֿאַרלאַנג.

פֿונדעסטוועגן, שיינט די דאָזיקע מעטאָדע צו זיין זייער געפֿערלעך פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון די קאָאָפּעראַטיוון אַלס אַזעלכע. בלויז עצות, נישט שטענדיק פּראַקטישע, זוכן דעריבער די פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער־פֿירער כּדי צו פֿאַרבעסערן די לאַגע. מען וויל ווייניקסטנס אויסמיידן נייע קאָאָפּעראַטיוון אויף אַ מער געזעלשאַפֿטלעכע פֿינאַנסיעלע באַזע, וואָס זאָל שווערער מאַכן פֿאַר די מיטגלידער פֿונם קאָאָפּעראַטיוו צו ווערן זייערע אומבאַשרענקטע בעלי־בתּים.

די פֿאַרטיילונג פֿון די פּראָדוציר קאָאָפּעראַטיוון לויט פֿאַכן, און די צאָל פֿון זייערע מיטגלידער ווערט געגעבן אין פֿאָלגנדער טאַבעלע, וועלכע באַציט זיך אויף סעפּטעמבער 1932:

| פאַך | צאָל קאָאָפּעראַטיוון | צאָל מיטגלידער |
|---|---|---|
| טראַנספּאָרט | 25 | 846 |
| מעטאַל־אַרבעט | 5 | 85 |
| בוי מאַטעריאַלן | 9 | 109 |
| האָלץ אַרבעט | 6 | 67 |
| וואַסער אינסטאַלאַציע און עלעקטריע | 3 | 52 |
| דרוקערייען | 2 | 85 |
| קליידונג | 3 | 25 |
| רעסטאָראַנען | 7 | 111 |
| בעקערייען | 3 | 26 |
| פאַרשידענע | 8 | 69 |
| צוזאַמען | 71 | 1475 |

זייער שטארק זענען די קאאפעראטיוון, וואס פארנעמען זיך מיט אויטאמאביל־טראנספארט. דער גאנצער קאמערציעלער מאטאר־פארקער סיי פון פאסאזשירן און סיי פון סחורה — אויף וויפל ער געפינט זיך אין יידישע הענט, איז מאנאפאליזירט דורך קאאפעראטיוון, וואס האבן דערגרייכט א באדייטענדן גראד פון טיכטיקייט און פינקטלעכקייט. א קאאפעראטיוו האט אויך די קאנצעסיע אויף אויטאבוסן אין די גאסן פון תל־אביב; ער האט אינם יאר 1933 איבערגעפירט 27,250,000 פאסאזשירן.

אלע יידישע טראנספארט־קאאפעראטיוון אין ארץ־ישראל זענען פאראייניקט אין איין צענטראלע געזעלשאפט, וועלכע רעגולירט דעם פאר־פלאן, בויט געמיינזאמע גאראזשן, האלט אן ווארשטאטן אויף צו פאררעכטן די אויטאבוסן און לאסט־אויטאמאבילן. זי העלפט אויך די מיטגלידער פון טראנספארט־קאאפעראטיוון צוקומען צו אייגענע וווין־הייזער.

דער פרינציפ פון קאאפעראציע ווערט אויך באנוצט מיט א באדייטענדן דערפאלג אין די פארזוכן איינצופירן יידישע ארבעטער אין די פארטן. אינם דאזיקן נייעם פאר זיי פעלד פון עקאנאמישער טעטיקייט, האלטן יידן פאר בעסער צו ארבעטן אלס ענג געשלאסענע גרופן (ארטעלן), וואס טיילן זייערע פארדינסטן צווישן זיך אויף גלייכע חלקים.

**א דורכפאל און זיין לערע**

**אן אייגנארטיק פעלד פון דער ארץ־ישראלדיקער קאאפעראציע זענען**

קאָנטראַקט־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס נעמען זיך אונטער פאַר אַ באַשטימטער סומע דורכפירן אַ באַשטימטע גרויסע אַרבעט: למשל, אויפשטעלן אַ געביידע אָדער פלאַנצן און באַאַרבעטן אַ פּרדס.

גראָד אויפן פעלד פון קאָנטראַקט־אונטערנעמונגען האָט די ארץ־ישראלדיקע קאָאָפּעראַציע געהאַט מיט עטלעכע יאָר צוריק איר איינציקן גרויסן דורכפאַל, אַ דורכפאַל וואָס האָט פיל געהאָלפן צו פאַרהיטן ווייטערדיקע פעלערן, און אַוועקשטעלן די שפּעטערדיקע קאָאָפּעראַטיוון אין דעם פעלד אויף פעסטע יסודות. דער דאָזיקער דורכפאַל איז געווען דער באַנקראָט פון „סולל־בונה", דעם גרעסטן קאָנטראַקט קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט ווען נישט איז עקזיסטירט אין ארץ־ישראל. די אורזאַכע פון דעם איז געווען די צו ברייטע אַנטוויקלונג פונם קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפן ריזיקאַנטן וועג צו געבן לאַנגע קרעדיטן צו די בוי־אייגנטימער, כדי צו פאַרגרעסערן דערמיט דעם פאַרנעם פון זיין אַרבעט. אויסער דעם האָבן די פירער פון „סולל בונה" זיך באַטראַכט נישט נאָר אַלס אַ קאָנטראַקט־אונטערנעמונג, נאָר אַלס אַ מין דעפּאַרטאַמענט פון עפנטלעכע אַרבעטן, וואָס מוז אונטער אַלע אומשטענדן באַשעפטיקן נויט־ליידנדע אַרבעטער אין דער צייט פון אַרבעטס־לאָזיקייט. דערצו האָט נאָך דער „סולל־בונה" אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין אַ צייט, ווען ארץ־ישראל האָט געהאַט גאַנץ ווייניק ערפאַרענע בוי־פאַכמענער, און ער האָט פּראַקטיש גענומען אויף זיך די ראָלע פון אַ שולע פאַר נישט ערפאַרענע אַרבעטער. אַזאַ סאָרט ערציונג קאָסט רבי־געלט, נישט דעם תלמיד, נאָר דעם לערער.

דער טרויעריקער פאַל פון „סולל בונה" האָט געגעבן די ארץ־ישראלדיקע קאָאָפּעראַטיוון אַ נוצלעכע לעקציע, וואָס זיי האָבן זיך גאָר גוט איינגעחזרט. ביים היינטיקן טאָג אַרבעטן די קאָנטראַקט־קאָאָפּעראַטיוון נאָר אויפן יסוד פון מזומנע צאָלונגען, אָדער אין ערגסטן פאַל דורך צייט־באַשרענקטן און גאַנץ גאַראַנטירטן קרעדיט. זיי יאָגן זיך מער נישט אַריינצוכאַפּן די גאַנצע אַרבעט. זיי זוכן בלויז אַרבעט, וואָס לוינט זיך. און לאָזן זיך נישט אַריין אין קיין איבריקע קאָנקורענץ. זייערע פּרייזן זענען געוויינלעך אַ ביסל העכער ווי ביי פּריוואַטע קאָנטראַקטאָרן; לויט זייערע ווערטער ווערט דער אונטערשיד אויסגעגליכן דורך אַ פיל־בעסערער קוואַליטעט פון זייער אַרבעט.

### קאָנטראַקט־קאָאָפּעראַטיוון

דער וויכטיקסטער פון די איצטיקע קאָנטראַקט־קאָאָפּעראַטיוון איז „יכין", וואָס פאַרנעמט זיך בעיקר מיט פלאַנצן פּרדסים, הויפּטזעכלעך פאַר אייגנטימער, וואָס געפינען זיך אין אויסלאַנד. פאַרן יאָר 1934 האָט דער „יכין" קולטיווירט 5775 דונאַם יונגע פּרדסים, און האָט חוץ דעם געשלאָסן קאָנטראַקטן אויף אָראַפּנעמען און פּאַקן די פּרוכט פון אַ באַדייטענדן שטח פון עלטערע ציטרוס־גערטנער. דער ווערט פון אַגריקולטורעלער אַרבעט, וואָס איז פון אים אויסגעפירט געוואָרן, האָט במשך דעם יאָר אויסגעמאַכט 102.724 פונט. ער האָט באַשעפטיקט דורכשניטלעך פון 800 ביז 1000 אַרבעטער. די אַרבעט פון „יכין" האָט גאָר אַ גוטן שם אין'ם לאַנד.

אויף דעם זעלבן אופן ווי „יכין" שליסט קאָנטראַקטן אויף פּרדסים, נעמט זיך אונטער דער „משרד לעבודות צבוריות" צו בויען הייזער, דורכפירן וועגן און אַנדערע שטאָטישע בוי־אַרבעטן.

עס זענען דאָ אייגנטלעך אַזעלכע דריי „משרדים", אין תל־אביב, חיפה און ירושלים, וואָס אַרבעטן יעדער זעלבשטענדיק אין זיין באַזונדערער טעריטאָריע. פאַרן יאָר 1933 האָט דער תל־אביבער „משרד לעבודות צבוריות" דורכגעפירט אַרבעטן אויף 123,000 פונט, און די אַרבעטן פון די אַנדערע צוויי משרדים האָבן צוזאַמען באַטראָפן אַרום 100,000 פונט. די מערסטע אַרבעט פון די משרדים איז באַשטעלט דורך פּריוואַטע הויז־באַזיצער, און דאָס איבעריקע דורך שטאָט־פאַרוואַלטונגען און אַנדערע עפנטלעכע אַנשטאַלטן. צוזאַמען באַשעפטיקן די דריי משרדים אַרום טויזנט אַרבעטער.

די פינאַנסיעלע פּאָזיציע פון די משרדים איז, פונקט ווי פון „יכין", אַ גאַנץ פעסטע. זיי האָבן זיך געמאַכט פאַר אַ פּרינציפּ נישט אונטערצושרייבן קיין וועקסלען צו פּריוואַטע פּערזאָנען, און קויפן די נויטיקע מאַטעריאַלן פאַר מזומן געלט. אויף וויפל זיי נויטיקן זיך אין קרעדיט, קריגן זיי דאָס בעיקר אין דער אַרבעטער־באַנק.

### באַוואַסערונג קאָאָפּעראַטיוון

אַן אַנדער וויכטיקער מין פון קאָאָפּעראַציע זיינען די באַוואַסערונגס־געזעלשאַפטן, וואָס אַנטוויקלען זיך לעצטנס מיט גאַנץ גיכע שריט. גראָבן אַ מאָדערנעם ברונעם מיט אַן עלעקטרישן אָדער גאַזאָלין־מאָטאָר,

קאָסט, אָפּהענגיק פון לאָקאַלע באַדינגונגען, פון 1200 ביז 2000 פונט, און אַמאָל נאָך מער. דאָס איז אַ צו גרויסע אויסגאַבע פאַר אַן איינ־צעלנעם ציטרוס־פלאַנצער. דער דורכשניטלעכער פרדס אין ארץ־ישראל איז 20 ביז 25 דונאַם, און מען קאָן 5 ביז 15 אַזעלכע פרדסים באַוואַסערן פון איין איינציקן ברונעם. נעמען זיך דעריבער צונויף עטלעכע אַזעלכע אייגנטימער, און זיי בויען צוזאַמען אַ געמיינזאַמען ברונעם אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות.

נישט זעלטן טרעפט זיך, אַז אַזאַ וואַסער־קאָאָפּעראַטיוו נעמט אַרום נישט איין ברונעם נאָר עטלעכע. דאָס זיכערט די פלאַנצערס מיט אַ מער רעגלמעסיקער ליפערונג פון וואַסער. אויב צוליב אומערוואַרטעטע ענדערונגען אונטער דעם באָדן, זאָל איין ברונעם אָנהויבן פּלוצים געבן ווייניקער וואַסער, איז וואַרשיינלעך, אַז די שכנותדיקע ברונעמער וועלן גראָד צוליב דער זעלבער אורזאַכע אָנהויבן געבן מער וואַסער. אַזוי אַרום ווערן די פלאַנצערס פאַרזיכערט מיט אַ מער רעגלמעסיקע צו־שטעלונג פון וואַסער.

קאָאָפּעראַטיווע לעבנס־פאַרזיכערונג.

אַן אַנדער פעלד, אין וועלכן ס'איז אַריין די קאָאָפּעראַטיווע באַ־וועגונג אין ארץ ישראל, איז לעבנס־פאַרזיכערונג. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מיט דער אַקטיווער שטיצע פון דער אַרבעטער־הסתדרות גע־גרינדעט געוואָרן אַ לעבנס־פאַרזיכערונגס־קאָאָפּעראַטיוו מיטן נאָמען „הסנה". דער גרעסטער טייל פון זיין גרונט־קאַפּיטאַל איז געגעבן געוואָרן פון די מיטגלידער פון דעם „יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד" אין אַמעריקע.

די אויסזיכטן פון „הסנה" זענען נאַטירלעך באַשרענקט צוליב דעם פאַקט, וואָס אַרבעטער אין אַ נייעם און בערך אָרעמען לאַנד ווי ארץ־ישראל, זענען נישט אומשטאַנד אָפּצולייגן באַדייטנדע אָפּשפּאָרונגען, און אויב זיי טוען דאָס, ווערט דאָס געלט באַלד אַריינגעלייגט אין הייזער־בוי און לאַנד־קויף. נישט קוקנדיק אויף דעם, איז דעם „הסנה" פאַרט גע־לונגען צו פאַרזיכערן אַרום 1500 אַרבעטער, אויף אַ געמיינזאַמער סומע פון אַ פערטל מיליאָן פונט.

איינער פון די טעמים ביי דער גרינדונג פון „הסנה" איז געווען דער ווונטש איינצוהאַלטן אין לאַנד אַ טייל פונם קאַפּיטאַל, וואָס גייט

פון דאָרט אוועק צו אויסלענדישע פאַרזיכערונגס - געזעלשאַפטן. דער קאַפּיטאַל פון „הסנה" איז מערסטנס אינוועסטירט אין ערשטע היפּאָ־טעקן אין ארץ־ישראל.

אין ארץ־ישראל זענען אויך פאַראַן צוויי קאָאָפּעראַטיוון פאַר פאַר־זיכערן בהמות, איינער אין יהודה און דער אַנדערער אין גליל. זיי עק־זיסטירן שוין אַ היפּש ביסל יאָרן, און פירן זייערע געשעפטן אויף זייער אַ פעסטן און קאָנסערוואַטיוון באַזיס.

**שפּאָר־ און ליי־קאַסעס.**

זייער ערפאָלגרייך זענען די רעזולטאַטן פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אויפן פעלד פון קרעדיט. די אַרבעטער־באַנק אין תל אביב וואָס איז שוין פריער באַשריבן געוואָרן, און די גרויסע נעץ פון ליי־און שפּאָר־קאַסעס אינם גאַנצן לאַנד, שפּילן אַ גאַנץ היפּשע ראָלע אינם ארץ־ישראלדיקן עקאָנאָמישן לעבן.

דער גיכער אויפשטייג פון די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון שפּיגלט זיך אָפּ אינם וווקס פון זייערע מיטגלידער און דעפּאָזיטן. אין יוני 1934 האָבן די דאָזיקע דעפּאָזיטן, אין 52 קרעדיט־ ליי־ און שפּאָר־קאַסעס מיט 45,000 מיטגלידער באַטראָפן 2,547,594 פונט, אין פאַרגלייך מיט 1,019,213 מיט אַנדערהאַלבן יאָר פריער.

אַן אומגעוויינטלעכער טיפּ פון קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון זענען די ליי־קאַסעס פון דער הסתדרות. ביים אָנהויב פון 1935 האָט די צאָל פון די דאָזיקע אַרבעטער - קרעדיט - קאַסעס באַטראָפן פופצן מיט 15,525 מיטגלידער און זייערע מיטלען האָבן צוזאַמען באַטראָפן 295,771 פונט. אין פאַרגלייך מיטן פריערדיקן יאָר איז דער קאַפּיטאַל פון די דאָזיקע אַרבעטער־קאַסעס געשטיגן אויף 80 פּראָצענט, זייערע דעפּאָזיטן — אויף 65 פּראָצענט, און זייערע אַנלייען פון די בענק אויף 50 פּראָצענט. זיי באַזאָרגן זייערע מיטגלידער מיט בערך קליינע פּערזענלעכע אַנלייען, וואָס ווערן געוויינלעך געגעבן אויף פּראָדוקטיווע צוועקן און אויף לאַנגע מאָנאַטלעכע אויסצאָלונגען. די מיטעלערע אַנלייע באַטרעפט אַרום 20 פונט אין שטאָט און 15 אין דאָרף.

**היים־בויענדע פאַראיינען.**

קיין באַשרייבונג פון דער ארץ־ישראלדיקער קאָאָפּעראַטיווער באַ־וועגונג טאָר נישט פאַרפעלן די היים־בויענדיקע פאַראיינען, וועמענס

צוועק איז צו העלפן זייערע מיטגלידער, מערסטנס אַרבעטער, בעלי־מלאכות און קליינע געשעפטס־לייט, צוקומען צו אַן אייגענער היים און אויסמיידן דערמיט אין דער צוקונפט די אויסגאַבע פון צו־הויכע דירה־געלט. דאָס רוב פון די דאָזיקע היים־בויענדיקע פאַראייניגן ווערט אָנגע־פירט פון דער הסתדרות, וועלכע האָט פאַרן דאָזיקן צוועק געשאַפן אינעם יאָר 1929 אַ ספּעציעלע „ביורא פאַר שטאָטישע אַרבעטער־זידלונגען״. לויט דעם לעצטן באַריכט פון דער דאָזיקער ביוראָ, האָבן בוי־קאָאָפּעראַ־טיוון, וואָס שטייען אונטער איר אויפזיכט, אויסגעבויט ביזן אָנהויב 1935 נישט ווייניקער פון 1600 דירות, און האָבן אויסער דעם פאַר־שאַפט בוי־פּלעצער פאַר נאָך 8455 דירות, טיילווייז אין אָפּגעזונדערטע פאַמיליען - הייזלעך, און טיילווייז אין גרעסערע קאָאָפּעראַטיווע אַפּאַר־טאַמענט־הייזער. אַגב, איז מען לעצטנס גיכער געניגט צו באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן צווייטן טיפּ פון וווינונגען, וועלכער איז ווייניקער מסוגל צו ווערן מיט דער צייט אַ מיטל פאַר ספּעקולאַציע, איידער אַ באַ־זונדער הויז פאַר איין פאַמיליע.

די פאַרטיילונג פונם קאָאָפּעראַטיוון היים־בוי איבער פאַרשידענע שטעט ווערט געגעבן אין פאָלגנדער טאַבעלע:

| | פאַרענדיקטע דירות | באַזאָרגטע בוי־פּלעצער |
|---|---|---|
| תל אביב | 670 | 3650 |
| חיפה | 780 | 4750 |
| ירושלים | 55 | 55 |
| צוזאַמען | 1600 | 8455 |

ביזן סוף פון 1934 האָט די אַלגעמיינע סומע פון קאַפּיטאַל, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין די קאָאָפּעראַטיוו - אויפגעבויטע היימען באַטראָפן 620,000 פונט, פון וועלכע בערך 200,000 זענען אַוועק אויף בוי־פּלעצער, און די איבעריקע 420,000 אויפן בוי־זעלבסט. פון דער דאָזיקער אַלגעמיינער סומע איז 48 פּראָצענט אַריינגעטראָגן גע־וואָרן פון די היים־בויער זעלבסט, און דער רעשט איז מערסטנס באַ־שאַפן געוואָרן דורך אנלייהען, וואָס זענען געזיכערט געוואָרן דורך הי־פּאָטעקן. די מערסטע פון די דאָזיקע אַנלייהען זענען געקומען פון בענק און אויסלענדישע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן.

אויסער די דאָזיקע היים־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס אַרבעטן אונטער דער אויפזיכט פון דער הסתדרות, זענען פאַראַן אויך שטאָטישע היים־קאָאָ־

פּעראַטיוון, וואָס שטייען אויסערהאַלב אירע ראַמען. דערצו ווערט נאָך דורכגעפירט אַזאַ קאָאָפּעראַטיווער היים־בוי — אמת אין אַ קלענערן פאַרנעם, אין די גרעסערע דערפער, באַזונדערס אין די ציטרוס־געגנטן, וווּ אַרבעטער זענען אימשטאַנד געווען אָפּצולייגן גענוגנדע אָפּשפּאָרונגען, כדי צו טראַכטן וועגן אַן אייגענער היים. די „התישבות האלף", באַזעצונג פון טויזנט פאַמיליעס, וואָס ווערט איצט דורכגעפירט דורך דער הסתדרות מיט דער הילף פון דער „אַמעריקאַנער עקאָנאָמיק קאָרפּאָריישאָן" און דעם הילפס־פאָנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך די געשעענישן פון 1929, איז אויך באַזירט אויף אַזעלכע היים־בוי־קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען געווען די גרונט־לאַגע פאַר וויטערדיקער הילף מצד די דערמאָנטע קאָלאָניזאַציאָנס־אַנשטאַלטן. ביזן סוף 1934 זענען לויטן דאָזיקן פּלאַן באַזעצט געוואָרן אין אייגענע הייזלעך אַרומגערינגלט מיט גערטענער און פעלדער נישט ווייניקער פון 437 אַרבעטער־פאַמיליעס.

מיט איין וואָרט, דערווירקלעכער פאַרנעם פון קאָאָפּעראַטיווער היים־בוי־טעטיקייט אין ארץ־ישראל איז פיל־פיל ברייטער, איידער זי דערשיינט לויט די ציפערן פון דער ביוראָ פון שטאָטישע זידלונגען. וועלכע נעמט אַרום בלויז איין טייל פון זיי. וואַרשיינלעך, וואָלט מען געמוזט די דאָזיקע ציפערן פאַרטאָפּלען, כדי צו קריגן אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דעם גאַנצן פאַרנעם פון דער דאָזיקער העכסט־נוצלעכער און דערפאָלגרייכער באַוועגונג.

### קאָאָפּעראַציע צווישן אַראַבער.

אין דער לעצטער צייט האָט די רעגירונג געמאַכט באַדייטנדע אָנשטרענגונגען צו שאַפן קאָאָפּעראַטיוון צווישן אַראַבער, נעמענדיק די אויבן־דערמאָנטע יידישע קאָאָפּעראַטיוון אַלס מוסטער. די דאָזיקע אָנשטרענגונגען זענען באַשרענקט אויף דער איינפאַכסטער פאָרמע פון קאָאָפּעראַציע, לייה־קאַסעס אין די דערפער. זיי וואָלטן דאָרט געווען באַזונדערס נוצלעך צוליב די אומגלויבלעך הויכע וווכער־ציזן, וועלכע אַראַבישע פויערים, פעלאַכן, צאָלן פאַר געלט, וואָס זיי באָרגן פון די פריצים, די „עפענדים", אָדער זייערע אייגענע דאָרפישע „קולאַקעס". אַ רעגירונגס־קאָמיסיע, וואָס האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אונטערזוכט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די פעלאַכן, איז געקומען צום אויספיר, אַז אַ

פעלאַך גיט אוים אין דורכשניט אכט פונט א יאָר אויף צו צאָלן חובות, און די דאָזיקע סומע גייט מערסטנס אַוועק אויף צינזן. די דאָזיקע אכט פונט מאַכן אויס גאָר א גרויסן טייל, א גאַנצן פערטל פון זיין אַלגע־מיינער הכנסה.

נישט קוקנדיק אויף די אָנשטרענגונגען פון די רעגירונגס־באַאַמטע, איז זיי ביז אַהער נישט געלונגען צו שאַפן קיין אַראַבישע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וואָס זאָל באמת שטייען אויף אירע אייגענע פיס. דער אַראַבישער דאָרפס־מענטש האָט נישט קיין באַזונדערן צוטרוי צו דער ער־לעכקייט פון זיינע שכנים, און נאָך ווייניקער זענען ביי אים באַגלויבט די דאָרפישע אינטעליגענטן, פאָלקס־לערער און שרייבער, וואָס ווערן אַלס די איינציקע „גראַמאָטנע'' אין דאָרף, אָפט געשטופּט אין פראָנט ביי דער שאַפונג פון נייע קאָאָפּעראַטיוון. אויב ער האָט אַמאָל געוויסע אָפּ־שפּאָרונגען, וועט ער זיי בעסער האַלטן אין א באַהאַלטענעם און באַגראָ־בענעם טעפּל, איידער אָפּגעבן אין א קאָאָפּעראַטיוו. עס וועט נעמען לאַנגע יאָרן פון אויפקלערונג ביז מען וועט גובר זיין די דאָזיקע שווע־ריקייטן.

דער גרעסטער טייל פון די פּופּציק אַראַבישע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען פאַרשריבן געוועזן אין די רעגירונגס־ביכער ביזן אָנהויב 1935, איז נישט קוקנדיק אויף דער ברייט־האַרציקער רעגירונגס־הילף, נאָך זייער קליין און אָרעם.

די איינציקע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס האָבן זיך יאָ „אָנגענומען'' ביי די אַראַבער, זענען אויפן פעלד פון אויטאָמאָביל־טראַנספּאָרט. ס'איז אָבער א סברה, אז די דאָזיקע דרייצן קאָאָפּעראַטיוון זענען קאָאָפּעראַ־טיוון בלויז לויטן נאָמען, און פּריוואַטע אונטערנעמונגען אין דער ווירקלעכקייט.

צווישן די שטאַרקע און אַנטוויקלטע יידישע קאָאָפּעראַטיוון, און די נאָך שוואַכע אָנהייבן פון קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג ביי אַראַבער איז נישטאָ קיין קלענסטער צוזאַמענהאַנג. דאָס איז זיכער א שאָד! קאָאָפּעראַציע איז איינער פון די נייטראַלע טרעף־פעלדער, ווו ביידע פעלקער וואָלטן זיך באַדאַרפט לאַנגזאַמער צוגעוווינען צו א קומענ־דיקער מיטאַרבעט אויפן פּאָליטישן פעלד.

## קאַפּיטל ניין



# די קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן

קיין יידישע דערהגרייכונג אין ארץ־ישראל האָט נישט אַרויסגערופן אַזאַ געשפּאַנטן אינטערעס צווישן די עקאָנאָמיסטן און סאָציאָלאָגן פון אַנדערע לענדער, ווי די באַרימטע „קבוצות", וואָס ווערן אָפט באַטראַכט אַלס סאָציאַליסטישע אינזלען אינמיטן פון קאַפּיטאַליסטישן ים.

אין דער עקאָנאָמישער ליטעראַטור זענען די דאָזיקע קבוצות אָפט פאַרגליכן געוואָרן מיט די באַרימטע קאָלכאָזן אין סאָוועט־רוסלאַנד. זיכער איז צווישן די דאָזיקע צוויי דערשיינונגען פאַראַן עפּעס געמיינזאַמעס. דער הויפּט־אונטערשיד אָבער איז, וואָס דער „קאָלכאָז" איז געשאַפן געוואָרן אַלס אינסטרומענט פון אַ באַשטימטער רעגירונגס־פּאָליטיק און איז דורכגעפירט געוואָרן מיט שטאַרקע אָנווענדונג און מלוכה־געוואַלד, בעת די קבוצה (וואָס איז, אגב, פיל עלטער) איז אַ רעזולטאַט פון פרייוויליקע אָנשטרענגונגען פון יחידים, וואָס זענען נישט געצוווּנגען געווען אויסקלייבן דווקא די דאָזיקע פאָרמע פון קאָלאָניזאַציע, און נישט קיין אַנדערע. אויסער דעם זענען די קבוצות אַנטשטאַנען נישט נאָר צוליב דער שטרעבונג צו אַ נייער סאָציאַלער אָרדענונג, נאָר אויך צוליב נאַציאָנאַלע מאָטיוון, צוליב דער נויטיקייט צו לייזן די פראַגע פון יידישער אַרבעט אין דער אַגריקולטור און געפינען אַ פּראַקטישע פאָרמע פאַר נייע ייִדלונגען אין ווילדע און געפערלעכע געגנטן פונם לאַנד.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין אונזער היסטאָרישער איבערזיכט (צווייטער קאַפּיטל) זענען די קבוצות, נישט קוקנדיק אויף זייער סאָציאַליסטישן כאַראַקטער, געשטיצט געוואָרן אויך פון די נישט־סאָציאַליסטישע טיילן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. די בירגערלעכע ציוניסטן פון יענער צייט זענען אויך געווען ביטער אַנטוישט פון די עלטערע ראָטשילד־קאָלאָניעס, ווו איינצלנע קאָלאָניסטן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין טיפּישע פּלאַנטאַטאָרס, וואָס עקספּלואַטירן ביליקע אַראַבישע אַר־

בעט, און מיידן אויס דעם יידישן אַרבעטער מיט זיינע העכערע באַדערפענישן און אַנשפּרוכן. די ציוניסטישע פירער האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע סאָרטן קאָלאָניעס וועלן נישט געבן קיין באַדייטנדן פונדאַמענט פאַר גרויסער יידישער איינוואַנדערונג, און זיי האָבן דעריבער אַ קנאַפּן וועט פון אַ ריין־ציוניסטישן שטאַנדפּונקט.

## די קבוצה אַלס קאָמונע.

די קבוצה איז אַ פולשטענדיקע קאָמונע, וועמענס פאַרמעגן און איינקונפט געהערן אָן שום אויסנאַם צו אַלע מיטגלידער צוזאַמען, און ווי אפילו די צעטיילונג פון פּראָדוקטן איז אָרגאַניזירט אויף אַ קאָלעקטיוון און גלייכן אופן. די אַלגעמיינע איינקונפט ווערט צעטיילט נישט אין דער פאָרם פון געלט, נאָר פון פּראָדוקטן או לעבנס־באַדערפענישן. אפילו פּאַפּיראָסן קויפן נישט די רויכערנדע מיטגלידער פאַר זיך אַליין. זיי קריגן זיי פון אַ געמיינזאַמען סקלאַד, וואָס ווערט באַזאָרגט דורך דער פאַרוואַלטונג פון דער קבוצה.

מזומנים קריגן איינצלנע מיטגלידער בלויז פאַר אויסנאַם־צוועקן, וואָס ווערן גוט געהיטן דורך דער פאַרוואַלטונג פון דער קבוצה. אין די מערסטע קבוצות איז, למשל, אָנגענומען, אַז יעדער מיטגליד איז באַרעכטיקט צו אַ וואַקאַציע איינמאָל אין אַ יאָר, און די דאָזיקע וואַקאַציע ווערט מערסטנס פאַרבראַכט אין תל־אביב, ווו מען קאָן נישט אויסקומען אָן מזומן געלט. די מערסטע קבוצות דערלויבן אויך אַ געוויסע געלט־אויסגאַבע אויף צו שטיצן נויט־ליידנדע עלטערן פון זייערע מיטגלידער.

דער אינערלעכער קאָמוניזם פון דער קבוצה, — נאַטירלעך, ווערט דאָס באַנוצט אין עקאָנאָמישן, נישט אין פּאָליטישן זין, — באַציט זיך אָבער נישט אויף אירע באַציונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט. אַלס קאָלעקטיוו, פאַרקויפט זי אירע פּראָדוקטן פאַר געלט, און נוצט עס אויף צאָלן חובות, איינקויפן מאַשינען, אויסבעסערן די ווירטשאַפט, און צו באַזאָרגן אירע מיטגלידער מיט פאַרשידענע לעבנס־נויטווענדיקייטן.

איינער פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער קבוצה איז די געמיינזאַמע קיך מיט אַ דערבייאיקן עס־זאַל, וואָס איז געוויינלעך אויך דער סאָציאַלער צענטער פון דער קבוצה. דאָס עסן פאַר די קינדער ווערט צוגעגרייט אין אַ באַזונדערער קיך, און זיי ווערן סערווירט אין

זייער אייגענעם עס־זאַל אין קינדער־הויז (בית־ילדים), וואָס איז געוויינ־לעך די גרעסטע און באַקוועמסטע געביידע אין דער קבוצה.

דאָס פּראָבלעם פון קינדער־דערציונג.

די קינדער פון די קבוצה־מיטגלידער, ווי זיי ווערן געבוירן, גייען איבער אין רשות פון „בית־ילדים", וווּ זיי געפינען זיך טאָג און נאַכט. די מוטער קומט אָנזוייגן דאָס קינד אין באַשטימטע צייטן, און ווען עס וואַקסט אויס, זעט עס די עלטערן אין דער מיטאָג־שטונדע און פאַר־נאַכט נאָך דער אַרבעט. במשך פון דער איבּריקער צייט זענען די קינ־דער, צעטיילט אין עטלעכע עלטער־גרופּן, אונטער דער אויפזיכט פון דערפאַרענע דערציערינס און לערערינס, וועלכע זענען געוויינלעך מיט־גלידער פון דער קבוצה. פון צייט צו צייט שיקט אַרויס די קבוצה אַ פּאָר פון אירע פרויען צו קינדער־דערציונג־קורסן, כּדי צו פאַרפולקאָ־מען זיי אין זייער וויכטיקער אַרבעט.

כ'מוז זיך מודה זיין, אַז פאַרן פּערזענלעכן באַקענען זיך מיט דער לאַגע, האָב איך געקוקט אויף אַזאַ סאָרט איינאָרדענונג מיט אַ גע־וויסן פאָראורטייל. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די דערציונג פון קינד אויסער דער היים פון זייערע עלטערן, אפילו ווען זי זאָל אַרויסבּרענגען אַ מער סאָציאַל־געשטימטן דור, דאַרף זיך שלעכט אָפּרופן אויף די צאַר־טע באַציונגען און אינטימער ליבע צווישן עלטערן און קינדער.

וואַנדערנדיק אָבער איבער קבוצות און צוקוקנדיק זיך גענויער צו די באַציונגען צווישן עלטערן און קינדער, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז מיין מורא איז געווען איבערטריבּן. די נאָענטע, באַזונדערע פאַרבינ־דונג צווישן מוטער און קינד ווערט נישט אָפּגעשוואַכט צוליב דער גרע־סערער היימישקייט צווישן דעם קינד און די אַנדערע מיטגלידער פון דער קבוצה. די קינדער ווערן טאַקע דערצויגן באַזונדער, אָבער די על־טערן וווינען דאָך גלייך דערביי. זינט די צאַרטעסטע חדשים, ווען די מאַמע באַזוכט איר פּיצל קינד עטלעכע מאָל טעגלעך אויף אָנצוזויגן עס, לערנט זיך אויס דאָס קינד צו אונטערשיידן צווישן דער אינטימער ליבע פון זיינע עלטערן און דער פריינטלעכער באַציונג צו אים מצד די דער־ציערינס און די אַנדערע מיטגלידער פון דער קבוצה.

בכלל, זאָרגט די קבוצה זייער שטאַרק פאַרן נייעם דור. איך צווייפל צי אַ קינד אין אַ דורכשניטלעכער מיטל־קלאַס־פאַמיליע אין אייראָפּע

קריגט אַזאַ פּיל זויסנשאַפטלעכע און אינדיווידועלע דערציונג, ווי דאָס קינד פון דער אָרעמסטער קבוצה.

די אויסהאַלטונג פון די קינדער־הייזער איז בערך טייער, און דאָס איז איינע פון די טענות, וועלכע די בירגערלעכע קעגנער האָבן צו דער קבוצה. זיי זאָגן, אַז די ארץ־ישראלדיקע לאַנדווירטשאַפט קאָן זיך נישט פאַרגינען אַזאַ לוקסוס*).

די מיטגלידער פון די קבוצות ווייזן צוריק די דאָזיקע טענות מיט דער גרעסטער אַנטשידנהייט. זיי באַהויפּטן, אַז זייער סיסטעם פון קינ־דער־דערציונג צאָלט זיך אָפּ אפילו פון אַ ריין־פינאַנסיעלן שטאַנדפּונקט. די פרויען וואָלטן נישט אימשטאַנד געווען צו אַרבעטן אויפן פעלד, ווען די זאָרג פאַר די קינדער וואָלט ביי זיי נישט איבערגענומען געוואָרן דורך די געניטע קינדער - דערציערינס אין דעם „בית־ילדים". אויסער דעם ווערן דורך דעם פאַרקלענערט די מעדיצינישע אויסגאַבן פון דער קבוצה. בכלל, זאָגן די קבוצה־מיטגלידער, מוז ארץ־ישראל האָבן אַ באַזונדערס שטאַרקן נייעם דור, וואָס זאָל פאַרטזעצן די שווערע אַרבעט פון די איצ־טיקע פּיאָנערן. זיי זענען זיכער, אַז זייער סיסטעם פון קינדער־דערצי־אונג וועט אַרויסברענגען אַ שטאַרקן און פליסיקערן דור, איידער די היימישע קינדער־צימערן פון פּריוואַטע קאָלאָניסטן.

די פרוי אין דער קבוצה.

די פרוי אין דער קבוצה איז פולשטענדיק גלייכבאַרעכטיקט מיטן מאַן. זי האָט נישט נאָר אַ גלייכע שטימע אין אַלע אירע באַשלוסן, נאָר זי ווערט אויך אין אַ באַדייטנדער מאָס באַטייליקט אין אַלע צווייגן פון אַגריקולטורעלער טעטיקייט.

אין אייניקע קבוצות האָט מען אַפילו געשטרעבט צו באַפרייען די פרוי פון כסדרדיקער הויז־אַרבעט דורך באַשטימען מענער און פרויען אין גלייכער מאָס פאַר די אַרבעטן אין הויז און קיך. שפּעטער האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פון אַזאַ עקסטרעמער פּאָליטיק: די הויז־ און קינדער־ווירטשאַפט ווערן איצט מער־ווייניקער אָנערקענט אַלס די מאָנאָפּאָל פון פרויען. זיי טוען אָבער די דאָזיקע אַרבעט לויט דער ריי, און יעדע פון

*) באַזונדערס אָפט האָט מען די דאָזיקע טענות געהערט אין דער צייט, ווען די מערסטע קבוצות פלעגן האָבן דעפיציטן. איצט, ווען אַלע קבוצות דעקן מיט זייערע ערנטע די לויפנדע הוצאות, — און אָפט נאָך מיט ריווח, — איז דער דאָזיקער סאָרט קריטיק געוואָרן אַ סך שוואַכער.

זיי — מיטן אויסנאַם פון אַזעלכע, וואָס ווערן באַטראַכט אומפאַרמיידלעך אין זייער באַשטימטן פאַך, למשל, קינדער־גערטנערינס און לערערינס — קריגט אַ געלעגנהייט צו אַרבעטן אַ טייל פונם יאָר אין פעלד און גאָרטן.

די אַרבעט־צעטיילונג צווישן די מיטגלידער פון דער קבוצה איז איינע פון אירע וויכטיקסטע פּראָבלעמען. זאָל מען איבערגעבן די אַרבעט צו די מיטגלידער לויט דער ריי, אַזוי אַז יעדער פון זיי זאָל אין לויף פון יאָרן אַרבעטן אין גלייכער מאָס אין אַלע צווייגן פון אַגריקולטורעלער טעטיקייט, אָדער זאָל מען דערמוטיקן ספּעציאַליזאַציע, ביי וועלכער אַ חבר זאָל שטענדיק זיך באַשעפטיקן מיט איין איינציקער אַרבעט, וועלכע ער קאָן אַמבעסטן?

אין פריערדיקע יאָרן האָט מען בעסער באַנוצט דעם ערשטן וועג, פון גלייכער אַרבעטס־צעטיילונג. מען האָט זיך באַטראַכט ביז אַ געוויסער מאָס אַלס אַן אַגריקולטורעלע שולע, און מען האָט געוואָלט, אַז יעדער חבר אָן אויסנאַמע זאָל זיין היימיש אין אַלע צווייגן פון אַגריקולטור, אויפן ווייץ־פעלד און אין גאָרטן, אין שטאַל און הינערשטייג. איצט אָבער האָט מען זיך אין די מערסטע קבוצות אָפּגעזאָגט פון דעם סיסטעם. די קבוצות באַטראַכטן זיך שוין פאַר ענטגילטיק עטאַבלירטע אונטערנעמונגען, וואָס מוזן קודם־כל זיין טיכטיק און זיך אויסצאָלן. אין אַלגעמיין בייטן זיך נאָך חברים ביי דער אַרבעט, אָבער אין יעדן צווייג פון דער ווירטשאַפט זענען איצט שוין דאָ איינער אָדער צוויי חברים, וואָס האָבן דורך דערפאַרונג און שטודיום זיך ספּעציאַליזירט אין דעם פאַך, און בלייבן שטענדיק ביי דער זעלבער אַרבעט. איך האָב, למשל, אין די קבוצות באַגעגנט מיטגלידער, וואָס באַשעפטיקן זיך ספּעציעל מיט פלאַנצונגען, און וואָס שטייען נישט אָפּ פון די בעסטע פּריוואַטע קאָלאָניסטן אין די ציטרוס־געגנטן פונם לאַנד.

## דאָס פּראָבלעם פון פאַרוואַלטונג.

אַן ענלעכע עוואָלוציע האָט די קבוצה דורכגעמאַכט אין דער פּראַגע פון פאַרוואַלטונג. מיט אַ יאָר פערצן צוריק האָט דער מחבר פון דעם בוך, וואַנדערנדיק איבער די קבוצות אין ארץ־ישראל, זיך אָנגעשטויסן אויף אַזעלכע קבוצות, ווו מען האָט, אין דער שטרעבונג אָנצוהאַלטן אַ הונדערט־פּראָצענטיקע דעמאָקראַטיע, איינגעפירט אַ רייען־

סיסטעם פון פאַרוואַלטונג, וואָס האָט געגעבן יעדן מיטגליד אַן אַבסאָ־לוט גלייכן חלק אין איר. אין אַזעלכע קבוצות פלעגט מען אויסקלייבן אַ פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעט יעדן חודש. כדי אָבער יעדן חודש זאָל נישט זיין קיין שפּאָגל־נייע פאַרוואַלטונג, פלעגט מען ביי יעדער וואַל אויסקלייבן אַ העלפט פון דעם קאָמיטעט אויף אַ טערמין פון צוויי חדשים. קיין מיטגליד האָט נישט געקאָנט אויסגעקליבן ווערן אויף אַ נייעם טערמין, כל־זמן אַלע אַנדערע חברים פון דער קבוצה זענען נישט געווען אין דער פאַרוואַלטונג. אויסער דעם פלעגט מען אַלע מער־וויניק וויכטיקע באַשלוסן אָננעמען אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג נאָך דער אַרבעט.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז נישט זייענדיק לעניגם תלמידים, זענען די ארץ־ישראלדיקע קבוצהניקעס געווען, פּיליכט, די איינציקע מענטשן אין דער וועלט, וועלכע האָבן ערנסט פּרובירט פאַרווירקלעכן זיין באַ־רימטן ווערטל וועגן דעם, אַז „יעדע קעכין דאַרף אימשטאַנד זיין פאַר־וואַלטן מיט דער מלוכה"... ס'איז אַ סברה, אַז לענין אַליין האָט עס באַטראַכט, אונטער די איצטיקע אומשטענדן, בלויז אַלס אַן אַגיטאַטאָ־רישן לאָזונג.

בעת מיינע לעצטע באַזוכן אין ארץ־ישראל, אין 1933 און 1935, האָב איך שוין נישט געטראָפן קיין קבוצות וואָס זאָלן אויסטייטשן דעמאָקראַטיע אין אַזאַ איבערטריבענעם זין. כמעט אומעטום ווערן איצט פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעטן אויסגעקליבן אויף אַ גאַנץ יאָר, און אַלגע־מיינע פאַרזאַמלונגען קומען אויך פאָר אַ סך זעלטענער ווי פריער. חוץ דעם, קלויבן אויס די מערסטע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעטן איין קאָנצענ־טראַטאָר (מרכז), וואָס איז אייגנטלעך דאָס דעמאָקראַטישע וואָרט פאַרן טראַדיציאָנעל־פאַרהאַסטן וואָרט „פאַרוואַלטער"... נאַטירלעך, אַרבעט דער דאָזיקער מרכז אין ענגער פאַרבינדונג מיט דעם פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעט, און זיין אייגענע מאַכט איז אַ גאַנץ באַשרענקטע.

נישט קוקנדיק אויף דער אַלגעמיינער גלייכהייט, זענען אין יעדער קבוצה דאָך פאַראַן אַ גרופּע פון עלטערע מיטגלידער, געוויינלעך פון אירע גרינדער, וואָס געניסן אַ באַדייטנדן מאָראַלישן אויטאָריטעט ביי די מיטגלידער, און האָבן פּראַקטיש די אַנטשיידנדע דעה איבער אירע ענינים. די מורא ווידער אויסקלייבן אַ חבר אין פאַרוואַלטונג אָדער אַלס מרכז איז איצט אַ סך קלענער, איידער מיט צען יאָר צוריק. איך האָב גע־זען מיטגלידער פון פאַרוואַלטונגען און „קאָנצענטראַטאָרס", וואָס זענען

געבליבן צו דריי־פיר יאָר אין זייער אמט, ארויסווייזנדיק אָפט באַדייטנדע אַדמיניסטראַטיווע פעיקייטן און אַ ברייטע איניציאַטיוו.

דער מענטשן־מאַטעריאַל.

אַ קבוצה איז עפּעס מער ווי אַן עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע. זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַזונדערן טיפּ פון געמיינזאַמען קאָמוניסטישן לעבן אין בעסטן זין פונם וואָרט. נישט נאָר ארבעטן אירע מיטגלידער צוזאַמען, נאָר זיי לעבן אויך צוזאַמען און זיי טיילן אַלע טאָג־טעגלעכע פרייד און ליידן. זיי זענען פּאַקטיש איין גרויסע פאַמיליע, אין וועלכער די פעדים פון בלוט זענען פאַרביטן געוואָרן דורך אַ נאָענטקייט, וואָס שטאַמט פון אַלטער און אויסגעפּרוווטער פריינטשאַפט, און געמיינזאַמען אידעאַל.

דער דערפאָלג פון די קבוצות אין ארץ־ישראל, נישט קוקנדיק אויפן דורכפאַל פון ענלעכע עקספּערימענטן אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דערקלערט זיך הויפּטזעכלעך מיט זייער אויסגעצייכנטן מענטשן־מאַטעריאַל. די דערפאַרונג האָט געוויזן, אַז דער דערפאָלג פון אַ קבוצה איז שטאַרק אָפּהענגיק פון דעם, אויף וויפל אירע מיטגלידער זענען צוגעפּאַסט איינער צום אַנדערן און צו זייער געמיינזאַמען לעבן. זי גיט זיך איין בלויז מיט אַ באַשרענקטער און דורכגעזיפּטער גרופּע פון אידעאַליסטיש־געשטימטע חברים.

דער מענטשלעכער מאַטעריאַל פון אַ טיפּישער קבוצה איז אַ רעזולטאַט פון לאַנגן קעגנזייטיקן אויסוואַל, וואָס הויבט זיך געווייגלעך אָן מיט עטלעכע יאָר פאַר איר אייגנטלעכער גרינדונג. אָפט האָבן קבוצות זייער אורשפּרונג נאָך אין גלות אין אַ גרופּע פון ענג־באַפריינדעטע לאַנדס־לייט, וואָס האָבן געמיינזאַם געאַרבעט אויף אַ צוגרייטונגס־ווירטשאַפט פון „החלוץ", און אָפט איז דאָס ערשטע קערנדל געשאַפן געוואָרן אויף בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, ווו אַ גרופּע נאָענטע חברים האָבן זיך צונויפגענומען מיטן געדאַנק וועגן אַ קומענדיקער געמיינזאַמער באַזעצונג אויפן לאַנד. מערסטנס זענען די מיטגלידער פון אַזאַ גרופּע געבונדן געווען אויך דורך געמיינזאַמער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט.

ווען אַזאַ גרופּע פון קעגנזייטיק – צוגעפּאַסטע חברים איז געקומען צום באַשלוס וועגן שאַפן אַ קבוצה, פלעגן זיי מודיע זיין וועגן זייער אַבזיכט דעם „מרכז" פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע ארבעטער, וואָס איז אַ טייל פון הסתדרות, און דינט געווייגלעך אַלס וואָרט־זאָגער פון אַזעלכע גרופּן אין דעם קאָלאָניזאַציע־דעפּאַרטאַמענט פון דער ציוניסטישער אָר־

גאַניזאַציע. עס נעמט אַ היפּשע צייט, מינדעסטנס אַ פּאָר יאָר, ביז אַ גרופּע, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אַלס אַ קומענדיקע קבוצה איז באמת אימשטאַנד אַרויפצוגייען אויפן לאַנד. געלט פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע איז שטענדיק געווען קנאַפּ, און עס זענען שטענדיק פאַראַן אייניקע עלטערע גרופּן, וואָס זענען מער בארעכטיקט פריער קאָלאָניזירט צו ווערן.

מוז די גרופּע וואַרטן. דערווייל אַרבעטן אירע מיטגלידער ווייטער, אַלע צוזאַמען, ביים הייזער־בוי אָדער ביי אַ שאָסע. זיי באַקענען זיך נאָך נענטער איינער מיטן אַנדערן און זיי האָבן אַ סך געלעגנהייטן אויסצופּרוּוון זייער פּסיכאָלאָגישע פעיקייט צו אַ געמיינזאַמען קבוצה־לעבן, און זייער קעגנזייטיקע צופּאַסונג. אַ פּאָר מאָל האָט די דאָזיקע אויספּרוּוו־צייט זיך געענדיקט מיט שטרייטיקייטן און אויפלייזונג. געווינלעך אָבער, האָבן אַזעלכע גרופּן, מיט טיילווייזע ענדערונגען אין זייער באַשטאַנד, איבערגעלעבט די וואַרט־צייט, און געוואָרן נאָך מער באַפריינדעט און נאָך מער פּסיכאָלאָגיש צוגעגרייט צו אַ געמיינזאַמען לעבן, — וואָס איז די עיקר־באַדינג פאַר זייער דערפאָלג אַלס אַ קבוצה.

מיט יאָרן שפּעטער ווען די קבוצה איז, אַ דאַנק דער אויסבעסערונג פונם באָדן און דער איינפירונג פון אַ מער אינטענסיווער און באַוואַסערטער ווירטשאַפט, אימשטאַנד צו דערנערן אַ גרעסערע צאָל פאַרזאָגן איידער ביי איר אָנהויב, איז זי גאַנץ פּראַקטיש אין דעם אויסוואַל פון נייע מיטגלידער. זי באמיט זיך אַריינצונעמען בלויז אַזעלכע חברים וואָס שיינען צו זיין באמת צוגעפּאַסט צום ענג־געקניפּטן קאָמונאַלן לעבן פון דער קבוצה. אַ נייער חבר ווערט געוויינלעך צוגעלאָזן צוערשט אויף אַ צייטווייליקן יסוד, אָן שום פאַרפליכטונגען וועגן זיין אַנטגילטיקער מיטגלידערשאַפט. נאָך עטלעכע חדשים אַלס לערלינג, באַשליסט די קבוצה וועגן אַריינצונעמען אָדער נישט אַריינצונעמען אים אַלס שטענדיקן מיטגליד. אויב דער באַשלוס איז אויף „ניין", קריגט ער אַ געוויסע אַנטשיידיקונג פאַר זיין אַרבעט, און ער מוז זוכן אַרבעט אַנדערשוו. אָן אַזאַ פּראַקטיקן אויסוואַל פון נייע חברים, וואָלט די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער קבוצה געשטעלט געוואָרן אין קאָן.

די אַנטשטייונג פון קבוצות; אָפּענהיימערס עקספּערימענט.

די עלטסטע קבוצה איז „דגניה", געגרינדעט אין יאָר 1910 אין עמק־הירדן. זי איז געשאַפן געוואָרן דורך דער איניציאַטיווע פון אַ

גרופע ארבעטער, וואָס האָבן אָפּגעדונגען פונם נאַציאָנאַל־פאָנד א שטיק לאַנד און זיך באַזעצט דאָרט אויף קאָלעקטיווע יסודות. נישט קוקנדיק אויפן גאָר הייסן קלימאַט פון דער אַרומיקער געגנט, און די אָפטע פיי־בער־קראַנקהייטן, זענען די פּיאָנערן פון דגניה געבליבן פאַרעקשנט ביי זייער עקספּערימענט און האָבן סוף־כּל־סוף דערגרייכט אַזאַ מאָס פון דערפאָלג, אַז זייער קבוצה איז שפּעטער געוואָרן אַ באַגייסטערנדער מוס־טער פאַר אַנדערע אָנהויבן פון דעם מין.

נאָך פאַר דער גרינדונג פון דגניה, האָט דער ניינטער ציוניסטישער קאָנגרעס (דעצעמבער 1909), שטייענדיק פאַר דער שווערער פראַגע פון יידישער אַרבעט אין די דעמאָלט־עקזיסטירנדע קאָלאָניעס, באַשלאָסן מאַכן אַ קאָאָפּעראַטיוון עקספּערימענט לויט דעם פּלאַן פונם באַקאַנטן עקאָנאָמיסט, פּראָפעסאָר פראַנץ אָפּענהיימער. ווי מיר האָבן שוין אָנ־געוויזן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל (2), איז אָפּענהיימערס פּראָיעקט, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אין מרחביה, אין האַרץ פון עמק־יזרעאל, נישט געווען קיין דערפאָלג. אייניקע פון זיינע אָנהענגער זאָגן, אַז דער פּלאַן, וואָס איז אויפגעגעבן געוואָרן ביים אָנהויב פון וועלט־קריג, איז נישט גענוג אויסגעפּרוווט געוואָרן, און ווען מען וואָלט אים פאָרטגע־זעצט נאָך אַ פאָר יאָר וואָלט ער דאָך מצליח געווען, נישט קוקנדיק אויף די ערשטע שוועריקייטן און שטרייטיקייטן.

אונזער איינדרוק אָבער איז, אַז אָפּענהיימערס פּלאַן האָט נישט געקאָנט געלינגען, ווייל זיין אידעע פון מאַכטפולער פאַרוואַלטונג, פּאַסט זיך אפשר פאַר פרייסן, אָבער נישט פאַרן אינדיווידואַליסטישן, שטאַרק אומאָפּהענגיקן יידישן קאָאָפּעראַטאָר, ספּעציעל נאָך אין ארץ־ישׂראל. דאָס איז, וואַרשיינלעך, אויך די אורזאַך, פאַרוואָס אַלע שפּע־טערדיקע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען אין דער ארץ־ישׂראלדיקער לאַנדווירטשאַפט זענען געפירט געוואָרן בהסכּם נישט מיט אָפּענהיימערס סיסטעם, נאָר לויטן פּלאַן פון דגניה, וואָס פאַרלאָזט זיך שטאַרק אויף דער איניציאַטיוו און שכל־הישר פון די מיטגלידער אַליין.

### שוועריקייטן און ערפאָלג.

בדרך־כּלל האָבן די קבוצות מצליח געווען איבער די מערסטע דער־וואַרטונגען. אמת, יעדע איינע פון זיי האָט געמוזט במשך פון אַ לאַנגער צייט נאָך איר גרינדונג געשטיצט ווערן פינאַנסיעל פון דער ציוניסטי־

שער אָרגאַניזאַציע. דאָס דערקלערט זיך אָבער מערסטנס דערמיט, וואָס די קבוצות האָבן באַלד ביי זייער גרינדונג נישט געקריגן דעם נויטיקן מינימום פון געלט, וואָס זאָל אַוועקלייגן אַ פעסטן פונדאַמענט פאַר זייער צוקונפטיקן וווילשטאַנד. אייניקע קבוצות האָבן אין אָנהויב נישט געהאַט אַפילו קיין געלט אויף צו גראָבן אַ ברונעם, און האָבן געמוזט יאָרן און יאָרן אָנפירן זייער ווירטשאַפט אָן דער קלענסטער מעגלעכקייט פון קינסטלעכער באַוואַסערונג. זיי האָבן אַפילו אַמאָל נישט געהאַט קיין אייגענע וואַסער אויף צו טרינקען און אָפּוואַשן זיך, און האָבן געמוזט שלעפּן וואַסער פון אַרומיקע אַראַבישע דערפער. אין איין קבוצה האָט מען מיר געוויזן אַ חשבון, אַז מיטן געלט, וואָס מען האָט דאָרט זעקס יאָר דורכאַנאַנד אויסגעגעבן אויף אויסהאַלטן אַ פּאָר פּרדות (מולען) און אַ וואַסער־פירער, וועמענס איינציקע אַרבעט איז געווען ברענגען וואַסער פון אַ שכנותדיקן אַראַבישן דאָרף, — וואָלט מען געקאָנט אויסגראָבן צוויי גרויסע ברונעמער, און די קבוצה וואָלט געהאַט וואַסער נישט נאָר פאַר טרינקען, נאָר אויך פאַר טיילווייז באַוואַסערטער ווירטשאַפט! איצט האָט שוין די קבוצה אַ ברונעם. ס'איז אָבער קלאָר, אַז די דאָזיקע אַנאָרמאַלע לאַגע האָט בעת די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ געמוזט זיך אָפּרופן אויף דער פּרוכטבאַרקייט פון אירע פעלדער, און זי איז געווען די אורזאַך פון שווערע דעפיציטן, וואָס וואָלטן בדרך־כּלל געקאָנט אויסגעמיטן ווערן.

די דערפאַרונג פון די קבוצות, ווי אויך פון פּריוואַטע קאָלאָניסטן האָט איבעצייגנד באַוויזן, אַז מענטשן מיט אַ קולטורעלן סטאַנדאַרט פון מינימאַלע באַדערפענישן קאָנען נישט מצליח זיין אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט, אויב זיי האָבן נישט פון אָנהויב אָן גענוג מיטלען, אייגענע אָדער געזעלשאַפטלעכע, — אויף צו פאַרבעסערן דעם באָדן און מעגלעך מאַכן כאָטש־בי אַ טיילווייזע באַוואַסערונג פון זייערע פעלדער.

ביים היינטיקן טאָג שטייען די קבוצות עקאָנאָמיש אויף זייערע אייגענע פיס, און די מערסטע פון זיי האָבן אַפילו געענדיקט דעם יאָר 1934 מיט אַ באַדייטנדן פּראָפיט. די אַגריקולטור האָט דאָרט דערגרייכט אַ גאַנץ הויכע מדרגה פון פּראָדוקטיוויטעט. די קבוצות האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַ היפּשן טייל פון די אויסבעסערונגען, וואָס זענען דערגרייכט געוואָרן אין פאַרשידענע צווייגן פון דער ארץ־ישראלדיקער אַגריקולטור. באַזונדערס האָבן זיי אויפגעטאָן אַ וויכטיקע פּיאָנערישע

ארבעט אין דער מילך־ווירטשאַפט, אין עופות־צוכט און גרינס־פעל־דער. זיי האָבן עס איינגעפירט די מערסטע נייע סאָרטן פון בהמות און עופות, וואָס האָבן זיך איצט אַזוי גוט אַקלימאַטיזירט אין ארץ־ישראל.

ביים סוף פונם יאָר 1934 האָבן אין ארץ־ישראל עקזיסטירט 26 קבוצות מיט אַרום 2500 דערוואַקסענע מיטגלידער, און אַן אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון 3750. די נישט־מיטגלידער זענען מערסטנס קינדער, און זקנים, — די עלטערן, וואָס זענען איבערגעבראַכט געוואָרן פון איי־ניקע מיטגלידער פון אייראָפּע. זיי ווערן אויסגעהאַלטן פון דער גאַנצער קבוצה.

די דורכשניטלעכע צאָל מיטגלידער אין איין קבוצה איז 95. עס זענען פאַראַן עטלעכע גרויסע קבוצות, וואָס יעדע פון זיי האָט איבער 150 מיטגלידער, און עס זענען פאַראַן אויך אַ פּאָר קליינע קבוצות, וואָס האָבן ווייניקער פון פופציק חברים. די גרעסטע קבוצה, עין חרוד, האָט איבער 300 דערוואַקסענע מיטגלידער.

אינם יאָר 1934 האָבן די קבוצות באַאַרבעט צוזאַמען אַ שטח פון 95,000 דונאַם, פון וועלכן אַרום אַ צענטל איז געווען אונטער קינסטלע־כער באַוואַסערונג.

קליינע און גרויסע קבוצות.

די מערסטע קבוצות באַשטייען פון 60 ביז 90 מיטגלידער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַן ענג־געבונדענע עקאָנאָמישע איינהייט. פיל פון זייערע פירער זענען איבערצייגט, אַז אַ קבוצה טאָר נישט זיין פיל גרע־סער, און וואָס גרעסער זי איז, אַלץ שוואַכער וועט זיין איר ווידער־שטאַנד אין שווערע צייטן. אַנדערע באַשטרייטן אָבער די דאָזיקע מיינונג מיט דער גרעסטער אַנטשידנהייט. עס זענען פאַראַן אין ארץ־ישראל אמתע ענטוזיאַסטן פון דער גרויסער קבוצה, וועלכע זענען זיכער, אַז בלויז זי האָט אַ באמת־געזיכערטע צוקונפט.

די אָנהענגער פון דער גרויסער קבוצה, זאָגן, אַז זי האָט וויכטיקע טעכנישע מעלות אין פאַרגלייך מיט די קליינע קבוצות, און קאָן דערי־בער אַרויסגעבן מער פּראָדוקטיווע און העכער־קוואַליפיצירטע אַגריקול־טורעלע אַרבעט. די דאָזיקע טעכנישע מעלות איבערוויגן לויט זייער מיי־נונג די מעגלעכע חסרונות, וואָס באַשטייען אין מער־קאָמפּליצירטער

פאַרוואַלטונג און אפשר אויך אין דער אָפּשוואַכונג פון דער ענגער חברשאַפט, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קלענערער קבוצה. זיי שטרייכן אויך אונטער די גרעסערע מעגלעכקייט זיך אויסלעבן קול־טורעל אין אַ גרויסער קבוצה, איידער אין אַ קליינער. עין־חרוד, למשל, האָט געגנוג מוזיקאַליש געניטע מיטגלידער, כּדי אָנצוהאַלטן אַן אייגע־נעם אָרקעסטער. פאַר אַ קליינער קבוצה וואָלט דאָס געווען אַן אוטאָפּיע.

די אָנהענגער פון דער קליינער קבוצה ווערן נישט נתפּעל פון די דאָזיקע אַרגומענטן. זיי האַלטן, אַז אַ קליינע קבוצה דערלויבט מער־שאַפנדע איניציאַטיוו פון אירע מיטגלידער, און דאָס איז באַזונדערס וערטפול אין אַגריקולטור. די קליינע קבוצה ווערט געלויבט אַלס אַ געזונטער מיטל־וועג צווישן דעם סאָציאַליסטישן פּרינציפּ און דער אי־ניציאַטיוו פונם יחיד.

וואָס איז נוגע די קולטורעלע מעלות פון דער גרויסער קבוצה קאָן מען זיי מיט דער צייט בייקומען דורך נאָענטערע קולטור־באַציונגען צווישן שכנותדיקע קבוצות, וואָס ווערן סיי־ווי דערנענטערט איינע צו דער אַנדערער דורך בעסערע וועגן און דער אַנטוויקלונג פונם מאָטאָר־פאַרקער. ס'איז, למשל, נישטאָ קיין גרונט, פאַרוואָס אַ מיטגליד פון „דגניה בית" זאָל זיך נישט קאָנען באַטייליקן אין אַן אָרקעסטער, וואָס ווערט געשאַפן אין „דגניה אלף", וואָס איז בלויז אַ האַלבער קילאָמע־טער ווייט. וואָס געדיכטער דאָס לאַנד וועט ווערן באַזעצט און וואָס בעסער עס וועט ווערן דער אינערלעכער פאַרקער, אַלץ מער וועלן אַזעלכע געמיינזאַמע קולטור - אונטערנעמונגען ווערן דער אַלגעמיינער כּלל. אגב, איז שטענדיק מעגלעך צו שאַפן דריי־פיר דער־בייאיקע קליינע קבוצות אויף אַ שטח לאַנד, וואָס איז גענוג פאַר איין גרויסער קבוצה.

דער מחבר פּערזענלעך איז מער גענייגט לטובת דער קליינער קבוצה. איך נעם אָבער אויף זיך נישט צו זיין דער פּוסק־אחרון. בלויז צייט וועט אַנטשיידן דעם פּרינציפּיעלן ויכוח צווישן די אָנהענגער פון ביידע טיפּן פון קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן אין ארץ־ישראל.

### קבוצה און קיבוץ.

די ביז אַהער באַשריבענע קבוצה איז אַ באַזונדערער, אויטאָנאָמער עקאָנאָמישער אָרגאַניזם, וואָס שטייט אין גאַנצן אויף זיינע אייגענע פיס. אמת, זי באַטייליקט זיך צוזאַמען מיט אַנדערע קבוצות אין אַ קאָאָפּע־

ראַטיווער איינקויף - אָרגאַניזאַציע (המשביר) און א געמיינזאַמען פאַר־קויף פון אירע פּראָדוקטן (תנובה). זי שטיצט און העלפט אויך אַמאָל אוים א שוואַכערע און יינגערע קבוצה דורך א פּריינטלעכן קרעדיט, אָן פּראָצענט, אין דער פאָרם פון ווייץ, פלאַנצונגס־צווייגלעך (שתילים) און אנדערע אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן אָדער מאַשינען. זי צאָלט אויך מיטגלידס - אָפּצאָלונגען פאַר אירע חברים צו דער הסתדרות און „מרכז חקלאי" (לאַנדווירטשאַפטלעכער צענטער) און באַטייליקט זיך פּראָפּאָרצ־יאָנעל אין די הוצאות פון דער קראַנקן־קאַסע (קופת חולים). אויסער אָבער אַזעלכע אַלגעמיינע בייטראַגן און קעגנזייטיקער הילף, איז יעדע קבוצה א געשלאָסענער קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז באַזירט בלויז אויף זיינע אייגענע מיטגלידער, און קאָן אויסנוצן זיין מעגלעכן איבערפלוס אויף צו פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען אומאָפּהענגיק פון דער לאַגע אין אנדערע קבוצות.

אויסער אָבער אַזעלכע אָפּגעזונדערטע קבוצות, עקזיסטירט אויך אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט אַן אנדער טיפּ פון קאָלעק־טיווע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען צום אונטערשיד פון דער קבוצה א טייל פון א גרעסערער און ברייטערער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע, וואָס הייסט „קבוץ". אַזא קאָלעקטיווע לאַנדווירטשאַפט איז אָפט דער אוואַנגאַרד פון א גרעסערער גרופּע מערסטנס שטאָטישע ארבעטער, וואָס שטרעבן צו באַזעצן זיך אויפן לאַנד. די מערסטע מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרעסערער גרופּע, דעם קבוץ, וווינען נאָך אין שטאָט, וווּ זיי ארבעטן אין פאַרשידענע פאַכן. זייערע אָפּשפּאָרונגען ווערן אָבער אריינגעלייגט אין זייער געמיינזאַמע לאַנדווירטשאַפט, ווו עס ארבעטן די יעניקע מיטגלידער פון קבוץ, וואָס זענען געשיקט געוואָרן צוצגרייטן דעם באָדן פאַר דער שפּעטערדיקער באַזעצונג פון אַלע זיינע מיטגלידער. מיט אנדערע ווערטער, די קאָלעקטיווע לאַנדווירטשאַפטן, וואָס באַלאַנגען צו קבוצים, זענען זייערע „טאָכטער־געזעלשאַפטן". זיי זענען דער אָנ־הויב פון גרעסערע זידלונגען, ווו עס וועלן מיט דער צייט געפינען פּלאַץ אַלע מיטגלידער פון דעם גאַנצן קבוץ.

כּדי נאָך קלאָרער צו מאַכן דעם דאָזיקן אומגעוויינלעכן טיפּ פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלן מיר דאָ דערמאָנען, אַז אין ארץ־ישראל קומט אויך פאַר אין א בערך ברייטן פאַרנעם, אַן אינדיווידועלע צוגרייטונג פון שטאָטישע מענטשן צו קומענדיקער באַזעצונג אין דאָרף. א יחיד, געוויינלעך א בעסער־פאַרדינענדער, קויפט ערגעץ־ווו א שטיקל לאַנד און

לאָזט דאָס באַארבעטן דורך קרובים אָדער באַקאַנטע, וואָס וווינען אין דאָרף. עס זענען דאָ אין ארץ־ישראל אַגריקולטורעלע קאָנטראַקטאָרס (פּאָדריאַדטשיקעס) און גאַנצע אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמען אונטער אַזאַ אויפגאַבע אויף אַ ריין־געשעפטלעכן יסוד. דער קבוץ פונם אויבן־דער־מאָנטן טיפּ פאַרווירקלעכט די זעלבע אויפגאַבע פאַר זיינע חברים אויף אַ קאָלעקטיוון, קאָאָפּעראַטיוון יסוד.

די דערשיינונג פון אַ שטאָטישן אַרבעטער, וואָס רייסט אָפּ פונם ביסן נישט כּדי אַריינצולייגן זיינע אָפּשפּאָרונגען אין אַ פּערזענלעכן באַנק־חשבון, נאָר כּדי איבערגעבן זיי מיט פולן צוטרוי צו זיינע חברים, וואָס זענען שוין אויפן לאַנד און גרייטן דאָרט צו אַ צוקונפטיקע קאָלעקטיווע היים, וווּ ער אַליין וועט אַמאָל זיין אַ מיטגליד, איז לויט מיין מיינונג, דער גלענצנדסטער און דער אַממערסטן באַגייסטערנדער באַווייז פונם וווּנדערלעכן קאָאָפּעראַטיוון גייסט, וואָס הערשט צווישן די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער!

מיט איין וואָרט, דער קבוץ איז אַ קאָאָפּעראַטיווע זידלונגס־אָרגאַניזאַציע, וואָס באַשטייט טיילווייז פון שטאָטישע לוין־אַרבעטער און טיילווייז פון אַגריקולטורעלע אַרבעטער, וואָס העלפן איינער דעם אַנדערן אין דער געמיינזאַמער שטרעבונג צו בויען זייער צוקונפט אויפן לאַנד.

עס זענען דאָ צוויי פונדאַמענטאַלע פאָרמען פון קבוץ. די איינע באַשטייט, למשל, פון 70 בוי־אַרבעטער אין חיפה און 30 לאַנד־אַרבעטער אין עמק יזרעאל, וווּ די לעצטע לייגן דעם יסוד פאַר אַ קאָלעקטיוון ישוב, וואָס וועט אַמאָל אַריינגעמען אַלע הונדערט מיטגלידער פונם דאָזיקן קבוץ. די אַנדערע, די מער־געוויינלעכע פאָרמען פון קבוץ, האָט אַלע אירע מיטגלידער אין איין פּלאַץ; זיי לעבן אַלס אַ קאָמונע אויף אַ שטיק באָדן, וואָס איז פאַר זיי אָפּגעטיילט געוואָרן פונם נאַציאָנאַל־פאָנד ערגעץ־ווו ביים ראַנד פון אַ שטאָט אָדער אַ פּריוואַטער קאָלאָניע. זייער באָדן איז נישט גענוג פאַר אַלעמענס חיונה, און די מערסטע פון זייערע מיטגלידער זענען באַשעפטיקט אַלס לוין־אַרבעטער אין דעם דערבייאיקן פּריוואַטן ישוב.

דעם דאָזיקן צווייטן און מער פאַרשפּרייטן טיפּ וואָלט מען געקאָנט אָנרופן „באַזעצטער קבוץ". זיינע מיטגלידער מוזן נישט שיקן זייערע אָפּשפּאָרונגען ערגעץ־ווו אַנדערש, און זיי מוזן נישט לעבן דערווייל יעדער באַזונדער, ביז זיי וועלן אַמאָל קאָנען זיך באַזעצן קאָלעקטיוו

אויפן לאַנד, וואָס ווערט צוגעגרייט פון זייערע חברים. זיי לעבן שוין איצט ווי אַ קבוצה, און אַלע זייערע אָפּשפּאָרונגען ווערן אינוועסטירט גלייך אויפן פּלאַץ, אין אַן אינטענסיוועווירטשאַפט אויפן בערך קליינעם שטיק באָדן, וואָס איז אין זייער רשות. זיי קריגן שוין איצט אַרויס אַ היפּשן טייל פון זייער שפּייז־באַדאַרף פון אייגענעם באָדן, פּאַרקלענערנדיק דערמיט די הוצאות און מעגלעך־מאַכנדיק גיכערע און גרעסערע אָפּשפּאָרונגען. אַגב, שטרעבן גאַרנישט די מערסטע פון די באַזעצטע קבוצים איבערצופירן מיט דער צייט אַלע זייערע מיטגלידער צו לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. זיי האָבן שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז זיי וועלן שטענדיק מוזן זיך שטיצן אויף אַ געוויסן פּראָצענט פון געדונגענער אַרבעט, אַריינרעכענדיק אין דער זעלבער צייט אַ וואָס־גרעסערע צאָל פון זייערע מיטגלידער אין דער אייגענער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט.

## די פּראָבלעמען פונם קיבוץ.

אין זיין אינערלעכן לעבן איז אַזאַ „באַזעצטער" קבוץ אינגאַנצן ענלעך צו דער קבוצה מיט איר קאָמונאַלער קיך, קינדער־הויז, א. אַ. וו. דער פאַקט אָבער, וואָס דער קבוץ אין קעגנזאַץ צו דער קבוצה, האָט נישט גענוג אַרבעט פאַר אַלע זיינע מיטגלידער אויפן אייגענעם באָדן, און דער גרעסטער טייל פון זיי מוז אָנקומען צו לוין־אַרבעט, שאַפט אַ פּראָבלעם, וואָס עקזיסטירט נישט אין דער קבוצה. דאָס איז דער ווידערשפּרוך צווישן דער גלייכער פאַרטיילונג אין דעם קבוץ, און דעם אומגלייכן לוין אויסער אים.

אין דעם קבוץ קריגן אַלע אַרבעטער די זעלבע פּראָדוקטן, די זעלבע שפּייז, די זעלבע לעבנס־באַקוועמלעכקייטן. אין דרויסן אָבער, ווו זיי גייען אַרבעטן, פאַרדינט איינער אַלס גוטער פאַכמאַן 50 פּיאַסטער אַ טאָג, און דער אַנדערער דער פּראָסטער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער קריגט בלויז 22 פּיאַסטער. נאַטירלעך, קומט אַריין זייער ביידנס לוין אָן אויסנאַם אין דער געמיינזאַמער קאַסע. זענען אָבער די העכער־באַצאָלטע מיטגלידער צופרידן מיט אַזאַ צושטאַנד? פאָדערן זיי נישט אַ טייל פון זייערע עקסטרע פאַרדינסטן פאַר זייערע עקסטרע נויטן?

בדרך־כלל, קאָן מען אויף דער פראַגע ענטפערן מיט אַן אַנטשיידענעם „ניין". ס'איז אמת, אַז דער פּראָצענט פון ספּעציאַליזירטע שטאַ־

טישע אַרבעטער איז אין די קבוצים עטוואָס קלענער איידער צווישן דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט פונם לאַנד. אויב אָבער אַזאַ בעסער־באַצאָל־טער אַרבעטער טרעט שוין יאָ אַריין אין קבוץ, איז ער פאָרויס גוט באַקאַנט מיט די פּרינציפּן פון קבוץ, און עס פאַלט אים גאָרנישט איין צו פאָדערן פאַר זיך ספּעציעלע פּריווילעגיעס צוליב זיין העכערן אַדי־בעטס־לוין אויסער דער געמיינזאַמער זידלונג.

הילף פאַר קרובים.

בלויז אין איין פאַל האָב איך באַמערקט געוויסע שוועריקייטן אין דער דורכפירונג פונם דאָזיקן גלייכהייטס־פּרינציפּ. דאָס איז געווען אין דער פראַגע וועגן הילף פאַר קרובים. אין אייניקע פאַלן האָבן העכער־פאַרדינענדע מיטגלידער פון דער קבוצה געפאָדערט אַ רעכט צו באַנוצן אַ טייל פון זייערע עקסטרע פאַרדינסטן אויף צו שטיצן נויט־ליידנדע עלטערן אין רוסלאַנד אָדער אין פּוילן. אָט ווי דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז פאָרמולירט געוואָרן אין אַן אינטימען געשפּרעך מיטן מחבר דורך אַן אומצופרידענעם מיטגליד פון אַ גרויסן קבוץ אין יהודה:

„איך בין אַן עלעקטריקער, האָט ער צו מיר געזאָגט. פאַרן לעצטן יאָר האָב איך אין דורכשניט פאַרדינט 60 פּיאַסטער אַ טאָג, בעת די מער־הייט פון אונזערע חברים מאַכן נישט מער ווי 25 פּיאַסטער. איך בין אָבער אַ גוטער סאָציאַליסט און גלויב אין גלייכהייט. פאַר מיר פערזענ־לעך פאָדער איך נישט אפילו קיין איבעריקן פּאַפּיראָס. אָבער צי האָב איך דאָס רעכט אָפּלייגן באַדייטנדע סומעס געלט אין אונזער געמיינזאַ־מער קאַסע, אין דער צייט ווען מיינע עלטערן גייען אויס פאַר הונגער אין אָדעס? איך פאָדער בלויז דאָס רעכט אָפּציען פון מיינע פאַרדינסטן צוויי פונט אַ חודש — ס'וועט נאָך אַליץ בלייבן איבערן דורכשניט, אויף צו שיקן זיי צו מיינע עלטערן. מיינעטוועגן קאָן דאָס טוען פאַר מיר דער קאַסירער פון אונזער קבוץ. די הויפּט־זאַך איז: — זיי טאָרן נישט הונ־גערן, בעת איך שפּאָר דאָ געלט פאַר קומענדיקע קאָלאָניזאַציע".

די פירער פון די קבוצים ווערן געשטעלט דורך אַזעלכע פאָדערונ־גען אין אַ שווערער לאַגע. זיי לייקענען נישט די מאָראַלישע קראַפט פון אַזאַ טענה. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי מורא, אַז אויב מען וועט דערלויבן די מינדעסטע אומגלייכהייט צווישן די מיטגלידער, וועט דאָס מיט דער צייט ברענגען צו אַ טיפן דורכברוך אין אַלע זייערע פּרינציפּן, און שטעלן דערמיט דעם גאַנצן קבוץ אין אַן ערנסטער סכנה.

במעט אין אַלע קבוצים ווערט די דאָזיקע פּראָבלעם געלייזט דורך דער שאַפונג פון ספּעציעלע קאָמיסיעס וועגן „הילף צו קרובים". די קאָמיסיע האָט אין איר רשות אַ געוויסע מאָנאַטלעכע סומע געלט, וועלכע דער קיבוץ האַלט פאַר מעגלעך צו אַסיגנירן פאַרן דאָזיקן צוועק. זי באַטראַכט די בקשות פון חברים וועגן הילף פאַר זייערע אייגענע, זי באַקענט זיך, ווי ווייט מעגלעך, מיטן גראַד פון זייער נויט, און באַשטימט, וועלכע פאַלן זענען באַרעכטיקט צום פאַרצוג, און וויפל עס זאָל געשיקט ווערן אין יעדן פאַל.

אין פּרינציפּ זענען די קאָמיסיעס אינסטרואירט זיך רעכענען בלויז מיט דער נויט פון די עלטערן, נישט רעכענענדיק זיך מיט די פאַרדינסטן פון זייערע קינדער אין קבוץ. דער קבוץ בלייבט, הייסט עס, געטריי צו זיין גרונט־פּרינציפּ, לויט וועלכן יעדער מיטגליד אַרבעט לויט זיינע פעאיקייטן, און פאַרברויכט לויט זיינע באַרעכטיקטע באַדערפעניש.

איז אָבער די קאָמיסיע אימשטאַנד זיך שטרענג צו האַלטן ביים דאָזיקן פּרינציפּ אינם פאַל, ווען אַ בעסער־פאַרדינענדער און בדרך־כלל געשעצטער חבר סטראַשעט צו פאַרלאָזן דעם קבוץ, אויב זיינע עלטערן וועלן נישט זיין צווישן די יעניקע, וועלכע וועלן געהאָלפן ווערן אין דער ערשטער ריי? אויף די פראַגע איז שווער צו ענטפערן. וואַרשיינלעך, געפינט מען אַ וועג אַריינצופירן אויסנאַמען אינם אַלגעמיינעם כלל...

דאָך זענען שוין פאָרגעקומען עטלעכע פאַלן ווען ווערטפולע מיטגלידער פון אַ קבוץ האָבן אים פאַרלאָזן צוליב דער פראָבלעם פון הילף פאַר קרובים. בכלל קומט אויס די קבוצות און קבוצים צו טראָגן אַ שווערע לאַסט צוליב דער טראַגישער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע.

זייטיקע געלטן.

די קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן אין ארץ־ישראל, סיי די קבוצות און סיי די קבוצים, קוקן קרום אויפן באַזיץ פון עקסטרע־געלט דורך זייערע מיטגלידער, אַפילו ווען דאָס געלט קומט פון אויסערלעכע קוועלן, למשל, פון ירושות אָדער קרובים. אויב דער מיטגליד וויל נישט צוריקשיקן אַזעלכע סומען, און וויל דאָך בלייבן אַ חבר אין דער קבוצה, מוז ער עס אַריינלייגן אין דער געמיינזאַמער קאַסע.

כ׳האָב אַמאָל געהאַט אין שייכות מיט דעם אַן אינטערעסאַנטע דערפאַרונג מיט פינף דאָלאַר, וואָס אַמעריקאַנער עלטערן פון אַ חלוץ האָבן דורך מיר איבערגעשיקט זייער זון קיין ארץ־ישראל אַלס מתנה. איך האָב דעם יונגנמאַן און זיינע חברים אינם קבוץ פון „השומר־הצעיר" אין חדרה געשטעלט אין אַ היפּשער פאַרלעגנהייט. נאָך אַ גענויער באַטראַכטונג פון דער פראַגע איז באַשלאָסן געוואָרן נישט צוריקשיקן דאָס געלט — דאָס וואָלט געווען אַ באַליידיקונג פאַר די ווילע עלטערן, — נאָר אָננעמען עס אַלס אַ בייטראַג אויף איינצוקויפן אַ ביבליאָטעק פאַרן קבוץ.

די אַלגעמיינע צאָל מיטגלידער אין די קבוצים איז כמעט טאָפּלט ווי אין די פעסטער־באַזעצטע קבוצות. זי האָט אין אָנהויב 1935 באַטראָפן אַרום 5000, אויסער מינדעריעריקע קינדער און זקנים. איי־ניקע פון די קבוצים אַנטהאַלטן נישט ווייניקער ווי 400 נפשות.

## צענטראַלע קבוצים.

די ביז איצט־באַשריבענע קבוצים באַשטייען פון אַ באַשרענקטער צאָל מיטגלידער, וואָס בויען אויס מיט געמיינזאַמע כחות זייער קומענדיקע לאַנדווירטשאַפט. דאָס וואָרט „קבוץ" ווערט אָבער אין ארץ־ישראל באַנוצט אויך צו באַצייכענען די פאַראייניקונג פון עטלעכע אָרטיקע קבוצים אָדער קבוצות אין אַ ברייטערע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט אָן איר טעטיקייט איבערן גאַנצן לאַנד. אגב, איז די באַנוצונג פון איין נאָמען פאַר צוויי פאַרשידענע מינים אָרגאַניזאַציעס אַ חסרון, וואָס מאַכט שווערער צו דערקלערן דעם זייטיקן עולם, ספּעציעל אין חוץ־לארץ, די דאָזיקע העכסט־אינטערעסאַנטע סאָציאַלע שאַפונגען.

עס זענען דאָ אין ארץ־ישראל צוויי ברייטערע קבוצים, וועמענס גרונט־באַשטרעבונג איז אויסצושפּרייטן די געמיינזאַמקייט פון גיטער און אַרבעט, וואָס עקזיסטירט אין די גרענעצן פון דער איינצלנער קבוצה אָדער קבוץ אויף עטלעכע אַזעלכע איינהייטן, וואָס זענען צעוואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד.

דער אַממערסטן - אויסגעהאַלטענער עקספּערימענט פון דעם מין איז דורכגעפירט אין „קבוץ הארצי", וועמענס 2152 מיטגלידער (אָנהויב 1935) געהערן צום „השומר הצעיר", אַ מערקווירדיקע פּאַרטיי

(כאָטש זי שרעקט זיך פאַר דעם נאָמען), וואָס פאַרייניקט אין זיך אַן אייגענעם סאָרט קאָמוניזם מיט אַ שאַרף־אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַ־ליזם און העבּרעאיזם. דער „קבוץ הארצי" נעמט אין זיך אריין נישט נאָר קבוצות און קבוצים פונם אויבּן־באַשריבּענעם טיפּ, נאָר אויך אינ־דוסטריעלע ווארשטאַטן און גאַנצע פאַבּריקן נעבּן די שטעט. די עקאָנאָ־מישע געמיינזאַמקייט צווישן די מיטגלידער פון די דאָזיקע איינצלנע שרייפּעלעך איז אַן אַבּסאָלוטע. איך גלויבּ נישט, צו ערגעץ־ווו אין דער וועלט איז פאַראַן אַן אַנדער ביישפּיל פון אַזאַ ראַדיקאַלער אָנווענדונג פון קאָמוניסטישע פּרינציפּן, — אינם עקאָנאָמישן און נישט־פּאָליטישן זין פונם וואָרט, — אינם טאָג־טעגלעכן פּראַקטישן לעבּן!

אַן אַנדערע און מער־פאַרזיכטיקע אָנווענדונג פונם דאָזיקן געמיינ־זאַמקייט־פּרינציפּ שטעלט מיט זיך פאָר דער „קבוץ־המאוחד", וועמענס פירער און די מערסטע פון זיינע 3687 מיטגלידער געהערן צו דער מער מעסיקער „אַרבּעטער־פּאַרטיי פון ארץ־ישראל" (מפא"י, — מפלגת פּועלי ארץ־ישראל). דער „קבוץ־המאוחד" איז מער גענויגט צו טאָלע־רירן די בּערבדיקע אומגלייכקייט צווישן די איינצלנע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען אָן איר אָנגעשלאָסן. די דאָזיקע אומגלייכקייט אינם לעבּנס־סטאַנדאַרט איז אַ רעזולטאַט פון פאַרשידענע קלימאַטישע און באָדן־באַדינגונגען אין איינצלנע קבוצות, און פון דער פאַרשידענער צייט אין וועלכער זיי זענען געגרינדעט געוואָרן. זי האָט אויך צו טון מיטן פאַקט, וואָס אייניקע פון די אָנגעשלאָסענע קאָאָפּעראַטיוון זענען שוין פול עטאַבּ־לירטע קבוצות, אין דער צייט, ווען די אַנדערע זענען נאָך אָפּהענגיק פון דער געדונגענער אַרבּעט.

ביידע צענטראַלע קבוצים זענען נאָך יונג, און זייער ווייטערדיקע עוואָלוציע פאָרדינט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט מצד די טעאָרעטיקער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין גאָר דער וועלט.

## ארגון און מושב־עודבים.

אַרבּעטער, וואָס זענען אימשטאַנד אָפּשפּאָרן עטוואָס געלט פאַר זייער צוקונפטיקער באַזעצונג אויף לאַנד, און זענען אין דער זעלבּער צייט נישט וויליק צו נעמען אויף זיך די אַלע באַשרענקונגען, וואָס זענען פאַרבּונדן מיטן קאָמוניסטישן לעבּן אין קבוץ, גייען געוויינלעך אריין אין אַן „ארגון", וואָס פאַרשאַפט און קולטיווירט שטיקלעך באָדן פאַר

יעדן פון זיינע מיטגלידער באַזונדער. די ענלעכקייט צווישן דעם „ארגון" און „קבוץ" באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס זיינע מיטגלידער זענען אויך מערסטנס שטאָטישע אַרבעטער, וואָס שפּאָרן געלט און באַשטימען אַ גרופּע פון זייערע חברים צו זיין דער אַוואַנגאַרד פון זייער קומענדיקן אַגריקולטורעלן ישוב. ווען אָבער די נויטיקע צוגרייטונגען, איינשליסלעך פּלאַנצונגען, זענען דאָרט שוין געמאַכט געוואָרן, און דער באָדן איז פאַרטיק פאַר איינקונפט־ברענגנדער באַאַרבעטונג, שאַפן נישט די מיטגלידער פון ארגון, וואָס קומען פון דער שטאָט, קיין קבוצה, נאָר זיי באַאַרבעטן זייער לאַנד יעדער באַזונדער. בדרך כלל, פאַרווערן די ארגונים זייערע מיטגלידער צו באַשעפטיקן געדונגענע אַרבעטער. אויב זיי באַזעצן זיך אויפן באָדן פון נאַציאָנאַל־פאָנד, שאַפט דאָס אויך אַ נאַטירלעכע מניעה קעגן שפּעטערדיקע ספּעקולאַציע. חוץ דעם קומען אָן אַזעלכע קליינע לאַנדווירטן צו קאָאָפּעראַציע ביים פאַרקויף פון זייערע פּראָדוקטן, ביים איינקויף פון שטאָטישע סחורות, און ביי דער באַנוצונג פון שווערע מאַשינען, וואָס וואָלטן געווען צו גרויס פאַר יעדער ווירטשאַפט באַזונדער. לעצטנס איז אין אַזעלכע קאָלאָניעס אפילו פאַראַן די נייגונג צו באַאַרבעטן זייערע ברויט - פעלדער אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, באַשרענקנדיק זייערע אינדיווידועלע אָנשטרענגונגען מיט מילך־ווירטשאַפט, עופות, צוכט, גרינס און פרוכט־בוימער.

אַ קאָלאָניע פון אַזעלכע האַלב־קאָלעקטיוויסטישע לאַנדווירטן איז אין ארץ־ישראל באַקאַנט אונטערן נאָמען מושב־עובדים. סכעמאַטיש גערעדט: דער ארגון איז די צוגרייטנדיקע סטאַדיע פון אַ מושב־עובדים, בעת אַ קבוץ איז אָפט אַ נישט־פאַרענדיקטע פאָרם פון אַ קבוצה.

לויטן לעצטן באַריכט פון דער לאַנד־אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע ביי דער הסתדרות, האָט די צאָל פון אירע מיטגלידער, וואָס באַלאַנגען צו אַ מושב עובדים אָדער ארגון, באַטראָפן 3154 ביים אָנהויב פון יאָר 1935. דאָס גיט אָבער נאָך נישט דאָס פולע בילד פון דער פאַרשפּרייטונג פון די דאָזיקע האַלב - קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפטס - פאָרמען. דער ארגון און „מושב" זענען איצט גאַנץ פּאָפּולער ביי פיל, וואָס זענען אויסער די ראַמען פון דער הסתדרות. עס זענען פאַראַן ארגונים פון „מזרחי", פון אַלגעמיינע ציוניסטן און פון מיטלקלאַס - יידן. מען קאָן דעריבער באַהויפּטן מיט זיכערקייט, אַז די אַלגעמיינע מיטגלידערשאַפט פון די אַרגוגים און מושבי עובדים באַטרעפט ווייניקסטנס 4000.

עס זענען פאַראַן אויסער דעם ארגונים, וועמענס מיטגלידער ווינען

גאַר אין אויסלאַנד, ווי למשל די „חרות־גרופּן" אין אַמעריקע. דער אָרגאַ־ניזאַטאָרישער פּרינציפּ פון „ארגון" — אַן זיינע שפּעטערדיקע סאָציאַלע באַשרענקונגען איז אויך פּאַרקערפּערט אין געוויסע קליינבירגערלעכע אָר־גאַניזאַציעס, וואָס גרייטן צו זייערע מיטגלידער צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. אַ טיפּישער ביישפּיל זענען די „אחוזות־אַמעריקע": זיי זענען קאָאָפּעראַטיוון, בעת דער צוגרייטונגס־אַרבעט אין גלות, הערן עס אָבער אויף צו זיין נאָך דער באַזעצונג פון זייערע מיטגלידער אין ארץ־ישראל.

## די קבוצות און דער מיטל־קלאַס.

אין אָנהויב זענען די קבוצות געשטיצט געוועזן נישט נאָר פון יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, נאָר אויך פון בירגערלעכע ציוניסטן, וועלכע האָבן געמוזט אָנערקענען זייער נאַציאָנאַלן אידעאַליזם און זייערע גרויסע פּיאָנערישע מעלות. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די יידישע לאַגע אין די מערסטע גלות־לענדער איז געוואָרן גאַנץ קריטיש, און דער יידי־שער מיטל־קלאַס האָט אָנגעהויבן קוקן אויף ארץ־ישראל אַלס די דירעקטע און באַלדיקע ליזונג פון זיין אייגענער וואַנדערונגס־פראַגע, איז זיין באַגייסטערונג פאַר די קבוצות געוואָרן אַ סך קילער. די פאַרטרעטער פונם בירגערטום אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן זענען געשטעלט געוואָרן פאַרן פאַרלאַנג פון זייערע אייגענע מיטגלידער אַליין קאָלאָניזירט צו ווערן, און נאַטירלעך האָבן די דאָזיקע מיטל־קלאַס־יידן געוואָלט קאָלאָני־זירט ווערן נישט אַלס קבוצות, נאָר אַלס פּריוואַטע קאָלאָניסטן. די קבו־צות זענען, מיט אַנדערע ווערטער, געוואָרן אַ קאָנקורענץ צו אַנדערע קאָ־לאָניזאַציע־פּלענער, און מען האָט זיי דעריבער אָנגעהויבן שאַרפער צו קריטיקירן פון פאַרשידענע זייטן. אַ פּיינטשאַפט צו די קבוצות עקזיסטירט איצט נישט נאָר מצד די רעוויזיאָניסטן, וואָס זענען לעצטנס אַוועק פון ציוניסטישן קאָנגרעס, נאָר אויך מצד די מערסטע אַנדערע בירגערלעכע גרופּירונגען.

די געענדערטע באַציאונג צו די קבוצות דריקט זיך אוים אין פּלעדליי טענות און קריטיק. אייניקע פון די דאָזיקע טענות מעג מען פשוט איגנאָ־רירן אַלס בייזוויליקע אָדער נאַרישע רכילות־טרייבעריי. דערצו געהערט, למשל, די אָפט פאַרשפּרייטע לעגענדע, — ספּעציעל אין אויסלאַנד, — וועגן דעם „אונמאָראַלישן" לעבן אין די קבוצות און קבוצים, וואָס שטאַמט בלומרשט פון זייער קאָלעקטיוון כאַראַקטער. אויפן גרונט פון

פּערזענלעכע באַאָבאַכטונגען איז דער מחבר אימשטאַנד צוריקצוווייזן די דראַזיקע לעגענדע מיט דער גרעסטער אַנטשידנהייט. נישט נאָר עס ווערט דאָרט טיף רעספּעקטירט די ריינקייט פונם פאַרהייראַטן לעבן, נאָר אויך די באַציאונגען צווישן נישט - פאַרהייראַטע מיטגלידער שטייען אויף אַן אויסערגעוויינלעך - הויכער מדרגה. אויב נישט אַלע פאַרהייראַטע פּאָר־לעך זענען געשטאַנען אונטער דער חופּה, האָט דאָס צו טאָן אויסשליס־לעך מיט רעליגיעזע איבערציִיגונגען, און מאַכן פון דעם אַן ענין פון מאָ־ראַל איז פּשוט נישט ערלעך.

אויסער אַזעלכע בייזוויליקע טענות, הערט מען אָבער אויך אַמאָל, נישט נאָר פון בירגערלעכע ציוניסטן, נאָר אויך פון אַרבעטער, אַ מער ערנסטע קריטיק פון די באַשטייענדע קבוצות. די הויפּט - טענה איז, אַז אַ דערפאָלגרייכע קבוצה זויגט נישט אַריין קיין נייע אימיגראַנטן מיט דער זעלבער גיכקייט, ווי אַ דערפאָלגרייכע פּריוואַטע קאָלאָניע, אויף וויפל זי איז געבויט אויפן פּרינציפּ פון יידישער אַרבעט. מען האַלט, אַז די קבו־צה, צוליב די שאַרפע באַשרענקונגען אין דער אויפנאַמע פון נייע מיט־גלידער, קאָן נישט ווי געהעריק אויסנוצן קיין גינסטיקע געלעגנהייטן, וואָס שאַפן זיך אינם לויף פון איר ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. זי קאָן נישט, למשל, שטאַרק אויסברייטערן איר אינטענסיוו־באַאַרבעטן שטח צוליב אַ צייטווייליקן און לוינערישן פאַרלאַנג נאָך אַ געוויסן פּראָדוקט. זי טוט דאָס נישט, כּל זמן זי איז נישט זיכער, אַז איר שטענדיקע מיטגלי־דערשאַפט וועט זיין געניג פאַר דער פאַרגרעסערטער סעזאָן - אַרבעט, וואָס וועט זיך פאָדערן אויף אַראָפּצונעמען די דערגרענצנדע ערנטע.

אַן אַנדער קריטיק פון דער קבוצה באַשטייט אין דער טענה, אַז זי גיט נישט קיין געלעגנהייט פאַר דער באַזעצונג פון קרעמער, בעלי־מלאכות און אַנדערע נישט לאַנדווירטשאַפטלעכע עלעמענטן, וואָס העלפן שטאַרק אויסברייטערן די פּריוואַטע קאָלאָניעס. איך האָב, למשל, געהערט אַ פּאָר מאָל די באַהויפּטונג, אַז די צוציאונגס - קראַפט פון מער באַקאַנטע קבו־צות פאַר טוריסטן וואָלט געווען אַ געגוגנדע עקאָנאָמישע גרונטלאַגע אויף צו האָבן רעסטאָראַנען און אפשר אויך האָטעלן אויף זייער באָדן. אויב די קבוצה דערלויבט דאָס נישט, צוליב אירע קאָלעקטיוויסטישע פּרינציפּן, שטעלט זי זיך דערמיט אין ווידערשפּרוך צום אַלגעמיין - עקזיסטירנדיקן פאַרלאַנג פון אַ וואָס ברייטערער אימיגראַציע.

אַן אַנדער פאָרם פון דער דאָזיקער קריטיק דריקט זיך אויס אינם פאָרוואָורף, וואָס די גינסטיקע געאָגראַפישע לאַגע פון געוויסע קבוצות

ווערט נישט אויסגענוצט פאַרן אָנהויב פון גרעסערע ישובים. ווען, למשל, אויפן באָדן פון דגניה, האָט מען מיר געזאָגט, וואָלט געווען אַ פּריוואַטע קאָלאָניע, וואָלטן שוין דאָרט געוואוינט אַ צענדליק פאַמיליעס, וואָס וואָלטן געמאַכט אַ לעבן ביי דער שכנותדיקער באַן־סטאַציע סעמאַק, וועלכע איז בלויז אַ מייל ווייט פון איר. אין סעמאַק זעלבסט ווילן יידן נישט לעבן צוליב די אַנטי־סאַניטאַרישע באַדינגונגען פונם דאָזיקן אַראַבישן דאָרף.

אַריבערגייענדיק צו די דאָזיקע טענות אין תוך, מוז געזאָגט ווערן, אַז דער ערשטער פאָרוואורף וועגן נישט אויסנוצונג פון צופעליקע און סעזאָן־געלעגנהייטן פאַרן וואוקס פון דער קבוצה, איז ביים היינטיקן טאָג ווייניק אַקטועל. קיין יידישע סעזאָן־אַרבעטער זענען פשוט נישטאָ, און דער ישוב האָט אומגעהויערע שוועריקייטן אין דער פראַגע פון אַראָפּנעמען בייצייטנס די פרוכט פון די יעניקע פּריוואַטע יידישע קאָלאָניעס, וואָס העלפן זיך נישט אויס מיט ביליקער אַראַבישער אַרבעט. דער פּראָבלעם איז אַלזאָ איצט נישט קיין פּראַקטישער. ער קאָן אָבער קריגן אַ באַדייטונג אין דער צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט, און דאַן וועט מען זען. אין נויט וועט מען זיך, האָפנטלעך, געבן אַן עצה.

בדרך כלל, וואָלט די עקאָנאָמישע בויגזאַמקייט פון דער קבוצה געקאָנט פאַרגרעסערט ווערן דורך אַ מער ענגער פאַרבינדונג מיט דער אינדוסטריע, בפרט אַזעלכע, וואָס קאָנען זיין אַ רעזערוו פון דערגענצנדע אַגריקולטורעלע אַרבעטן אין סעזאָן־צייט. אויף דעם וועג איז לעצטנס באַזונדערס געגאַנגען דער „קבוץ הארצי’’ פון „השומר הצעיר’’. ער קאָן, למשל, אָפּשטעלן, אָדער ווייניקסטנס שטאַרק צונויפּפרעסן די אַרבעט אין זיין פאַבריק און אוועקשיקן די אַרבעטער אַרויסצוהעלפן אין זיינע קבוצות אין דער צייט פון ערנטע. זיי וועלן דאָרט באַטראַכט ווערן נישט אַלס געדונגענע אַרבעטער, נאָר אַלס מיטגלידער פון איין געמיינזאַמען גרויסן קבוץ. די דאָזיקע אידייע שיינט צו האָבן אַ גרויסע צוקונפט.

וואָס איז נוגע דעם צווייטן פונקט, — דער פראַגע וועגן רעסטאָראַנען און טוריסטן־הייזער אויפן באָדן פון די אַממערסטן באַזוכטע קבוצות, — איז בנוגע איר גאָר לעצטנס דערגרייכט געוואָרן אַ וויכטיקער קאָמפּראָמיס. די קבוצות זענען שוין מסכים צו דער שאַפונג פון אַזעלכע אינסטיטוציעס אויף זייער באָדן. זיי פאָדערן בלויז, אַז זיי זאָלן שטיין אונטער דער אויפזיכט פון דער „טוריסטן־קאָמיסיע’’ פון דער יידישער אַגענץ און נישט באַלאַנגען צו פּריוואַטע אונטערנעמער.

די פירער פון די קבוצות ווייזן אויך אָן אויפן פאַקט, וואָס דער גרעסטער וואוקס פון דער באַפעלקערונג איז פאָרגעקומען אין די יעניקע פריוואַטע קאָלאָניעס, וואָס געפינען זיך אינם ציטרוס - גאַרטל פונם לאַנד. די קבוצות זענען אויסער דעם דאָזיקן גאַרטל, זייער ווירטשאַפט איז אַ געמישטע, און מען דאַרף פאַרגלייכן דעם וואוקס פון זייער באַפעלקערונג, נישט מיט רחובות, חדרה אָדער רעננה, נאָר מיט די פריוואַטע אַקערבוי־קאָלאָניעס אין גליל. ביי אַזאַ מער באַרעכטיקטן פאַרגלייך וועט זיך ארויסווייזן, אַז די קבוצות זוינגן גאָר אריין פרישע אימיגראַנטן אויף אַ גרעסערן פאַרנעם.

ווען די ווירטשאַפט פון אַ פריוואַטן קאָלאָניסט ווערט אינטענסיווער, ספּעציעל דורך באַוואַסערונג, און די כחות פון זיין פאַמיליע סטייען מער נישט אויף צו באַאַרבעטן, וועט ער גיבער לאָזן אַ טייל פון זיין פעלד ליידיק, איידער טיילן עס מיט עמיצן אַנדערש. די קבוצות האָבן אָבער אין פיל פאַלן, כּדי מעגלעך מאַכן די גרינדונג פון אַ נייער קבוצה פון פרישע אימיגראַנטן, אויפגעגעבן אַ טייל פון זייער באָדן אָן דער קלענסטער אַנטשעדיקונג, כאָטש זיי האָבן אין זיין אויסבעסערונג אריינגעלייגט אַ היפּש ביסל אַרבעט און שוויים...

דאָס זענען גאַנץ גוטע אַרגומענטן, און מען מוז צוגעבן, אַז בדרך־כלל, האָט די קבוצה יאָ אויסגעהאַלטן דעם ווירטשאַפטלעכן עקזאַמען, פאַר וועלכן זי איז געשטעלט געוואָרן. פונדעסטוועגן שיינט, אַז די אויפנאַמס־פעאיקייט פון די קבוצות פאַר נייע אימיגראַנטן וואָלט נאָך געקאָנט פאַרגרעסערט ווערן. נישט אָפּזאָגנדיק זיך פון זייערע קאָלעקטיוויסטישע גרונט - פּרינציפּן, דאַרפן זיי מער ענערגיש אויסנוצן אַלע עקאָנאָמישע געלעגנהייטן פאַרן שנעלערן וווקס פון זייער באַפעלקערונג, דערפילנדיק דערמיט אין נאָך אַ גרעסערער מאָס דעם אידעאַל, צו וועלכן זיי האָבן צו פאַרדאַנקען זייער אַנטשטייאונג און עקזיסטענץ.

## קאַפּיטל צען



# דערציונג און קולטור

קיין אַלגעמיינע אָבליגאַטאָרישע קינדער־דערציונג עקזיסטירט נאָך נישט אין ארץ־ישראל. אירע מערסטע מאַכמעדאַנישע קינדער באַזוכן בכלל נישט קיין שולע, און דאָס ברענגט צו דער איבערוואָג פון אַנאַלפאַבעטיזם אפילו ביי דעם אָנוואַקסענדן דור.

אין אַזעלכע אומגינסטיקע אומשטענדן האָבן יידן אין ארץ־ישראל באַוויזן נישט נאָר אָנצוהאַלטן דעם סטאַנדאַרט פון אַלגעמיינער דערציונג, וואָס האָט געהערשט צווישן זיי אין אייראָפּע, נאָר אויך אויסבויען אַ מאָדערנע שול־סיסטעם, וואָס קאָן זיך פאַרמעסטן מיט די גאָר פּראָגרעסיווע לענדער פון דער וועלט. ס'איז שווער צו געפינען אַ יידיש קינד אין ארץ־ישראל, וואָס באַזוכט נישט די אָדער יענע שולע. דאָס איז אַ פיינע לייסטונג, באַזונדערס ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אַלע יידישע שולן זענען אויסגעבויט געוואָרן פון יידן אַליין, אָן שום וועזנטלעכע הילף מצד דער רעגירונג. אפילו איצט מאַכט אויס די רעגירונגס־שטיצע פאַר די יידישע בילדונגס־אַנשטאַלטן נישט מער פון 13 פּראָצענט פון זייער אַלגעמיינעם בודזשעט.

די צאָל פון קינדער, וואָס האָבן באַזוכט בלערליי ארץ־ישראלדיקע שולן אין די לעצטע צוויי יאָר, איז דאָ אין דער פאָלגנדיקער טאַבעלע, וועלכע איז גענומען פון די אָפיציעלע באַריכטן פונם הויי־קאָמישיאָנער צום פעלקער־בונד:

שול־באַזוך אין ארץ־ישראל.

| | יינגלעך | | מיידלעך | | צוזאַמען | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1933 | 1934 | 1933 | 1934 | 1933 | 1934 |
| מאַכמעדאַנער | 28,990 | 31,923 | 7 185 | 8,165 | 36,175 | 40,088 |
| קריסטן | 8,726 | 9,088 | 8,110 | 8,368 | 16,836 | 17,454 |
| יידן | 20,031 | 23,244 | 18,306 | 21,585 | 38,337 | 44,829 |

כאָטש אין ארץ־ישראל זענען פאַראַן דריי מאַכמעדאַנער אויף יעדן ייד, איז די צאָל פון יידישע קינדער, וואָס באַזוכן שולן, נאָך אַלץ העכער, ווי די צאָל פון מאַכמעדאַנישע קינדער, וואָס קריגן וועלכע־ס׳איז שול־דערציונג. אינטערעסאַנט איז דערביי דער גרויסער אונטערשיד צווישן דעם שול ־ באַזוך פון יינגלעך און מיידלעך ביי די מאַכמעדאַנער. פון די מאַכמעדאַנישע יינגלעך קריגן נאָך 35 פּראָצענט אַ שול ־ דערציונג, בעת ביי מיידלעך פאַלט דער דאָזיקער פּראָצענט ביז 11!

דער שול ־ באַזוך פון די קריסטלעכע קינדער אין ארץ־ישראל איז זייער אַ הויכער. ער דערגרייכט ביז 95 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל קריסטלעכע קינדער, וואָס זענען אינם שול־עלטער.

## די טיילונג פון יידישע שולן.

צוויי דריטל פון די יידישע שילער באַזוכן די פאָלקס־שול־נעץ, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיט דריי יאָר צוריק איז די דאָזיקע שול־נעץ איבערגענומען געוואָרן דורכן „ועד־הלאומי״, דעם נאַציאָנאַל־ראַט פון די ארץ־ישראלדיקע יידן. אינם יאָר 1934 איז זי באַשטאַנען פון 152 קינדער־גערטנער, 122 פאָלקס־שולן, 7 מיטל־שולן, 4 לערער ־ סעמינאַרן און 5 פאַך־שולן. די אַלע שולן האָבן באַשעפטיקט צוזאַמען איבער טויזנט לערער, און אַריינגענומען אין זיך 28,223 תּלמידים.

אויסער די שולן, וואָס זענען אונטער דער אָנפירונג פונם ועד־הלאומי, זענען פאַראַן אין לאַנד 176 אַנדערע יידישע שולן מיט 15,679 תּלמידים. די גרעסטע פון די דאָזיקע אומאָפּהענגיקע שולן געהערן צו דער „אַליאַנס איזראַעליט״ (כּל ישראל חברים) פון פּאַריז. די ניין שולן פון דער „אַליאַנס״, וואָס האָבן אין לעצטן יאָר געציילט 4172 תּלמידים, האָבן אַמאָל געהאַט דעם הויפּט ־ צוועק צו פאַרשפּרייטן די פראַנצויזישע קולטור צווישן די יידישע קינדער אין אָריענט. זיי האָבן אָבער אין די לעצטע יאָרן, זיך צופּאַסנדיק צום נאַציאָנאַלן גייסט פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום, אָפּגעלאָזט פראַנצויזיש אַלס אונטעריכטס־שפּראַך, כאָטש זיי באַטראַכטן עס נאָך אַלס אַ וויכטיקן למוד.

אַן אַנדער וויכטיקער טיפּ פון פּריוואַטע שולן זענען די 39 תּלמוד־תּורות מיט זייערע 3998 תּלמידים, מערסטנס יינגלעך. כאָטש זיי ליגן דעם גרעסטן געוויכט אויף רעליגיעזער דערציונג און פרומקייט, זענען

זיי טאָך אַלץ נישט כּשר גענוג פאַר דער עקסטרעם ־ אָרטאָדאָקסישער „אגודת ־ ישראל", וועלכע האַלט ־ אוים אין ארץ־ישראל אירע אייגענע 8 שולן מיט 763 קינדער.

א רעשטל פון דער אַמאָליקער אַסימילאַציע ־ צייט איז די מיידל־שולע, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן אין ירושלים פון דער „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן" אין לאָנדאָן. מיט אירע 377 שילעריגס איז זי די איינציקע יידישע שולע אין לאַנד, וואו די הערשנדע שפּראַך איז ענגליש.

## שול־בודזשעטן

דער געמיינזאַמער בודזשעט פון די יידישע עפנטלעכע שולן, וואָס זענען אונטער דער אויפזיכט פונם ועד ־ הלאומי, האָט אינם יאָר 1934 דערגרייכט די סומע פון 194,242 פונט. אין דער דאָזיקער סומע איז די יידישע אַגענץ געווען באַטייליקט מיט 20,000 פונט, די רעגירונג מיט 26,627 פונט, די „פּיקא" מיט 4988 פונט. דער רעשט פון 142,627 פונט איז געדעקט געוואָרן דורך דעם אָרטיקן ישוב אין דער פאָרם פון שכר־לימוד, און בייטראַגן פון דאָרף־ראַטן און שטאָט ־ פאַרוואַלטונגען. די תּל־אביבער מוניציפּאַליטעט אליין האָט אינם יאָר 1934—1935 אויסגעגעבן אויף אירע שולן נישט ווייניקער פון 65,700 פונט, צוויי און א האַלב מאָל מער, ווי דער גאַנצער בייטראַג פון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג פאַר די יידישע שולן.

פונם סוף קריג ביזן יאָר 1934 האָבן די עפנטלעכע יידישע שולן אין ארץ־ישראל אָפּגעקאָסט איבער צוויי מיליאָן פונט. פון דעם האָט 62 פּראָצענט בייגעטראָגן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און בלויז 8 פּראָצענט די פּאַלעסטינער רעגירונג.

די שולן פון „אַליאַנס" און אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען נישט אונטערגעוואָרפן דעם ועד ־ הלאומי, ווערן מערסטנס אויסגעהאַלטן דורך בייטראַגן פון אויסלאַנד. דאָס באַציט זיך אויך אויף תּלמוד־תּורות און ישיבות.

די הוצאות פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים — 65,000 פונט אינם יאָר 1934 — און פון דעם טעכניקום אין חיפה — 9000 פונט — זענען נישט אריינגענומען אין די פריערדיקע חשבונות. בדרך־כּלל, ווערט דער געמיינזאַמער בודזשעט פון אַלע יידישע דערציונגס־אַנשטאַלטן אין ארץ־ישראל, וועלטלעכע און רעליגיעזע, עלעמענ־

טאַרע, מיטעלע און העכערע, אַלגעמיינע און פאַכמענישע, — אָפּגעשאַצט אין 315,000 פונט (פאַר 1934).

די ארץ־ישראלדיקע יידן זענען שטאַרק אונצופרידן מיט דער קאַרגער שטיצע פון דער רעגירונג פאַר זייער שול־וועזן. די דאָזיקע סומע, 28241 פונט פאַרן יאָר 1934, איז קוים אַ זיבעטל פונם אַלגעמיינעם בילדונגס־בודזשעט פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג, וואָס האָט אינם זעלבן יאָר באַטראָפן 196,580 פונט. אינם יאָר 1934 האָבן יידישע קינדער אויסגע־מאַכט 43 פּראָצענט פון אַלע שול־באַזוכנדיקע קינדער פון ארץ־ישראל (44,829 צווישן 102,996), און יידן, ווערט באַהויפּטעט, זענען דעריבער באַרעכטיקט צו 43 פּראָצענט פון אַלע שול־אויסגאַבן. אָבער אויב אפילו מען זאָל זיך נישט רעכענען מיט דער צאָל פון קינדער אין די יידישע שולן, און נעמען בלויז דעם אַלגעמיינעם פּראָצענט פון יידן אין לאַנד, זענען זיי באַרעכטיקט לכל הדעות צו אַ פערטל פון אַלע רעגירונגס־הוצאות אויף בילדונג. אויך אין אַזאַ פאַל וואָלט דער ביטראָג פון דער רעגירונג באַדאַרפט פאַרגרעסערט ווערן מינדעסטנס אויף 50 פּראָצענט.

די אונגענוגנדע שטיצע פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג פאַר יידישע שולן ווערט שאַרף קריטיקירט מצד די פירער פונם יידישן ישוב. אַט ווי אַן אָנגעזעענער לערער האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דעם אין אַ געשפּרעך מיטן מחבר:

— „יעדעס לאַנד מוז דעקן אירע בילדונגס־הוצאות פון אירע איי־גענע קוואַלן. בפרט ארץ־ישראל, אַ לאַנד מיט אַזאַ גרויסן איבערפלוס אין איר רעגירונגס־בודזשעט, האָט נישט קיין מאָראַליש רעכט צו נעמען פון אויסלאַנד געלט פאַר עלעמענטאַרער בילדונג. אַזעלכע אויסלענדישע ביישטייערן קאָן מען נאָך באַרעכטיקן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַרכעאָלאָ־גישע אויסגראָבונגען, אָדער וועגן אַן העברעאישן אוניווערזיטעט, וואָס קאָן קלאַסיפיצירט ווערן אַלס לוקסוס. אָבער אַז קינדער זאָלן מוזן לער־נען לייענען און שרייבן אויף אויסלענדיש געלט, איז באמת אַ רציחה".

„און זאָל מען אונז נישט אוועקמאַכן — האָט פאָרטגעזעצט דער ווירדיקער פּעדאַגאָג, — מיט דער טענה וועגן דעם מאַנגל פון בילדונגס־געלעגנהייטן פאַר אַראַבער. מיר זענען אין דעם נישט שולדיק. דער פאַקט, וואָס מיר יידן האָבן מיט אייגענע מיטלען, אָן דער הילף פון דער רעגי־רונג, אויסגעבויט אַ גרויסע שול־נעץ, דאַרף נישט זיין קיין אורזאַך צו דיסקרימינירן קעגן אונז. און, אגב, פאַרוואָס זאָל טאַקע ארץ־ישראל מיט דער גלענצנדיקער לאַגע פון אירע רעגירונגס־פינאַנסן, צוריקבלייבן אין

דער דערציונג פון די מאַכמעדאַנישע קינדער הינטער דער טערקיי פון מוסטאַפאַ קעמאַל, וואו די אָבליגאַטאָרישע פאָלקס־בילדונג איז שוין פון לאַנג אַ פאַקט?״.

עס וואָלט אויך נישט יושרדיק געווען צו טענהן, אַז דער מאַנגל פון שולן פאַר אַראַבער דערקלערט זיך מיט דער קעגנערשאַפט פון אונוויסנדע עלטערן צו דער דערציונג פון זייערע קינדער. לויט אָפיציעלע ציפערן האָבן אין סעפּטעמבער 1934 איינגעגעבן בקשות 16,185 אַראַבישע קינדער וועגן אויפנעמען זיי אין די רעגירונגס־שולן. אויפגענומען האָט מען צוליב מאַנגל אין פּלאַץ בלויז 10,047 קינדער.

עס שיינט אָבער, אַז אין די לעצטע פאַר יאָר האָט די רעגירונג זיך ערנסט גענומען אויסצוברייטערן איר נעץ פון אַראַבישע שולן. אַ גרויסער טייל פון דער רעגירונגס - הלוואה פון 1934 איז באַשטימט געוואָרן אויף צו בויען געביידעס פאַר אַראַבישע דאָרף־שולן.

## די אויפלעבונג פון העברעאיש.

במעט אַלע יידישע שולן אין ארץ־ישראל ווערן געפירט אויף העברעאיש, וועלכע איז פאָרמעל אָנערקענט פון דער רעגירונג אַלס די שפּראַך פונם אָרטיקן יידישן ישוב. העברעאיש פאַרנעמט נישט נאָר דעם הערשנדן פּלאַץ אין די שולן, נאָר דרינגט אויך אריין אין אַלץ אַ גרעסערער מאָס אין גאס און מאַרק, אין פעלד און וואַרשטאַט. די פּראַקטישע אויפלעבונג פון דער ביבלישער שפּראַך, וועלכע איז במשך הונדערטער יאָרן נישט גערעדט געוואָרן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, איז זיכער איינע פון די מערקווירדיקסטע דערשיינונגען פון אונזער דור!

מען קאָן האָבן פאַרשידענע מיינונגען וועגן דער צוקונפט פון העברעאיש אין ארץ־ישראל און וועגן דער באַדייטונג, וועלכע איר אויפלעבונג דאַרט האָט פאַרן יידישן וועלט־פאָלק אַלס גאַנצעס. קיינער קאָן אָבער נישט באַהויפּטן, אַז די אויפלעבונג פון העברעאיש אין ארץ־ישראל איז געווען סתם אַ צופאַל, וואָס איז צו פאַרדאַנקען אויסשליסלעך דער עקשנות פון אַ גרופּע שפּראַך - פאַנאַטיקער. מיט פולער אָנערקענונג פון דער מערקווירדיקער ענערגיע און די קרבנות, וועלכע די ערשטע פיאָנערן פון דער העברעאישער שפּראַך האָבן אוועקגעלייגט אויפן מזבח פון זייער אידעאַל, מוז מען אין דער זעלבער צייט אויך מודה זיין, אַז זייערע אָנשטרענגונגען זענען נישט געקומען ווי אַ צופעליקער קאַפּריז,

נאָר אַז זיי האָבן געהאַט געוויסע וואָרצלען אין דער אַלגעמיינער יידישער געשיכטע און אין די ספּעציעלע אומשטענדן פון זייער צייט.

קודם־כל איז כּדאַי צו געדענקען, אַז העברעאיש איז קיינמאָל נישט געווען אַזוי טויט ווי לאַטייניש אָדער גריכיש. זי איז קיינמאָל ביי יידן נישט געווען קיין אויסשליסלעך רעליגיעזע שפּראַך. און אַגב איז דער אופן פון דאַוונען ביי יידן נאָר אַן אַנדערער איידער ביי קאַטאָליקן, און העברעאיש אין בית־המדרש האָט דעריבער געמיינט נאָר עפּעס אַנדערש, ווי לאַטייניש אין קלויסטער. ביי קאַטאָליקן איז אָנגענומען, אַז דער גלח זאָגט די תּפילה אין לאַטייניש, און דער עולם זאָל יוצא זיין מיט מעכאַניש נאָכזאָגן די ווערטער, אַפילו ווען ער פאַרשטייט זיי נישט. דאָס יידישע דאַוונען פאָדערט אָבער אַ מער אַקטיווע באַטייליקונג פונם יחיד, און דער דורכשניטלעכער דאַוונער פון אַמאָליקע דורות, אַפילו ווען ער איז נישט געווען קיין גרויסער למדן, האָט מער ווייניק פאַרשטאַנען דעם פּירוש המילות. און ווער האָט ביי יידן דעמאָלט נישט געדאַוונט?

ווי ס'איז באַקאַנט, איז העברעאיש אויך פיל באַנוצט געווען אין גלות פאַר כּלערליי דאָקומענטן, ווי אויך אין שריפטלעכער קאָרעספּאָנדענץ צווישן יידן. מינדלעכע געשעפטן האָט מען שטענדיק געמאַכט אין יידיש, אָבער אין שריפטלעכן געשעפטס־פאַרקער איז אַ לשון־קודשדיק בריוול, אַפילו מיט די גרעסטע גראַמאַטיקאַלישע גרייזן, געווען אַ צייכן פון ,,גוטן טאָן״...

כּדי צו פאַרשטיין די סיבות פון דער איצטיקער אויפלעבונג פון העברעאיש אין ארץ־ישראל, מוז מען אָבער נעמען אין באַטראַכט נישט נאָר דעם דאָזיקן אַלטן היסטאָרישן הינטערגרונט, נאָר אויך די קאָנקרעטע לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין יידישן קולטור־לעבן מיט 50—60 יאָר צוריק, בעת דעם אָנהויב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. יידיש האָט נאָך דעמאָלט נישט דערגרייכט די אויסערגעוויינלעכע אַנטוויקלונג, וועלכע עס האָט דורכגעמאַכט פאַר אונזערע אייגענע אויגן. אין דער גאַנצער וועלט האָט דעמאָלט נישט עקזיסטירט קיין איין יידישע צייטונג און קיין ביכער, אויסער פּרימיטיווע ראָמאַנען און בבא מעשיות. האָט מען אויף יידיש נישט געדרוקט. פאַרן משׂכּיל פון יענער צייט, וואָס איז דערצויגן געווען אויפן העברעאישן שטודיום, איז יידיש געווען אַ ,,זשאַרגאָן״, וואָס איז נישט פעיק צו קולטורעלע אַנטוויקלונג. פאַר דער אויפקומענדיקער אינטעליגענץ, וואָס האָט נאָך געלעבט מיט די אילוזיעס פון אַסימילאַציע, איז יידיש געווען אַ שטערונג פאַר דער קולטור־

רעלער אויפלייזונג פון די יידישע מאסן, וואָס האָט אויסגעקוקט דאן צו זיין דער אידעאל.

אגב האָט זיך אין יענער צייט, מיט 50—60 יאָר צוריק, אָנגעהויבן א באדייטנדע אויפלעבונג פון העברעאיש אויך אומאָפהענגיק פון ארץ־ישראל. אין דער צייט פון דער „בילו"־באוועגונג, האָבן אין רוסלאנד עקזיסטירט צוויי טעגלעכע העברעאישע צייטונגען: „המליץ" און „הצ־פירה", וואָס האָבן געהאט גאָר א גרויסן איינפלוס אויף די יידישע מו־חות. זייערע נייעסן און ארטיקלען זענען איבערדערציילט און דיסקוטירט געוואָרן אין די בתי־מדרשים, וואָס זענען דעמאָלט געווען עפּעס מער ווי געבעט־הייזער: זיי זענען געווען אמתע פאָלקסטימלעכע קלובן, ווו יידן האָבן באהאנדלט אלע פראגן פון זייער אייגענעם לעבן, און פון דרויסנ־דיקער וועלט־פּאָליטיק. עס האָט אויך עקזיסטירט דעמאָלט א בערך באַ־דייטנדע העברעאישע פארלאג־טעטיקייט, און יעדער ווייסט די ריזיקע ווירקונג, וועלכע די דעמאָלסטיקע השכלה ־ ביכער האָבן געהאט אויף די יידישע מוחות, בפרט פון דער יוגנט.

ביי אזעלכע אומשטענדן איז גאנץ נאטירלעך, וואָס די ערשטע חובבי־ציון, וועלכע זענען ווייט געווען פון צו זיין א מאסן־באוועגונג, האָבן ענג פארקניפּט זייער ציוניסטישן אידעאל מיט דער אויפלעבונג פון העברעאיש אלס די נאציאָנאלע שפּראך פון קומענדיקן ארץ־ישראל. עס האָט זיך זיי אויסגעדאכט, אז פארלאָזנדיק דעם גלות מיט זיינע פּר־נסות און מנהגים, מוז מען אויך לאָזיש זיך אפּטרייסלען פון דער טיפּי־שער גלות ־ שפּראך. ס'איז דעריבער גאנץ נאטירלעך, וואָס העברעאיש איז פון אָנהויב אָן אָנגענומען געווען אלס די לער־שפּראך פון די יידישע שולן אין ארץ־ישראל און אלס יסוד פון א נייער קולטור אינם אלט־נייעם לאנד.

## יידיש אין גלות און העברעאיש אין ארץ ישראל.

ס'איז אן אינטערעסאנטער היסטאָרישער פאקט, וואָס די גרויסע עוואָלוציע פון יידיש, וועלכע האָט אין לויף פון איין דור פארוואנדלט דעם אמאָליקן „זשאַרגאָן" אין א שפּראך מיט א רייכער ליטעראטור, פּרעסע און טעאטער, און איינצייטיק געשפּילט אן אקטיווע ראָליע אינם גאנצן פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון אונזער פאָלק, האָט זיך אָנגע־הויבן שוין נאָך דעם, ווי די גרונטלאגן פון דער העברעאישער קולטור

זענען געלייגט געוואָרן אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע עוואָלוציע האָט שטאַרק איבערגעביטן די ראָלע פון די שפּראַכן אין גלות. ביים היינטיקן טאָג איז אין גלות נישטאָ קיין איינציקע טעגלעכע העברעאישע צייטונג, וואָס זאָל אפילו אין דער מינדסטער מאָס קאָנען זיך גלייכן מיטן איינ־פלוס פונם אַמאָליקן „המליץ”; עס זענען אָבער אין דער זעלבער צייט פאַראַן ארום 40 טאָגבלעטער אין יידיש מיט אַ צירקולאַציע פון נישט ווייניקער פון אַ מיליאָן עקזעמפּלאַרן און מיט אַ ריזיקן גייסטיקן מאַסן־איינפלוס. ביים היינטיקן טאָג איז די יידיש - געדרוקטע פּרעסע מיט אַלע אירע חסרונות, פאַרט דער וויכטיקסטער קאַנאַל, דורך וועלכן עס פליסט אונזער נאַציאָנאַל לעבן, און אפילו ציוניזם אַלס מאַסן - באַוועגונג קאָן מען זיך נישט פאָרשטעלן אָן דעם דאָזיקן מעכטיקן מיטל פון געזעל־שאַפטלעכן איינפלוס. ס׳וועט אפשר נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די גבורה פון יידיש אַלס קולטורעלע שפּראַך אין גלות איז נישט קיין קלענערער וואונדער אין די לעצטע צוויי דורות, ווי די אויפלעבונג פון העברעאיש אין ארץ־ישראל.

עס וואָלט געווען אַן איבריקער צייט־פאַרטרייב צו באַטראַכטן, ווי וואָלט געווען די קולטורעלע און שפּראַכלעכע צורה פון ארץ־ישראל, ווען איר קאָלאָניזאַציע זאָל זיך אָנהויבן נישט מיט פופציק, נאָר מיט צוואַנ־ציק יאָר צוריק. אַ פאַקט איז, אַלנפאַלס, אַז בעת דעם וואוקס פון יידיש אין גלות, איז דאָס פעלד פון ארץ־ישראלדיקער טעטיקייט מער ווייניק איבערגעלאָזט געוואָרן צו די זעלבע כוחות און אידעאָלאָגישע שטרעמונ־גען, וואָס זענען געשטאַנען ביי איר אָנהויב, און קיין ערנסטער פאַרזוך איז נישט געמאַכט געוואָרן צוצופּאַסן די קולטורעלע צורה פונם נייעם ארץ־ישראל צו די ענדערונגען, וואָס זענען אין דער צווישנצייט פאָרגע־קומען אין אונזער פאָלקס־לעבן אין אנדערע לענדער. העברעאיש האָט דעריבער געהאַט די פולע געלעגנהייט זיך איינצוואָרצלען אין ארץ־ישר־ראל, און דער געדאַנק וועגן יידיש אַלס לערשפּראַך אין די דאָרטיקע שולן האָט נישט געהאַט קיין וואָגיקע אָנהענגערשאַפט אין לאַנד. אפילו דער פאַרלאַנג וועגן איינפירן יידיש אַלס לימוד באַגעגנט די שאַרפסטע קעג־נערשאַפט פון די פירער פונם איצטיקן ארץ־ישראלדיקן ישוב. זיי באַ־טראַכטן דעם וואוקס פון יידיש אין גלות אַלס אַן אויפשוואונג פאַר דער גסיסה. זיי זענען איבערצייגט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט יידיש פאַר־ביטן ווערן דורך רוסיש אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, דורך פויליש אין פוילן, דורך ענגליש אין אַמעריקע, און אַז בלויז די אויפלעבונג פון העברעאיש

אין ארץ־ישראל איז היסטאָריש פערמאַנענט. טאַקע דעריבער האַלטן זיי זיך ביים אויסשליסלעך העברעאישן פונדאַמענט פון יידישן שול־וועזן אין ארץ־ישראל, און ווייזן צוריק יעדן מעגלעכן קאָמפּראָמיס מיט די קולטורעלע ענדערונגען אין גלות.

אין זייערע באַמיאונגען אָנצוהאַלטן דעם העברעאישן פונדאַמענט פון נייעם ארץ־ישראל, נישט קוקנדיק אויף די דערפאָלגן פון יידיש אין גלות, ווערן די פירער פונם ישוב שטאַרק געשטיצט דורך דעם כאַראַקטער פון דער איצטיקער יידישער אימיגראַציע, אין וועלכער ס'איז פאַראַן אַ באַדייטנדער פּראָצענט פון נישט־יידיש שפּרעכנדע. צו די דאָזיקע נישט־יידיש שפּרעכנדע געהערן אין דער ערשטער רייע די אָריענטאַלישע יידן — די ספרדים פון די באַלקאַן ־ לענדער, די תימנים פון אַראַביע, די יידן פון איראַק און סיריע, פון פערסיע און צפון־אַפריקע. גראָד איצט געפינען זיך די דאָזיקע יידן אונטער אַ שטאַרקן עקאָנאָמישן און נאַציאָנאַלן דרוק, און זיי רייסן זיך קיין ארץ־ישראל מיט אַן אומגעהויערן אימפּעט. צו אַן ענלעכער קאַטעגאָריע געהערן אויך די יידן פון דייטשלאַנד און שכנותדיקע לענדער — טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן און עסטרייך, וואו יידיש איז אין לויף פון די לעצטע הונדערט יאָר אַרויסגעשטויסן געוואָרן ס'רוב דורך דייטש. צוזאַמען האָבן אין די לעצטע דריי יאָר די נישט־יידיש שפּרעכנדע צווישן די אימיגראַנטן אויסגעמאַכט אַרום דרייסיק פּראָצענט, און די דאָזיקע 30 פּראָצענט זענען צעטיילט געווען צווישן אַ צענטליק פאַרשידענע לשונות, וואָס האָבן נישט צווישן זיך קיין קלענסטן צוזאַמענהאַנג.

דער פיל־שפּראַכיקער כאַראַקטער פון דער יידישער אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל ווערט באַטראַכט פון די דאָרטיקע קולטור־טוער אַלס דער הויפּט ־ פונדאַמענט פון זייער באַשטרעבונג צו מאַכן העברעאיש פאַר די שפּראַך פונם נייעם ישוב. זיי זאָגן, אַז אָריענטאַלישע און מערב־אייראָפּעאישע יידן וואָלטן נישט אַריבערגעגאַנגען צו יידיש, אפילו ווען מען וואָלט זי מיט יאָרן צוריק פּראָקלאַמירט אַלס די אָפיציעלע שפּראַך פונם ישוב. זיי וואָלטן געבליבן ביי די כלערליי שפּראַכן און דיאַלעקטן, מיט וועלכע זיי זענען געקומען, און דאָס יידישע ארץ־ישראל וואָלט געוואָרן אַן אמתער בבל פון שפּראַכן. דער מאַנגל פון אַן אויסשליסלעכער און איינציקער נאַציאָנאַלער שפּראַך וואָלט, זאָגן זיי, שטאַרק אָפּגעשוואַכט די פּאָליטישע און קולטורעלע וואָג פונם ארץ־ישראלדיקן ישוב.

די העברעאישע קולטור ־ טוער פון ארץ־ישראל ווייזן אויך אַן אויפן

פאַקט, וואָס צווישן די יידיש־שפּרעכנדע אימיגראַנטן געפינט זיך אויך א גרויסער פּראָצענט פון אַזעלכע, וואָס, כאָטש יידיש איז זייער טאָג־טעגלעכע שפּראַך, זענען זיי טיף דורכגעדרונגען מיט דער העבּרעאישער אידעאָלאָגיע און זענען קעגן דעם געברויך פון יידיש אַלס אָפיציעלע שפּראַך אין ארץ־ישראל. צוליב דער היסטאָרישער פאַרבינדונג צווישן חבת־ציון און העבּרעאיזם, איז שטענדיק פאַראַן צווישן די אימיגראַנטן א היפּשער פּראָצענט פון אַזעלכע, וואָס קענען נישט גענוג העבּרעאיש, אָבער וואָס ווילן בעסער ליידן די פּערזענלעכע אומבאַקוועמלעכקייטן, און אפילו דעם קולטורעלן צוריקשטוים, וואָס שטאַמט פאַר זיי פון די באַשרענקונגען אינם געברויך פון יידיש אין ארץ־ישראל, — ספּעציעל פונם מאַנגל פון א יידישער פּרעסע — איידער מאַכן זי פאַר דער דערציונגס־שפּראַך פון זייערע קינדער... אַזעלכע הייסע העבּרעאיסטן זענען וואַרשיינלעך די מינדערהייט צווישן די יידיש־שפּרעכנדע אימיגראַנטן, אָבער זיי זענען די א ק ט י ו ו ע מינדערהייט, און די גלייכגילטיקייט פונם דורכשניטלעכן אימיגראַנט צו דער פראַגע פון שפּראַכן בכלל זיכערט פאַר זיי דעם הערשנדן איינפלוס אויף דעם קולטורעלן לעבן פונם יידישן ישוב.

אויסער די דאָזיקע נאַטירלעכע פאַקטאָרן, לאָזט זיך לעצטנס אויך שטאַרק פילן די ווירקונג פון די באַמיאונגען צו געבן דעם פאָרצוג העבּרעאיש־קענענדע צווישן די אַרבעטער־אימיגראַנטן קיין ארץ־ישראל. פּראַקטיש איז דער דאָזיקער פּרינציפּ דורכגעפירט געוואָרן זייט א צענטליק יאָרן, אָבער דער ערשטער אָפיציעלער באַשלוס אין דעם זין איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער זיצונג פונם ציוניסטישן אקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַפּריל 1934 אין ירושלים. אַזוי ווי די צאָל בעלנים אויף צו פאָרן קיין ארץ־ישראל איז שטענדיק גרעסער, איידער די צאָל פאַרהאַנענע סערטיפיקאַטן, קאָן די איבערוואָג פון העבּרעאיש־שפּרעכנדע אימיגראַנטן געזיכערט ווערן. ס'איז נאָר א פראַגע צי רופט זיך נישט אָפּ אַזאַ פּאָליטיק אויף דער קוואַליפיקאַציע פון די אימיגראַנטן און דער צאָל פון פאַמיליע־מיטגלידער, וואָס באַגלייטן זיי קיין ארץ־ישראל? דאָס איז אַן אַנדער פראַגע, וואָס דאַרף נאָך אונטערזוכט ווערן.

א דאַנק די אַלע אורזאַכן, נאַטירלעכע און קינסטלעכע, ווערט העבּרעאיש שטאַרק איינגעפונדעוועט צווישן יידן אין ארץ־ישראל, און מען הערט אָפט די מיינונג, אַז אויב זי וועט אַמאָל פאַרלירן דאָרט איר הערשנדן פּלאַץ, וועט דאָס זיין גיכער צוליב ענגליש אָדער אַראַביש, איי־

דער צוליב יידיש. אָבער אויך דאָס קוקט אויס צו זיין א ווייטע „צו־קונפטס־מוזיק״.

שול־פּראָגראַמען.

דער פּראָגראַם פון די מערסטע יידישע פאָלקס־שולן אין ארץ־ישראל אונטערשיידעט זיך גאַנץ ווייניק פון די ענלעכע שולן אין אנדערע לענ־דער. די שוועריקייט פון לערנען מיט קינדער אין א שפּראַך, וואָס ווערט מערסטנס נישט געברויכט פון זייערע עלטערן, ווערט בייגעקומען דורך א גרויסער צאָל פון קינדער ־ גאָרטנס, ווו קליינע קינדער לערנען זיך אויס צו רעדן העברעאיש פריער ווי זיי קומען אריין אין פאָלקס־שולע.

פרעמדע שפּראַכן ווערן געלערנט בלויז אין מיטל־שולן און אין די העכערע קלאַסן פון א סך פאָלקס־שולן. דעם ערשטן פּלאַץ אין דעם זין פאַרנעמט ענגליש. פראַנצויזיש, וועלכע איז אַמאָל געווען אין ארץ ־ ישראל די „פאַרמיטלונגס ־ שפּראַך״ צווישן די אָנגעהע־ריקע פון פאַרשידענע אויסלענדישע גרופּן, איז זייט דעם סוף פון קריג אַראָפּ אויפן צווייטן פּלאַץ, און ענגליש האָט פאַרנומען איר פּלאַץ אַלס די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך פונם לאַנד.

אַראַביש ווערט געלערנט בלויז אין די העכערע קלאַסן פון די מיטל־שולן, און ביז איצט האָט מען אָפּט באַטראַכט איר שטודיום אַלס א צווייט־קלאַסיקן ענין. מיט אויסנאַם פון יידישע קינדער, וואָס וואַקסן אויס אין א געמישטער סביבה, איז א געענדיקטער פון א גימנאַזיע געוויינלעך נישט אימשטאַנד צו לייענען אַן אַראַבישע צייטונג, און פאַר־שטייט מערסטנס נישט אפילו דאָס אַראַביש, וואָס ווערט גערעדט אויף דער גאַס. פיל פּעדאַגאָגן און כלל־טוער האַלטן די דאָזיקע נאַכלעסיקע באַציונג צו אַראַביש פאַר א גרויסן חסרון. אָבער דערווייל איז זייער שטימע ווייניק געהערט געוואָרן.

דאָס לערנען פון חומש און תנ״ך פאַרנעמט אין אַלע ארץ־ישראל־דיקע שולן זייער א וויכטיקן פּלאַץ. די מערסטע לערער באַטראַכטן דאָס נישט אַלס א רעליגיעזן לימוד, נאָר אַלס א וויכטיקע קולטור־קוועלע און גאָר א גרויסע הילף פאַר באַקענען זיך בעסער מיט העברעאיש. מיט ענלעכע טעמים ווערט באַרעכטיקט די איינפירונג פון משנה און אויסגעקליבענע בלעטער פון גמרא אין די מיטל ־ שולן און אין די העכערע קלאַסן פון איניקע פאָלקס־שולן.

אַ טייל פֿון די יידישע עפֿנטלעכע שולן אין ארץ-ישראל זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פֿון מזרחי און אַנדערע זענען אין די הענט פֿון דער אַרבעטער-הסתדרות. בלייבנדיק אונטער דער אַלגעמיינער אויפֿזיכט פֿון ועד-הלאומי, געניסן די דאָזיקע שולן אַ געוויסע מאָס פֿון אינערלעכע אויטאָנאָמיע, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין זייערע פּראָגראַמען. אינעם שול-יאָר 1934 האָבן די שולן פֿון מזרחי געהאַט 6769 תלמידים, און די שולן פֿון די אַרבעטער — 4184.

רעליגיע אין אייננטלעכן זין פֿונם וואָרט ווערט בעיקר געלערנט אין די תלמוד-תורות, און אין די פֿאָלקס-שולן פֿון מזרחי. ס'איז אָבער פֿאַראַן אויך אַ צאָל פֿון אַלגעמיינע, בכלל וועלטלעכע שולן, ווו אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון די עלטערן לערנט מען מיט די קינדער ברכות, דאַוונען א. א. וו.

לאַנדווירטשאַפֿטלעכע דערציונג

פֿיל שולן זענען אַרומגערינגלט פֿון גערטנער, ווו קינדער אַלס אַן אָבוועקסלונג פֿון זייערע בוך-לימודים טוען געוויסע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון זייערע לערער. מען הערט אָבער אָפֿט די קלאָגע, אַז די דאָזיקע שול-גערטנער ווערן אָנגעפֿירט זייער אַמאַטאָריש. און די קינדער, וואָס ענדיקן אפֿילו די דאָרפֿישע שולן, קריגן נישט אַ גענוגנדע ידיעה אין אַגריקולטור. מען פֿאַרלאַנגט, אַז די שולן זאָלן האָבן לערער פֿון אַגריקולטור, און אָפּגעבן מער צייט פֿאַרן דאָזיקן לימוד. מערסטנס ווערט דער דאָזיקער פֿאַרלאַנג אָנערקענט אַלס באַרעכטיקט, אָבער די פֿאַרוואַלטער פֿון די שולן פֿאַררופֿן זיך אויף באַשרענקטע שול-בודזשעטן, וואָס שטייען אין וועג פֿון זיין פֿאַרווירקלעכונג.

אין די קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן, די קבוצות, איז די לאַגע אין דעם זין אַ פֿיל בעסערע. פּראַקטישע אַגריקולטור ווערט דאָרט געלערנט פֿון אָנהויב אָן. די קינדער האָבן נעבן זייער קינדער-הויז אַן אייגענעם גרינס-גאָרטן, וואָס גיט פֿאַקטיש אַרויס די מערסטע גרינס, וואָס זיי דאַרפֿן האָבן פֿאַר דער קיך. קינדער העלפֿן לויט דער ריי דער קעכין אין איר אַרבעט; זיי וואַשן די טעלער נאָכן עסן, און ריינִיקן אַליין זייערע צימערן. אין דער קבוצה-שולן ווערט אויך געלערנט אַביסל סטאָלעריי און אַנדערע עלעמענטאַרע פֿאָרמען פֿון האַנדווערק. די מיטגלידער פֿון די

קבוצות זענען שטאָלץ מיט זייערע שולן, וועלכע זענען „אַרבעטס־שולן'' אין בעסטן זין פון וואָרט.

עס זענען פאַראַן אויך אין ארץ־ישראל עטלעכע שולן ווו אַגריקול־טור ווערט געלערנט אַלס הויפּט־לימוד. די וויכטיקסטע פון זיי איז „מקוה ־ ישראל'', וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1870 פון דער „אַליאַנס''. די דאָזיקע שולע, וועלכע איז אגב אויך די עלטסטע יידישע אַגריקולטורעלע זידלונג אין ארץ ישראל, נעמט אָן בלויז קינדער, וואָס האָבן געענדיקט אַ פּולע פאָלקס־שולע. זי גיט זיי אַ דריי יאָריקן קורס פון אַגריקולטור, וואָס נעמט אַריין סיי טעאָרעטישע שטודיעןֹ און סיי פּראַקטישע אַרבעט אויפן פעלד. די שולע איז אַן אינטערנאַט: אַלע אירע 197 תלמידים לעבן אין דער שולע גופא, אונטער זייער אַ שטרענגן אַרבעטס־רעזשים. אַמאָל איז דאָס שטודיום דאָרט געווען אין פראַנצויזיש, אָבער פאַר די לעצטע 15 יאָר, האָט דעם הויפּט־פּלאַץ פאַרנומען העברעאיש, און פראַנצויזיש איז בלויז פאַרבליבן אַלס למוד.

אַן אַגריקולטורעלע שולע פאַר מיידלעך עקזיסטירט, מיט דער שטיצע פון דער „וויצאָ'', וועלט אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטישע פרויען, אין נהלל, עמק יזרעאל. די שולע, געגרינדעט פון דר. חנה מייזעל, גיט אַ צוויי יאָריקן מערסטנס פּראַקטישן קורס אין אַגריקולטור און הויז־ווירטשאַפט. די פאָדערונגען פאַרן אַריינטריט זענען בערך די זעלבע, ווי אין מקוה־ישראל.

צוויי מער עלעמענטאַרע אַגריקולטורעלע שולן, איינע אין בן־שמן, ביי לוד, און די אַנדערע ביי זכרון־יעקב, זענען איינגעריכטעט הויפּט־זעכלעך פאַר יתומים. די ערשטע מיט 280 תלמידים, ווערט געשטיצט פון דער „יידישער וויזען־הילפע'' אין בערלין, און די אַנדערע, מיט 116 ווערט געהאָלפן פון דער „יינגערער הדסה'' אין אַמעריקע. זיי פאַרמאָגן באַדייטנדע ווירטשאַפטן, ווו די שילער ווערן ערצויגן צו פּראַקטישער אַגריקולטור אינם לאַנד.

לעצטנס האָט די רעגירונג געעפנט אַן אַגריקולטורעלע שולע פאַר יידן, מיט אַ טייל פונם געלט, וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן צו דעם צוועק פון ה' קאַדורי, אַ רייכן באַגדאַדער ייד, וואָס איז געשטאָרבן מיט 15 יאָר צוריק אין שאַנכאַי. אין קאַדוריס צוואה איז נישט אָנגעוויזן געוואָרן בפירוש, אַז דאָס געלט איז פאַר אַ יידישער שול, כאָטש דאָס איז וואַרשיינלעך געווען זיין כוונה, — און די רעגירונג האָט דאָס דע־ריבער צעטיילט דאָס געלט אויף צוויי חלקים, אַ העלפט פאַר אַ יידישע־

אגריקולטורעלער שולע, און א העלפט פאר אן אראבישער. די אראבישע שולע עקזיסטירט שוין זייט פיר יאר אין תול־כרם, בעת די יידישע שולע איז געעפנט געוואָרן ערשט פאראיאָרן נעבן דעם היסטאָרישן הר־תבור אין אונטערשטן גליל.

נאָך אן אגריקולטורעלע מיטל־שולע איז מיט א קורצער צייט צוריק געעפנט געוואָרן, מיט דער הילף פון „פיקא", אין פרדס חנה, שומרון. די שולע, וועלכע איז אונטער דער אויפזיכט פון דעם „פארבאנד פון יידישע קאָלאָניסטן" האָט דעם צוועק צו געבן א פראקטישע ערציונג די יעניקע פון זייערע זין, וואָס זענען וויליק ווייטער אנגיין מיטן אגרי־קולטורעלן בארוף פון זייערע עלטערן.

## פאך־בילדונג.

פראָפעסיאָנעלע און פאך־בילדונג איז נאָך נישט אנטוויקלט אין ארץ ישראל ביזן פארנעם פון דער אגריקולטורעלער ערציונג. עס זענען דאָ א פאָר פריוואטע האנדלס־שולן, און עס עקזיסטירן אויך עטלעכע אוונט־קורסן פאר פארשידענע פאכן. ס'איז פאראן אן אלטע האנטווערק־שולע פון דער אליאנס אין ירושלים, און לעצטנס זענען אין תל־אביב מיט דער הילף פונם „געווערקשאפטען קאמפיין" אין אמעריקע געעפנט געוואָרן האנטווערק־קורסן אויפן נאָמען פונם פארשטאָרבענעם יידיש־אמעריקאנער ארבעטער־פירער מאקס פיין.

אזעלכע קורסן זענען אויך איינגעריכטעט געוואָרן אלס א זייטיקער צווייג פונם טעכניקום אין חיפה.

העכערע טעכנישע בילדונג ווערט אין ארץ ישראל געגעבן בלויז אינם טעכניקום פון חיפה. אויפגעבויט מיט 22 יאָר צוריק פון „הילפס־פאריין פון דויטשע יידן", איז דער חיפהער טעכניקום מיט א קורצער צייט פארן וועלט־קריג געוועזן דער צענטער, ארום וועלכן עס האָט גע־פלאקערט א פארביטערטער שפראכן־קאמף צווישן דעם הילפס־פאריין, וואָס האָט געוואָלט האָבן די לימודים אויף דייטש, און דעם ארץ־ישראל־דיקן ישוב, וועלכער האָט געפאָדערט, אז דער טעכניקום זאָל געפירט ווערן אין העברעאיש.

ביים היינטיקן טאָג איז דער טעכניקום, — וועלכער איז לאנג ארויס פונם רשות פונם הילפס־פאריין, און ווערט טיילווייז קאָנטראָלירט פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, — פונקט אזוי העברעאיש ווי די אנ־

דערע לערן־אנשטאַלטן פונם לאַנד. ער נעמט אויף בלויז תלמידים, וואָס האָבן געענדיקט אַ מיטל־שולע און גיט זיי אַ פיר־יאָריקן קורס, במשך פון וועלכן זיי לערנען זיך אויס צו ווערן ציוויל־אינזשיניערן אדער אַרכיטעקטן.

די וויכטיקייט פונם טעכניקום איז לעצטנס אנערקענט געוואָרן דורך דער פּאַלעסטינער רעגירונג, וואָס האָט אַסיגנירט אַ געוויסע סומע געלט פאַר זיין אויסברייטערונג.

דער העברעאישער אוניווערזיטעט.

נישט קוקנדיק אויף די צען יאָר, וואָס זענען אריבער זייט זיין אָפיציעלער ערעפנונג, איז דער העברעאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים נאָך אַלץ נישט אימשטאַנד צו ערפילן די פּראַקטישע אויפגאַבן פון אַן אוניווערסיטעט אין אַנדערע לענדער. באַטש זיינע ערציונגס מעגלעכ־קייטן ווערן אַלץ ברייטער, גיט ער נאָך אַלץ נישט זיינע תלמידים אַ פולן קורס אין יוריספּרודענץ, מעדיצין אָדער נאַטור־וויסנשאַפטן, וואָס זאָל זיי געבן נאָך דעם ענדיקן אַ באַשטימטע פּראָפעסיע אין האַנט. זיין לערן־פּראָגראַם איז אַ מאָדנע געמישעכץ פון געוויינלעכע און העכערע קורסן, אָן אַ קלאָרן און געפּלאַנטן צוזאַמענהאַנג צווישן זיי.

אַממערסטן פאַרטגעשריטן זענען די שטודיען אין דעם „הומאַניס־טישן פאַקולטעט״, וועלכער שליסט אין זיך איין קורסן איבער הע־ברעאישער ליטעראַטור און יידישע געשיכטע, תלמוד, אַראַבישע פילאָ־לאָגיע, רעליגיאָנס־געשיכטע און מאַטעמאַטיק. עס זענען אויך דאָ קאַ־טעדרען פון אַלגעמיינער און אַגריקולטורעלער כעמיע, זאָאָלאָגיע, באָ־טאַניק, באַקטעריאָלאָגיע, היגיענע, פיזיאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע און אַנדערע וויסנשאַפטן.

פאַרבונדן מיט דעם העברעאישן אוניווערסיטעט זענען אַ ריי פון וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן, וואָס טוען גאַנץ גוטע פאָרשונגס־אַרבעטן. באַזונדערס ווערן שטודירט דער קלימאַט, די היגיענישע און אַגריקולטו־רעלע פּראָבלעמען פון ארץ־ישראל. צווישן די דאָזיקע אינסטיטוטן פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ די אַגריקולטורעלע עקספּערימענטן־סטאַציע אין רחובות, מיט אירע צוויי קלענערע אָבטיילונגען אין גבת, עמק־יזרעאל און קרית־ענבים, צווישן די בערג פון יהודה.

אַ טייל פון דעם אוניווערסיטעט איז איצט די „נאַציאָנאַל ביבליאָ־

טעק'', וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט יאָרן צוריק פונם פאַרשטאָר־בענעם דר. כאַזאַנאָוויטש פון ביאַליסטאָק. אינם יאָר 1934 האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט 287,000 ביכער, צווישן וועלכע עס זענען פאַראַן פיל זעלטנהייטן און אַנטיקן.

אינם לערן־יאָר 1933־1934 איז דער אוניווערסיטעט באַזוכט געוואָרן פון 23 פאָרשונגס־סטודענטן, און 270 געוויינלעכע צוהערער. די מערסטע סטודענטן אַרבעטן אינם לויף פון טאָג און באַזוכן די אוניווערסיטעטס־קורסן אין אָוונט. אינם יאָר 1934 האָבן 17 סטודענטן געקריגן דיפּלאָמען פון דעם הומאַניסטישן פאַקולטעט. דער לער־שטאַב פון דעם אוניווערסיטעט באַשטייט פון 20 פּראָפעסאָרן, 27 פּריוואַט־דאָצענטן און 35 געהילפן און אינסטרוקטאָרן.

נישט קוקנדיק אויף אירע בעשרענקטע מיטלען, האָט דער אוניווערסיטעט דורכגעפירט פאַר די לעצטע פאָר יאָר אייניקע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, וואָס האָבן געגעבן גוטע רעזולטאַטן. זי קאָאָפּערירט אויך איצט אין אייניקע אויסגראָבונגען אין ארץ ישראל מיט רייכערע אויסלענדישע אוניווערסיטעטן.

קריטיק פון דעם אוניווערסיטעט.

אין ארץ ישראל הערט מען גאַנץ אָפט אַ שאַרפע קריטיק פון דעם אוניווערסיטעט, וואָס ווערט אָפט באַצייכנט אַלס אַן איבעריקער לוקסוס פאַר אַזאַ קליינעם לאַנד, וואָס געפינט זיך נאָך אינם פּראָצעס פון אויפבוי. אַנדערע צוגעבנדיק די נוצלעכקייט פונם אוניווערסיטעט אין פּרינציפּ, האַלטן אין דער זעלבער צייט, אַז דאָס וואָלט באַדאַרפט זיין גאָר אַן אַנדער סאָרט לערן־אַנשטאַלט, וואָס זאָל לייגן וויכטיקער געוויכט אויף רוחניות, און פאַרנעמען זיך מיט מער באַשיידענע, מער עלעמענטאַרע שטודיען, וואָס וואָלטן געקאָנט גלייך אויסגענוצט ווערן אין פּראַקטישן לעבן.

,,ארץ ישראל איז אַן אָרעם לענדעלע — האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ געשפּרעך מיט מחבר אַן אַגראָנאָם, וואָס האָט געקריגן זיין העכערע בילדונג אין דייטשלאַנד. — אויב מיר דאַרפן האָבן אַן אוניווערסיטעט, טאָרן מיר זיך נישט פאַרקוקן אויף אָקספאָרד, אָדער האַרוואַרד, נאָר נעמען אַלס מוסטער אַ בולגאַריע אָדער פינלאַנד. וואָס טויג אונז אַ קאַ־

טעדירע פאַר אינטערנאַציאָנאַלן שלום, ווען מיר האָבן דאָרט נישט קיין פשוטן קורס וועגן רוימישן רעכט. מיר דאַרפן האָבן אַן אוניווערסיטעט, וואָס זאָל אונז באַזאָרגן נישט מיט אינטעליגענטן מיט הויכע פּרעטענסיעס, נאָר מיט פשוטערע און מער פּראַקטישע פּראָפעסיאָנאַלן".

די איצטיקע פירער פון דעם אוניווערסיטעט, — און דאָס מיינט בעיקר דר. וויצמאַן און דר. מאַגנעס, — ווייזן צוריק די דאָזיקע קריטיק, אַלס אומבאַרעכטיקט. זיי האַלטן, אַז זייער סיסטעם פון בויען אינסטיטוטן און קאַטעדרעס אָן אַ דירעקטן אינערלעכן צוזאַמענהאַנג, און לאָזן זיי מיט דער צייט זיך אַליין צופּאַסן איינער צום אַנדערן, וועט אין לעצטן סך־הכל פאָרט ברענגען צו בעסערע רעזולטאַטן. זיי באַציען זיך מיט פאַראַכטונג צום פאַרלאַנג וועגן איינשטעלן אַ „פאַבריק פון פּראָפעסיאָנעלע פאַך־לייט"; זיי האַלטן אַז דאָס וואָלט זיך זיכער נישט געגראַמט מיטן העכערן אידעאַל וועגן אַ גרויסן יידישן וויסנשאַפטס־צענטער, וואָס זאָל מקיים זיין דעם אַלטן טרוים וועגן „מציון תצא תורה". אַ העברעאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים קאָן נישט געבויט ווערן לויטן אָנגענומענעם שאַבלאָן: ער מוז זיין עפּעס אַנדערש...

עס שיינט, אַז ס'איז דאָ אויך אַ פּראַקטישער אַרגומענט, וואָס רעדט לטובת דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט. דער אוניווערסיטעט ווערט דאָך נישט אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונג אָדער לכל־הפּחות פון אַזאַ עפנטלעכער אינסטיטוציע, ווי די יידישע אַגענטור. זיין קיום איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון פּריוואַטע מעצענאַטן. און ווען יידישע מעצענאַטן געבן געלט פאַר אַ העברעאישן אוניווערסיטעט, האָבן זיי פאַנטאַזיעס, מיט וועלכע מען מוז זיך רעכענען, ס'איז גרינגער צו קריגן אַ מעצענאַט פאַר אַ קאַטעדרע וועגן רעלאַטיוויטעט טעאָריע, איידער וועגן אינטעגראַלער רעכנונג, און ס'איז לייכטער צו קריגן געלט פאַר אַן אויסטערליש קלינגענדן „אינסטיטוט פון אינטערנאַציאָנאַלן שלום" איידער פאַר אַ פּראָסטן און מער נויטיקן קורס פון ציווילע רעכט. גייען דעריבער די אויפטוער פון דעם אוניווערסיטעט אויפן וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד. זיי שאַפן אַן אינסטיטוט נאָך אַן אינסטיטוט, אַ געביידע נאָך אַ געביידע, האָפנדיק, אַז מיט דער צייט וועט זיך פון דעם אויסלאָזן עפּעס רעכטס.

דאָס אַריינקומען פון יידיש דייטשע פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע קאַטעדרעס צוליב דעם נאַצי רעזשים, האָט אין די לעצטע פּאָר יאָר געהאָלפן צו פאַרשטאָפן עטלעכע וויכטיקע לעכער אין דער לער־פּראָגראַם פון דעם אוניווערסיטעט, ס'איז קיין ספק נישטאָ, אַז נישט

קוקנדיק אויף די פעלערן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן ביי זיין אָנהויב, וואַקסט זיין וויסנשאַפטלעכער און קולטורעלער ווערט פון יאָר צו יאָר.

אומאָפּהענגיק פון דעם אוניווערסיטעט איז דער בעמישער פאָר־שונגס־אינסטיטוט, וואָס איז געעפנט געוואָרן מיט א יאָר צוריק אין רחובות. אויסער ריין־וויסנשאַפטלעכע צוועקן, שטעלט ער זיך די ספּעציעלע אויפגאַבע צו אונטערזוכן די פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער אינדוסטריעלער אויסנוצונג פון די נאַטירלעכע און אַגריקולטורעלע רייכטימער פון לאַנד. געשאַפן דורך א גרופּע פון רייכע לאָנדאָנער יידן, געפינט זיך דער אינסטיטוט אונטער דער אָנפירונג פון דעם באַקאַנטן ציוניסטישן פירער דר. וויצמאַן, וועלכער איז אויך אַן אָנגעזעענער כעמיקער.

## טעאַטער אין ארץ־ישראל

די גרויסע אַרבעט, וואָס ווערט אויפגעטאָן פון די ארץ־ישראלדיקע שולן פאַר דער אויפלעבונג פון העברעאיש ווערט ווירקזאַם געשטיצט דורך דעם איינפלוס פון טעאַטער און טעגלעכער פּרעסע, וועלכע ווע־ן אויך געפירט אויסשליסלעך אין העברעאיש.

דער וויכטיקסטער טעאַטער אין ארץ־ישראל איז די „הבימה“. געשאַפן בעת דער רעוואָלוציע אין מאָסקווע, האָט די „הבימה“ באַלד געקריגן א וועלט־נאָמען צוליב דער זעלטענער קינסטלערישקייט פון אירע פאָרשטעלונגען. אין בערלין, פּאַריז, לאָנדאָן און ניו־יאָרק איז זי היים באַגריסט געוואָרן, אַלס אַן אָנזאָג פון א נייער עפּאָכע אין טעאַטראַלישער קונסט.

מיט עטלעכע יאָר צוריק זענען די וויכטיקסטע אַקטיאָרן פון דער „הבימה“ אריבערגעקומען קיין ארץ־ישראל, ווו זיי האָבן געפונען א ברייטן און ענטוזיאַסטישן פעלד פאַר זייער טעטיקייט. זייער צענטער איז אין תל־אביב, ווו זיי בויען איצט אַן אייגענע טעאַטער־געביידע, וואָס ווערט אויפגעשטעלט דורך פריוויליקע בייטראָגן פון ארץ־ישראל זעלבסט. די טרופּע פאָרט אָפט אַרויס אין אַנדערע שטעדט און גרעסערע קאָלאָניעס, איר אָנקום איז דאָרט שטענדיק א יום־טוב.

איר גרעסטן וועלט־רום האָט די „הבימה“ געהאַט אין דעם „דבוק“ פון ש. אַנסקי. שפּעטער האָט זיך די „הבימה“ אויסגעצייכנט אין א ריי דראַמען פון יידיש־היסטאָרישן און סימבאָלישן אינהאַלט, זי האָט אויך

נעגעבן געלונגענע פֿאָרשטעלונגען אין איבערזעצונגען פֿון קלאַסישע דראַמען, אויך פֿון שעקספּיר.

אַן אַנדערע וויכטיקע טעאַטראַלישע שאַפֿונג איז דער „אוהל", אַן אַר־בעטער־טעאַטער, וואָס ווערט געשטיצט פֿון דער „הסתדרות". געגרינדעט לכתחילה דורך ליבהאָבער, וואָס זענען אויף צומאָרגנס נאָך דער פֿאָר־שטעלונג געגאַנגען אין וואַרשטאַט, האָט זיך איצט דער „אוהל" פֿאַר־וואַנדלט אין אַ טעאַטער־טרופּע, אין וועלכער די הויפּט־ראָלן ווערן גע־שפּילט פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע אַרטיסטן. די פֿאָרשטעלונגען פֿון „אוהל" האָבן אין זיך אַן עטוואָס מער אָרטיקן קאָליר: זיין רעפּערטואַר שליסט איין עטלעכע דראַמען, וואָס באַהאַנדלען די סאָציאַלע און געזעלשאַפֿט־לעכע פּראָבלעמען פֿון היינטיקן ארץ־ישראל. אויסער די דאָזיקע אָריגי־נעלע דראַמען שפּילט זי אָפֿט אין איבערזעצונגען, בפֿרט פֿון ווערק מיט אויסגעשפּראָכענע סאָציאַלע טענדענצן. אַ היפּשער טייל פֿון איר רעפּער־טואַר איז איבערגעזעצט פֿון יידיש, און לייוויק איז למשל דורך איר מער באַקאַנט אין ארץ־ישראל, איידער אין אַמעריקע.

פֿאַראַיאָרן האָט דער „אוהל" אונטערגענומען אַ טורנע איבער די אייראָפּעאישע הויפּט־שטעט, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ רי־זיקער ערפֿאָלג, ווייניקסטנס מאָראַליש, די גאַנצע אייראָפּעאישע פּרעסע איז פֿול געווען מיט לויב וועגן זיינע פֿאָרשטעלונגען. לויט די באַריכטן פֿון די צייטונגען, האָט, למשל, פּיסקאַטאָר דער באַרימטער דייטשער רעזשיסער, וועלכער האָט געזען די „אוהל"־פֿאָרשטעלונגען אין פּאַריז געווען אַזוי באַגייסטערט פֿון זיי, אַז ער האָט אָנגעבאָטן צו קומען קיין ארץ־ישראל אויף אַ צייט, כדי איינשטודירן מיטן „אוהל" אַ פּאָר דראַמען.

אַן אייגנאַרטיקע טעאַטער־אונטערנעמונג איז דער „מטאטא" (דער בעזים), וועלכער ספּעציאַליזירט זיך אין סאַטירע אויף אַקטועלע ארץ־ישראלדיקע טעמעס. זיינע פֿאָרשטעלונגען טראָגן מעריסטנס דעם כאַ־ראַקטער פֿון אַ רעווי, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט פֿון באַזונדערע, אומ־אָפּהענגיקע סצענקעס. ער איז אַמאָל גאַנץ שאַרף אין זיין קריטיק, אָבער דער עולם נעמט דאָס פֿאַר ליב.

אַן אַנדער אינטערעסאַנטער טעאַטראַלישער עקספּערימענט איז דער „תיאטרון לילדים", ווו קינדער זענען נישט נאָר די צושויער, נאָר אויך דאָס רוב אַרטיסטן. ער שטייט אָבער אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַ דער־וואַקסענעם און זייער פֿעיקן רעזשיסער.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן גייסט פֿונם לאַנד איז דער פֿאַקט, וואָס קיין

איין טעאַטער אין ארץ־ישׂראל איז נישט קיין פּריוואַטע אונטערנעמונג.
אַלע טרופּעס זענען קאָאָפּעראַטיוון, וואָס געניסן אַ געוויסע מאָס פון
עפנטלעכע שטיצע. די „הבימה", למשל, איז געבויט אויפן פּרינציפּ
פון מיטגלידערשאַפט. אין תל־אביב אַליין זענען פאַראַן אַרום 3000
צאָלנדע חברים, וואָס צאָלן איין אַ געוויסן יערלעכן ביישטייער, און קריגן
דערפאַר זייערע בילעטן פאַר אַן ערמעסיקטן פּרייז.

אַרטיסטיש שטייט דער העברעאישער טעאַטער אין ארץ־ישׂראל אונ־טער אַ שטאַרקן רוסישן איינפלוס. נישט אומזיסט איז דער ערשטער רע־זשיסער פון „הבימה", דער פאַרשטאָרבענער וואַכטאַנגאָוו געווען אַ רוס, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אַן אַרמענער. ער איז אַזוי באַגייסטערט געווען פאַרן געדאַנק פון דראַמע אין דער ביבלישער שפּראַך, אַז ער האָט אָפּ־געגעבן איר זיין זעלטענעם טאַלאַנט און אומדערמידלעכע ענערגיע.

**מוזיק און מאַלעריי.**

די פאַרזוכען צו שאַפן אַן אייגנאַרטיקע ארץ־ישׂראלדיקע מוזיק זענען דערווייל אין זייערע קינדער־שיכלעך. אַרטיקע מוזיקער האָבן אין די לעצטע יאָרן פּובליקירט עטלעכע טאַלאַנטירטע קאָמפּאָזיציעס, וואָס זענען טיילווייז באַגרינדעט אויף אַלטע יידישע מאָטיוון, און טיילווייז אויף אָריענטאַלישע און ספּעציעל אַראַבישע ניגונים. מען האָט אויך פאַרפאַסט אַ פּאָר אָפּערעס, וואָס דאַרפן געבן אַ מוזיקאַלישן אויסדרוק דעם גייסט פונם אַלט־נייעם לאַנד. פאַר אַ נישט־פאַכמאַן איז שווער צו אורטיילן אויף וויפל די אַלע פאַרזוכען זענען אַן ערפאָלג. די מיינונגען פון פאַכ־לייט זענען וועגן דעם שטאַרק געטיילט.

מער ערפאָלגרייך זענען געווען די פאַרזוכן צו פּאָפּולאַריזירן אין ארץ־ישׂראל די בעסטע שאַפונגען פון אייראָפּעאישער מוזיק. אַן אָפּערע־געזעלשאַפט האָט ערפאָלגרייך אויפגעפירט עטלעכע קלאַסישע אָפּערעס, אין העברעאישער איבערזעצונג. אַ שטענדיקער סימפאָניע־אָרקעסטער ווערט איצט געשאַפן אין ירושלים, און וויניקער פּרעטענציעזע אַמאַ־טאָרישע אָרקעסטערס זענען פאַראַן אויך אין די פּאָר אַנדערע שטעדט. קאָנצערטן פון באַרימטע אויסלענדישע מוזיקער ציען אין ארץ־ישׂראל אַ גרויסן און העכסט ענטוזיאַסטישן עולם. עס זענען דאָ אין לאַנד עט־לעכע פּריוואַטע מוזיק־שולן, און מען באַמיט זיך איצט צו גרינדן אַ נאַציאָנאַלע קאָנסערוואַטאָריע אין ירושלים.

צווישן די אימיגראַנטן פון נאָכן קריג — זענען געקומען קיין ארץ־ישראל עטלעכע העכסט טאַלאַנטירטע מאָלער, און עס שיינט, אַז אין ארץ־ישראל זעלבסט וואַקסט אויס אַן אַרטיסטישע יוגנט, וואָס באַרעכטיקט אונז צו גרויסע האָפנונגען. אייניקע פון זיי האָבן אויסגעשטעלט זייערע ווערק אין ניו־יאָרק און פּאַריז מיט אַ גאַנץ באַדייטענדן ערפאָלג.

נישט זייענדיק אינגאַנצן פריי פון אויסלענדישן און ספּעציעל פראַנצויזישן איינפלוס, ווייזן אָפט אַרום זייערע ווערק אַן אמתע אָריגינאַליטעט, וואָס ערלויבט צו האָפן אויף אַ ספּעציעלע „פּאַלעסטינער שולע״ פון מאָלעריי, זי זאָל אויסדריקן די אייגנשאַפטן פון פאָלק און לאַנד, און וואָס זאָל קאָנען אין אַ געוויסער מאָס פאַרגליכן ווערן מיט דער „שפּאַנישער שולע״. ארץ־ישראל, אַ לאַנד פון מערקווירדיק לעבעדיקע קאָלירן און פאַרשידענע קעגנזייטיק־ווירקנדע קולטורן, שיינט צו געבן יונגע אַרטיסטן פיל געלעגנהייטן פאַר גייסטיק דורכגעדרונגענע שאַפונגען.

די איינציקע קונסט־שולע אין ארץ־ישראל איז „בצלאל״, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון פּראָפעסאָר באָריס שאַץ נאָך פאַרן קריג; זי האָט אָבער געמוזט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר זיין געשלאָסן צוליב מאַנגל פון מיטלען. די שולע, וועלכע איז ווידער געעפענט געוואָרן מיט אַ יאָר צוריק, באַטראַכט אָבער נישט קיין מאָלעריי סתם פאַר איר הויפּט־אויפגאַבע. זי איז בעיקר פאַראינטערעסירט צו הויבן און פאַראיידלען די קונסט־וואַרשטאַטן פונם לאַנד, וואָס קאָנען ביי געהעריקער טעכנישער הויך קריגן אַ היבשע עקאָנאָמישע באַדייטונג פאַרן לאַנד.

פּרעסע און ביכער־וועזן.

כמעט אַלע יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבן אין ארץ־ישראל ווערן פאַרעפנטלעכט אין העבּרעאיש. די העבּרעאישע פּרעסע באַשטייט פון פיר טעגלעכע צייטונגען און פון אַ גרעסערער צאָל וועכענטלעכע און מאָנאַטלעכע אויסגאַבן.

די העבּרעאישע צייטונגען פון ארץ־ישראל זענען, בדרך כּלל ערשט אין אָנהויב פון זייער אַנטוויקלונג. ביז דער לעצטער צייט, האָבן זיי אַלע געמוזט סובּסידירט ווערן פון דער אָדער אַנדערער געזעלשאַפטלעכער קוועלע. אין דער לעצטער צייט האָבן זיי אָבער, אין פאַרבינדונג מיט דער אַלץ־וואַקסנדער אימיגראַציע שטאַרק פאַרגרעסערט זייער טיראַזש (ציר־

קולאַציע), און געקריגן אַ סך נייע אַנאָנסן. דאָס האָט זיי געהאָלפן צו באַזייטיקן די פריערדיקע דעפיציטן, און אייניקע פון זיי ברענגען איצט גאַנץ באַדייטנדע פּראָפיטן.

די אַרץ־ישראלדיקע בלעטער ווערן געדרוקט אין אַ גרויסן פאַר־מאָט, אָבער די צאָל פון זייערע בלעטער איז בערך באַשרענקט. אין וואָכנטעג דערשיינען זיי געוויינלעך אין זעקס זייטן, און פרייטאָג פון אַכט ביז צען.

נישט קוקנדיק אויפן באַשרענקטן פּלאַץ געבן געוויינלעך די אַרץ־ישראלדיקע בלעטער אַ גאַנץ ברייטן באַגריף וועגן וועלט־נייעס. און זיי אַנטהאַלטן אויך אַ סך אַנדערן לעזע־שטאָף. אגב, איז דאָ כדאַי צו דער־מאָנען, אַז העברעאיש — בפרט אין דרוק, — איז איינע פון די קורצסטע שפּראַכן אין דער וועלט. אַ צייטונגס־בלאַט אין העברעאיש אַנטהאַלט געוויינלעך מיט זעכציק פּראָצענט מער לעזע־שטאָף, איידער אַ בלאַט מיטן זעלבן שריפט אין יידיש. אַלע אַרץ־ישראלדיקע צייטונגען זענען מער־ווייניק ערנסט, און כאָטש אַ פּאָר פון זיי יאָגן זיך יאָ נאָך סענ־סאַציעס, זענען זיי פונדעסטוועגן נאָך מיילן־ווייט פון דער „בולוואַר־פּרעסע" פון די אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע הויפּט־שטעט.

אַ באַדייטנדן חסרון פון דער אַרץ־ישראלדיקער טאָג־פּרעסע איז איר שפּראַך. זי איז אומצוגענגלעך נישט נאָר פאַר די, וואָס קאָנען נישט העברעאיש, — דאָס איז אַן ענין לחוד, — נאָר אויך פאַר פיל פון די, וואָס קאָנען יאָ אַן עלעמענטאַרן העברעאיש, אָבער זענען נישט באַהאַוונט אין די למדנות־ווערטער און אין די נייע וואָרט־שאַפונגען, וואָס ווערן טאָג־טעגלעך איינגעפירט אין די אַרץ־ישראלדיקע צייטונגען. פאַר אַ לע־זער מיט קליינע יידישע קענטענישן איז גרינגער צו לייענען דעם „פאָר־ווערטס" פון ניו־יאָרק, איידער פאַרן לעזער מיט די זעלבע העברעאישע קענטענישן צו פאַרשטיין דעם „דבר" פון תל־אביב. און אויסער דעם, האָבן די העברעאישע צייטונגען פון אַרץ־ישראל, וועלכע סטאַרען זיך צוליב עקאָנאָמיע אויסמיידן נקודות, גאַנץ באַדייטנדע שוועריקייטן אין איבערגעבן קלאָר געאָגראַפישע און אַנדערע נעמען פון פרעמדע שפּראַכן, און ס'איז פאַראַן אַ מורא, אַז ביים צווייטן דור, וואָס איז נישט געקו־מען צו דער העברעאישער פּרעסע פון אַנדערש־שפּראַכיקע צייטונגען זאָל דאָס מיט דער צייט שאַפן אַ גרויסן פּלאָנטער אין קאָפּ.

לאָמיר אָבער האָפן, אַז דאָס זענען קינדער־קראַנקהייטן, וועלכע מען וועט מיט דער צייט גובר זיין.

די פיר*) העבּרעאישע טאָג־בּלעטער פון ארץ־ישראל, זענען דער סאָ־ציאַליסטישער „דבר", דער ליבּעראַלער „הארץ", דער בּעלי־הבּיתישער „דואר היום", און דער רעוויזיאָניסטישער „ירדן".

די אַממערסטן־פאַרשפּרייטע פון די ארץ־ישראלדיקע ציטונגען איז דער „דבר", דער אָרגאַן פון דער אַרבּעטער־הסתדרות. ס'איז אַ ציטונג, וואָס קאָן אויסהאַלטן אַ פאַרגלייך מיט די בּעסטע אַרבּעטער־בּלעטער אין אייראָפּע. זי דערשיינט צוויי מאָל אַ טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט. דער „הארץ" איז דער אָרגאַן פון דער ארץ־ישראלדיקער אינטעליגענץ. אויס־געצייכנט רעדאַקטירט, גיט ער אָפּ אַ סך פּלאַץ צו ליטעראַרישע איבּער־זיכטן און אַנדערע קולטורעלע טעמען.

דער „דואר היום", וואָס איז אַ בּיסל מער סענסאַציאָנעל ווי די פריער־דערמאָנטע בּלעטער, פאַרטרעט די אינטערעסן פון פּריוואַטע קאָ־לאָניסטן און בּירגערלעכע עלעמענטן בּכלל. ער איז אַמאָל געווען שטאַרק נוטה צום רעוויזיאָניזם, אָבּער זינט די רעוויזיאָניסטן האָבּן אָנגעהויבּן אַרויסגעבּן אַן אייגענע ציטונג, איז ער צו זיי געוואָרן אַ סך קעלטער.

דער „ירדן" איז אַ יונגע ציטונג, אויסער איר אויסגעשפּראָכענעם רעוויזיאָניזם האָט זי נאָך נישט קיין בּאַשטימטע צורה. זי איז אַ טיפּי־שע פּראָפּאַגאַנדע־ציטונג, וועלכע איז הינטערשטעליק אין די נייעס און אינפאָרמאַציעס אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע דערמאָנטע בּלעטער.

לויט בּאַגלויבּטע קוועלן האָט דער געמיינזאַמער טיראַזש פון די דאָזיקע פיר ציטונגען בּאַטראָפן בּיים אָנהויבּ פון 1935 עטוואָס ווייני־קער פון פופציק טויזנט עקזעמפּלאַרן. פון דעם האָט דער „דבר" אַן אויפ־לאַגע פון 19,000 עקזעמפּלאַרן, דער „הארץ" פון 14,000, דער „דואר־היום" פון 10,000 און דער „ירדן" פון 6,000. פון די דאָזיקע ציטונ־גען דערשיינען די ערשטע צוויי אין תל־אביב, און די איבּעריקע אין ירושלים.

ארץ־ישראל פאַרמאָגט אויך אַ היפּשע צאָל פון וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע אויסגאַבּן. אייניקע פון זיי פאַרטרעטן בּאַשטימטע פּאַרטייען און אידייען, די אַנדערע טראָגן מער אַ ליטעראַרישן כאַראַקטער, די דריטע פאַרטרעטן בּאַשטימטע פּראָפעסיאָנעלע גרופּן און עקאָנאָמישע אינטערעסן.

---

*) אין די לעצטע טעג האָט אָנגעהויבּן דערשיינען אַ פינפטער טאָג־בּלאַט אונטערן נאָמען „הבּוקר".

אין ירושלים געבן די יידן ארויס אן ענגלישע טאָג־צייטונג. מיטן נאָ־מען „פּאַלעסטיין־פּאָוסט״. כאָטש זי דערשיינט אין ענגליש, קאָן זי פּראַקטיש באַטראַכט ווערן אַלס אַ יידישע צייטונג. זי ווערט רעדאַגירט פון ציוניסטן און גיט אָפּ אַ סך פּלאַץ צו די יידישע פּראָבלעמען אינם לאַנד.

אַ באַדייטנדער פּראָגרעס איז דערגרייכט געוואָרן אויפן פעלד פון העברעאישער פאַרלאַג־טעטיקייט. נישט־ווייניקער פון 500 ביכער ווערן יערלעך אַרויסגעגעבן אין ארץ־ישראל. די מערסטע פון זיי זענען איבער־זעצונגען פון פרעמדע שפּראַכן. בדרך־כּלל, זענען די ארץ־ישראלדיקע פאַרלאַגן פּריוואַטע געשעפטן, וואָס מוזן זיך אויסצאָלן, כּדי קאָנען זיך אויסהאַלטן.

## ראַדיאָ אין ארץ ישראל

ביז איצט האָט ארץ־ישראל נישט געהאַט קיין אייגענע ראַדיאָ־סטאַציע און זיך געמוזט באַנוגענען מיט מוזיקאַלישע פּראָגראַמען, וואָס זענען געהערט געוואָרן פון די ראַדיאָ־סטאַציעס אין אייראָפּע.

נאָר לעצטנס האָט דער תל־אביבער שטאָט־ראַט אָנגעהויבן עקס־פּעריִמענטירן מיט אַ שטאָטישער ראַדיאָ־סטאַציע, וועלכע האָט נישט קיין גרויסן הער־קרייז. פיל וויכטיקער איז דער באַשלוס פון דער רע־גירונג אויסבויען אַ שטאַרקע ראַדיאָ־סטאַציע ביי ראַמאַלאַ, צום צפון פון ירושלים. די דאָזיקע סטאַציע, וועלכע וועט געעפנט ווערן אין סוף פון 1935, וועט שיקן אירע פּראָגראַמען אין אַלע דריי אָפיציעלע שפּראַכן פונם לאַנד. אונטער אַ ריכטיקער פירערשאַפט, וואָלט זי געקאָנט ווערן אַ וויכטיקער מיטל פאַר קעגנזייטיקער דערנענטערונג פון די צוויי הויפּט־פעלקער פון ארץ־ישראל, וואָס האָבן איצט אַזוי ווייניק געמיינזאַמעס צווישן זיך.

לענדער, וואָס געפינען זיך אינם פּראָצעס פון זייער פּיאָנערישן אויפבוי, האָבן נישט קיין סך צייט פאַר קולטור. דער פאַקט, וואָס די יידן פון ארץ־ישראל, שטייענדיק ביז איבערן האַלז אין דרינגנדער אויפ־בוי־אַרבעט, זענען דאָך אימשטאַנד געווען, נישט קוקנדיק אויף זייער קליינער צאָל צו אַנטוויקלען אַזאַ באַדייטנדע קולטור־אַרבעט, שיינט צו זיין אַ גוטער אָנזאָג פאַר דער צוקונפט.

## קאַפּיטל עלף



# מעדיצינישע טעטיקייט אין אר -ישראל

בעת מיינע וואַנדערונגען איבער עמק־יזרעאל בין איך אַמאָל אָריינ־געקומען אין אַ נידעריקן פּלאַץ, וואָס ווערט אָנגערופן אויף אַראַביש ,,וואַדי על מאַט'', דער טאָל פון טויט. די געגנט האָט אויסגעקוקט צו זיין געזונט און פּרוכטבאַר, און ס'איז שווער געווען זיך פאָרשטעלן, אַז דער נאָמען זאָל האָבן אַ שייכות מיט דער ווירקלעכקייט.

און דאָך איז דער נאָמען נישט קיין צופאַל. אַלטע אַראַבער דער־ציילן וועגן אַ קאָלאָניע פון טעמפּל־דייטשן, וואָס איז דאָ אויסגעשטאָרבן פון מאַלאַריע מיט זיבעציק יאָר צוריק. זיי ווייזן אויף די חורבות פון אַמאָליקע אַראַבישע דערפער, וואָס זענען פּאַקטיש פאַרניכטעט געוואָרן דורך שטאַרקע עפּידעמיעס. די איבערגעבליבענע זענען אַנטלאָפן אין די אַרומיקע בערג, וווּ זיי האָבן אויפגעבויט נייע דערפער. במשך פון יאָרן און יאָרן האָט זיך געפירט, אַז דער געפערלעכער טאָל איז געווען באַאַרבעט דורך די בערג ־ אַראַבער, וואָס פלעגן זיך אָפּטראָגן פון דאָרטן באַלד נאָך דער ערנטע. אויפן פּלאַץ האָט קיינער נישט געוואַגט צו וווינען.

קיין שפור פון מאַלאַריע איז איצט מער נישטאָ אין דעם אַמאָל פאַרפעסטעטן טאָל. די קאָלאָניסטן פון די דערביאיקע יידישע דערפער, נהלל און כּפר־יהושע, באַאַרבעטן רואיק זייערע פעלדער, און זייערע קינדער זענען פונקט אַזוי שטאַרק און געזונט ווי אומעטום. די אַמאָליקע שליטה פון מאַלאַריע ווערט באַטראַכט אַלס אַ שטיק פון פּאַרציייטיקער גע־שיכטע, וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט אומקערן אין דער יידיש־געוואָ־רענער געגנט.

די דאָזיקע ווונדערלעכע ענדערונג איז נישט דערגרייכט געוואָרן מיט בשוף. זי איז אַ רעזולטאַט פון יידישער סאַניטאַרישער אַרבעט. די

טיפע בלאָטע פונם נידעריקסטן פּלאַץ אינם „טאָל פון טויט", וואָס איז במשך פון דורות געווען אַן אידעאַלער פּלאַץ פאַר מיליאָנען מאָסקיטן, איז אויסגעטרוקנט געוואָרן דורך די טויט־פאַראַכטנדע חלוצים, וועלכע זענען געקומען אין דער געגנט מיט פערצן יאָר צוריק. חוץ דעם, איז יעדעס טייכעלע, יעדע קאַלוזשע פון רעגן־וואַסער סיסטעמאַטיש באַשפּריצט געוואָרן מיט נאַפט, און יעדעס פאַרבאָרגן ווינקל איז דורכגעזוכט געוואָרן צו פאַרניכטן די אייעלעך פון די עפּידעמיע־ברענגענדע אינסעקטן. די דאַזיקע פאַרזיכטס־מיטלען, אין אַ קלענערן פאַרנעם, ווערן געברויכט ביזן היינטיקן טאָג.

איצט איז די געגנט פון נהלל פונקט אַזוי געזונט, ווי יעדער אַנדערער טייל פונם לאַנד. דער טויטלעכער שונא איז באַזיגט געוואָרן!

אין טבריה האָב איך זיך באַקענט מיט אַ דאָקטאָרשע, וואָס אַרבעט אין דער אָרטיקער קליניקע פון „הדסה", אַ יידיש־אַמעריקאַנער פרויען־אָרגאַניזאַציע, וואָס גיט זיך ספּעציעל אָפּ מיט מעדיציניִשער הילף אין ארץ־ישראל. די ספּעציעלע אויפגאַבע פון דער דאָזיקער דאָקטאָרשע איז צו באַקעמפן די אויגן־קראַנקהייטן צווישן די קינדער פון דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעך הייסער און אָפּגעלאָזענער געגנט. זי האָט מיר געוויזן מיט שטאָלץ אימפּאָזאַנטע ציפערן וועגן דעם פּראָגרעס, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין קאַמף געגן טראַכאָמע, דער אויגן־קראַנקהייט, וואָס איז אַממערסטן פאַרשפּרייט געווען צווישן ארץ־ישראלדיקע קינדער. דער פּראָצענט פון קינדער אין טבריה, וואָס לײַדן פון אויגן־קראַנקהייטן איז איצט דריי מאָל קלענער, איידער מיט צען יאָר צוריק!

די אַרבעט פון „הדסה".

די יידישע געזונטהייטס - אַרבעט אין ארץ־ישראל ווערט, פונקט ווי איר שול סיסטעם, אויסגעפירט במעט אינגאַנצן מיט פריוואַטע מיטלען אָן שום ערנסטער מיטהילף מצד דער רעגירונג. זינט דעם קריג איז איר פינאַנציעלע הויפּט־קוועלע געווען די אויבנדערמאָנטע אַמעריקאַנער „הדסה", וועלכע האָט געגרינדעט אינם לאַנד פיר פיינע שפּיטאָלן, אין ירושלים, תל־אביב, חיפה און צפת. זי באַדינט אויך מעדיציניש טויזנטער מאַמעס מיט זויגנדע קינדער און פירט אָן אַ גרויסע היגיענישע אַרבעט צווישן די שול־קינדער סיי אין די שטעט, און סיי אין די גרע־

סערע קאָלאָניעס. די „הדסה“ האָט אויך איינגעריכטעט, מיט דעם געלט פונם פאַרשטאַרבענעם נייטען שטראַוס פון ניו־יאָרק, צוויי געזונטהייטס־צענטערן — אין ירושלים און תּל־אביב, וועלכע זענען די איינציקע פון זייער מין אינם נאָענטן אָריענט. דער מעדיצינישער שטאַב פון „הדסה“ באַשטייט פון 44 דאָקטוירים, 168 קראַנקן־שוועסטער, און א טעכנישן און דינסט־פּערסאָנאַל פון אַרום 200 פּערזאָנען. איר אָפּטיילונג פון שול־היגיענע גיט אכטונג איבער דער געזונטהייט פון 36,000 קינדער אין 278 שולן. די פיר שפּיטאָלן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן אָדער געשטיצט פון דער „הדסה“, זענען איינגעריכטעט צוזאַמען אויף 480 בעטלעך. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער בודזשעט פון הדסה אליין איבערגעשטיגן אַלע הוצאות פון דעם געזונטהייטס - דעפּאַרטאַמענט פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג.

אינם יאָר 1930, למשל, האָט דער בודזשעט פון הדסה נאָך באַטראָפן 109,961 פונט, אין דער צייט ווען דער בודזשעט פונם געזונטהייטס־דעפּאַרטאַמענט פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג האָט באַטראָפן 108,551 פונט. אין די לעצטע פּאָר יאָר איז אָבער דער געזונטהייטס־בודזשעט פון דער רעגירונג בסדר געוואַקסן, אין דער צייט ווען די איינגאַמען פון דער „הדסה“ זענען געפאַלן, הויפּטזעכלעך צוליב דעם קריזיס אין אַמעריקע. פאַרן יאָר 1933 האָט דער בודזשעט פון דעם געזונטהייטס־דעפּאַרטאַמענט פון דער רעגירונג שוין באַטראָפן 135,838 פונט, אין דער צייט ווען דער בודזשעט פון הדסה איז געפאַלן ביז 71,000 פונט.

### די קופּת־חולים.

צוליב דער בסדרדיקער ירידה אין אירע איינגאַמען, האָט „הדסה“ לעצטנס געמוזט אָפּטרעטן איר ערשטן פּלאַץ צווישן די יידישע מעדיצינישע אָרגאַניזאַציעס צו דער „קופּת־חולים“, דער גיך וואַקסנדער קראַנקן־קאַסע פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פון ארץ־ישראל הסתדרות. דער בודזשעט פון קופּת־חולים האָט באַטראָפן 72,385 פונט אינם יאָר 1933, און איז אין נעכסטן יאָר געשטיגן ביז צו 119,076 פונט. דער דאָזיקער בודזשעט ווערט במעט אינגאַנצן געדעקט דורך מיטגליד־אָפּצאָלן פון די אַרבעטער, וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דער קופּת־חולים, און אין א קלענערער מאָס פון די אָפּצאָלן פון

אונטערנעמער, וואָס זענען פאַרבונדן מיט די קאָלעקטיווע אָפּמאַכן. די דאָזיקע צוויי קוועלן צוזאַמען דעקן 95 פּראָצענט פון אירע הוצאות. די שטיצע פון דער יידישער אַגענטור האָט זיך אינם לעצטן יאָר אויסגעדריקט אין אַ סובסידיע פון בלויז טויזנט פונט, און דער בייטראַג פון דער ,,הדסה׳׳ איז געוועזן נאָך קלענער. די רעגירונג האָט אַמאָל אויסגעהאָלפן דעם שפּיטאָל פון קופּת־חולים אין עמק־יזרעאל, אָבער קיין רעגולערע שטיצע פון איר קריגט מען נישט. די קופּת־חולים באַזיצט אַן אויסגעצייכנטן שפּיטאָל ביי עפולה אין עמק־יזרעאל און האַלט אויך אויס אַ ספּעציעלן סעזאָן - שפּיטאָל פאַר רעוומאַטיש - קראַנקע אין טבריה, נישט ווייט פון די באַרימטע הייל־קוואַלן. צווישן אירע אַנדערע אַנשטאַלטן זענען פאַראַן דריי אַלגעמיינע קליניקן מיט רענטגען־קאַבינעטן אין די שטעט, און 70 קראַנקן־צימערן און ערשטע הילף־סטאַציעס אין די דערפער. צוועלף צאָן - קליניקן, צען עלעקטרישע קאַבינעטן און זיבעצן סטאַציעס פאַר זויג - קינדער גייען אויך אַריין אין די ברייטע ראַמען פון איר טעטיקייט.

צו די אינסטיטוציעס פון קופּת - חולים געהערן אויך צוויי דערהאָלונגס - היימען. איינער אויפן נאָמען פון ב. באָראָכאָוו געפינט זיך אויפן הר־הכרמל, און דער אַנדערער איז ביי מוצא, אינמיטן פון די קלימאַטישע, געזונטע בערג פון יהודה.

צוזאַמען ציילט די קופּת־חולים אַרום 45,000 מיטגלידער, וועלכע צוזאַמען מיט זייערע אָנגעהעריקע שטעלן מיט זיך פאָר אַ קבוץ פון 85,000 נפשות. זי באַשעפטיקט (1934) נישט ווייניקער פון 152 דאָקטוירים (אייניקע אויף אַ טייל צייט), 104 קראַנקן־שוועסטער, 30 דענטיסטן, 20 אַפּטייקער, און 201 באַאַמטע און הילפס־אַרבעטער. צוזאַמען קריגן געהאַלט פון קופּת־חולים נישט ווייניקער פון 507 פּערזאָן!

קיין געזעץ וועגן געזונטהייטס - פאַרזיכערונג איז אין ארץ־ישראל נישטאָ, און די עקזיסטענץ פון אַזאַ פאַרצווייגטער אָרגאַניזאַציע ווי קופּת־חולים אויף אַן אויסשליסלעך־פרייוויליקן יסוד איז דאָס בעסטע צייגניש פון די אָרגאַניזאַציאָנס - פעאיקייטן פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער דערפאָלג פון קופּת־חולים האָט דערמוטיקט די ארץ־ישראלדיקע פּריוואַטע קאָלאָניסטן צו שאַפן אַן אייגענע ,,פאָלקסטימלעכע׳׳ קראַנקן־קאַסע. ס׳איז נאָך דערווייל אַ בערך־קליינע אָרגאַניזאַציע מיט אַ יערלעכן בודזשעט פון בלויז 8,000 פונט, וואָס ווערט צום גרעסטן

טייל געדעקט פון דער „הדסה" און „פּיקא". אירע גרינדער האָבן אָבער צו פאַרברייטערן מיט דער צייט איר טעטיקייט דורך אַריינציען אין איר הונדערטער קאָלאָניסטן, וואָס האָבן דערווייל נאָך נישט אָפּגע־שאַצט ווי געהעריק דעם ווערט פון קאָאָפּעראַציע אין געזונט־אָפּהיטונג.

אויסער די דערמאָנטע מעדיצינישע אָרגאַניזאַציעס, סובסידירן איניקע דאָרפישע פאַרוואַלטונגען זייערע אָרטיקע דאָקטוירים, וועלכע זענען דערפאַר פאַרפליכטעט צו באַהאַנדלען די אָרטיקע פּאַציענטן פאַר אַ פעסטגעשטעלטן מינימאַלן האָנאָראַר. עס זענען אויך פאַראַן דריי אומאָפּהענגיקע שפּיטאָלן אין ירושלים, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורך נדבות פון פרומע יידן איבער דער גאַנצער וועלט.

אין דער נעץ פון יידישע שפּיטאָלן גייען אַריין צוויי אַנשטאַלטן פאַר גייסטיק־קראַנקע, די איינע אין ירושלים, און די אַנדערע נישט ווייט פון תּל־אָביב. זיי ווערן אויסגעהאַלטן מיט אָרטיקע מיטלען, און האָבן צו־זאַמען 116 בעטלעך. די רעגירונג פון איר זייט האָט צוויי אַזעלכע שפּי־טאָלן, מיט 130 בעטלעך, אין בית־לחם; זיי זענען פּאַקטיש רעזערווירט פאַר אַראַבער. די אַלע פיר שפּיטאָלן פון דעם מין זענען שטענדיק איי־בערגעפולט, און אין לאַנד בלייבט אַ געוויסע צאָל פון גייסטיק־קראַנקע, סיי יידן און סיי אַראַבער, פאַר וועלכע ס'איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין אַן אַנשטאַלט, און זיי מוזן דעריבער זיך וואַלגערן אויף דער גאַס, אָדער זיין אונטער דער השגחה פון זייערע קרובים.

בסך־הכל האָט ארץ־ישראל עלף יידישע שפּיטאָלן מיט 740 בעטן; פינף פון זיי מיט 383 בעטן זענען אין ירושלים. די שפּיטאָל - אַרבעט פון יידן ווערט געפירט אין אַ גרעסערן פאַרנעם, איידער פון דער רעגירונג. אינם יאָר 1934 זענען אין גאַנץ ארץ־ישראל געווען בלויז אַכט רעגי־רונגס־שפּיטאָלן מיט דער אַלגעמיינער צאָל פון 610 בעטלעך.

נאַטירלעך, איז די דאָזיקע צאָל לחלוטין נישט גענוג פאַר דער נישט יידישער באַפעלקערונג פונם לאַנד; אָבער אַ גרויסער טייל פון די אַראַ־בישע קראַנקע ווערן באַדינט אין מיסיאָנערישע שפּיטאָלן, וועלכע שטייגן איבער אין צאָל און אויפנאַם־פעאיקייט די מעדיצינישע אַנ־שטאַלטן פון דער רעגירונג. עס זענען פאַראַן אין לאַנד אַזעלכע אַכצן שפּיטאָלן מיט 1100 בעטן, איניקע פון זיי שטייען אויף אַ גאַנץ הויכן סטאַנדאַרט פון מעדיצינישער וויסנשאַפט, און זיי טוען אַ נוצלעכער אַרבעט.

די פירער פון די יידישע שפּיטאָלן ווייזן אָפט אָן מיטן גרעסטן שטאָלץ, אַז די מיטלערע פאַרנומענהייט פון זייערע אַנשטאַלטן איז אַ סך

העכער, איידער די פון רעגירונגס - שפּיטאָלן און מיסיאָנערישע הייל־אנשטאַלטן. דאָס ווערט באַטראַכט אַלס א באַווייז פונם גוטן נאָמען, וואָס זיי האָבן אין לאַנד. אפילו נישט־יידישע פּאַציענטן סטאַרען זיך בעת אַן ערנסטער קראַנקהייט אריינקומען אין א יידישן שפּיטאָל און זיי גייען אין אַנדערע בלויז באין־ברירה. דער געמיינזאַמער בודזשעט פון יידישע אָרגאַניזאַציעס, קהלות און דאָרפישע פאַרוואַלטונגען אויף מע־דיצינישע הילף ווערט פאַרזיכטיק אָפּגעשאַצט אין 250,000 פונט א יאָר. די דאָזיקע סומע נעמט נאָך נישט אריין די נאָך גרעסערע סומע, וואָס יידן גיבן אויס פּריוואַט פאַר מעדיצינישע הילף.

די טעטיקייט פון די יידישע מעדיצינישע אָרגאַניזאַציעס אין ארץ־ישראל ווערט אָנגעפירט און קאָאָרדינירט פון דער געזונטהייטס־סעקציע ביים ועד־הלאומי (ועד הבריאות). זי באַשטייט פון זיבן מיטגלידער, וואָס פאַרטרעטן דעם ישוב און די מעדיצינישע פּראָפעסיעס פונם לאַנד, זי אַנטהאַלט אויך צו איין פאַרטרעטער פון „הדסה'' קופּת־חולים און „פאָלקס־קאַסע'' פון די קאָלאָניסטן.

לויט דעם צענזוס פון 1931 זענען דעמאָלט אין ארץ־ישראל געווען 617 אָנגעהעריקע צו מעדיצינישע בארופן, — דאָקטוירים, וועטערינאַרן און דענטיסטן, — און 1131 מעדיצינישע „העלפערס'', — אַקושערינס, הייב־אַמען, קראַנקן־שוועסטערס, אַפּטייקער, מאַסאַזשיסטן א. א. וו. ביים אָנהויב פון 1935 האָט די צאָל פון פּערזאָנען, וואָס זענען באַרעכ־טיקט צו פּראַקטיצירן מעדיצין אין ארץ־ישראל, דערגרייכט 2581, אויסער קראַנקן - שוועסטערס און אַנדערע מעדיצינישע הילפס־אַרבעטן. זייער טיילונג לויט איינצלנע פּראָפעסיעס ווערט געגעבן אין פאָלגנדער טאַבעלע:

מעדיצינישע פּראָפעסיעס אין א״ק ישראל.

| | אָנהויב 1934 | אָנהויב 1935 |
|---|---|---|
| דאָקטוירים | 10 3 | 1515 |
| דענטיסטן | 295 | 416 |
| אַפּטייקער | 202 | 25[illegible] |
| אַקושערינס | 368 | 398 |

איבער אַכציק פּראָצענט פון אַלע מעדיצינישע פּראָפעסיאָנאַלן אין ארץ־ישראל זענען יידן.

## געבורט און שטערבלעכקייט אין ארץ ישראל

די ווײַלטועגדע ווירקונג פון אַט דער ייִדישער מעדיצינישער טעטיקייט אין ארץ־ישראל שפּיגלט זיך אָפּ אין די ציפערן וועגן די טויט־פאַלן אין לאַנד. די דאָזיקע ציפערן זענען געגעבן אין פאָלגענדער טאַבעלע, וועלכע גיט איבער די צאָל און דעם פּראָצענט פון די טויט־פאַלן פאַר די לעצטע דריי יאָר:

שטערבלעכקייט אין ארץ ישראל.

| צאָל פון טויט־פאַלן: | קריסטן | מאַכמעדאַנער | ייִדן | אין גאַנצן לאַנד |
|---|---|---|---|---|
| 1932 | 1441 | 18,542 | 1,748 | 21,958 |
| 1933 | 1328 | 17,382 | 1,940 | 20,834 |
| 1934 | 1618 | 19,760 | 2,419 | 24,129 |
| **פּראָצענט פון טויט פאַלן (אויף 1000 איינוווינער)** | | | | |
| 1932 | 15,9 | 26.4 | 9,7 | 22,3 |
| 1933 | 14,0 | 24,0 | 9,3 | 20,1 |
| 1934 | 16,2 | 26,7 | 9,5 | 21,8 |

באַזונדערס זענען אינטערעסאַנט די ציפערן וועגן דער שטערבלעכקייט פון זויגנדיקע קינדער (אונטער איין יאָר). אינם יאָר 1933 האָט זי באַטראָפן אין גאַנצן לאַנד 144 אויף יעדע 1,000 געבורטן. דערבײַ אָבער איז די דאָזיקע שטערבלעכקייט געווען בײַ ייִדן — 80, בײַ קריסטן — 129, און בײַ מאַכמעדאַנער — 159. נאַטירלעך איז דאָס אַ רעזולטאַט פון מער היגיענע און מאָדערנער זאָרג פון ייִדישע מאַמעס וועגן זייערע עופהלעך.

אין דער פאָלגנדער טאַבעלע זענען געגעבן די ציפערן וועגן געבורטן, שטערבלעכקייט און נאַטירלעכן צוּוואוּקס פאַר צוויי יאָר 1932 און 1934.

געבורטן, שטערבלעכקייט און נאטירלעכער צוואוקס.

| אבסאָליוטע צאָלן | קריסטן 1932 | קריסטן 1934 | מאַכמעדאַנער 1932 | מאַכמעדאַנער 1934 | יידן 1932 | יידן 1934 | גאַנץ א״י 1932 | גאַנץ א״י 1934 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| געבורטן | 3303 | 3340 | 34505 | 34489 | 5281 | 7666 | 43538 | 45944 |
| טויט פאַלן | 1441 | 1618 | 18542 | 19760 | 1748 | 2419 | 21958 | 24129 |
| צוואוקס | 1862 | 1722 | 15963 | 14729 | 3533 | 5247 | 21580 | 21815 |
| פּראָצענט (אויף 1000) פון | | | | | | | | |
| געבורטן | 36,4 | 33,6 | 49.0 | 46,6 | 29,2 | 30.2 | 44,1 | 41,6 |
| טויט פאַלן | 15,9 | 16,3 | 26,3 | 26,7 | 9,7 | 9,5 | 22,3 | 21 8 |
| צוואוקס | 20,5 | 17,3 | 22,7 | 19,9 | 19,5 | 20,7 | 21,9 | 19,8 |

די ציפערן פאַר 1934, א יאָר פון אויסערגעוויינלעך גרויסער אימיגראַציע, זענען נישט טיפּיש פאַרן לאַנד. מיט אַלער אכטונג צו די אָפיציעלע קוועלן גלויבן מיר נישט, אַז אין דעם יאָר האָט דער יידישער נאַטירלעכער צוואוקס איבערגעשטיגן דעם בכלל זייער גרויסן צוואוקס פון די אראַבער. עס שיינט, אַז די מיטעלע ציפער פון יידן אינם יאָר 1934, וועלכע איז פאַרן דאָזיקן חשבון אָנגענומען געווען אַלס 253,700, איז אין דער ווירקלעכקייט געווען נישט ווייניקער פון 260,000. נאַטירלעך, וואָלטן אַלע פּראָצענטן, איינגערעכנט דעם נאַטירלעכן צוואוקס, אויסגעקומען דאַן אַ ביסעלע קלענער.

מיר האָפן, אַז דער לעזער וועט זיך נישט וואונדערן, ווען ער וועט אויסגעפינען, אַז די אַלגעמיינע צאָל פון די געבורטן און טויט־פאַלן אינם גאַנצן לאַנד, איז גרעסער איידער די סומע פון די צאָלן, וואָס ווערן אָנגעגעבן פאַר יידן, קריסטן און מאַכמעדאַנער. דאָס דערקלערט זיך פשוט דערמיט, וואָס אין ארץ־ישראל זענען פאַראַן ארום 10,000 איינוווינער (הויפּטזעכלעך דרוזן), וואָס געהערן נישט צו קיינער פון די דריי הויפּט־רעליגיעס.

דער דערפאָלג פון מעדיצינישער טעטיקייט אין ארץ־ישראל דריקט זיך באַזונדערס קלאָר אויס אין דער כסדרדיקער פאַרמינערונג פון דער ראַטע פון יידישע טויט־פאַלן. זי איז פאַר ניין יאָר, פון 1925 ביז 1934, געפאַלן פון 15,1 ביז 9,5 אויף טויזנט איינוווינער. פאַר דער זעלבער

צייט איז די זויגלינג־שטערבלעכקייט ביי יידן געפאַלן פון 131 ביז 78 (אויף יעדע טויזנט געבוירטן).

צוקוקנדיק זיך צו די ציפערן פאַר די מאַכמעדאַנער פאַר די לעצטע צען יאָר, שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז זייער גאַר הויכע ראַטע פון געבורטן גייט צוביסלעך אַראָפּ, און אין אַן עטוואָס־קלענערער מאָס גייט אויך אַראָפּ די ראַטע פון שטערבלעכקייט בכלל און זויגלינג־שטערבלעכקייט בפרט. זייער פּראָצענט פון נאַטירלעכן צוווּקס, ווערט אויך אַביסל קלענער. ער איז אָבער, בדרך־כּלל גערעדט, איינער פון די העכסטע אין דער וועלט. פאַרן דורכשניט פון די לעצטע אַכט יאָר האָט זייער געבורטן־פּראָצענט באַטראָפן אין דורכשניט 54.2, די טויטראַטע — 28.9, און דער נאַטירלעכער צוווּקס — 24.1 אויף טויזנט איינוווינער.

אַרץ ישראל און אַרומיקע לענדער.

דער אויסערגעוויינלעך הויכער נאַטירלעכער צוווּקס פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל וואַרפט זיך באַזונדערס שטאַרק אין די אויגן ווען מען פאַרגלייכט אים מיט די ציפערן פון די אַרומיקע אַראַבישע לענדער. מיר האָבן דערמיט באַזונדערס אין זינען איראַק, וואָס איז שוין באַפרייט געוואָרן פונם ענגלישן מאַנדאַט, און ווערט אָפט אַוועקגעשטעלט פון די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן אין ארץ־ישראל אַלס אַ מוסטער, וועלכן זיי וואָלטן דערגרייכט, ווען יידן און ציוניזם וואָלטן זיך נישט אַוועקגעשטעלט אין זייער וועג.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, זינט דער אָפּשאַפונג פונם מאַנדאַט איבער איראַק, זענען קיין אָפיציעלע ציפערן וועגן דער באַוועגונג פון איר באַפעלקערונג נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. לויט פריערדיקע ציפערן, וואָס זענען אַנטהאַלטן אין די באַריכטן פון דעם ענגלישן הויי־קאָמישיאָנער צום פעלקער־בונד, האָט די צאָל פון טויט־פאַלן אין די דריי גרעסטע שטעט פונם לאַנד פאַקטיש איבערגעשטיגן די צאָל פון די געבורטן! פאַר די פינף יאָרן צווישן 1924 און 1928 זענען אין די דאָזיקע דריי שטעט, — באַגדאַד, באַסרא און מאָסול, — געבוירן געוואָרן 38,865 נפשות און געשטאָרבן נישט ווייניקער פון 47,990! די קינדער־שטערבלעכקייט אין די דאָזיקע דריי שטעט האָט באַטראָפן — אין באַגדאַד — 307, אין מאָסול — 399, אין באַסרא — 263; ביי די ארץ־

ישראלדיקע אַראַבער האָט זי אינם זעלבן יאָר באַטראָפן נישט מער פון 195, און איצט איז זי שוין אַרום 160 (אויף יעדע טויזנט געבורטן).

מיט אַלע מעגלעכע טעותן אין דער סטאַטיסטיק פונם אָפּגעשטאַנענעם לאַנד, בלייבט דער פאַקט, אַז די אַראַבער פון איראַק האָבן, אַ דאַנק די אַנטי־סאַניטאַרישע באַדינגונגען אין זייער לאַנד, זיך בכלל נישט פאַרמערט, אין דער צייט, ווען זייערע ברידער אין ארץ־ישראל האָבן געהאַט דעם גרעסטן פּראָצענט פון נאַטירלעכן צוּוואוקס אין דער גאַנצער וועלט. און, אַגב, באַציט זיך די סטאַטיסטיק פון איראַק בלויז אויף די גרעסערע שטעט, ווו עס זענען פאַראַן די מערסטע שפּיטאָלן פונם לאַנד, און ווו ס׳איז דאָך פאַראַן אַ געוויסע מעדיצינישע הילף פאַר די אָרעמע (בפרט מצד די מיסיאָנערן). קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי ס׳איז די לאַגע אין די פאַרפעסטעטע שטעטלעך און דערפער פונם אַראַבישן „מוסטער־לאַנד״!

ליידער האָבן מיר נישט קיין גרונט צו טראַכטן, אַז די דאָזיקע טרויעריקע לאַגע איז וועזנטלעך פאַרבעסערט געוואָרן אין די לעצטע פּאָר יאָר, זינט דער פּראָקלאַמירונג פון דער „אומאָפּהענגיקייט״ פון איראַק.

ס׳איז אַגב אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן די פּראָצענט־ציפערן וועגן געבורטן־שטערבלעכקייט און נאַטירלעכן צוּוואוקס אין ארץ־ישראל מיט די אַנטשפּרעכנדיקע ציפערן פאַר אייניקע אַנדערע לענדער. די ציפערן וועגן די דאָזיקע לענדער זענען גענומען געוואָרן פון די לעצטע סטאַטיסטישע יאָר־ביכער פון דעם פעלקערבונד, און די ציפערן וועגן ארץ־ישראל שטעלן מיט זיך פאָר דעם דורכשניט פאַר די לעצטע דריי יאָר, — פון 1932 ביז 1934.

לעבנס־סטאַטיסטיק פון ארץ־ישראל און אַנדערע לענדער:

(ראַטע אויף טויזנט איינוווינער)

| | געבורטן | טויט פאַלן | נאַטירלעכער צוּוואוקס | קינדער שטערבלעכקייט |
|---|---|---|---|---|
| אויסטראַליע | 19 5 | 9,0 | 10 5 | 43 |
| (פאַראייניקטע שטאַטן) | | | | |
| אַמעריקע | 18,0 | 11,1 | 6,9 | 65 |
| דייטשלאַנד | 17,1 | 11 6 | 5,5 | 88 |

| | געבוירן | טויט-פאַלן | נאַטירלעכער צוואוקס | קינדער שטערבלעכקייט |
|---|---|---|---|---|
| פראַנקרייך | 17.7 | 16,6 | 1,1 | 83 |
| איטאַליע | 25,7 | 15,1 | 10,6 | 115 |
| פּוילן | 31,5 | 15,9 | 15'6 | |
| ציפּרוס | 31,1 | 15,8 | 15,3 | |
| עגיפּטן | 45,0 | 26,5 | 18,5 | 157 |
| יידן אין א"י | 29,5 | 9,4 | 20,5 | 81 |
| ארץ־ישראל | 43,4 | 21,4 | 22,0 | 151 |

### אימיגראַציע און מעדיצינישע הילף.

נישט קוקנדיק אויף די דאָזיקע ווירקלעך־פיינע רעזולטאַטן פון יידישער סאַניטאַרישער טעטיקייט אין ארץ־ישראל, שטייען לעצטנס די פירער פונם ישוב פאַר ערנסטע פּראָבלעמען אין דעם פּרט. א דאַנק דער גרויסער אימיגראַציע פון די לעצטע פאַר יאָרן וואַקסט די יידישע באַ־פעלקערונג א סך גיכער, איידער די אויפנאַמס־פעאיקייט פון די יידישע שפּיטאָלן. באַזונדערס שווער ווערט די לאַגע אין תּל־אביב, ווו ערנסט־קראַנקע זענען אָפט צוריק געוויזן געוואָרן פונם שטאָטישן שפּיטאָל צו־ליב מאַנגל אין פּלאַץ.

אַן ערנסטע געזונטהייטס־פּראָבלעם שטעלט זיך אויך אוועק אין עמק־חפר (וואַדי־כאַוואַריט). אויפן ים־ברעג צווישן יפו און חיפה, ווו עס גייט איצט אָן אַן אינטענסיווע יידישע קאָלאָניזאַציע, צוליב מאַנגל פון געלט און פון אַרבעטס־כּחות, האָט די יידישע אַגענטור נישט גע־קאָנט דאָרט אָנהויבן די קאָלאָניזאַציע מיט אויסטריקענונג־אַרבעטן און אַנטי־מאַלאַריע־קאַמפּיין אינם פּאַרנעם, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן ביים אָנהויב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין עמק־יזרעאל. אויסער דעם איז די לאַגע דאָרט שווערער דערפאַר, ווייל א טייל פון די בלאָטעס זענען אויף אַראַבישן באָדן און אויף רעגירונגס־לאַנד, און די רעגירונג יאָגט זיך נישט שטאַרק אַריינלייגן געלט צו סאַנירן די דאָרטיקע געגנט.

דער פּועל־יוצא פון דעם איז, אַז עמק־חפר איז געוואָרן א קוועלע פון נייער מאַלאַריע־עפּידעמיע, וואָס שפּרייט זיך איצט אויס איבער די אַרומיקע קאָלאָניעס, וואָס האָבן שוין געהאַלטן זיך פאַר אינגאַנצן פּטור פון דער דאָזיקער מגפה. אין מאַי 1934, אויף א זיצונג פון ועד־הלאומי איז באַריכטעט געוואָרן, אַז די קופּת־חולים פון די אַרבעטער

האט פאר די לעצטע עטלעכע וואכן געמוזט באהאנדלען 500 נייע פאלן פון מאלאריע און ארום טויזנט פאלן פון דעזינטעריע. פארן יאר 1934 האט די קופת־חולים בסך־הכל געהאט 2208 נייע פאלן פון מאלאריע צווישן אירע מיטגלידער, אין פארגלייך מיט 554 אזעלכע פאלן אין פריערדיקן יאר.

דאס איז זייער א פארדריסלעכער שטוים אויף צוריק, און לאמיר האפן, אז דער יידישער ישוב נישט קוקנדיק אויף די פינאנציעלע שוועריקייטן, וועט באהערשן די לאגע, און אז די רעגירונג וועט סוף־כל־סוף אויך דערפילן איר פליכט.

ארץ ישראל אלס א קור־פלאץ.

באדייטנדע אנשטרענגונגען זענען געמאכט געווארן אין די לעצטע עטלעכע יאר צו אנטוויקלען ארץ־ישראל אלס אינטערנאציאנאלן קור־פלאץ. מען האלט, למשל, אז צוליב זייער טרוקענעם קלימאט זענען אייניקע געגנטן פונם לאנד זייער פאסנד פאר האלז־ און נאז־קראנקהייטן, וועלכע ווערן קורירט דורך קלימאט־ ענדערונג. צווישן ארטיקע דאקטוירים איז פאראן א מיינונג, אז די געגנט פון ים־טבריה איז פונקט אזוי גוט פאר סינוס־קראנקהייטן, ווי דער שטאט פון אריזאנא, אין אמעריקע. מען האלט אויך, אז ארץ־ישראל איז גוט פאר דער ערשטער סטאדיע פון שווינד־זוכט, און אז געוויסע געגנטן דארט האבן א גוטע ווירקונג אויף כל־ערליי רעוומאטישע קראנקהייטן.

באזונדערע האפענונגען ווערן געלייגט אויף דער אנטוויקלונג פון די ארץ־ישראלדיקע הייל־קוואלן, וואס זענען אממערסטנס געלעגן אין דער וואלקאנישער זענקונג פון עמק־הירדן. אייניקע פון די דאזיקע הייל־קוואלן, — חמי־טבריה, גדרה, קאליראע, — האבן נאך אין דער צייט פון די רוימער געהאט א גרויסן שם ווייט אויסער די גרענעצן פון ארץ־ישראל.

די מינעראל־קוואלן פון טבריה ליגן אויפן ברעג פונם היסטארישן ים־כנרת, און א קליינע שטרעקע צום דרום פון דער שטאט טבריה. די שטאט מיט די הייל־קוואלן זענען צוערשט אויפגעבויט געווארן פון מלך הורדוס, וועלכער האט זיי אנגערופן לכבוד דעם דעמאלטיקן רוימישן קייזער טיבעריוס. ארום די קוואלן האט הורדוס געהייסן בויען גאנץ ברייטע באד־אנשטאלטן, און ער אליין איז געווען איינער פון זייערע ערשטע און פלייסיקסטע פאציענטן.

דער הויפּט־קוואַל פון טבריה קומט פון זייער טיפע באָדן־שיכטן, און האָט אַ שטענדיקע טעמפּעראַטור פון 62 גראַד צעלזיוס (142 פּאַרענ־הייט). די האַרטע טיילן אין זיין וואַסער אַנטהאַלטן 17 פּראָצענט זאַלץ, ניין פּראָצענט קאַלציום כלאָריד, 2.5 פּראָצ. מאַגנעזיום־כלאָריד, ווי אויך באַדייטנדע חלקים פון מאַגנעזיום־סולפאַט, קאַלציום־סולפאַט, און אַזוי ווייטער.

פון גאָר אַלטע צייטן ווערן די חמי־טבריה באַטראַכט אַלס אַן אויס־געצייכנטער היילמיטל קעגן רעוומאַטיזם און כל־ערליי גלענק־קראַנק־הייטן. לויט די ווערטער פון דר. בוכמאַן פון טבריה, וועלכער האָט אַ סך געאַרבעט אויף צו פאָרשן די דאָזיקע קוואַלן, גיבן זיי אויך גוטע רעזולטאַטן אין פאַל פון געוויסע פרויען־ און הויט־קראַנקהייטן. לויט זייער מינעראַלישן אינהאַלט זענען זיי ענלעך צו די באַרימטע קוואַלן פון אַאַכען און וויסבאַדען אין דייטשלאַנד, און פּיסטיאַן אין טשעכאָ־סלאָוואַקיי. ס׳איז אַ סברה, אַז די היילנדע ווירקונג פון די טבריה־קוואַלן איז נאָך גרעסער.

די קוואַלן פון דער אַמאָליקער גדרה, איצט על כאַמע, געפינען זיך אינם סאַמע מזרחדיקן טייל פון ארץ־ישראל נעבן דער גרענעץ פון סיריען און עבר־הירדן. זיי פליסן בסדר פון די בערג, און נאָכן אָנפילן פון דריי גרויסע באַסיינען, פליסט זייער וואַסער צום דערבייאיקן טייך ירמוק. יעדער פון די דאָזיקע דריי באַסיינען האָט אַן אַנדער טעמפּעראַטור און אַן אַנ־דערן מינעראַלישן אינהאַלט. בכלל אָבער אַנטהאַלטן זיי אין זיך אַ סך שוועבל און בערך ווייניק זאַלץ. דער ערשטער פון די באַסיינען פון על כאַמע האָט אַ טעמפּעראַטור פון 48 צעלזיוס און אַנטהאַלט אין זיינע מינעראַלישע אָפּלאַגערונגען 26 פּראָצענט פון „מאַגנעזיום־סולפיד״. דער צווייטער באַסיין האָט אַ טעמפּעראַטור פון 40 גראַד און 35 פּראָ־צענט פון שוועבלדיקן מאַגנעזיום. די טעמפּעראַטור פונם דריטן באַסיין איז בלויז 34 גראַד, אָבער זיין שוועבל־אינהאַלט איז פערציק פּראָצענט.

מען האַלט, אַז די קוואַלן פון על כאַמע זענען באַזונדערס נוצלעך ביי כל־ערליי הויט־קראַנקהייטן, און די אַראַבער גלויבן אַפילו, אַז זיי העלפן ביי ווענערישע קראַנקהייטן. די וואַסער פון על כאַמע ווערט אויך פיל באַנוצט פאַר טרינק־קורן, און זי שיינט ווירקלעך צו העלפן אין געוויסע פאַלן. די קאָנצעסיע אויף על כאַמע איז אין די הענט פון אַן עגיפּטישן אַראַבער, וועמען זי איז געגעבן געוואָרן שוין נאָכן קריג.

די היסטאָרישע קוואַלן פון קאַלירהאָע געפינען זיך ערגעץ־ווו אויפן

מזרחדיקן ברעג פון ים־המלח, אין דער טעריטאָריע פון עבר־הירדן. די גאַנצע געגנט איז דאָרט רייך מיט כּל־ערליי מינעראַלישע קוואַלן, כאָטש ס'איז פאַראַן אַ סברה, אַז זיי האָבן צוליב שפּעטערדיקע געאָלאָגישע ענדערונגען אָנגעוווירן אַ געוויסן טייל פון זייער אַמאָליקן מינעראַלישן אינהאַלט. בכלל זענען די דאָזיקע קוואַלן נאָך ווייניק אויסגעפאָרשט ביזן היינטיקן טאָג.

## ים־המלח אַלס באָד־פּלאַץ.

אַ גוטער ערזאַץ פאַר די קוואַלן פון קאַליראָע, וואָס קאָנען ביים היינטיקן טאָג נישט אויסגענוצט ווערן ווי געהעריק, איז די וואַסער פונם ים־המלח זעלבסט מיט זיין גרויסן אינהאַלט פון כּלערליי זאַלצן און מינעראַלן. דער קאַלי־סינדיקאַט, וועלכער האָט די קאָנצעסיע אויף אויס־נוצן די מינעראַלישע רייכטימער פון ים־המלח, פירט איצט דורך וויכ־טיקע אויספאָרשונגס־אַרבעטן וועגן די מעדיצינישע אייגנשאַפטן פון זיין וואַסער. אין אַ ביכל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער מעדיציני־שער געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל, ווערט באַהויפּטעט, אַז דאָס וואַסער פון ים־המלח העלפט אַ סך ביי פונקציאָנעלע קראַנקהייטן, און אויך ביי געוויסע אָרגאַנישע נערוון־ליידן. די דערפאַרונג האָט אויך געוויזן, אַז דאָס באָדן זיך אין ים־המלח האָט אַ גוטע ווירקונג אין פאַרשידענע מעטאַבאָלישע קראַנקהייטן, וואָס רופן זיך אָפּ אויפן וווקס פון מענטש־לעכן קערפּער. ס'איז אַ סברה, אַז די היילווירקונג פונם ים־המלח־וואַ־סער ווערט פאַרגרעסערט דורך דעם אויסערגעוויינלעך ־ וואַרעמען און טרוקענעם קלימאַט פון דער געגנט, וועלכער איז אין די ווינטער־חדשים ענלעך צום קלימאַט פון העליאָפּאָליס, דעם באַרימטן קלימאַטישן קור־אָרט פון עגיפּטן. אַ נישט־לאַנג געבויטער האָטעל, און די דערעפענונג פון מאָדערנע באָד־איינריכטונגען, ווערט באַטראַכט דורך אייניקע ארץ־ישראלדיקע דאָקטוירים אַלס דער אָנהויב פון אַ וויכטיקער אַנטוויקלונג אין דער צוקונפט.

מען פּלאַנט אויך צו אַנטוויקלען באָד־פּלעצער ביים ברעג פונם מיטל־לענדישן ים. דער וויכטיקסטער פאַרזוך פון דעם מין איז געמאַכט געוואָרן דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון תּל־אָביב.

אייניקע געאָלאָגן זענען טיף איבערצייגט, אַז די באַשריבענע מי־נעראַל־קוואַלן זענען בלויז אַ טייל פונם ארץ־ישראלדיקן רייכטום אין

היילנדע קוואַלן. זיי גלויבן, אַז אַ סיסטעמאַטישע אויספאָרשונג פון אַלע ברונעמער און אַנדערע וואַסער־קוואַלן וועט אַרויסווייזן נאָך גרעסערע מעגלעכקייטן פון דעם מין. עס שיינט, אַז אויך די איצט־באַקאַנטע הייל־קוואַלן פון ארץ־ישראל קאָנען ביי געהעריקער אַנטוויקלונג פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ צווישן די געזונטהייטס־קוראָרטן פון דער וועלט.

די רעפּוטאַציע פון אַ לאַנד אַלס מעדיצינישער פּילגרים־פּלאַץ הענגט אָבער אָפּ נישט נאָר פון אירע מינעראַל־קוואַלן און קלימאַטישע באַדינגונגען, נאָר אויך פון דער מדרגה, אויף וועלכע עס שטייען דאָרט די מעדיצינישע אַנשטאַלטן און אויטאָריטעטן.

יעדער ווייסט, אַז דער ביז־איצטיקער פּרעסטיזש פון דייטשלאַנד אַלס מעדיצינישער וועלט־צענטער איז, למשל, אויפגעבויט געוואָרן נישט נאָר אויף אירע מינעראַלישע קוואַלן, נאָר אויף דעם הויכן סטאַנדאַרט פון אירע שפּיטאָלן און סאַנאַטאָריעס, און אויף דער אויסערגעוויינלעכער פעאיקייט און געווויסנהאַפטיקייט פון אירע פירנדע דאָקטוירים.

ווי עס איז באַקאַנט איז אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע וועלט־באַרימטע דאָקטוירים געווען יידן, וואָס זוערן איצט אַרויסגעטריבן פון זייער געבורטס־לאַנד. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ באַדייטנדער טייל פון זיי עמיגרירט קיין ארץ־ישראל. אַזוי־אַרום האָט ארץ־ישראל, וועלכע האָט אויך פריער שטאָלצירט מיט איר בערך גרויסער צאָל פון וויסנשאַפטלעך־געשולטע מעדיצינער, געקריגן איצט אַ גרעסערן שאַנס צוציען צו זיך קראַנקע פון אַרומיקע לענדער, און אפילו פון ווייטערדיקע מלוכות.

די אויסזיכטן פון ארץ־ישראל אַלס קוראָרט־פּלאַץ און מעדיציני־שער צענטער גיבן דאָס רעכט צו באַדייטנדע האָפענונגען.

קאַפּיטל צוועלף



# יידישע אויטאנאמיע און פארטייען

נאָך מיט יאָרן פאַרן קריג האָבן ארץ־ישראלדיקע יידן געפילט א פאַרלאַנג צו אָרגאַניזירן זיך אין א פאַרטרעטנדיקע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיין בארעכטיקט צו רעדן אין זייער נאָמען סיי פאַר דער נישט־יידי־שער מאַכט, און סיי אויך פאַר די יידישע ישובים אין גלות.

אמת, נאָך פון אָמאָליקע צייטן האָט אין ארץ־ישראל פאַר דער טערקישער מאַכט, עקזיסטירט אַן אָפיציעלע יידישע פאָרשטייערשאַפט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער שטעלע פון חכם באַשי דעם הויפּט־רב פון לאַנד. ביי איר גאַנצער צוריקגעשטאַנענהייט און דעספּאָ־טיזם, איז די אַמאָליקע טערקיי געווען אויף איר שטייגער ליבעראַל צו רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. בהסכם מיט דער דאָזיקער טראַ־דיציאָנעלער פּאָליטיק, האָבן די אָרטיקע יידן אונטער דער אָנפירונג פון זייער חכם באַשי געהאַט א באַדייטנדע מאָס פון קולטורעלער און רעלי־גיעזער אויטאָנאָמיע.

דער דאָזיקער מיטל־אַלטערישער סאָרט פון אויטאָנאָמיע האָט אָבער נישט געקאָנט צופרידנשטעלן דעם נייעם ישוב מיט זיינע ברייטערע נאַ־ציאָנאַלע השגות און מער פּראָגרעסיוון קוק אויפן לעבן בכלל. נאָך אין 1903 איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פאַרזוך צונויפרופן אַן אספת־הנבחרים (רעפּרעזענטאַנטן־פאַרזאַמלונג) פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום. די דאָזיקע אספה, וואָס איז גערופן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון מ. מ. אוסישקין, האָט אָבער פאַרטראָטן בלויז א מינדערהייט פונם דע־מאָלטיקן ישוב. די גרעסערע קהלות — ירושלים, חברון, טבריה, צפת, — וואָס האָבן דעמאָלט געהאַט אין זיך די איבערוויגנדע מערהייט פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אָנטיילנעמען. באַ־שטייענדיק מערסטנס פון חלוקה־יידן, האָבן זיי געקוקט מיט חשד אויף

ציוניזם און זיינע פאָרשטייער. נאַטירלעך, האָט די אספּת־הנבחרים פון יענער צייט נישט געקאָנט דעריבער אָנערקענט ווערן אַלס אַן אויטאָריטעטע עפנטלעכע קערפּערשאַפט.

נאָך דער מלחמה האָט די אידייע וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע געקריגן אַ נייע קראַפט צווישן די יידן אין ארץ־ישראל. דערמוטיקט דורך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, און די מינדערהייטס־רעכט, וואָס יידן האָבן דעמאָלט געקריגן אין אייניקע לענדער פון מזרח־אייראָפּע, האָבן די יידישע פירער פון ארץ־ישראל דורכגעפירט אין אָנהויב 1920 אַלגעמיינע און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן צו אַ נייער און מער אויטאָריטאַטיווער יידישער פאָרטרעטונג. די אויסגעקליבענע דעלעגאַטן האָבן זיך קאָנסטיטואירט אַלס אַן אספּת־הנבחרים, און אויסגעקליבן אַ קלענערן ועד־הלאומי, אַלס אַ שטענדיקע פאָרטרעטונג פון ארץ־ישראלדיקע יידן.

עס האָט אָבער גענומען גאַנצע אַכט יאָר ביז דער דאָזיקער ועד־הלאומי האָט געקריגן די אָפיציעלע אָנערקענונג פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג. די אורזאַכן פון דער דאָזיקער פאַרשלעפּונג זענען געווען פאַרשידענע. איינע פון זיי איז געווען דער אָפּזאָג פון דער ענגלישער מאַכט צו געבן דעם ועד־הלאומי באַשטימטע רעכט, וואָס זענען פון אים געפאָדערט געוואָרן, ספּעציעל דאָס רעכט פון אָבליגאַטאָרישע" באַשטייערונג. אַן אַנדער שוועריקייט איז געווען די קעגנערשאַפט פון די אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן צו פרויען־וואַל־רעכט. די דאָזיקע פראַגע האָט סוף־כל־סוף געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג צווישן דער ארץ־ישראלדיקער אָרטאָדאָקסיע. די מער־מעסיקע מזרחי האָבן זיך אונטערגעגעבן צום „גייסט פון דער צייט", אין דער צייט ווען די מער־עקסטרעמע אגודת־ישראל איז געבליבן ביי איר אָפּאָזיציע, און איז סוף־כל־סוף געבליבן אויסער דער „כנסת ישראל" וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום.

די כנסת־ישראל.

ענדלעך, איז אינם יאָר 1928 דורכגעפירט געוואָרן אַ געזעץ, וואָס אָנערקענט אָפיציעל די „כנסת ישראל", וואָס נעמט אַרום אַלע יידן פונם לאַנד, אויסער די יעניקע, וואָס ווילן בפירוש נישט באַלאַנגען צו איר. די מיטגלידער פון „כנסת ישראל" דאַרפן פּעריאָדיש אויסקלייבן זייער „אספּת הנבחרים", וואָס זאָל פון איר זייט באַשטימען אַ שטענדיקן ועד־הלאומי אויף אָנצופירן די אָרטיקע יידישע ענינים.

ווי געזאָגט, איז די מיטגלידערשאַפט פון „כנסת ישראל״ נישט קיין אָבליגאַטאָרישע. דאָס איז געווען די הנחה פון דער רעגירונג צו דער אגודת־ישראל, וועלכע איז געבליבן מחוץ דעם אַלגעמיינעם יידישן כּלל נישט נאָר צוליב דעם שוין דערמאָנטן העפטיקן ווידערשטאַנד צו פּרויעןרעכט, נאָר אויך צוליב איר קעגנערשאַפט צו דער באַטייליקונג פון נישט־גלויבנדע יידן אין יידישע קהלות. אין דעם איז די אגודה גראָד קאָנסעקווענט: האַלטנדיק, אַז יידן זענען בעיקר נישט קיין נאַציאָנאַלע נאָר אַ רעליגיעזע קערפּערשאַפט, פאַרשטייט זי נישט, וואָס האָט אַן אפּיקורס צו טון אין דער יידישער קהלה. פּאַרמאָגט דעריבער איצט די אגודת־ישראל אַ באַזונדערע געמיינשאַפט, מיט באַזונדערע קהלות, וועלכע נעמען אַרום בלויז אַ קליינע מינדערהייט פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום, פון פינף ביז אַכט פּראָצענט. אירע אָנהענגער געפינען זיך מערסטנס אין ירושלים, צפת און טבריה.

די כּנסת־ישראל האָט נישט קיין רעכט אָבליגאַטאָריש צו באַשטייערן אפילו די יידן, וואָס האָבן נישט געמאָלדן אָפיציעל וועגן זייער אַרויסטריט, און אירע איינגאַמען, וואָס האָבן אין דעם יאָר 1934 באַטראָפן 102,381 פונט, ווערן געדעקט דורך פרייוויליקע באַשטייערונגען פון קהלות און דאָרפישע ראַטן.

די טעטיקייט פון ועד־הלאומי.

נישט קוקנדיק אויף די דאָזיקע באַשרענקטע רעכט, איז די באַדייטונג פונם ועד־הלאומי אין די לעצטע עטלעכע יאָר בּסדר געשטיגן. דאָס איז הויפּטזעכלעך פאָרגעקומען צוליב דעם איבערנעמען פון פאַרשידענע קהלשע אויפגאַבן, וואָס זענען ביז אַהער געווען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דער יידישער אַגענטור. דאָס באַציט זיך בעיקר אויף די פאָלקס־שולן, וואָס זענען בשעתם אויסגעבויט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און זענען פון אָנהויב פון 1933 אַריבער אין רשות פון ועד־הלאומי. די יידישע אַגענטור שטיצט זיי נאָך מיט אַ געוויסער יערלעכער סובסידיע, אָבער וואַרשיינלעך וועט דער פאַרנעם פון איר שטיצע קלענער ווערן פון יאָר צו יאָר, און די גאַנצע בילדונגס־טעטיקייט פונם ישוב וועט זיין אין זיין אייגענעם רשות.

די סאַניטאַרישע אַרבעט צווישן די יידן, וואָס איז פריער אָנגעפירט געוואָרן בעיקר פון דער אַמעריקאַנער „הדסה״, איז איצט אויך אין די הענט פון ועד־הלאומי, וואָס האָט אויפגעשטעלט פאַר דעם אַ ספּע־

ציעלן געזונטהייטס־דעפּאַרטאַמענט, (ועד־הבריאות).

דער ועד־הלאומי שפּילט אויך אָפּט די ראָליע פון פאַרמיטלער ביי שטרייקן און אַנדערע סכסוכים צווישן יידן. מען הערט אפילו אָפּט דעם פאַרלאַנג צוגעבן אים די מאַכט פון אָבליגאַטאָרישן אַרביטראַזש.

אָרטיקע אויטאָנאָמיע.

זינט דעם אָנהויב פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל האָבן די קאָלאָניסטן אָרגאַניזירט זייערע ישובים אויפן יסוד פון ברייטער אָרטיקער אויטאָנאָמיע. די טערקישע מאַכט, וואָס האָט זיך געקימערט בעיקר וועגן זאַמלען שטייערן, האָט זיך נישט געמישט אינם אינערלעכן לעבן פון די קאָלאָניעס. אייניקע פון זיי האָבן אפילו געדרוקט אייגן געלט, וואָס האָט געקאָנט אויסגעביטן ווערן אויף פאַרלאַנג אין טערקישע זילבערנע און גאָלדענע מטבעות. די דאָזיקע באַנקנאָטן, פאַרלייכטערנדיק דעם אָפּטן מאַנגל פון מזומן געלט, וואָס איז אַנטשטאַנען צוליב דעם אַלט־פרענקעשן פינאַנץ־סיסטעם פון דער טערקישער רעגירונג, זענען געוען אָנגענומען געוואָרן נישט נאָר אין די קאָלאָניעס, נאָר אויך אין די אַרומיקע אַראַבישע דערפער. די באַוואַכונג פון די קאָלאָניעס, און בפרט פון זייערע פעלדער און גערטנער, איז געלעגן אין די הענט פון אַ יידישער האַלב מיליטערישער אָרגאַניזאַציע „השומר", וועלכע האָט זיך פאַקטיש פאַרוואַנדלט אין אַן אייגענער יידישער פּאָליציי, וועלכע איז שטיל־שווייגנד אַנערקענט געוואָרן אויך פון דער טערקישער מאַכט אין לאַנד. אונטער דעם מער היינט־וועלטיקן ענגלישן רעזשים איז דער באַדאַרף אין אייגן געלט פאַרשוואונדן, און די קאָלאָניעס האָבן זיך אויך גע־מוזט געזעגנען מיט זייער אייגענער פּאָליציי. זיי האָבן פונדעסטוועגן אָנ־געהאַלטן ברייטע רעכט אין אַנדערע אָרטיקע ענינים, און די דאָזיקע רעכט זענען די יסודות פון אָרטיקער אויטאָנאָמיע ביזן היינטיקן טאָג.

דער משפּט־השלום.

איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פאָרמען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס די יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג אין ארץ־ישראל זענען די אויטאָנאָמע שלום - געריכטן (משפט־השלום), וואָס עקזיסטירן כמעט אין יעדן יידישן ישוב. דער לעגאַלער סטאַטוט פון די דאָזיקע געריכטן איז ענלעך צום אַרביטראַזש אין אַנדערע לענדער. זייערע באַשלוסן זענען בינדענד בלויז אינם פאַל, ווען די צוויי שטרייטנדע צדדים האָבן פאַרן אָנהויב פונם משפט זיך פאַרפליכטעט צו פאָלגן דעם אורטייל.

דער הויפּט אונטערשיד צווישן משפּט־השלום און אַ געוויינלעכן אַרביטראַזש ־ געריכט באַשטייט אין דעם, וואָס אין משפּט ־ השלום קלויבן נישט אויס די שטרייטנדע צדדים זייערע אייגענע שופטים. די מיטגלידער פון משפּט־השלום ווערן אויסגעקליבן פון דעם אָרטיקן יידישן ישוב אויף אַ באַשטימטער צייט, און ווען איינער גייט צום משפּט־השלום, מוז ער זיך אונטערגעבן דעם אורטייל פון די ריכטער, וואָס זענען בשעת־מעשה אין אַמט. אין די שטעט באַשטייט, געוויינלעך, דער משפּט־השלום פון איין פּראָפעסיאָנעלן מיטגליד, אַ געענדיקטער יוריסט, וואָס קריגט באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט, און פון צוויי אַנדערע בירגער, וואָס באַטראַכטן זייער דינסט אינם משפּט־השלום אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע פליכט. געוויינלעך, קלויבט מען אויס אַ גרעסערע צאָל פון אַזעלכע ערן־ריכטער אויף אַ יאָר צייט, און יעדער פון זיי דינט איין חודש. די משפּטים קומען הויפּטזעכלעך פאָר אין אָוונט, און די הוצאות פונם געריכט, — געוויינלעך זענען זיי גאַנץ מעסיק — ווערן געדעקט דורך באַשטימטע אָפּצאָלונגען, וואָס ווערן גענומען פון די שטרייטנדע צדדים.

דער סיסטעם פון שלום־געריכטן איז פאַרבעסערט געוואָרן נאָך דעם קריג דורך דער גרינדונג פון אַן אַפּעלאַציע־געריכט, וואָס איז אויך געבויט אויף פריוואַטליקע יסודות. אַ צד, וואָס איז אומצופרידן מיטן אורטייל פון אָרטיקן געריכט, מעג זיך ווענדן מיט אַ קלאַגע צום „משפּט השלום העליון", וועמענס אורטייל האָט שוין אַן ענטגילטיקע קראַפט.

נאַטירלעך, איז דער משפּט־השלום באַשרענקט מיט ציווילע ענינים, און די קרימינעלע משפּטים ווערן אַנטשיידן דורך אַ רעגירונגס־געריכט.

רעליגיעזע אויטאָנאָמיע.

די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע פון די ארץ ־ ישראלדיקע יידן ווערט שטאַרק קאָמפּליצירט צוליב דער נאַטירלעכער טענדענציע פון אימיגראַנטן צו שאַפן אייגענע שולעכלעך פון לאַנדסלייט. די פירער פונם ארץ־ישראלדיקן ישוב טאַדלען די דאָזיקע שטרעבונג, אַלס אַ שטערונג פאַר נאַציאָנאַלער איינהייטלעכקייט. פונדעסטוועגן זענען אין אַזעלכע שטעט ווי תּל־אביב און ירושלים פאַראַן באַזונדערע געבעט־פּלעצער און גאַנצע קהלות פון אימיגראַנטן פון אַזעלכע פאַרוואָרפענע לענדער, ווי קאַווקאַז, פּערסיע, קורדיסטאַן, שוין נישט רעדנדיק וועגן תימנער, וואָס לעבן עטוואָס אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע יידישע עלעמענטן אינם לאַנד.

אויסער די דאָזיקע לאָקאַלע טיילונג ווערט דאָס ארץ ־ ישראלדיקע

יידנטום צעטיילט אין צוויי הויפּט־גרופּן, אשכּנזים, וואָס קומען מערסטנס פון אייראָפּעאישע לענדער, און ספרדים, וואָס שטאַמען פון באַלקאַן און אָריענט. צוליב דער דאָזיקער טיילונג ווערן יידן אַלס אַ רעליגיעזע אָנגע־פירט פון צוויי באַזונדערע הויפּט־רבנים, איינעם אַן אשכּנזישן, — און איינעם אַ ספרדישן. — אויסער דעם ווערט דער הויפּט־רב פון דער אָפּ־געזונדערטער „אגודת ישראל" אָפיציעל אַנערקענט אַלס גלייכבאַרעכטיקט מיט די צוויי הויפּט־רבנים פון כנסת ישראל.

כּדי בייצוקומען די רעליגיעזע טיילונג פון די גלויביקע יידן אין ארץ־ישראל האָט מען לעצטנס פּרובירט צו שאַפן ברייטערע אָרטיקע קהלות, ווו עס זאָלן פאַרטראָטן זיין, סיי אייראָפּעאישע און סיי אָריענטאַ־לישע יידן מכּל המינים. אַזעלכע קהלות זענען געשאַפן געוואָרן אין ירושלים, תּל אביב און חיפה, ווו זיי האָבן אַ באַדייטנדן דערפאָלג.

אַ מערקווירדיקער קאַמף איז פאָרגעקומען בעת דער גרינדונג פון אַזאַ קהילה אין דער אַל־יידישער שטאָט תּל אביב. די אַרבעטער פּאַרטיי האָט געקעמפט קעגן איר שאַפונג, פאָדערנדיק, אַז די רעליגיעזע ענינים זאָלן שטיין אונטער דער אויפזיכט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און די בירגערלעכע גרופּן האָבן להפך געפאָדערט זייער פולשטענדיקע אָפּטיילונג פון דער מוניציפּאַליטעט. די אַרבעטער־פּאַרטיי האָט געהאַלטן, אַז די אויפ־זיכט פון דער דעמאָקראַטיש - געוויילטער שטאָט - פאַרוואַלטונג איבער די רעליגיעזע אינסטיטוציעס, וועט אָפּשוואַכן דעם איינפלוס פון די עקסטרעמע פאַנאַטיקער אויף זיי. די בירגערלעכע פּאַרטייען און אָרטאָ־דאָקסישע עלעמענטן האָבן אָבער געטענהט, אַז ס'איז נישט קיין יושר צו געבן די נישט־פרומע יידן, אַ דעה אין ריין־רעליגיעזע ענינים.

ס'איז מערקווירדיק, וואָס אינם דאָזיקן קאַמף זענען די פּאָזיציעס פון די פּאַרטייען געווען פּונקט פאַרקערט ווי אין די מערסטע אַנדערע לענדער. אומעטום זענען ליבעראַלן, ווי עס איז באַקאַנט, פאַר דער אָפּטיילונג די קירכע פון מלוכה, בעת די קאָנסערוואַטאָרן זוכן זייער אָפיציעלע פאַר־אייניקונג. — ווי אָנגעדייטעט אויבן, האָט זיך דער קאַמף געענדיקט מיטן זיג פון די בירגערלעכע יידן, וואָס האָבן איצט אין דער ריין־יידישער תּל־אביב אַ באַזונדערע קהלה, אומאָפּהענגיק פונם שטאָט־ראַט.

בדרך כּלל, ווערן רעליגיעזע ענינים רעגולירט אויפן יסוד פון פאַר־אָרדנונג וועגן רעליגיעזע געמיינדן, וואָס איז ערשינען אינם יאָר 1926. באַזירט אויף די אַמאָליקע טערקישע געזעצן, שאַפט די דאָזיקע פאַראָרדנונג אַ רבנישן־ראַט (ועד הרבנות) און רבנישע געריכטן, מיט ברייטער יוריס־

דיקציע אין פּערזענלעכע און פאַמיליען - באַציונגען. חתונות, גטן ירושות, צוואות, אַלימאַניע און אַפּוטרופּסות איבער מינדער־יעריקע, זענען אין גאַנצן איבערגעגעבן אין רשות פון די רעליגיעזע געריכטן, וואָס דאַרפן אַנטשיידן די דאָזיקע פראַגן אויפן גרונט פון די רעליגיעזע דינים פון יעדער געמיינשאַפט. אין פאַל פון פּריוויליקער צושטימונג פון די געהעריקע צדדים קאָן די קאָמפּעטענץ פון די דאָזיקע רעליגיעזע גע־ריכטן אויסגעשפּרייט ווערן אויך אויף אַנדערע פראַגן, וואָס האָבן צו טאָן מיט פּערזענלעכע באַציונגען צווישן מענטשן. די מאַכט פון די דאָזיקע געריכטן איז אָבער באַשרענקט בלויז אויף ארץ ישראלדיקע בירגער, וואָס זענען מיטגלידער פון כנסת - ישראל. אַ ייד פון אַמעריקע, למשל, קאָן נישט קריגן פון זיי קיין געזעצלעך גילטיקן גט.

פּאָליטישע צעטיילונג.

אין פּאָליטישן הינזיכט זענען די ארץ־ישראלדיקע יידן צעטיילט אין עטלעכע פּאַרטייען, וועמענס קעגנזייטיקע אָפּאָזיציע ווערט באַזונדערס שאַרף אין דער צייט פון וואַלן צו דער אסיפת־הנבחרים און אָרטיקע יידישע קערפּערשאַפטן. די איינציקע גרופּע צווישן זיי, וועלכע איז מחוץ די פּאַר־טייען זענען, די מערסטע אָריענטאַלישע יידן, וואָס זענען דעריבער פּאַר־טראָטן אין די יידישע אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס אויפן יסוד פון זייער אורשפּרונג. די ספרדים און תמנים באַטייליקן זיך געוויינלעך אין יידישע וואַלן, אַלס אַזעלכע, און ווערן אויך אויפן דאָזיקן יסוד פאַרטראָטן אין ועד־הלאומי.

נישט קוקנדיק אויף דער דאָזיקער פּאַרטייאישער צעטיילונג, האָבן די מערסטע ארץ ישראלדיקע יידן לעצטנס באַוויזן צו שאַפן אַ פאַראייניקטן פראָנט ביי די וואַלן צו די מוניציפּאַליטעטן פון די שטעט מיט אַ נאַציאָ־נאַל־געמישטער באַפעלקערונג. געמיינזאַמע יידישע ליסטעס, געבויט אויף אַ ברייטן בלאָק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון דער קלעריקאַלער אגודת־ישראל און געענדיקט מיט דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן ביי די שטאָט וואַלן אין ירושלים, חיפה, טבריה און יפו. דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען, אַז יידן האָבן געקריגן זעקס מאַנדאַטן פון צוועלף אין ירושלים, פיר פון צוועלף אין חיפה, פיר פון זיבן אין טבריה, און צוויי פון צען אין דער מערסטנס אַראַבישער יפו.

די אַרבעטער־פּאַרטיי.

די מערסטע יידישע פּאַרטייען פון ארץ - ישראל זענען נישט פון

אַרטיקער אָפּשטאַמונג. זיי זענען אַן אָפּצווייגונג, פון די פּאָליטישע צע־מיילונגען, וואָס עקזיסטירן צווישן יידן אין גלות.

די וויכטיקסטע אויסנאַמען פונם דאָזיקן כלל איז די ארץ־ישראלדיקע ארבעטער פּאַרטיי (מפּא"י — מפלגת פועלי ארץ ישראל), וועלכע אונטער־שיידעט זיך אַזוי שטאַרק אין איר אידעאָלאָגישער סטרוקטור פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין אַנדערע לענדער, אַז אַנשטאָט צו זיין באַאיינפלוסט פון ענלעכע יידישע פּאַרטייען אין גלות, איז זי גאָר געוואָרן אַ קוועלע פון באַדייטנדיקן איינפלוס אויף די יידישע אַרבעטער באַוועגונגען אויסער ארץ־ישראל. אין ארץ־ישראל איז זי די שטאַרקסטע און אַמבעסטן אָרגאַניזירטע יידישע פּאַרטיי.

דער איינפלוס פון דער אַרבעטער פּאַרטיי (מפּא"י) אויפן ארץ־ישראלדיקן לעבן, ווערט בעיקר דורכגעפירט מיט דער הילף פון דער „הסתדרות הכללית", דער אַלגעמיינער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרדינט צוליב דעם פאַרצווייגטן כאַראַקטער פון איר טעטיקייט אַ באַזונדערע באַשרייבונג (זע קאַפּיטל פערצן: יידישע אַרבעטער באַוועגונג אין ארץ־ישראל). פאָרמעל אומפּאַרטייאיש, קאָן די הסתדרות, וועמענס מיט־גלידשאַפט איז פיל גרעסער איידער פון דער מפּא"י, באַטראַכט ווערן במעט אַלס איר ווערקצייג אינעם פּאָליטישן לעבן פונם לאַנד.

די מפּא"י איז אַנטשטאַנען דורך דער פאַראייניקונג פון צוויי פריערדיקע אַרבעטס־פּאַרטייען, דער „אחדות העבודה" און „הפועל הצעיר". די ערשטע שטאַמט פון דער אַמאָליקער פּועלי ציון פּאַרטיי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין ארץ - ישראל אינעם יאָר 1906, אַלס אַן אָפּטיילונג פון די פּועלי־ציון אין גלות. די אַנדערע, געגרינדעט אין דער זעלבער ציט, האָט אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ זיך נישט באַטראַכט אַלס סאָציאַליסטיש. זי איז אפילו געווען קעגן שטרייקן, מאַי־פייערונגען, און באַטייליקונג אינעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. נאָך דער פאַשמעלצונג פון אחדות־העבודה און הפּועל־הצעיר, איז זייער יורש, די מפּא"י, אַריינגעטראָטן אין דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַל אַלס זיין פּאַלעסטינער סעקציע. די מיטגלידער פון אַמאָליקן הפּועל־הצעיר האָבן אויפגעגעבן זייער ווידערשטאַנד דערצו, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט אינעם נאַציאָנאַליסטישן פּרצוף און שטאַרקן ציוניזם.

די סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע פון דער מפּא"י איז נישט קריסטאַליזירט אין באַשטימטע פאָרמולן, וואָס זאָלן זיין אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע מיטגלידער. יעדער ניואַנס פון מיינונגען, וואָס עקזיסטירט צווישן

די פּאַרטייען פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין אייראָפּע, האָט אויך זיינע אָנהענגער צווישן די פירער און מיטגלידער פון מפּא״י אין ארץ־ישראל. בדרך־כלל, איז אָבער די פּאַרטיי מער געניויגט אויף רעכטס. אירע פירער פאַרוואַרפן געוויינלעך דעם מאַרקסיזם, אַלס אַן אידעאָלאָגיע פון עקסטרעמען קלאַסן־קאַמף. זיי באַטראַכטן די יידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל אַלס דעם אַוואַנגאַרד פונם גאַנצן פאָלק, וואָס טראָגט אויף זיך די אחריות פאַרן גורל פון יידישן פאָלק אַלס אַ גאַנצן, און מוז דעריבער קאָאָפּערירן מיט אַנדערע קלאַסן און גרופּן אין יידנטום. די מפּא״י נעמט דעריבער אַן אַקטיוון אָנטייל אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן, ווו אירע פירער קומען זיך צונויף מיט פאַרטרעטער פון אַנדערע יידישע גרופּן אין אַ געמיינזאַמער אָנשטרענגונג צו פאַרווירקלעכן די יידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל. ביי די וואַלן צו די לעצטע צוויי קאָנגרעסן (פּראָג, 1933 און לוצערן, 1935), האָט זיך זיי אַפילו איינגעגעבן צוזאַמען מיט פאַרבונדענע אַרבעטער־פּאַרטייען אין גלות דורכצופירן מער דעלעגאַטן, איידער יעדער אַנדערער פראַקציע. די עקזעקוטיוון, וואָס זענען אויסגע־קליבן געוואָרן אויף די דאָזיקע ביידע קאָנגרעסן, שטייען דעריבער אין גאַר אַ גרויסער מאָס אונטער זייער קאָנטראָל.

די מפּא״י איז אויך שטאַרק פאַרטראָטן אין דער אספת הנבחרים, ווי אויך אין די מוניציפּאַליטעטן און דאָרפס ראַטן.

זי קאָנטראָלירט גאָר אין אַ גרויסער מאָס די אַרבעט פון ועד־הלאומי, וואָס איז די שטענדיקע אויטאָנאָמע פאַרטרעטונג פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום. זי האָט אויך אַ צייט געהאַט אין אירע הענט די מוניציפּאַליטעט פון תל - אביב, און איינער פון אירע דאַמאָלסטיקע פירער, דוד בלאָך, איז געווען דער מעיאָר. שפּעטער אָבער, ווען די רעגירונג האָט אויפן פאַר־לאַנג פון די בירגערלעכע גרופּן, געענדערט דאָס וואַל־געזעץ אין תל־אביב, אַזוי, אַז דער גרעסטער טייל פון די אַרבעטער האָט אָנגעווירן זיין שטים־רעכט, איז די פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט אריבערגעגאַנגען אין בירגערלעכע הענט.

אַלגעמיינע ציוניסטן.

אַ באַדייטנדיקן איינפלוס האָבן אויך אויפן יידישן לעבן פון ארץ־ישראל די אַלגעמיינע ציוניסטן, וואָס האַלטן זיך פאַר אַן איבער־קלאַסן־פּאַרטיי, וואָס זעצט פאָר די ריין־ציוניסטישע טראַדיציעס פון פּינסקער און הערצל. די אַלגעמיינע ציוניסטן, סיי אין ארץ - ישראל און סיי אין

אנדערע לענדער, האָבן פאר די לעצטע עטלעכע יאָר אָנגעווירן דעם גרעסטן טייל פון זייערע אַמאָליקע מיטגלידער, וואָס זענען אוועק צו דער מפא"י פון איין זייט, און צו די רעוויזיאָניסטן פון דער אַנדערער. אַפילו די, וואָס זענען נאָך געבליבן אין זייערע רייען, זענען איצט צעטיילט אין צוויי שאַרף אַנטקעגנגעזעצטע גרופּן, די „גרופּע אלף" וואָס שטיצט די אַרבעטער הסתדרות, און די „גרופּע בית", וואָס באַקעמפּט זי אויפן שאַרפסטן אופן. נישט קוקנדיק אויף די דאָזיקע אָפּשוואַכונג און אומאייניקייט, פאַרמאָגן נאָך די אַלגעמיינע ציוניסטן א גרויסן איינפלוס אינם יידישן לעבן אין ארץ־ישראל. זיי ציילן נאָך אין זייערע רייען די אָנגעזעענסטע פירער פון וועלט־ציוניזם — סאָקאָלאָוו, ווייצמאַן, אוסישקין,— און שפּילן די ראָלע פון פאַרמיטלער צווישן די מער עקסטרעמע גרופּן אין ציוניזם. זיי האָבן נאָך אויך א היבש ביסל צוטרוי צווישן די יעניקע יידן אין גלות, וואָס געהערן נישט דירעקט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער זענען איר וויכטיקסטע פינאַנסיעלע שטיצע.

שטייענדיק, לויט זייערע אייגענע ווערטער, איבער די פּאַרטייען, זענען די אַלגעמיינע ציוניסטן און ספּעציעל די גרופּע בית, טיפּישע פאַרטרעטער פון קליינבירגערטום. דאָס ווערט קלאָר פון זייער ענגער פאַרבינדונג מיט אייניקע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פאַרטרעטן גאַנץ אָפן די אינטערעסן פון די באַזיצנדע קלאַסן אין ארץ־ישראל. די וויכטיקסטע פון זיי איז די פאַראייניקונג פון די קאָלאָניסטן (התאחדות האכרים), וואָס באַשעפטיקן אַראַבישע אַרבעטער און באַקעמפן שאַרף די הסתדרות.

די רעוויזיאָניסטן.

נאָך שטאַרקער ווערן די אינטערעסן פון די בירגערלעכע באַזיצנדע עלעמענטן אין ארץ־ישראל פאַרטראָטן פון די רעוויזיאָניסטן, וועלכע ווערן אָפט באַצייכנט אַלס דער יידישער מין פון פאַשיזם. דער מחבר צווייפלט צו די דאָזיקע באַצייכנונג וואָלט אויסגעהאַלטן א שטרענג וויסנשאַפטלעכע קריטיק. עס קאָן נישט זיין קיין פאַשיסטישער רעזשים צווישן א פאָלק, וואָס לעבט נישט אין די ראַמען פון זיין אייגענער מלוכה. די רעוויזיאָניסטן אַליין זאָגן, אַז זיי זענען נישט קיין פאַשיסטן נאָר בלויז שטאַרקע נאַציאָנאַליסטן, וואָס פאָדערן מער אייניקייט צווישן די קלאַסן מיטן צוועק דורכצופירן דעם נאַציאָנאַלן אידעאַל.

פאַשיסטן אָדער נישט, אָבער דער פאַקט איז, אַז די רעוויזיאָניסטן נאָכמאַכנדיק די אַלע אויסערלעכע סימבאָלן און קונצן פון פאַשיזם, געבן

זייערע געגנער א גוטע געלעגנהייט צו באַצייכנען זיי אַלס אַזעלכע. באַזונדערס אויפרעגנד ווירקט אין דעם זין זייער אוניפאָרם, וועלכער איז, זאָגט מען, ענלעך צו דער אָנטועכץ פון היטלערס ברוינע העמדלעך. זייערע צווייג־גרופּן ווערן גערופן קאָמפּאַניען און באַטאַליאָנען, און זייערע פירער זענען קאָמאַנדירן פון פאַרשידענע גראַדן. זיי האָבן אפילו זייער אייגענעם מין פון א מיליטערישן סאַלוט...

דער אמתער יסוד פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג ליגט אין דער יאוש באַציונג צו דער מעגלעכקייט צו רעאַליזירן דעם ציוניזם, אַלס יידן־שטאַט, אין די איצטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען אין ארץ־ישראל. איר הויפּט־פירער, זשאַבאָטינסקי, א גלענצנדער זשורנאַליסט, האָט נישט איינמאָל אויסגעדריקט אין דער פרעסע זיין איבערצייגונג, אַז ארץ־ישראל וועט קיינמאָל נישט זיין יידיש, אויב די מאַנדאַט־מאַכט וועט נישט אָפּשטעלן די אימיגראַציע פון אראַבער פון שכנותדיקע לענדער און זיך נישט נעמען ענערגיש מיטצוהעלפן אין דעם אויפבוי פון דער יידישער־היים. ער שטרייכט אונטער, אַז נישט קוקנדיק אויף די ערפאָלגן פון יידישער קאָלאָניזאַציע, איז דער אַבסאָלוטער צוואוקס פון דער אראַבישער באַפעלקערונג זייט דעם קריג נישט קלענער פון דער יידישער. אויב דאָס וועט ווייטער גיין אַזוי, זענען די שאַנסן אויף אַן אראַבישער מלוכה אין ארץ־ישראל גרעסער, איידער אויף א יידישער. ציימנווייז איז אפילו זשאַבאָטינסקי געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט פאָרויסגעזאָגט פאַר די יידן אין ארץ־ישראל דעם גורל פון זייערע ברידער אין נאַצי־דייטשלאַנד.

די אַנטטוישונג פון די רעוויזיאָניסטן שיינט אָבער צו זיין קלאָרער און לאָגישער, איידער זייער אייגענער פּראָגראַם. זיי רעקאָמענדירן צו שטעלן שאַרפערע פאָדערונגען צו ענגלאַנד, און וואָלטן געוואָלט שטיצן די דאָזיקע פאָדערונגען דורך יידישן וועלט־פּראָטעסט געגן דער פּאָליטיק פון דער מאַנדאַט־מאַכט. פון דער אַנדערער זייט וואָלטן זיי געוואָלט אָנבאָטן ענגלאַנד, אַלס א באַלוינונג פאַר אַן אויסגעשפּראָכענע פּראָ־יידישע פּאָליטיק, דעם אַקטיוון דינסט פון יידישן לעגיאָן פאַר דער אויפהאַלטונג פון אָרדנונג אין ארץ־ישראל און גאַנצן נאָענטן מזרח. די רעוויזיאָניסטן האָבן בכלל האָלד צו אונטערשטרייכן די ראָלע פון יידן אַלס פאַרבינדעטע פון דער וועלטלעכער ציוויליזאַציע אין אָריענט. דאָס איז איינער פון די צוועקן צוליב וועלכע זיי פאָדערן פון דער יידישער יוגנט דיסציפּלין און קעמפעריש גייסט, נוצנדיק דערביי אויס די אַלע פאַשיסטישע סימבאָלן און קונצן, וואָס געבן זייער באַוועגונג דעם אויסזען פון יידישן פאַשיזם.

אַן אַנדער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון רעוויזיאָניזם איז זיין ביטערע געגנערשאַפט צו קלאַסן - קאַמף, און דער פאַרלאַנג פון אַבסאָלוטער „נאַציאָנאַלער אייניקייט", וואָס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דורך אָבליגאַטאָרישן אַרביטראַזש. דאָ ווערט די ענלעכקייט צווישן רעוויזיאָניזם און פאַשיזם גאָר עכט און איבערציינגנד.

דער פועל־יוצא פון דער דאָזיקער שטעלונג קעגן דער אַרבעטערשאַפט איז אַ פאַרביטערטער קאַמף פון די רעוויזיאָניסטן קעגן דער הסתדרות, אירע געווערקשאַפטן און אַנדערע אַנשטאַלטן. די רעוויזיאָניסטן שטעמפלען די הסתדרות־לייט אַלס „מאַרקסיסטן" און נאַציאָנאַלע פאַררעטער, און זיי פאַרקערט, ווערן באַשולדיקט אין שטרייקברעכעריי. נישט איינמאָל זענען פאָרגעקומען שטרייקן צוליב דעם פאַרזוך פון רעוויזיאָניסטן צו קריגן אַרבעט אין אָרגאַניזירטע פאַכן, איגנאָרירענדיק דערביי די באַשטייענדע געווערקשאַפטן.

די ביטערע שנאה צווישן דער אַרבעטער־פּאַרטיי און רעוויזיאָניסטן האָט דערגרייכט איר העכסטן גראַד נאָך דער געהיימניספולער דערשיסונג פון ד״ר. חיים אַרלאָזאָראָוו, איינעם פון די פעיקסטע און פּאָפּולערסטע פירער פון דער הסתדרות, וועלכער איז לעצטנס געווען דער פּאָליטישער פאָרטרעטער פון דער יידישער אַגענטור אין ארץ - ישראל. די רעוויזיאָניסטן, וועמענס פרעסע האָט פאַרן מאָרד שטאַרק אַטאַקירט אַרלאָזאָראָוון, זענען באַלד געקומען אונטער דעם פאַרדאַכט פון מאָרד און צוויי פון זיי זענען דערפאַר געשטעלט געוואָרן צום געריכט. כאָטש דער משפט האָט זיך סוף־כל־סוף געענדיקט מיט דער באַפרייונג פון די אָנגעקלאָגטע צוליב נישט גענוגנדע באַווייזן, האָט פונדעסטוועגן דער אַרלאָזאָראָוו־מאָרד איבערגעלאָזט אַ געדיכטן וואָלקן פון חשדים, וואָס זענען נישט פאַרשוווּנדן ביזן היינטיקן טאָג.

דער קאַמף פון די רעוויזיאָניסטן און אַנדערע ציוניסטישע גרופּירונגען, ספּעציעל דעם אַרבעטער־פליגל, — איז אין פרילינג 1935 געקרוינט געוואָרן מיטן אַרויסטריט פון די רעוויזיאָניסטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און מיט זייער אַן אייגענעם ציון־קאָנגרעס (ווין, סעפּט. 1935). דער דאָזיקער אַרויסטריט איז פאָרגעקומען נאָכדעם, ווי די אַרבעטער פון ארץ־ישראל האָבן אין אַ פּלעביסציט צוריקגעוויזן דעם „שלום אָפּמאַך" וואָס איז געהאַט געשלאָסן געוואָרן צווישן די פירער פון ביידע צדדים, דוד בן־גוריון פון איין זייט און זשאַבאָטינסקי פון דער אַנדערער. דער אָפּמאַך האָט זיך באַצויגן אויף אַרבעטס־באַציונגען אין

ארץ־ישראל, און זיין צוריקווייזונג איז באַנוצט געוואָרן פון די רעוויזיאָ־ניסטישע פירער אַלס אַ געלעגנהייט פאַר דער לאַנג געפּלאַנטער שפּאַלטונג.

דער מעסיקער פליגל פון די רעוויזיאָניסטן האָט זייט אַ פּאָר יאָר צוריקגעוויזן די עקסטרעמע פירערשאַפט פון זשאַבאָטינסקי און געשאַפן אַן אייגענע „יידנשטאַט־פּאַרטיי", וועלכע איז געבליבן אין דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע נאָך זשאַבאָטינסקיס אַרויסטריט. עס שיינט, אַז זיי האָבן לעצטנס אַריינגענומען אין זייער פּאַרטיי אַ טייל פון זשאַבאָטינסקיס אָנהענגער, וואָס האָבן נישט געוואָלט נאָכפאָלגן דער שפּאַלטונגס־טאַקטיק פון זייער פירער. בדרך־כלל, זענען זיי אָבער אַ שוואַכע גרופּע, אָן באַדײ־טענדן איינפלוס אין ארץ־ישראל און אין גלות.

## ציוניזם און רעליגיע.

אַן אַנדער פּאַרטיי, וואָס איז פאַרטראָטן אין די יידישע אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס פון ארץ־ישראל, איז די מזרחי, דער רעליגיעזער פליגל פון דעם ציוניזם. די צאָל מיטגלידער פון מזרחי אין ארץ־ישראל איז אַ גאַנץ קליינע, אָבער אַדאַנק דעם באַדייטענדן איינפלוס, וואָס ער פּרע־טענדירט צו האָבן אויף די יידישע מאַסן אין גלות, פאַרנעמט ער אין לאַנד אַ גאַנץ אָנגעזעענעם פּלאַץ. ער קאָנטראָלירט אַ גרויסן טייל פון די יידישע פאָלקס־שולן אין לאַנד און האָט אויך אַ איינפלוס אויפן לערן־פּראָגראַם פון אַנדערע שולן. ער פירט אויך אָן אַן ענערגישן קאַמף פאַר דער אָבליגאַטאָרישער דורכפירונג אין יידישן לעבן אין ארץ־ישראל אַ ריי פון רעליגיעזע פאַראָרדנונגען, ספּעציעל וועגן שמירת־שבת. אויף די לעצטע ציוניסטישע קאָנגרעסן האָבן די מזרחיסטן פאַרלאַנגט, אַז כשרות זאָל שטרענג אָפּגעהיט ווערן אין אַלע זידלונגען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אויפן באָדן פון נאַציאָנאַלן פאָנד און אין אַלע אַנשטאַלטן, וואָס ווע־ן דירעקט אָדער אומדירעקט געשטיצט פון קרן־היסוד.

אין אייניקע פאַלן האָט דער מזרחי אפילו געפּרווט צו בעווען די רעגירונג אַרויסצוגעבן פאַראָרדנונגען, וואָס זאָלן געוויסע יידישע דינים, ספּעציעל וועגן שבת, — מאַכן אָבליגאַטאָריש פאַר די יידישע ישובים פונם לאַנד. די רעגירונג האָט אָבער ביז איצט צוריקגעוויזן אַזעלכע פאָ־דערונגען, באַטראַכטנדיק זיי אַלס אַ סתירה צו די באַשטימונגען פונם מאַנדאַט, וואָס גאַראַנטירן פולע געוויסנס־פרייהייט פאַר אַלע איינוווינער.

מער ערפאָלג האָט דער מזרחי מיט זיינע רעליגיעזע פאָדערונגען געהאַט ביי די יידישע אינסטיטוציעס און זעלבסט־פאַרוואַלטונגען פון ארץ־ישראל.

די פירנדע יידישע אָרגאַניזאַציעס, אַריינרעכנדיק אויך די הסתדרות, סטאַרען זיך וווּבער צו מאַכן די מזרחיסטן דורך נאָכגעבן דעם גרעסטן טייל פון זייערע פאָדערונגען. אונטער דעם סטראַשונעק פון באָיקאָט מצד די מזרחיסטישע אָרגאַניזאַציעס איז אויסלאַנד, האָט דער לעצטער ציון־קאָנגרעס אין לוצערן אָפיציעל צוגעזאָגט אַרויפצווינגען אַ שטרענגע שמירת־שבת אויף די קבוצות, וואָס געפינען זיך אויף נאַציאָנאַלן באָדן. די הסתדרות פון איר זייט האָט לעצטנס איינגעפירט כשרות אין אַלע אירע אַר־בעטער־קיכן. די אפיקורסים אין די קבוצות, זענען אונטער אַ שטאַרקן דרוק פון די איינפלוס־רייכסטע אַרבעטער־פירער, וואָס בעטן זיך ביי זיי אויסמיידן יעדע עפנטלעכע האַנדלונג, וואָס קאָן אָנרירן די רעליגיעזע געפילן פון די פרומע יידן אין די אַרומיקע שטעט. אייניקע יידישע קאָלאָניעס האָבן אפילו דורכגעפירט אייגענע געזעצן, וואָס פאַרווערן צו אַרבעטן שבת נישט נאָר ביי יענעם, נאָר אפילו אויך ביי זיך אין גאָרטן. בכלל ווייסן מיר נישט וועגן קיין שום לאַנד, ווו די נישט פרומע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג זאָלן אַליין זיך אַזוי שטאַרק צופּאַסן צו די רעליגיעזע איבערצייגונגען פון אַנדערע, ווי דאָס איז דער פאַל אין ארץ־ישראל.

סטאַרענדיק זיך צו קריגן אַן אָנהאַלט צווישן די אַרבעטער, וואָס שפּילן אַזאַ אַנטשיידענע ראָלע אינם אויפבוי פון ארץ־ישראל, האָט דער מזרחי מיט יאָרן צוריק געגרינדעט אַן אייגענע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, „הפועל־המזרחי", וועמענס מיטגלידער באַטייליקן זיך אויך לויט אַ ספּעציעלן אָפּמאַך אין די אינסטיטוציעס פון דער אַלגעמיינער הסתדרות. לעצטנס האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן אַרויסשטעלן באַזונדערע קאַנדידאַטן ביי וואַלן צו יידישע אַנשטאַלטן, און זי ווייזט בכלל אַרויס סמנים פון אַלץ גרעסערע זעלבסטשטענדיקייט.

עס עקזיסטירן אויך עטלעכע פרומע קבוצים און אורגונים, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אונטער דער פאָן פון מזרחי. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז די מזרחיסטישע קבוצים קאָפּירן אין זייער אינערלעכן לעבן אַלע פירונגען פון די סאָציאַליסטישע קבוצים מיט זייער גלייכער צעטיילונג פון פּראָדוקטן און לעבנס־נויטווענדיקייטן.

### אַגודת ישראל

אגודת־ישראל, די אָרגאַניזאַציע פון דער עקסטרעמער יידישער אָרטאָדאָקסיע איז, ווי באַקאַנט, געגן ציוניזם אין זיין מאָדערנער וועלטלעכער פאָרמע, און נעמט נישט דעריבער קיין אָנטייל אין די אינסטיטוציעס

וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אונטער זיין איינפלוס. דאָס באַציט זיך נישט נאָר אויפן ציון־קאָנגרעס, נאָר אויך אויף דער אספת־הנבחרים אין ארץ־ישראל. לויט דער אויפפאַסונג פון די אגודהניקעס איז שיבת־ציון אַן ענין פאַר געטלעכער השגחה, און נישט פאַר פּאָליטישע פּאַרטייען...

די אָפּאָזיציע פון אגודת־ישראל צום ציוניזם האָט צייטנווייז אָנגענומען זייער אַ שאַרפן און אַקטיוון כאַראַקטער. מיט צען יאָר צוריק האָט די אגודה געהאַלטן אין איין באָמבאַרדירן דעם פעלקער־בונד און ענגלאַנד מיט מעמאָראַנדומס און פּראָטעסטן קעגן דער ציוניסטישער ממשלה אין ארץ־ישראל. עס האָט געהייסן, אַז די ציוניסטן פאַרטרעטן נישט די ווירקלעך ברייטע יידישע מאַסן, און די אגודת־ישראל, וועלכע רעדט אין נאָמען פון דער אָרטאָדאָקסישער מערהייט, דאַרף אָנערקענט ווערן אַלס די געזעצמעסיקע יידישע אַגענטור.

די שאַרפע שטעלונג פון אגודת־ישראל קעגן דעם ציוניזם האָט אַרויסגערופן אַ סך צופרידנהייט ביי די עקסטרעמע קאָנסערוואַטאָרן אין ענגלאַנד און ביי די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן אין ארץ־ישראל. זי האָט אָבער אין ציוניסטישע קרייזן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פאַרביטערונג, וועלכע האָט אינם יאָר 1925 געפונען איר אויסדרוק אין דער דערמאָרדונג פון דר. ישראל דע־האַן, אַ מאָמאָליקער סאָציאַליסט, וואָס איז אויף דער עלטער אַריבער צו דער „אגודה" און געוואָרן איר עקסטרעמסטער און פאַנאַטישסטער פירער. די מערדער פון דר. דע־האַן זענען נישט געפונען געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג, אָבער קיינער אין ארץ־ישראל צווייפלט נישט, אַז זיין מאָרד איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך זיין עקסטרעמען קאַמף קעגן ציוניזם, וואָס האָט אים פאַרפירט צו האַנדלונגען, וואָס זענען באַטראַכט געוואָרן אין לאַנד אַלס נאַציאָנאַלער פאַרראַט.

מיט דער צייט זענען די פירער פון אגודת־ישראל געוואָרן אַ סך באַשיידענער, און זייער האַס צום ציוניזם איז אויך אַסך אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ווען די ארץ־ישראלדיקע יידן האָבן געקריגן אַ מין נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וואָס דריקט זיך אויס אין דער אספת־הנבחרים און ועד־הלאומי, האָט די אגודת־ישראל זיך צופרידן געשטעלט מיט דער ערלויבניש צו שאַפן אַ באַזונדערע קהלה. זי האָט דערמיט אָנערקענט איר פּאָזיציע אַלס מינדערהייט אין אַ מינדערהייט, און אָפּגעזאָגט זיך פון אירע פריערדיקע פּרעטענזיעס צו רעדן אין נאָמען פון כלל־ישראל. גאָר לעצטנס פאַרהאַנדלען זיי אַפילו וועגן אַריינגעמען זייערע באַזונדערע קהלות אין די אַלגעמיינע ראַמען פון יידישער אויטאָנאָמיע.

נישט װילנדיק, װערט איצט די אגודת־ישראל שטאַרק אָנגעשטעקט פון ציוניסטישע גדראַנקען. דאָס איז פּשוט אַ רעזולטאַט פון עקאָנאָמי־שער נויט, װאָס טרייבט אירע אָנהענגער קיין ארץ־ישראל. די פירער פון אגודה קומען דעריבער אַרויס אַליין אָפטער מיט ערקלערונגען, אַז זיי זענען גרייט צו קאָאָפּערירן מיט די ציוניסטן אינעם אויפבוי פון ארץ־ישראל, אויב נאָר דאָס װעט געטאָן װערן אויפן פונדאַמענט פון רע־ליגיעזער יידישקייט. שטייענדיק פאַרן געפאַר צו פאַרלירן זייער יוגנט, װאָס ציט זיך צום החלוץ און אַנדערע אַפּיקורסיש־ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציעס, האָבן די אגודה־פירער לעצטנס אָנגעהויבן אָרגאַניזירן זייע־רע אייגענע פרומע „חלוצים" און פאָדערן פאַר זיי סערטיפיקאַטן פון דער יידישער אַגענטור. אין ארץ־ישראל עקזיסטירן שוין אפילו אַ פּאָר אגודה־קבוצים, װאָס מאַכן נאָך די קבוצים פון די „לינקע".

באַזונדערס איז דער קעגנזאַץ צװישן ציוניסטן און אגודת־ישראל אָפּגעשװאַכט געװאָרן צוליב די לעצטע געשעענישן אין דייטשלאַנד. דער שאַרפסטער קאַמף געגן ציוניזם איז, אגב, געפירט געװאָרן ביז איצט דורך דער דייטש־יידישער אָרטאָדאָקסיע, װאָס האָט זיך אָממערסטן באַפעס־טיקט אין פראַנקפורט־אַם־מיין. איצט האָבן די דייטשע אגודהניקעס פאַרלאָרן זייער אַמאָליקן איינפלוס, און זיי האָבן אפילו געמוזט מיט אַ שטיק צייט צוריק, אויף אַ קאָנגרעס פון אגודה אין װין, צושטימען צו דער שאַפונג פון אַ ספּעציעלן אגודה־פאָנד פאַר באַזעצן פרומע יידן אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער פאָנד האָט נישט דערגרייכט קיין גרויסן פאַר־נעם, אָבער ער העלפט גייסטיק צו דערנענטערן די אגודה צו ארץ־ישראל.

די לינקע אָפּאָזיציע: די פּועלי־ציון.

װאָנדערנדיק פון דער רעכטער אָפּאָזיציע אינעם ארץ־ישראלדיקן ישוב צו דער לינקער, שטויסן מיר זיך אָן אין דער ערשטער ריי אויף די פּועלי־ציון, אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, װאָס האָט פאַרייניקט אין זיך אַן אייגענעם מין פון ציוניזם מיט אַן אָרטאָדאָקס־מאַרקסיסטישן קוק אויף אַלגעמיינע פּראָבלעמען. די א"י־דיקע פּועלי־ציון װערן אָפט באַצייכנט אַלס „לינקע", װייל זיי שטעלן מיט זיך פאָר דעם לינקן פליגל פון דער אַמאָל־פאַרייניק־טער פּועלי־ציון־באַװעגונג. אינעם יאָר 1920 האָט די פּועלי־ציון־באַװעג־גונג, אונטערן שטאַרקן איינפלוס דאַן פון קאָמוניזם, זיך צעשפּאָלטן, און פון איר רעכטן פליגל האָט זיך, נאָך פאַרשידענע ענדערונגען און נייע פאַרייניקונגען, ענדלעך געבילדעט די איצטיקע אַרבעטער־פּאַרטיי פון

ארץ־ישראל (מפא"י). דער לינקער פליגל איז געבליבן ביים אלטן נאָמען — „פועלי־ציון", און שטעלט מיט זיך פאָר די הויפּט־אָפּאָזיציע צווישן די ארץ־ישראלדיקע ארבעטער צו דער מעסיקער פּאָליטיק פון מפא"י.

גוט־הייסנדיק טעאָרעטיש דעם קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט אויף קלאַסנקאַמף און דיקטאַטור זענען די פועלי־ציון דאָך נישט אַנערקענט פונם קאָמינטערן אלס עכטע קאָמוניסטן, און זיי ווערן פון אים, פאַרקערט, שטאַרק פאַרדאַמט פאַר זייער נאַציאָנאַליסטישע אפּיקורסות. אין קעגנזאַץ צו די אָפיציעלע אָנהענגער פון מאָסקווע אין ארץ־ישראל, באַטייליקן זיך די פועלי־ציון אין דער הסתדרות, און זענען בדרך כלל מסכים מיט איר אַלגעמיינער שטרעבונג מיטצוהעלפן אינם יידישן אויפבוי פונם לאַנד. זיי נעמען אויך אַנטייל אין די וואַלן צו אספת־הנבחרים און אָרטיקע יידישע קערפּערשאַפטן. זיי וויזן אָבער צוריק די באַטייליקונג אינם ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכן זיי באַטראַכטן אלס ספּעציפישן מיטל פון קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט.

די לינקע אָפּאָזיציע קריטיקירט אויך שטאַרק די איצטיקע פירער פון הסתדרות פאַר זייער אַראַבישער פּאָליטיק, וואָס שטערט לויט איר מיינונג צו דער פאַראייניקונג פון יידישע מיט אַראַבישע אַרבעטער. די הסתדרות־פירער ווערן, בכלל, באַשולדיקט אין „שטעלן די קלאַסן מיט־אַרבעטערשאַפט מיט דער יידישער בורזשואַזיע איבער די דירעקטע גע־וועקשאַפטלעכע אינטערעסן פון די אַרבעטער". אויסער דעם זענען די פועלי־ציון נישט מסכים מיט דער טענדענץ פון די ציוניסטישע אַנשטאַלטן אין ארץ־ישראל, איינשליסלעך די הסתדרות, צו מאַכן העברעאיש פאַר דער איינציקער שפּראַך פונם ישוב. זיי באַקלאָגן זיך שטאַרק אויף רדיפות קעגן יידיש, און זיי גלויבן, אַז איר אויסוואָרצלונג אין ארץ־ישראל וועט סוף־כל־סוף ברענגען צו אַ נאַציאָנאַלער פרעמדקייט צווישן די יידן אין ארץ־ישראל מיט די יידן אין גלות.

לעצטנס איז דער אַמאָליקער איינפלוס פון די פועלי־ציון אויף די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוליב אַ נייער שפּאַלטונג אין זייערע רייען. די שפּאַלטונג שיינט צו האָבן איר יסוד אינם פאַקט, וואָס אַ טייל פון דער פּאַרטיי האָט זיך אַרויסגעוויזן מער גרייט זיך צופּאַסן צו די ספּעציפישע איינגעשאַפטן פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, בעת דער אַנדערער פליגל באַשטייט אויף בוכשטעבלעכער טרייהייט צו די טראַדיציאָנעלע לאָזונגען פון דער

יידישער ארבעטערשאפט אין גלות, אריינרעכענענדיק אין דעם א שארפן קאמף פאר יידיש אין ארץ־ישראל.

השומר הצעיר.

די מיינונגען פון פועלי ־ ציון וועגן קלאסן ־ מיטארבעטערשאפט און אראבישער פראגע ווערן אין א גרויסער מאס געטיילט דורך די מיט־גלידער פון „השומר ־ הצעיר", וועלכע שטעלט מיט זיך פאר אן איינ־טערעסאנטע מישונג פון עקסטרעמען ציוניזם מיט סאָציאַלן ראדיקא־ליזם. נישט זייענדיק קיין פארטיי מיט א קלאר ־ אויסגעשפראכענעם פראגראם, האט פונדעסטוועגן דער „השומר ־ הצעיר" א שטארקע ווירקונג אויף א גרויסן טייל פון די חלוצים, וואס גרייטן זיך אין גלות צו ארץ־ישראל. דער הויפט ־ אונטערשיד צווישן די פועלי ־ ציון און דעם „השומר ־ הצעיר" איז דער עקסטרעמער העברעאיזם פון די לעצטע און זייער אקטיווע באטייליקונג אינם ציוניסטישן קאנגרעס. זיי נעמען אויך א שטארקן אנטייל אין דעם קאאפעראטיוון אויפבוי פון ארץ־ישראל, וואס ווערט באצייכנט פון די הונדערט ־ פראצענטיקע מארקסיסטן אלס אן אוטאפישער פארזוך פרידלעך אויסצובויען דעם סאציאליזם אין מיטן פון דער קאפיטאליסטישער וועלט.

אלע מיטגלידער פון „השומר ־ הצעיר" אין ארץ־ישראל — זייער צאל איבערשטייגט 2500 — זענען אנגעשלאסן אין דעם „קיבוץ־הארצי", אן אלץ־ארומנעמענדער קאאפעראטיוו, וואס שיינט צו זיין דער וויים־גייענדסטער סאציאליסטישער עקספערימענט אינמיטן פון דער איצטי־קער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט. דער קבוץ־הארצי איז אין אמתן א סאציאליסטישע מלוכהלע אין מיניאטור.

די קאמוניסטן.

אויפן גאר עקסטרעמען פליגל פונם יידישן עפנטלעכן לעבן אין ארץ־ישראל שטייען די קאמוניסטן. זייער פארטיי איז אפיציעל פאר־באטן, און די ענגלישע אדמיניסטראציע שיקט געוויינלעך ארויס — נאך א תפיסה ־ שטראף — פערזאנען פון אויסלענדישן אורשפרונג, וואס ווערן באשולדיקט אין אנגעהערן צו דער קאמוניסטישער פארטיי, אדער מיטהעלפן אין איר פראפאגאנדע־ארבעט.

חוץ דעם אַלגעמיינעם פּראָגראַם פון די קאָמוניסטן אין אַנדערע לענדער, באַטראַכטן די ארץ־ישׂראלדיקע קאָמוניסטן אַלס זייער ספּעציע־לע אויפגאַבע צו באַקעמפן דעם געדאַנק וועגן אַ ייִדישער נאַציאָנאַלער היים און העלפן די אַראַבער אין זייער קאַמף קעגן ציוניזם, וואָס ווערט געוויינלעך געשילדערט אַלס ווערקצייג פון בריטישן אימפּעריאַליזם. זיי ווערן אפילו אָפט באַשולדיקט אין העצן אַראַבער צו פּאָגראָמען אַלס אַ מיטל קעגן דער שטייגנדער כוואַליע פון ציוניזם, און דאָס איז די סיבה, צוליב וועלכער זיי ווערן באַקעמפט פון דער מערהייט פון די ארץ־ישׂראל־דיקע ייִדן מיט אַ באַזונדערער פאַרביטערונג.

אַ קורצע צייט נאָך דעם פּאָגראָם פון אויגוסט 1929, האָט די אָר־טיקע ייִדישע פּרעסע פּובליקירט אַ „שוואַרצע ליסטע'', כלומרשט צונויפ־געשטעלט פון דער ארץ־ישׂראלדיקער פּאָליציי, וואָס האָט אַנטהאַלטן אין זיך די נעמען פון די עטלעכע קאָמוניסטישע אַגיטאַטאָרן, אויף איין צעטל מיטן מופתי און אַנדערע אַראַבישע נאַציאָנאַליסטישע פירער. ס'איז אַ גרויסער ספק, צי די דאָזיקע שוואַרצע ליסטע, וואָס דאַרף באַווייזן די נאָענטע פאַרבינדונג צווישן די ארץ־ישׂראלדיקע קאָמוניסטן און די פעאָ־דאַלע פירער פון דער אַראַבישער עקזעקוטיווע, איז עכט, און ס'איז פאַראַן אַ שטאַרקער גרונט צו האַלטן זי גאָר פאַר אַ פעלשונג. אָבער כאָטש מען מעג צווייפלען אין אַן אָפיציעלער פאַרבינדונג צווישן קאָמינטערן און די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן אין ארץ־ישׂראל, לאָזט זיך אָבער נישט לייק־ענען, אַז ס'איז פאַראַן געוויסע ענלעכקייט צווישן זייער אַגיטאַציע. ס'איז אַ פאַקט, אַז די ארץ־ישׂראלדיקע קאָמוניסטן, מערסטנס ייִדן, האָבן סיסטעמאַטיש געהאָלפן צו שטאַרקן די נאַציאָנאַליסטישע געפילן פון די אַראַבער, אָפּשטופנדיק אפילו צוליב דעם אויפן צווייטן פּלאַן זייער סאָ־ציאַלע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע וואָלט באַדאַרפט זיין די הויפּט־זאַך פאַר יעדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

### פּאַרטייען און נאַציאָנאַלע איינקייט.

פאַר אַ ייִדישער באַפעלקערונג פון בלויז אַ דריטל מיליאָן, קאָן אַזאַ גרויסע צאָל פון פּאַרטייען אויסקוקן אַלס אַ היפּש ביסל צופיל. מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן, אַז זיי זענען כמעט אַלע אַנטשטאַנען נישט אויפן ארץ־ישׂראלדיקן באָדן, נאָר שטעלן מיט זיך פאָר אַן אָפּשפּיגלונג פונם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַנדערע לענדער. נאָך אַלעמען, זענען

יידן אַן עקסטעריטאָריאַלע נאַציע, וואָס איז צעשפּרייט איבער פיל לענ־
דער און געפינט זיך דעריבער אונטער דער ווירקונג פון פאַרשידענע קול־
טורן און עקאָנאָמישע אומשטענדן. דאָס מוז, נאַטירלעך, זיך אָפּשפּיגלען
אין פאַרשידענע וועלט־אַנשויאונגען און פּאַרטייען, געבויט אויף זיי.

אויפמערקזאַמע באָאָבאַכטער זאָגן אָבער, אַז אין ארץ־ישראל ווערן
די אונטערשידן צווישן די אימפּאָרטירטע פּאַרטייען שטומפּיקער, און
נישט שאַרפער. אַלס ביישפּילן פון קעגנזייטיקער צופּאַסונג, ווייזן זיי אָן
פון איין זייט אויף דעם פאַרזוך פון די אָרטאָדאָקסן נאָכצומאַכן די מע־
טאָדן פון דער הסתּדרות דורך שאַפן קאָלאָניעס, וואָס שליסן אויס גע־
דונגענע אַרבעט. פון דער אַנדערער זייט לויבן זיי שטאַרק דעם עכטן דרך־
ארץ, וועלכן די הסתדרות ווייזט אַרויס צו די רעליגיעזע געפילן פון די
פרומע יידן. מיט אַן אויסנאַם פון דער קליינער גרופּע פון עקסטרעמע
קאָמוניסטן, באַטראַכטן זיך אין עצם אַלע יידן פון ארץ־ישראל אַלס טרע־
גער פון אַ היסטאָרישער מיסיע צו שאַפן אויפסניי אַ יידיש היים־לאַנד
אינם לאַנד פון יידישן עבר. די „געטלעכע השגחה" פון די עקסטרעמע
אָרטאָדאָקסן, און די „היסטאָרישע נויטווענדיקייט" פון די מאַרקסיסטישע
פּועלי־ציון זענען אין עצם בלויז צוויי פאַרשידענע דערקלערונגען פון
איין און דערזעלבער דערשיינונג.

אין ארץ־ישראל דערציילט מען אַ מעשה וועגן עטלעכע יידישע קאָ־
מוניסטן, וואָס האָבן כּסדר, בהסכּם מיט זייער פּאַרטיי־פּראָגראַם, גע־
העצט אַראַבער קעגן יידן; ווען אָבער ס'איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם
פון 1929, זענען די־זעלבע קאָמוניסטן צוגעשטאַנען צו דער יידישער
זעלבסטשוץ. זיי האָבן אויף אַ מאָמענט פאַרגעסן זייער אייגענע טעאָריע,
אַז דאָס איז נישט קיין פּאָגראָם, נאָר אַן אויפשטאַנד, אַ פאַלש געפירטער
אויפשטאַנד פון די אונטערדריקטע האָרעפּאַשניקעס קעגן דעם „בריטישן
אימפּעריאַליזם און זיינע ציוניסטישע משרתים"...

אַזאַ פאַרגעסלעכקייט פון באַליבטע טעאָריעס אינם מאָמענט פון
ווירקלעכער נאַציאָנאַלער געפאַר, איז אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל פון
דער פּראַקטישער סאָלידאַרישקייט פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום אין
דער צייט פון עקסטרעמער נויט. נישט קוקנדיק אויפן אָמאָל־פאַרביטערטן
פּאַרטיי־קאַמף, זענען די יידן פון ארץ־ישראל דאָך אַ פּיאָנערישע גרופּע,
וואָס ברעכט־דורך איר וועג צו אַ געמיינזאַמער צוקונפט.

## קאַפּיטל דרײַצן



# די ציוניסטישע באַוועגונג

די אַלגעמיינע אָנפירונג פון דער יידישער אויפבוי - טעטיקייט אין ארץ־ישראל געפינט זיך אין די הענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אינם מאַנדאַט פון פעלקער־בונד אָנערקענט געוואָרן אַלס די אָפיציעלע פאַרטרעטונג פון די יידישע אינטערעסן אין ארץ־ישראל. שפּעטער, אינם יאָר 1929 איז די דאָזיקע אָפיציעלע פאַרטרעטונג איבערגעגעבן געוואָרן צו דער יידישער אַגענץ, וועלכע דאַרף לויט אירע סטאַטוטן אַנטהאַלטן אַ גלייכע צאָל פון ציוניסטישע און נישט - ציוניסטישע פאָרשטייער. פאַקטיש האָט אָבער דער אָנטייל פון די ,,נישט - ציוניסטן'' אין דער אַרבעט פון דער יידישער אַגענץ נישט אָנגענומען קיין גרויסן פאַרנעם און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אפילו אויפטרעטנדיק אונטער דער פאָן פון דער יידישער אַגענץ, איז פאַקטיש געבליבן דער הויפּט־אינסטרומענט פון די יידישע אינטערעסן אין ארץ־ישראל. אירע אינסטיטוציעס און אַרבעטס - מעטאָדן פאַרדינען דעריבער אַ גענויערע באַשרייבונג.

**דער באַזעלער פּראָגראַם.**

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן אינם יאָר 1897, און איר פּראָגראַם איז פאָרמולירט געוואָרן אויפן ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, אין פאָלגנדע ווערטער:

,,דער ציוניזם שטרעבט צו שאַפן פאַרן יידישן פאָלק אַן עפנטלעך, רעכטלעך־געזיכערטע היים אין ארץ־ישראל''.

כּדי צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל האָט דער באַזעלער פּראָגראַם אַריינגענומען אין זיך די ,,דערמונטערונג פון יידישער אַגריקולטור און אינדוסטריע אין ארץ־ישראל''. די ,,אָרגאַניזירונג פונם וועלט־יידנטום

אין אָרטיקע און אינטערנאציאָנאַלע קערפּערשאַפטן", די „פאַרשטאַר־קונג פון יידישן נאַציאָנאַלן געפיל", און באַזונדערס — „פּאָליטישע שריט צו קריגן די צושטימונג פון די געהעריקע רעגירונגען פאַר דער רעאַליזאַציע פון ציוניזם".

אויפן זעלבן קאָנגרעס, אונטער דער אָנפירונג פון דר. הערצל, איז אָנגעצייכנט געוואָרן די אָרגאַניזאַטאָרישע פאָרם פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז מער־ווייניק געבליבן אין קראַפט ביזן היינטיקן טאָג. איר העכסטער אָרגאַן איז דער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס ווערט יעדע צוויי יאָר אויסגעקליבן אויף דעמאָקראַטישע יסודות דורך אַלע אָנהענגער פון ציוניזם, וועלכע זענען גרייט צו צאָלן א „שקל", וואָס ווערט באַנוצט אויף צו דעקן די הוצאות פון דער אָרגאַניזאַציע. די סומע פון פאַרקויפטע שקלים ווערט געוויינלעך באַטראַכט אַלס די מאָס פון מאַסן־שטיצע, וועלכע די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט הינטער זיך.

זיך צוקוקנדיק צו די באַריכטן וועגן דער צאָל פון פאַרקויפטע שקלים, זעען מיר אָבער א שטאַרקע וואַקלעניש פון יאָר צו יאָר. די מערסטע שקלים ווערן פאַרקויפט אין די יאָרן, ווען עס קומט זיך צונויף א ציוני־סטישער קאָנגרעס. אין די דאָזיקע יאָרן איז דער שקל־פאַרקויף צוויי מאָל אַזוי גרויס, איידער אין די יאָרן צווישן די קאָנגרעסן. למשל, אינם יאָר 1931 זענען פאַרקויפט געוואָרן 426,730 שקלים, און אינם יאָר 1930 — בלויז 201,250.

ס'איז אין אַלגעמיין א ספק, אויף וויפל די צאָל פון פאַרקויפטע שקלים קאָן באַטראַכט ווערן אַלס די ריכטיקע מאָס פון דער ציוניסטישער קראַפט. על פי טעאָריע מוז טאַקע יעדער שקל - צאָלער זיין עלטער פון 18 יאָר, און אונטערשרייבן זיך אונטער דעם באַזעלער פּראָגראַם. פּראַק־טיש אָבער ווערט א שקל פאַרקויפט צו יעדן איינעם, און עס זענען דאָ גוטע אַלטע ציוניסטן, וואָס האָבן זיך מכּמה יאָרן געמאַכט א מנהג צו קויפן א שקל פאַר יעדן איינעם פון זייערע פאַמיליע־מיטגלידער, אריינ־גערעכנט אפילו זויגנדיקע קינדער. עס וואָלט אומנאַטירלעך געווען צו דערוואַרטן א פּראָטעסט קעגן אַזא סאָרט מנהג מצד די אַקטיווע פּאַרטיי־מוער, וואָס זענען קודם־כּל פאַראינטערעסירט אין גרעסערע איינקונפטן פונם שקל - פאַרקויף. געוויינלעך באַמיען זיי זיך צו פאַרקויפן א שקל צו יעדן איינציקן ייד אָן שום איבעריקע שאלות..

א פּיל ריכטיקערן באַגריף וועגן דער אָרגאַניזאַטאָרישער קראַפט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג גיט אונז די מיטגלידערשאַפט פון אָר־

טיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז געוויינלעך פאַרבונדן מיט פיל שטרענגערע פינאַנציעלע און אָרגאַניזאַטאָרישע פאָדערונגען. נאַטירלעך, איז די צאָל פון אַזעלכע אָרגאַניזירטע ציוניסטן, אַריינרעכנענדיק אין דעם יעדע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז דירעקט אָדער אַלס פעדעראַציע אָנגעשלאָסן אָן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, א סך קלענער איידער די צאָל פון די שקל - צאָלער. מיר וועלן נישט זיין ווייט פונם אמת אויב מיר וועלן זי אָפּשאַצן, אין וועלט - פאַרנעם, — אַלס אַרום 150,000.

## דער איינפלוס פון ציוניזם.

אויב די צאָל פון די שקל - צאָלער איבערשטייגט די צאָל פון אָרגאַניזירטע ציוניסטן, בלייבט זי פונדעסטוועגן שטאַרק אונטער דער צאָל פון די יידן, וואָס סימפּאַטיזירן מיטן ציוניזם, און געבן אים זייער מאָראַלישע און אַמאָל אויך פינאַנציעלע שטיצע. 80 פּראָצענט פון דער יידישער פּרעסע אין אַלע שפּראַכן און אַלע לענדער סימפּאַטיזירן, למשל, צו דער אידייע פון ארץ־ישראלדיקן אויפבוי. ס'איז אויך א פאַקט, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג אין ברייטערן זין פון וואָרט, שטייגט ווייט אַריבער די ראַמען פון אָרגאַניזירטן ציוניזם און דרינגט אַריין אין גרופּן, וואָס נעמען נישט קיין אָנטייל אין ציוניסטישן קאָנגרעס. דאָס באַציט זיך נישט נאָר אויף די רעוויזיאָניסטן, וועלכע זענען ערשט נישט לאַנג אַרויסגעטרעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך אויף אַזאַ פּאַרטיי, ווי די לינקע פּועלי־ציון, ווי אויך אויף אַנדערע גרופּן, וואָס זוכן זייער א־יגענעם וועג צום אויפבוי פון ארץ־ישראל. די פעיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון די פאַרבונדענע מיט איר קערפּערשאַפטן צו מאָביליזירן די יידישע עפנטלעכע מיינונג אין מאָמענטן פון שאַרפער נויט, גיט איר דאָס מאָראַלישע רעכט צו רעדן אין נאָמען פון דער מערהייט פונם וועלט - יידנטום אפילו ווען די דאָזיקע מערהייט איז פאָרמעל נישט אַריינגענומען אין אירע אָרגאַניזירטע מאַסן.

די אַנטשיידונג פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן ווערן אויסגעפירט דורך אַן אַלגעמיינעם ראַט און דער עקזעקוטיווע. דער אַלגעמיינער ראַט, וואָס האָט אין הערצלס צייטן געהייסן „דער גרויסער אַקציאָנס־קאָמיטעט", ווערט אויסגעקליבן פון די דעלעגאַטן אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות. יעדע פראַקציע איז באַרעכטיקט צו א מיטגליד אויף פינף דעלעגאַטן. דערצו ווערן צו אים קאָאָפּטירט זיבן מיטגלידער „עקס־אָפיציאָ", פונם

ועד ־ הלאומי אין ירושלים און די פאַרוואַלטונגען פון די וויכטיקסטע ציוניסטישע אינסטיטוציעס — קרן־היסוד און נאַציאָנאַל־פאָנד. צוזאַמען האָט דער אַלגעמיינער ראַט אַרום 100 מיטגלידער, וואָס זענען צעוואָרפן אין אַלע עקן וועלט; ער קומט זיך צוזאַמען איינמאָל אָדער צוויי מאָל אין־צווישן צוויי קאָנגרעסן.

די לויפנדע אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ווערט אָנ־געפירט פון דער עקזעקוטיווע, וואָס באַשטייט פון צוויי חלקים, א לאָנ־דאָנער עקזעקוטיווע און אַן ארץ־ישראלדיקע. די ערשטע פירט אָן די אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט פון דער באַוועגונג, און אירע פּאָליטישע טע־טיקייט אויסער ארץ־ישראל, הויפּטזעכלעך אין לאָנדאָן און זשענעווע. די אַנדערע פאַרטרעט די ציוניסטישע באַוועגונג פאַר דער בריטישער אדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל, און פירט אויך איר פּראַקטישע אויפ־בוי־אַרבעט. מיט ביידע פון די דאָזיקע קערפּערשאַפטן איז פאַרבונדן א קלענערע צאָל פון נישט־ציוניסטן, און צוזאַמען בילדן זיי די עקזעקו־טיווע פון דער „יידישער אַגענטור".

די סטרוקטור פון ציוניזם.

די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע איז צונויפגעשטעלט פון צוויי פאַרשידענע טיפּן אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. עס זענען דאָ אין פאַרשידענע לענדער אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען דירעקט אונטערגעגעבן צו דער עקזעקוטיווע אין לאָנדאָן. עס זענען אָבער פאַראַן אויך עטלעכע אויטאָ־נאָמע פעדעראַציעס מיט א באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן פּרצוף, וועמעס אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס זענען פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע נישט דירעקט, נאָר דורך זייערע „וועלט־פאַרבאַנדן". די דאָזיקע וועלט־פאַרבאַנדן, למשל, מזרחי אָדער אַרבעטער, האָבן נישט נאָר אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע אָדער פּאַרטיי אין יעדן לאַנד, ווו ס'איז פאַראַן א באַדייטנדע יידישע באַפעלקערונג, נאָר זיי באַמיען זיך אויך אָנצו־האַלטן אָרטיקע צווייגן אין די באַדייטנדע שטעט פונם דאָזיקן לאַנד. אַזוי אַרום זענען אין איין שטאָט געוויינלעך פאַראַן עטלעכע ציוניסטישע גרופּן, וועלכע זענען אומאָפּהענגיק איינע פון דער אַנדערער און באַ־קעמפן זיך אָפט קעגנזייטיק אין זייער לאָקאַלער פּאָליטיק. די ציוניסטי־שע וועלט־פאַרבאַנדן האָבן אויך זייערע באַזונדערע פאָנדן, אויף וועלכע

זייערע מיטגלידער ליגן אַמאָל אַ גרעסערן געוויכט, איידער אויף די אַלגעמיינע פאָנדן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

מיט אַזאַ אומגעוויינלעכער אָרגאַניזאַטאָרישער סטרוקטור וואָלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע באַדאַרפט אייגנטלעך באַצייכנט ווערן אַלס אַ פרייער פאַרבאַנד פון אויטאָנאָמע באַוועגונגען, וואָס קומען זיך צונויף אין איין צענטראַלן פונקט, אין דער שטרעבונג אויפבויען אַ יידישע ארץ־ישראל אַלס יידישע היים־לאַנד.

כּדי די דאָזיקע פּילזייטיקע באַוועגונג זאָל קאָנען אויפטרעטן איינהייטלעך פאַר דער אויסערלעכער מאַכט, זענען נאָך מיט יאָרן צוריק אָנגענומען געוואָרן סטאַטוטן, וואָס פאַרווערן די אויטאָנאָמע וועלט־פאַרבאַנדן אינם ציוניזם צו האָבן באַזונדערע פאַרהאַנדלונגען מיט אויסערלעכע קערפּערשאַפטן, — ספּעציעל מיט דער מאַנדאַט־מאַכט און דעם פעלקערבונד. דער דאָזיקער פאַרבאָט ווערט געוויינלעך אויסגעפאָלגט פון די אָנגעשלאָסענע פאַרבאַנדן. אין פאַלן אָבער, ווען די דאָזיקע וועלט־פאַרבאַנדן זענען דאָך עובר אויפן דאָזיקן פאַרבאָט, קוקט די ציוניסטישע עקזעקוטיווע, געוויינלעך, אויף דעם צווישן די פינגער, — בפרט אויב עס האַנדלט זיך וועגן שריט, וואָס ווערן נישט באַטראַכט אַלס שעדלעך פונם אַלגעמיין - ציוניסטישן שטאַנדפּונקט.

ערשט מיט אַ פאָר יאָר צוריק, אַ דאַנק דעם פאַרזוך פון די רעוויזיאָניסטן (בעת זיי זענען נאָך געווען אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע), אָנצופירן אַן אייגענע אויסערלעכע פּאָליטיק, רעזערווירנדיק אין דער זעלבער צייט אַלע רעכט, אין דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע, איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער ערנסטער פּרווו צו מאַכן ציוניסטישע דיסציפּלין פאַר אַ מוז. אַלס שטראָף פאַר אַ פּעטיציע צום פעלקערבונד, וועלכע די רעוויזיאָניסטן האָבן אונטערגענומען קעגן דעם ווונטש פון דער עקזעקוטיווע, האָט מען זיי אויסגעשלאָסן פון די פּאַלעסטינע־אַמטן, וואָס קאָנטראָלירן די אַרבעטער־אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל, און זיך אָפּגעזאָגט אפילו צו געבן זיי אַריינפאָר־סערטיפיקאַטן. דאָס דאָזיקע שטראָף־מיטל האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן פון פיל ציוניסטן, וועלכע זענען בכלל ווייט נישט סימפּאַטיש צום רעוויזיאָניזם. די דאָזיקע ציוניסטן האַלטן, אַז דער אַריינפאָר קיין ארץ־ישראל דאַרף זיין דאָס רעכט פון יעדן יידן, וואָס קומט נאָך געוויסע אַלגעמיינע, עקאָנאָמישע און פּיזישע באַדינגונגען און קוואַליפיקאַציעס, און טאָר נישט ווערן אַ באַלוי־

נינג פאר פּאָליטישע מיינונגען, אָדער איבערגעגעבנהייט צו דער אָדער־אַנדערער עקזעקוטיווע.

די שווערע פּראָבלעם, פאר וועלכער די עקזעקוטיווע איז אוועקגע־שטעלט געוואָרן, צוליב דער דיסציפּלין־לאָזיקייט פון די רעוויזיאָניסטן איז, ווי עס איז באַקאַנט, געלייזט געוואָרן דורך זייער פרייוויליקן ארויס־טריט פון דער אָרגאַניזאַציע. ווי וואָלט די ציוניסטישע עקזעקוטיווע גע־האַנדלט ביים צווינגען זיי צו דיסציפּלין, ווען זיי וואָלטן נישט געמאַכט דעם דאָזיקן שריט, איז א פראַגע וועלכע ליגט אויסער די ראַמען פונם דאָזיקן בוך.

## ציוניסטישע פאָנדן: נאַציאָנאַל פאָנד.

די פינאַנסיעלע מיטלען פאר ציוניסטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל שטאַמען בעיקר פון צוויי קוועלן, — דעם קרן־היסוד און קרן־קימת (נאַציאָנאַל־פאָנד). דער לעצטער איז דער עלטערער. ער איז גע־גרינדעט געוואָרן נאָך אינם יאָר 1901, אלס דער ערשטער שריט פון פּאָליטישן ציוניזם צו פּראַקטישער אַרבעט אין ארץ־ישראל. זיין אָריגינע־לער צוועק איז בלויז געווען איינקויפן לאַנד ביי אַראַבער, און פאַר־וואַנדלען דאָס אין אַן אייביקן אייגנטום פון יידישן פאָלק. שפּעטער איז דער דאָזיקער ציל עטוואָס אויסגעברייט געוואָרן דורך איבערנעמען אויך פאַרשידענע אויסבעסערונגס־אַרבעטן אויפן געקויפטן באָדן, — למשל, לייגן וועגן, טרוקענען בלאָטעס, וואַלד־פלאַנצונגען א. אז. וו.

די איינגאַמען פון נאַציאָנאַל־פאָנד שטאַמען פון נדבות, וואָס ווערן געזאַמלט ביי יידן איבער דער גאַנצער וועלט. טיילווייז קומען זיי פון גרעסערע באַשטייערונגען, איינשרייבונגען אין „גאָלדענעם בוך" און צוואות, — אָבער צום גרעסטן טייל קומען זיי פון גאָר קליינע נדבות, וואָס ווערן אַריינגעוואָרפן אין פושקעס, דורך פאַרקויפטע מאַרקעס, אָדער געשאַפן דורך „בלומען־טעג" אויף די גאַסן א. אז. וו.

די ביז־איצטיקע איינגאַמען פונם נאַציאָנאַל־פאָנד זינט זיין גרינ־דונג ביזן אָנהויב 1935, — האָבן איבערגעשטיגן די סומע פון פיר מיל־יאָן פונט, וואָס איז הויפּטזעכלעך דערהאַלטן געוואָרן נאָכן קריג. די דאָ־זיקע סומע שטעלט מיט זיך פאר די נעטאָ־איינגאַמען נאָך דער אָפּרעכע־נונג פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַטאָרישע און זאַמלונגס־הוצאות. די דאָ־זיקע הוצאות האָבן ביז איצט באַטראָפן אַרום 25 פּראָצענט פון אַלע

איינגאַמען, נעמנדיק אין באַטראַכט דעם כאַראַקטער פון נאַציאָנאַל־פאָנד אלס א מאַסן־פאָנד, פאַר וועלכן עס ווערט געזאַמלט קלײנע מטבעות, איז דאָס א גאַנץ מעסיקע אויסגאַבע. אלנפאַלס, זענען די זאַמל־הוצאות פונם נאַציאָנאַל־פאָנד פיל קלענער, איידער פון די מערסטע אַנדערע ציוניסטישע פאָנדן, ספּעציעל קרן־היסוד.

די הכנסה פונם נאַציאָנאַל־פאָנד אינם יאָר 1933—1934 האָט באַטראָפן 283,428 פונט, און די נעטאָ־איינגאַמע, וואָס איז אריינגעקומען אינם הויפּט־אָפיס פון נאַציאָנאַל־פאָנד אין ירושלים, האָט באַטראָפן 207,500 פונט.

ביז אָקטאָבער 1934 האָבן די אינוועסטיציעס פונם נאַציאָנאַל־פאָנד אין ארץ־ישראל באַטראָפן ארום 2,600,000 פונט, פון וועלכע 75 פּראָצענט איז אַוועק אויף איינקויפן באָדן. דאָס איבעריקע געלט איז אַוועק אויף אויסבעסערן דעם באָדן (טריקענען בלאָטעס, צונעמען שטיינער), אויף וואַלד־פלאַנצונגען, גראָבן ברונעמער, איינריכטן וואַסער־אינסטאַלאַציע, ווירטשאַפטס־געביידן, אַרבעטער־דירות, און אַזוי ווייטער.

דער גרעסטער טייל באָדן פון נאַציאָנאַל־פאָנד געפינט זיך אין דאָרף. זיינע הוצאות אויף שטאָטישן באָדן האָט באַטראָפן בלויז צען פּראָצענט פון זיינע אינוועסטיציעס אויפן לאַנד.

דער באָדן - אייגנטום פון נאַציאָנאַל - פאָנד, וואָס איז שוין אַנטגילטיק איבערגעפירט אויף זיין נאָמען, האָט אינם אָנהויב פון 1935 דערגרייכט דעם שטח פון 340,000 דונאַם. זינט דעם איינקויף פונם דאָזיקן לאַנד איז עס שטאַרק געשטיגן אינם ווערט, באַזונדערס ווען עס געפינט זיך אין שטעט אָדער אַרום זיי. דער איצטיקער ווערט פון די נאַציאָנאַל־פאָנד־באָדנס, אַפּרעכענענדיק די אויסבעסערונגען, וואָס זענען אויף זיי געמאַכט געוואָרן פון די קאָלאָניסטן אויף אייגענע הוצאות אָדער מיט די מיטלען פון קרן־היסוד, ווערט העכסט־פּאָרזיכטיק אָפּגעשאַצט אין פינף מיליאָן פונט. אין דעם גייען אויך אריין 6913 דונאַם פון קינסטלעכן וואַלד, וווּ עס זענען געפלאַנצט געוואָרן אַרום אַנדערטהאַלבן מיליאָן ביימער.

ווי עס איז באַקאַנט, ווערט דאָס לאַנד פונם נאַציאָנאַל - פאָנד נישט פאַרקויפט נאָר פאַרדונגען, — אויסשליסלעך צו יידן, וואָס קולטיווירן דאָס לאַנד אָן פרעמדער אַרבעט. אינם קאָנטראַקט מיטן נאַציאָנאַל־פאָנד איז אָבער פאַראַן א פּונקט, וואָס דערלויבט דעם קאָלאָניסט, אָדער זיינע יורשים, צו באַנייען דעם קאָנטראַקט, נאָכדעם ווי עס זענען אָפּגעלאָפן

די 35 אָדער 49 יאָר פון דעם קאָנטראַקט. פּראַקטיש מיינט דאָס, אַז דער קאָלאָניסט איז געזיכערט מיטן פאַרמעגן, וואָס ער שאַפט אויפן נאַציאָ־נאַל־פאָנד־באָדן דורך זיין אַרבעט און געלט; ער ווערט בלויז געשטערט אינם מעגלעכן פאַרזוך צו פאַרקויפן עס שפּעטער פאַר ספּעקולאַטיווע פּרייזן.

## דער קרן היסוד.

דער יונגערער אָבער גרעסערער ציוניסטישער פאָנד איז דער קרן־היסוד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן שוין נאָך דעם קריג אויף אַ קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אינם יאָר 1920 אין לאָנדאָן.

זיין נעטאָ־איינגאַמע פאַר די לעצטע פערצן יאָר פון זיין עקזיסטענץ (ביזן ערשטן אַפּריל 1935) האָט באַטראָפן אַרום 5,300,000 פונט. דאָס איז די איינגאַמע, וואָס ער האָט געקריגן אין זיין צענטראַל־אָפיס אין ירושלים. קיין גענויער חשבון וועגן זיינע ברוטאָ־איינגאַמען און דער סומע פון זיינע זאַמלונגס - הוצאות איז קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. זיי שיינען אָבער צו זיין אַ סך העכער, נישט נאָר אַבסאָלוט נאָר אויך פּראָצענט־מעסיק, איידער ביים נאַציאָנאַל־פאָנד. ס'איז אַ סברה, אַז זיי האָבן אין געוויסע יאָרן דערגרייכט פולע 50 פּראָצענט פון די רויע איינגאַמען. אויב דאָס זאָל זיין ריכטיק, מוז די פאַקטישע סומע פון די נדבות, וואָס יידן האָבן ביז איצט געגעבן פאַרן דאָזיקן ציוניסטישן הויפּט־פאָנד, דערגרייכן די סכום פון צען מיליאָן פונט.

דער צוועק פונם קרן־היסוד איז צו קאָלאָניזירן יידן אויפן באָדן פון נאַציאָנאַל־פאָנד; ער דאַרף אויך שטיצן פאַרשידענע עקאָנאָמישע, קולטורעלע און פּאָליטישע טעטיקייטן, וואָס ווערן באַטראַכט אַלס נויטיק פאַר דער שאַפונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים.

די דירעקטע קאָלאָניזאַטאָרישע דערגרייכונגען פון קרן־היסוד שיינען צו זיין גאַנץ קליין אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיינער סומע פון זיינע זאַמלונגען. בלויז 3000 פאַמיליעס זענען ביז אַהער באַזעצט געוואָרן אויפן לאַנד מיט דער דירעקטער שטיצע פון קרן־היסוד. דער פאַקט אָבער איז, אַז די קאָלאָניזאַטאָרישע אויסגאַבן פון קרן־היסוד האָבן ביז איצט נישט געשפּילט די אַנטשיידענדע ראָלע אין זיינע ארץ - ישראלדיקע הוצאות. לויט די אָפיציעלע באַריכטן פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע זענען אויף קאָלאָניזאַציע, אַריינרעכענענדיק שוין אויך די אַגריקולטורעלע

עקספּערימענטאַל־סטאַציעס, ביז איצט אויסגעגעבן געוואָרן בלויז 30 פּראָצענט פון זיינע איינגאַמען.

דעם צווייטן אָרט אין זיינע אויסגאַבן, — אַרום צוואַנציק פּראָצענט, — האָט פאַרנומען די בילדונגס־טעטיקייט, איינרעכענענדיק אין דעם סובסידיעס פאַר דער העברעאישער אוניווערזיטעט און חיפהער טעכניקום.

דעם דריטן און פערטן אָרט פאַרנעמען עפנטלעכע אַרבעטן און אימיגראַציע, וואָס האָבן צוזאַמען געפאָדערט די גלייכע סומע ווי די שולן. אַ היפּשער טייל פונעם דאָזיקן געלט איז אויסגעגעבן געוואָרן אין די יאָרן 1927 און 1928 אויף צו שטיצן אַרבעטסלאָזע. די אויסגאַבן פאַר אימיגראַציע שליסן איין סובסידיעס פאַר הכשרה און אין פיל פאַלן אויך די רייזע־הוצאות פון די חלוצים קיין ארץ־ישראל. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האַלט אויך אויס אימיגראַנטן־הייזער (בתי־עולים) אין די ארץ־ישראלדיקע פּאָרטן, ווו דער פרישאָנגעקומענער אַרבעטער ווערט אויסגעהאַלטן ביז ער קריגט זיין ערשטע אַרבעטס־שטעלע. אַ באַדייטנדן חלק פון די ציוניסטישע אויסגאַבן אין ארץ־ישראל גייט אויך אַוועק אויף עפנטלעכע געזונטהייט. אמת, אין די אָפיציעלע באַריכטן פון קרן־היסוד באַטרעפט די דאָזיקע אויסגאַבע בלויז 6 פּראָצענט פונם אַלגעמיינעם בודזשעט. אין דעם גייט אָבער נישט אַריין דער בייטראָג פון „הדסה", וואָס פיגורירט אין די ציוניסטישע באַריכטן אַלס באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, כאָטש אירע איינגאַמען קומען מער־ווייניק פון די זעלבע קרייזן און זיי קאָנען דעריבער געשטעלט ווערן אויפן קרעדיט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די אויסגאַבן פון קרן־היסוד אין ארץ־ישראל פאַר די לעצטע צוויי יאָר זענען געגעבן אין דער פאָלגנדער טאַבעלע:

אויסגאַבן פון קרן היסוד אין א"י (אין פונטן)

| | 1933 | 1934 |
|---|---|---|
| אַגריקולטור | 44.123 | 30.157 |
| בילדונג | 33.101 | 20.537 |
| אימיגראַציע און אַרבעט | 17.897 | 38.754 |
| געזונטהייט | 1.960 | — |
| שטאָטישע קאָלאָניזאַציע | 4.132 | 3,574 |
| נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע | 13,889 | 12,027 |

| | | |
|---|---|---|
| אינוועסטיציעס | 20,243 | 6010 |
| רעליגיעזע אַנשטאַלטן | 3,319 | 450 |
| אַדמיניסטראַציע | 17,149 | 10,864 |
| פאַרשידנס | 12,099 | 6,092 |
| באַזעצונג פון דייטשע יידן | — | 38,167 |
| צוזאַמען | 167,912 | 166 632 |

אין אמתן זענען די איינגאָמען פון קרן־היסוד פאַרן יאָר 1934 געווען גרעסער, איידער פאַרן פריערדיקן יאָר. זיי האָבן באַטראָפן 255,665 פונט, פון וועלכע 38,167 פונט זענען געקומען פון אַ ספּעציעלן פאָנד פאַר דער באַזעצונג פון דייטשע פליכטלינגע. די פאַרגרעסערונג פון איינגאַמען האָט אָבער נישט געבראַכט צו מער אויסגאַבן אין ארץ־ישראל, ווייל מען האָט אַ גרויסן טייל פון זיי באַשטימט אויף צוריקצאָלן אלטע חובות, וואָס האָבן שטאַרק געדריקט אויפן קרן־היסוד.

ביים סוף פון 1934 איז דעם קרן־היסוד געלונגען צו קריגן אַ אַנלייהע פון אַ האַלבן מיליאָן פונט, פון וועלכע 450,000 פונט זענען געגעבן געוואָרן פון דער לאָידס־באַנק אין לאָנדאָן. די אַנלייהע, וואָס איז גאַראַנטירט דורך די זאַמלונגען פון קרן־היסוד און אירע איינגאַמען פון אמאָליקע מערסטנס אַגריקולטורעלע אינוועסטיציעס, דאַרף צוריקגעצאָלט ווערן אין לויף פון 15 יאָר מיט 4 פּראָצענט ציגזן. זי איז באַנוצט געוואָרן אויף צאָלן די דרינגנדע חובות, און ווירטשאַפטלעך צו קאָנסאָלידירן די דאָרפישע זידלונגען, וואָס זענען אמאָל געשאַפן געוואָרן מיט דער הילף פון קרן־היסוד.

די שליסונג פון דער אַנלייהע איז באַגריסט געוואָרן אין ציוניסטישע קרייזן, אַלס אַן איבערצייגנדער באַווייז פון דעם פעסטן פינאַנציעלן מצב ביי דער ציוניסטישער באַוועגונג און איר פיינער רעפּוטאַציע צווישן די גוישע באַנקירן אין לאָנדאָן. וויניק רעגירונגען, האָט מען געזאָגט, וואָלטן ביי היינטיקע צייטן געקריגן דאָרט אַזאַ גינסטיקן קרעדיט.

אַנדערע פאָנדן.

אַ געוויסע ציוניסטישע טעטיקייט ווערט אָנגעפירט אין ארץ־ישראל דורך עטלעכע אויטאָנאָמע קערפּערשאַפטן, וועמענס איינגאַמען שטאַמען פון באַזונדערע זאַמלונגען אין גלות. אין דער ערשטער רייע געהערט דערצו די „הדסה", וועמענס טעטיקייט איז שוין באַשריבן געוואָרן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל (עלף: געזונטהייט). אַן אַנדערע אָרגאַניזאַציע פון

דעם מין איז די „וויצאָ‟ (אינטערנאַציאָנאַלע ציוניסטישע פרויען־אָר־גאַניזאַציע), וועמענס בודזשעט האָט אינם יאָר 1934 דערגרייכט 50,800 פונט, פון וועלכע אַ טייל איז אַריינגעקומען פון ספּעציעלע פאָנדן פאַר די דייטשע פּליטים. די דאָזיקע בערך יונגע אָרגאַניזאַציע שטיצט די אַגריקולטורעלע שולע פאַר מיידלעך אין נהלל (עמק־יזרעאל) און עטלעכע מיידלעך - ווירטשאַפטן (משקי פּועלות), מיט אַן אַלגעמיינער צאָל פון 300 מיידלעך, וואָס לערנען זיך דאָרט פּראַקטיש אויס פאַרשי־דענע אַגריקולטורעלע און הויז־אַרבעטן. די וויצאָ שטיצט אויך קורסן פון הויז־ווירטשאַפט און גערטנעריי, וואָס ווערן געגעבן דורך אירע לע־רערינס אין 150 ישובים און 100 שולן.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע קאָנטראָלירט אויך אין אַ גרויסער מאָס די טעטיקייט פון דעם פּאָרמעל - אומאָפּהענגיקן פאָנד פאַר דער באַזעצונג פון דייטש - יידישע פּליטים. אויסער סובסידיעס צו אַנ־דערע ציוניסטישע אינסטיטוציעס פאַר זייער אַרבעט לטובת די דייטשע יידן, האָט דער דאָזיקער פאָנד דירעקט אַרויסגעגעבן אין ארץ־ישראל אינם יאָר 1934 די סומע פון 92,000 פונט.

דער סך־הכל פון די אויסגאַבן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אינם יאָר 1934 פון די פאַרשידענע ציוניסטישע אַנשטאַלטן אין ארץ־ישראל, ווערט אינם לעצטן באַריכט פונם הויי־קאָמישיאָנער צום פעלקער־בונד אָנגעגעבן אַלס 739.000 פונט. אין דעם דאָזיקן סך - הכל פיגורירט דער קרן - היסוד מיט 255.700, און דער נאַציאָנאַל־פאָנד מיט 207.500 פונט. דאָס איבעריקע געלט איז אַריינגע־בראַכט געוואָרן פון דעם ספּעציעלן פאָנד פאַר דייטשע פּליטים, — 92,000 פונט, פון דער הדסה, — 70,000, פון דער וויצאָ — 40,000 פונט, און פון די ספּעציעלע זאַמלונגען פאַר דער העברעאישער אוניווערזיטעט,—65.000 פונט, און חיפהער טעכניקום,—9.000 פונט.

דער דאָזיקער חשבון איז, אגב, נישט קיין פולער. ער לאָזט דורך די פאָנדן, וואָס ציוניסטישע פראַקציעס זאַמלען פאַר זייערע אייגענע נויטן אין ארץ־ישראל. דערצו געהערט דער „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין‟, וואָס ווערט דורכגעפירט יערלעך אין אַמעריקע, פאַר די אַנשטאַלטן פון דער אַרבעטער־הסתדרות, און ענלעכע זאַמלונגען אין אַנדערע לענדער. אין דעם גייען אויך אַריין די פּאַרטיי־פאָנדן פון מזרחי פון השומר־הצעיר, — און אין אַ געוויסער מאָס אויך פון די רעוויזיאָניסטן, אגודת־

ישׂראל און די לינקע פועלי־ציון (כאָטש די לעצטע דריי גרופּן זענען אויסער דער אָפיציעלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע). אמת, א גרויסער טייל פון אַזעלכע פּאַרטיי־פאָנדן בלייבט פאַר די נויטן פון דער דאָזיקער באַוועגונג אין גלות, און דער רעשט, וואָס קומט אַריין קיין ארץ־ישׂראל ווערט אויך מערסטנס אַריינגעלייגט אין באַשטייענדע פּאַרטיי־אַנשטאַלטן, אָן א דירעקטן קאָלאָניזאַטאָרישן רעזולטאַט. פונדעסטוועגן וואָלט דער חשבון פונם היי־קאָמישאָנער באַדאַרפט דערגענצט ווערן מיט איבער 100,000 פונט, וואָס קומען אַריין פאַר אַזעלכע פּאַרטיי־ אָדער קלאַסן־פאָנדן אין ארץ־ישׂראל.

אויב מען זאָל נאָך דערצו צורעכענען די סומען, וועלכע ווערן אַריינגעבראַכט קיין ארץ־ישׂראל פון דער פּיקאָ, וועלכע פאַרווענדעט זיי צום גרויסן טייל אויף קאָלאָניזאַטאָרישע צוועקן, און פון געוויסע בילדונגס־אינסטיטוציעס און שפּיטאָלן, וואָס זענען אומאָפּהענגיק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָלטן מיר וואַרשיינלעך געקומען צום אויספיר, אַז די אַלגעמיינע סומע פון יידיש געלט, וואָס איז אַריינגעקומען קיין ארץ־ישׂראל אינם יאָר 1934 אַלס נדבות אויף גרויסן פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן, האָט איבערגעשטיגן א מיליאָן פונט — פינף מיליאָן דאָלאַר!

### יידישע קאָלאָניאַל־באַנק.

אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געגרינדעט אין לאָנדאָן א באַנק, וועלכע האָט געזאָלט פאַרוואַנדלט ווערן אינם הויפּט ־ פונדאַמענט פון איר קומענדיקער קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט. דער קאַפּיטאַל פון דער דאָזיקער באַנק ,,דער דזשואיש קאָלאָניאַל טראַסט'', איז געזאַמלט געוואָרן דורך איינציקע אַקציעס, צו 1 פונט יעדע, פון יידן אין דער גאַנצער וועלט. ס'רוב געלט פון דער באַנק איז געגעבן געוואָרן פון די ברייטע און אַפילו אָרעמע יידישע מאַסן. אין די מערסטע פאַלן האָט מען אויסגעצאָלט אַן אַקציע אין לויף פון א יאָר אָדער צוויי, און פיל פון די דאָזיקע אַקציאָנערן האָבן גאָר געמוזט אָפּשטעלן זייערע צאָלונגען אינמיטן. די דאָזיקע טיילווייז־איינגעצאָלטע אַקציעס האָבן שפּעטער געהאָלפן צו דעקן די אָרגאַניזאַטאָרישע און אַנדערע ערשטע הוצאות פון דער באַנק.

נישט קוקנדיק אויפן ברייטן אָפּקלאַנג פון די מאַסן אויף הערצלס פאַרלאַנג נאָך אַקציעס, האָט דער יידישער ,,קאָלאָניאַל־טראַסט'' זיך נישט אַרויסגעוויזן צו זיין א געשעפטלעכער דערפאָלג. אַנשטאָט דעם אויטאָרי־

זירטן קאפיטאל פון צוויי מיליאן פונט האט ער זיך געמוזט באגנוגענען מיט 395.239 ארויסגעגעבענע 1־פונטיקע אקציעס. די באנק האט געהאט ריזיקע פארלוסטן אין דער צייט פון וועלט־קריג צוליב אומגעלונגענע אינ־וועסטיציעס. און די ריזיקע פארלוסטן זענען שפעטער נאך פארגרעסערט געווארן צוליב ריזיקאנטע קרעדיטן צו איינצלנע פערזאנען, וואס זענען געשטאנען נאענט צו איר פארוואלטונג. דאס האט געבראכט דערצו, אז אינם יאר 1933 איז דער קאלאניאל טראסט ליקווידירט געווארן אלס אן ארבעטנדע באנק. פארמעל עקזיסטירט ער אבער נאך אלס א מין „האל־דינג־קאמפאניע" פאר דער אנגלא־פאלעסטינע־באנק.

## די אנגלא פאלעסטינע באנק.

די אנגלא־פאלעסטינע־באנק, געגרינדעט אין 1902 אלס א טאכטער־געזעלשאפט פון דעם קאלאניאל־טראסט, האט געהאט א פיל ־ בעסערן גורל איידער איר „מוטער". א דאנק דעם אלגעמיינעם וווקס פונם לאנד און דער וווילשטאנד, וואס איז געבראכט געווארן דורך נייע אי־מיגראנטן, איז זי צוביסלעך אויסגעוואקסן אין א שטארקן פינאנציעלן אנשטאלט, וואס שפילט א גאנץ באדייטנדע ראלע אינם עקאנאמישן לעבן פונם לאנד. טעארעטיש קאנטראלירט פון דער ציוניסטישער ארגאַ־ניזאציע, וועלכע פארמאגט די גרינדער־אקציעס פון דעם קאלאניאל־טראסט, פון וואנען עס שטאמט דאס מערסטע קאפיטאל פון דער אפ"ב, דאט אפ"ב צוביסלעך דערגרייכט א פאקטישע זעלבסטשטענדיקייט פון אויסערלעכן קאנטראל. יידישע געשעפטס־לייט אין ארץ־ישראל קלאגן זיך גאנץ אפט אויף די גאר שווערע באדינגונגען, וועלכע די אפ"ב שטעלט פאר בעלנים אויף קרעדיט, אבער די פירער פון דער באנק זאגן, אז ביי די איצטיקע עקאנאמישע באדינגונגען פון ארץ־ישראל איז נויטיק די גרעסטע שטרענגקייט און פארזיכטיקייט, כדי די באנק זאל זיין זיכער מיט איר ווייטערדיקער עקזיסטענץ און דערפאלג*).

צו די געשעפטלעכע אונטערנעמונגען, וואס געפינען זיך טיילוויז אונטער דעם קאנטראל פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע געהערט אויך די „חברת הכשרת הישוב" (פאלעסטינע לענד דעוועלאפמענט קאמ־

---

*) ציפערן וועגן זעם געשעפטס־פארנעם פון דער אפייב און אירע פינאנציעלע רעסורסן זענען געגעבן געווארן אין א פריערדיקן קאפיטל פונם בוך (זעקס: פינאנסן).

פּאַניע), וועמענס אויפגאַבע איז איינצוקויפן לאַנד און צוגרייטן עס פאַר אַ ישוב. צום אונטערשיד פון נאַציאָנאַל־פאָנד בלייבט נישט די הכשרת הישוב ביים געקויפטן לאַנד, נאָר זי פאַרקויפט עס גלייך צו אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס און יחידים. מערסטנס קויפט זי לכתחילה דאָס לאַנד פאַר באַשטימטע קליענטן, הויפּטזעכלעך פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. זי איז דערמיט אַ לאַנד־אַגענטור, וואָס האָט נישט קיין מער־פונדאַמענטאַלע קאָלאָניזאַטאָרישע ציל. דאָס איז אָבער ביי דער שווערי־קייט פון לאַנד־איינקויף אין ארץ־ישראל אליין און פאַר זיך אַ וויכטיקע אויפגאַבע.

## די אָרגאַניזאַציע פון עליה.

די קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע הויבט זיך אָן נאָך אין גלות, ווו עס ווערן אויסגעקליבן און צוגעגרייט די אימיגראַנטן פאַר ארץ־ישראל. אָנהאַלטנדיק די פולע יוריסדיקציע איבער דער צאָל פון אַרבעטס־אימיגראַנטן, וואָס ווערן יעדעס יאָר אַריינ־געלאָזט קיין ארץ־ישראל, גיט איבער די פּאַלעסטינער רעגירונג דער יידי־שער אַגענטור דאָס רעכט צו פאַרטיילן די „סערטיפיקאַטן", וואָס געבן דאָס רעכט אויף איינוואַנדערונג צו די יעניקע קאַנדידאַטן, וועלכע זי האַלט אַלס פּאַסנד פאַרן לאַנד. דער דאָזיקער האַלב־קאָנטראָל פון דער יידישער אַגענטור איבער אימיגראַציע באַציט זיך נישט פאָרמעל אויף אַנדערע קאַטעגאָריעס פון אימיגראַנטן, — אויף קאַפּיטאַליסטן, וואָס פאַרמאָגן איבער 1000 פונט, אויף קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות, וואָס ווערן צוגעלאָזט מיט קלענערע געלט־מיטלען, אויף די קרובים פון ארץ־ישראלדיקע איינוווינער א. אז. וו. פונדעסטוועגן האָבן אָפט די פּאַלעס־טינע־אַמטן אַ סך צו זאָגן אויך איבער די דאָזיקע סאָרטן אימיגראַנטן.

די גרעסטע מערהייט פון די אַרבעטער־אימיגראַנטן זענען לאַנג פאַרן אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל אָרגאַניזירט אין ספּעציעלע גרופּן, וואָס האָבן דעם צוועק צוגרייטן זיי פאַרן לאַנד. די דאָזיקע צוגרייטונג באַ־שטייט בעיקר אין אַרבעט אויף לערן־ווירטשאַפטן אָדער ווערקשטאַטן אין גלות. זי ווערט אָנגערופן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „הכשרה".

בהסכם מיט דער אַלגעמיינער צעטיילונג פון דער ציוניסטישער־אָרגאַניזאַציע אין אויטאָנאָמע פראַקציעס, ווערט אויך די הכשרה דורכ־געפירט פון יעדער פון די דאָזיקע פראַקציעס באַזונדער. נאַטירלעך,

איז אין דעם אַממערסטן טעטיק דער אַרבעטער פליגל, וואָס ליפערט די גרעסטע מערהייט פון די חלוצים קיין ארץ ישראל. אַפילו די אַרבעטער־פירן נישט דורך די הכשרה אויף אַ געאייניקטן אופן. אויסער דער אַלגעמיינער פיאָנערן - אָרגאַניזאַציע „החלוץ", וואָס געפינט זיך אונטער דער ליטונג פון דער אַרבעטער - פּאַרטיי אין ארץ־ישראל און אירע פאַרבינדעטע פּאַרטייען אין אַנדערע לענדער, עקזיסטירט כמעט אומעטום אַ באַזונדערע הכשרה פון דעם „השומר - הצעיר", אַ גרופּע, וואָס איז נאָך לינקער געשטימט. אויסער דעם גייען אַריין אין די ראַמען פון דער אַרבעטער - הכשרה אַזעלכע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס ווי די „גורדוניה" אין פּוילן. אַלע זענען זיי אָנערקענט פון די אָרטיקע פּאַלעסטינעאַמטן, פון וועלכן זיי קריגן אַ צאָל פון סערטיפיקאַטן, וועלכע איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל פון זייערע חברים, וואָס מאַכן דורך ביי זיי די הכשרה.

אויסער דער צוגרייטונג צו אַגריקולטורעלער אַרבעט, און אַמאָל אויך צו ספּעציעלע שטאָדטישע פאַכן, לייגן די אַלע הכשרה גרופּן גאָר אַ גרויסן געוויכט אויפן העברעאיש, וואָס איז אַן אומבאַדינגטער תּנאי פאַר יעדן.

## די מאָראַלישע זייט פון „הכשרה"

דער אינטערעסאַנטער כאַראַקטער־שטריך פון דער הכשרה איז איר שטרעבונג צו ברעכן דעם טיפּישן יידישן דראַנג צו אינטעליגענטע שטאָטישע פּראָפעסיעס, וואָס זענען די גרעסטע געפאַר פאַר דער יידישער צוקונפט אין אַלע לענדער.

די פירער פון דער הכשרה באַמיען זיך צו שיקן קיין ארץ - ישראל יונגע לייט, וואָס זענען נישט נאָר צוגעוווינט צו פיזישער אַרבעט, נאָר אויך פסיכאָלאָגיש צוגעפּאַסט צו די פיזישע אַרבעטן, וואָס דערוואַרטן זיי אין ארץ - ישראל. ס'איז שווער צו געפינען אין דער וועלט אַ באַוועגונג, וואָס רעוואָלוציאָניזירט אַזוי טיף דעם גאַנצן לעבן און אויסזען פון אירע מיטגלידער, ווי עס טוען דאָס די חלוצים־גרופּן.

אָט איז, למשל, אַ קלייניקער, אָבער פיל־זאָגנדיקער פאַקט, וואָס ווייזט דעם אומגעוויינלעכן גייסט פון די דאָזיקע חלוצים. דער „השומר־הצעיר" פאַרווערט זיינע מיטגלידער נישט נאָר צו טרינקען, — דאָס איז פאַרשטענדלעך, נאָר אויך צו רויכערן בשעת דער הכשרה אין גלות. ווען

איך האָב איינעם פון זייערע פירער געפרעגט, וואָס איז דער צוועק פון אזא פארבאָט, האָט ער מיר דערקלערט, אַז זיי פאַרדאַמען נישט דאָס רויכערן פון אַ פיזישן אָדער מאָראַלישן שטאַנדפונקט. זיי ווילן בלויז ווייזן אַ גוטן ביישפּיל פאַר די יונגע מיטגלידער פון זייער אָרגאַניזאַציע (די סקאַוטן, וואָס זענען אונטער 17 יאָר), און זיי האַלטן, בכלל, אַזאַ „פּראָהיבּישאָן" פאַר אַ גוטער כאַראַקטער — דערציאונג. ווער עס קאָן נישט בייקומען אַזעלכע קליינע געוווינהייטן אין נאָמען פון אַ העכערן אידעאַל, דער זאָל בעסער פאַרלאָזן זייערע רייען....

די אָנפירונג פון הכשרה דורך עטלעכע באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס קאָן אין פלוג, אויסזען, אַלס אַן איבעריקע פאַרשווענדונג פון ענערגיע. אָבער אַ פאַרזוך צו רעגימענטירן די הכשרה פונם צענטראַלן ציוניס־טישן אָפּיס אין לאָנדאָן, וואָלט ביי איר צוגענומען איר פּריוויליקייט און מאָראַלישע קראַפט. בעסער, זאָגן די פירער פון הכשרה, צו האָבן עטלעכע באַזונדערע גרופּן, וואָס שטרעבן פּאַקטיש צו איין און דעם זעלבן צוועק, איידער פאַראייניקן זיי מיט צוואַנג. אַזאַ פאַראייניקונג וואָלט ערשט געבראַכט צו רייבונגען. ווי וואָלט, למשל, אויסגעזען אַ הכשרה — ווירטשאַפט, ווו די אפּיקורסים פון „השומר — הצעיר" זאָלן זיין אינאיינעם מיט די פרומע פּיאָנערן פון „הפועל־המזרחי"?

כדי צו פאַרטיילן די שטענדיק־אומגענוגנדע צאָל פון סערטיפיקאַטן אויף אַ גערעכטן אופן צווישן פאַרשידענע הכשרה — גרופּן זענען די ציוניסטישע פּאַלעסטינע־אַמטן אָרגאַניזירט אויפן יסוד פון פּראָפּאָרציאָ־נעלער פאַרטרעטונג. יעדער פּאַלעסטינע־אַמט ווערט אָנגעפירט פון אַ קאָמיטעט, אין וועלכן פאַרשידענע פראַקציעס פון דער באַוועגונג זענען פאַרטראָטן פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל שקלים, וואָס זיי האָבן פאַר־קויפט צום לעצטן קאָנגרעס יאָר. אויסער דעם קלייבן אויס די חלוצים־גרופּן, וואָס זענען אויף דער הכשרה, איין דירעקטן פאַרטרעטער.

ביים אָנהויב פון 1935 זענען בערך 25.000 חלוצים געווען אויף הכשרה אין גלות, די העלפט פון זיי געפינט זיך אין פּוילן אַליין. אין דייטשלאַנד באַטרעפט די צאָל פון די חלוצים אויף הכשרה אַרום דריי־פיר טויזנט.

אגב, זענען די דאָזיקע ציפערן פיל נידעריקער פון דער אַלגעמיינער מיטגלידער־צאָל פון די אָרגאַניזאַציעס. נישט אַלע פון זייערע חברים זענען אין ווירקלעכער הכשרה אויף אַ לערן־ווירטשאַפט. די מערסטע פון זיי וואַרטן אויף זייער ריי אָנצוקומען אַהין, און דערווייל בלייבן

זיי בײַ זייער פריערדיקער באַשעפטיקונג אָדער שטודיום. אַ חלוץ ווערט נישט געשיקט אויף דער הכשרה פריער, ווי ער האָט דורכגעמאַכט צוערשט אַ פּאָר יאָר אין דער החלוץ־אָרגאַניזאַציע פון זיין שטאָט, וווּ ער ווערט אידעאָלאָגיש צוגעגרייט פאַרן קומענדיקן לעבן אין ארץ־ישראל. אַ טייל פון די דאָזיקע צוקונפטיקע חלוצים פאַרלאָזן די רייען פריער, איידער עס קומט זייער צייט פאַר ווירקלעכער הכשרה. אייניקע ווערן אַנטמוטיקט דורך די שטרענגע פאָדערונגען פון דער אָרגאַניזאַציע, אַנדערע בייטן זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען, און נאָך אַנדערע ווערן אָנערקענט פון אייגענע חברים אַלס נישט פּאַסנד פאַר ארץ־ישראל. בדרך־כּלל, איז די שולע פון חלוציזם אַ גאַנץ שטרענגע, און נישט אומזיסט גיט זי אַרויס אַ מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס איז פאַרהאַרטעוועט און איז פעאיק איבערצוטראָגן אַלע שוועריקייטן און בייקומען זיי.

אין פיל פאַלן האַלט זיך די הכשרה אויס פון זיך אַליין. די צוקונפטיקע חלוצים ווערן אָפט באַשעפטיקט אויף גרויסע מאַיאָנטקעס, אָדער אויף פאַבריקן, וווּ זיי לערנען זיך אַ פאַך, וואָס איז וויכטיק פאַר ארץ־ישראל. בדרך כּלל אָבער, מוזן זיי צוליב דער הערשנדער אַרבעטסלאָזיקייט (ווי אויך צוליב אידעאָלאָגישע מאָטיוון) אַליין אָרגאַניזירן זייערע אייגענע ווירטשאַפטן און וואַרשטאַטן. זייערע אויסגאַבן ווערן אָפט טיילווייז געדעקט דורכן פאַרקויף פון די פּראָדוקטן, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אויף זייער ווירטשאַפט אָדער וואַרשטאַט. מערסטנס מוזן זיי אָבער דערגענצט ווערן דורך סובסידיעס פון קרן־היסוד און אייגענע פּראָקציאָנערע פאָנדן.

מיט יאָרן צוריק פלעגן די מערסטע חלוצים פאָרן קיין ארץ־ישראל אויף די מיטלען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען פון זייער זייט סובסידירט געוואָרן פון קרן־היסוד. איצט אָבער באַמיען זיך די חלוצים אַליין צו קריגן זייער רייזע־געלט, דורך אָפּשפּאָרונגען פון אַרבעט אָדער הילף פון זייערע עלטערן און קרובים. אגב, איז אין דער באַציאונג פון די דאָזיקע עלטערן לעצטנס פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. אַמאָל האָט אַ בעל־הבית־ישער ייד באַקעמפט די שטרעבונג פון זיינע קינדער צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, און זעלטן ווען ער האָט אַרויסגעהאָלפן מיט רייזע הוצאות. איצט אָבער, מיט דעם בּסדרדיקן אויפשטייג פון אַנטיסעמיטיזם אין אייראָפּע, און דעם מאַנגל פון עקאָנאָמישע אויסזיכטן פאַר דער אָנוואַקסנדער יוגנט, זענען די עלטערן שוין מער בײַהילפיק אין דעם פּרט.

היות, ווי דער דראַנג פון די יידישע מאַסן נאָך ארץ־ישראל שטייגט אריבער די מער באַשרענקטע ראַמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווערט די אָרגאַניזירונג פון דער ארבעטער־אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל אַלץ שווערער און קאָמפּליצירטער. גרופּן, וואָס זענען צוליב די, אָדער אַנדערע אורזאַכן אויסער דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פאָדערן אַ חלק אין די סערטיפיקאַטן אויפן גרונד פון זייער אַלגעמיינער צושטימונג צום געדאַנק וועגן דער יידישער היים אין ארץ ישראל. אַמאָל איז אַזאַ פאַרלאַנג געשטעלט געוואָרן פון די לינקע פּועלי־ציון, שפּעטער פון אגודת־ישראל, און גאָר לעצטנס פון די רעוויזיאָניסטן. די פראַגע וועגן אַן אימיגראַציע־קוואָטע פאַר די רעוויזיאָניסטן איז באַזונדערס שאַרף צוליב זייער פאַרזוך צו רופן אַ באַזונדערן מין קאָנגרעס, וואָס זאָל פאָדערן סערטיפיקאַטן דירעקט פון דער ענגלישער רעגירונג.

אַן אַנדער שוועריקייט איז דער אַלץ שטאַרקערער פאַרלאַנג פון ארץ־ישראלדיקע פאַבריקאַנטן און קאָלאָניסטן נאָך אייגענע סערטיפיקאַטן, וועלכע זיי זאָלן קאָנען צעטיילן אָן דעם קאָנטראָל פון דער „יידישער אַגענטור". דער דאָזיקער פאַרלאַנג ווערט טיילווייז באַגרינדעט מיטן פאַרלאַנג נאָך קוואַליפיצירטע ארבעטער, אָבער זי שטאַמט מער אין עצם פון אָפּן־פּאָליטישע טעמים, — דער מורא פאַר די סאָציאַליסטישע אידייען פון די געווינלעכע חלוצים.

די פראַגע וועגן דער פאַכמענישער קוואַליפיקאַציע פון אַרבעטער, ווערט בכלל אַלץ שאַרפער צוליב דעם בסדרדיקן וווּקס פון דער ארץ־ישראלדיקער אינדוסטריע און אַפּטע קלאַנגען, אַז זי איז נישט קאָנקורענץ־פעאיק צוליב דעם מאַנגל פון דערפאַרענע פאַך־אַרבעטער. די פראַגע וועגן קוואַליפיקאַציע ווערט באַזונדערס וויכטיק צוליב דער גרעסערער פּראָפּאָרציע פון שטאָטישע ארבעטער אין היינטיקן ארץ־ישראל און דער בסדרדיקער מאָדערניזירונג פון די טעכנישע מעטאָדן, וועלכע ווערן דאָרט באַנוצט סיי אין דאָרף און סיי אין שטאָט.

## טעטיקייט אין ארץ ישראל

די וויכטיקסטע טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל גופא איז דער אויפקויף פון לאַנד דורך דעם נאַציאָנאַל־פאָנד און די באַזעצונג פון חלוצים מיט דער הילף פון קרן־היסוד. צוליב פאַרשידענע אומשטענדן האָט אָבער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זיך

נישט באַשרענקט מיט דער דאָזיקער עיקרדיקער אויפגאַבע. באַלד נאָכן קריג האָט זי איבערגענומען די יידישע דערציאונגס סיסטעם אינם לאַנד, די געזונדהייטס־טעטיקייט, און אפילו די לאַסט פון שטיצן די אָרטיקע קהלות און רעליגיעזע אַנשטאַלטן...

ווי עס זעט אויס, האָבן די ציוניסטישע פירער דעמאָלט איבערגעשאַצט זייער צוקונפטיקע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן, און זענען דעריבער געווען צו גרויס־מוטיק צו באַפרייען די אָרטיקע רעגירונג פון לאַסטן, וואָס זי אַליין וואָלט באַדאַרפט טראָגן אין אַ נאָרמאַל לאַנד. שפּעטער, ווען מען האָט איינגעזען דעם געמאַכטן פעלער, איז שוין שווער געווען צו באַפרייען זיך פון די אַמאָל איבערגענומענע פאַרפליכטונגען, און די דאָזיקע אַלע זייטיקע אויפגאַבן האָבן צוגענומען דעם גרעסטן טייל פון די ציוניסטישע איינגאַמען און גאָר ווייניק איבערגעלאָזט פאַר איינגנטלעכער קאָלאָניזאַציע.

„אַ קבוצה, — האָט אַמאָל געזאָגט אוסישקין, — וואָס איז נאָך נישט געשאַפן געוואָרן, שווייגט, און אַ לערער, וועמען מען איז שולדיק געלט, מאָנט"...

צוליב דער דאָזיקער גאַנץ־פאַרשטענדלעכער לאַגע, האָבן די אַרבעטן, וועלכע זענען פון אָנהויב באַטראַכט געווען אַלס צווייטראַנגיק, געמוזט פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין די יאָרן פון פינאַנציעלער נויט. פון דער אַנדערער זייט האָט דער מאַנגל פון נייע קאָלאָניזאַטאָרישע דערגרייכונגען אָפּגעקילט צייטנווייז דעם ענטוזיאַזם פון די יידישע מאַסן און געמאַכט אַלץ שווערער אַרויסצוקריגן פון זיי אַזעלכע סומען געלט, וואָס זאָלן נאָך דער באַפרידיקונג פון באַשטייענדע אַנשטאַלטן איבערלאָזן וועזנטלעכע סומען פאַר נייער קאָלאָניזאַציע. האָט זיך אויף אַזאַ אופן געשאַפן אַ טעמפּער ווינקל: מאַנגל פון קאָלאָניזאַציע האָט געשטערט די זאַמלונגען אין אויסלאַנד, און קליינע זאַמלונגען האָבן נאָך שווערער געמאַכט צו טאָן עפּעס אויפן קאָלאָניזאַטאָרישן פעלד.

דער מאַקסימום פון די זאַמלונגען פאַרן קרן־היסוד איז דערגרייכט געוואָרן אינם יאָר 1926, און אין די שפּעטערדיקע פאַר יאָר זענען זייגע איינגאַמען געפאַלן, נישט קוקנדיק אויף דער פּראָספּעריטי, וואָס האָט זיך דעמאָלט אויסגעשפּרייט איבער דער וועלט. ווי עס איז באַקאַנט, האָט די דאָזיקע לאַגע געבראַכט צו דער גרינדונג פון דער יידישער אַגענטור (ציריך, אויגוסט 1929), וואָס האָבן געזאָלט צוציען צום ציוניזם

די גאַר רייכע יידן, וואָס זענען פריער געווען צום ציוניזם גלייכגילטיק. די לייסטונגען אָבער פון „די נישט־ציוניסטן" פאַר די זעקס יאָר, וואָס זענען אַריבער זינט דעם אָפּמאַך אין ציריך, זענען אָבער אַן אַנטוישונג פאַר פיל פון זייערע אַמאָליקע שטאַרקע אָנהענגער, און די פראַגע וועגן אויס־בּרייטערן די קאָנסטרוקטיווע מעגלעכקייטן פון דער יידישער אַגענטור איז איצט אַזוי שאַרף, ווי פריער.

די ירידה אין די איינגאָמען פון די ציוניסטישע פאָנדן איז טייל־ווייז קאָמפּענסירט געוואָרן דורך זאַמלונגען פאַר ספּעציעלע פאָנדן אין דער צייט פון באַזונדערער נויט. אַזאַ פאָנד איז געווען דער הילפס־פאָנד, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין דער וועלט, הויפּטזעכלעך אין אַמעריקע, נאָך די פּאָגראָמען פון אויגוסט 1929. ער איז באַנוצט גע־וואָרן נישט נאָר פאַר דירעקטער הילף צו די פעריזאָנען, וואָס האָבן אָנ־געווירן אין פּאָגראָם זייער פאַרמעגן אָדער קוועלע פון איינקונפט, נאָר אויך פאַר דער התישבות האלף (באַזעצונג פון טויזנט) און אַנדערע קאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייטן, וואָס האָבן טיילווייז אויסגעגליכן דעם פינאַנסיעלן פאַראַליז פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ענגן זין פונם וואָרט. אַן ענלעכער רעזולטאַט, — וואַרשיינלעך אין אַ גרעסערן פאַרנעם — וועט אויך אַרויסקומען פון די ספּעציעלע זאַמלונגען, וואָס זענען לעצטנס אָנגעפירט געוואָרן פאַר די יידישע קרבנות פונם היטלער־רעזשים אין דייטשלאַנד.

## קריטיק און פאַרטיידיקונג

בעת זיינע לעצטע רייזעס איבער ארץ־ישראל איז דעם מחבר נישט איינמאָל אויסגעקומען צו הערן אַ שאַרפע קריטיק פון דער נאָך־קריג־טענדענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איבערגעמען אין ארץ־ישראל אַלע אויפגאַבן און לאַסטן, וואָס האָבן באַרמאָל געטראָגן ווערן פון דער אָרטיקער רעגירונג. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט, לויט זייער מיינונג, זיך נישט געטאָרט אַריינלאָזן אין דערציהונגס־טעטיקייט און סאַניטאַרישער אַרבעט אין אַזאַ גרויסן פאַרנעם. וואָלט זי פון אָנהויב אָן נישט גרויסמוטיק גענומען אויף זיך די דאָזיקע אומבאַרעכטיקטע לאַסטן, וואָלט די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג זיך נישט געקאָנט אַרויס־דרייען פון אחריות פאַר יידישער דערציאונג און מעדיצינישער הילף. אין אַזאַ פאַל וואָלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אימשטאַנד געווען צו באַ־

נוצן אַ פּיל־גרעסערן טייל פון אירע איינקונפטן פאַר איינגלידערונג קאָלאָ־ניזאַציע.

די אָנהענגער פון דער מיינונג גלויבן, אַגב, נישט, אַז די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג וואָלט דערלויבט די יידישע שולן צו פאַלן אויף דער מדרגה פון די אַראַבישע. פאַרקערט, זיי האַלטן, אַז דער איינשלוס פון יידישע שולן מיט זייערע מער אַנטוויקלטע לערער און עלטערן, גישט ענדערנדיק זייער איצטיקן שפּראַכלעך - קולטורעלן כאַראַקטער, וואָלט גאָר געהאָלפן צו הייבן דעם איצטיקן סטאַנדאַרט פון די אַראַבי־שע לער־אַנשטאַלטן. און ווען אַפילו די דערציאונגס־טעטיקייט צווישן יידן וואָלט עטוואָס געליטן פון דער רעגירונגס־קאָנטראָל איבער איר, וואָלט דער דאָזיקער קרבן זיך אין לויף פון די לעצטע פופצן יאָר מער ווי אויסגעצאָלט דורך דעם גיכערן פּראָגרעס פון דער יידישער קאָלאָני־זאַציע און דורך דעם גרעסערן ענטוזיאַזם, וואָס דער דאָזיקער פּראָגרעס, וואָלט אַרויסגערופן פאַר די קאַמפּיינס פון די ציוניסטישע פאָנדן.

ס'איז פאַראַן אויך אַן אַנדער סאָרט קריטיק, וואָס זוכט צו דער־גרייכן אַ פאַרגיכערטע קאָלאָניזאַציע דורך געענדערטע באַציאונגען מיט דער מאַנדאַט מאַכט, וועלכע שטעלט איצט בלערליי שוועריקייטן אויפן וועג פון יידישן פּראָגרעס אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער סאָרט קריטיק ווערט אַממערסטן פאַרטראָטן פון די רעוויזיאָניסטן, וועלכע גלויבן, אַז די איצטיקע באַציאונג פון ענגלאַנד, וואָלט געקאָנט פונדאַמענטאַל גע־ענדערט ווערן דורך אַן איינשטימיקן יידישן פּראָטעסט און עקשנותדיקן פאַרלאַנג, אַז ענגלאַנד זאָל אויספירן דעם גייסט פון איר ארץ־ישראלדיקן מאַנדאַט, און נישט באַנוצן זיך מיט אַרומגעטייטשטע ווערטער, כדי צו שטעלן בלערליי שוועריקייטן אויפן וועג פון יידישן פּראָגרעס. דערפאַר זענען די רעוויזיאָניסטן גרייט צו דינען ענגלאַנד דורך אַקטיווער הילף פאַר איר אימפּעריאַלער פּאָליטיק אין נאָענטן מזרח.

די קריטיק, וועלכע מען הערט קעגן די ציוניסטישע אַרבעטס־מע־טאָדן, שיינט צו זיין איבערראַשנד, ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט דעם ווירקלעך וועזנטלעכן פאָרטשריט פונעם ארץ־ישראלדיקן יידנטום, וואָס האָט אַרויסגעליגט זיין שטעמפּל אויפן גאַנצן לאַנד. די קריטיקער פון דער ציוניסטישער אַדמיניסטראַציע זענען אָבער נישט נוטה צו באַ־טראַכטן דעם דאָזיקן פּראָגרעס אַלס איר פאַרדינסט. זיי זאָגן, אַז די פאַר־גרעסערטע אימיגראַציע פון די לעצטע יאָרן איז צוגעצויגן געוואָרן דורך דער אַנטוויקלונג פון שטעט און אינדוסטריע, אין וועלכע די ציוניסטי־

שע ארגאניזאציע האט נישט קיין וועזנטלעכן חלק. אפילו דער אגריקולטורעלער פראגרעס פון די לעצטע עטלעכע יאר, וואס האט זיך אויסגעדריקט בעיקר אינם וווקס פון די ציטרוס־פלאנטאציעס, איז צו פארדאנקען דעם פריוואטן יידישן קאפיטאל, און האט ווייניק וואס צו טון מיט דער ציוניסטישער ארגאניזאציע.

די פארטיידיקער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע ווייזן אן אבער אויף דעם, אז דער פריוואטער קאפיטאל וואלט נישט געקומען אין לאנד, ווען עס וואלט פאר אים נישט צוגעגרייט געווארן א פונדאמענט דורך עפנטלעכע פאנדן. זיי באהויפטן, למשל, אז די איניציאטיוו אין דער גרינדונג פון תל־אביב איז געגעבן געווארן דורך עפנטלעכע אינסטיטוציעס, און אז דער אויפקויף פונם ערשטן באדן אין דער שפעטער געוואקסענער שטאט און דער בוי פון די ערשטע הייזער איז פארגעקומען מיט דער קרעדיט ־ הילף פון דער ציוניסטישער אנגלא־פאלעסטיין באנק. זיי דערמאנען אויך, אז די ערשטע פארשונגס־ארבעטן פון רוטענבערגן, דעם איניציאטאר פון דער עלעקטראפיקאציע אין ארץ־ישראל, וואלטן נישט געקאנט דורכגעפירט ווערן, ווען זיי וואלטן גלייךביים אנהויב נישט סובסידירט געווארן דורך דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. אפילו איצט, זאגן זיי, וואלט דער פריוואטער קאפיטאל נישט אינוועסטירט געווען אין לאנד, ווען ער איז נישט זיכער אין די בסדרדיקע באמיאונגען פון דער ציוניסטישער באוועגונג צו אנטוויקלען עס אין דער צוקונפט.

אין א ברייטערן זין פונם ווארט איז דאס אלץ ריכטיק. פונדעסטוועגן האט די ציוניסטישע ארגאניזאציע אירע אייגענע קאלאניזאטארישע אויפגאבן, און אויב זיי ווערן נישט געטאן אין א געהעריקן פארנעם, קאנען זיי נישט קאמפענסירט ווערן דורך די דערפאלגן פון פריוואטן קאפיטאל. גראד די לעצטע כוואליע פון מאסן ־ אימיגראציע, וואס האט פאראורזאכט א גיכן וווקס אין די שטעט און א בערכדיקע ירידה אין דארף, מאכט אירע אויפגאבן פאר באזונדערס וויכטיק און דרינגענד. אויב די ציוניסטישע ארגאניזאציע וועט נישט געפינען קיין מעטאדן, וואס זאלן פארגרעסערן דעם דירעקטן קאלאניזאטארישן „נוץ־עפעקט" פון איר טעטיקייט, שטייען מיר פאר דער סכנה פון א נייעם גלות, וו אן אויבערשטע שיכט פון יידישע געשעפטס־לייט און פראפעסיאנעלע אינטעליגענץ, אפילו פארשטארקט דורך א באדייטנדע צאל פון קוואליפיצירטע אינדוסטריע ־ ארבעטער, וועט דאך בלייבן לחלוטין אפהענגיק פון א ברייטערער באזע פון אראבישע פויערים און שווארצע ארבעטער.

דאָס איז גראָד די לאַגע, קענען וועלכער דער ציוניזם איז באַשאַפן געוואָרן...

די גערעכטיקייט פאַרלאַנגט צו אָנערקענען, אַז גראָד איצט איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַ בעסערער לאַגע און קאָן רעפאָרמירן אירע אַרבעטס־מעטאָדן אַזוי, אַז זי זאָל דערגרייכן דעם גרעסטן מעגלעכן קאָלאָניזאַטאָרישן רעזולטאַט. די פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין ארץ־ישראל האָט געגעבן דעם אָרטיקן יידישן ישוב די מעגלעכ־קייט איבערנעמען דעם גרעסטן טייל פון די הוצאות אויף דערציאונג און סאַניטאַרישע אַרבעט, וואָס האָבן פריער גאָר שווער באַלאַסטעט דעם ציוניסטישן בודזשעט. די אַנדערע נישט־קאָלאָניזאַטאָרישע אויס־גאַבן אין ארץ־ישראל וואָלטן אויך געקאָנט געשניטן ווערן דורך אַן ענער־גישער פירערשאַפט. אויסער דעם, האָט זיך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַ דאַנק דער אויסגעהאַלטענער פינאַנץ־פּאָליטיק פון איר לעצטער עקזע־קוטיווע, באַפרייט פון דריקנדע חובות און אוועקגעשטעלט איר גאַנצע פינאַנץ־ווירטשאַפט אויף געזונטע יסודות. אַ ווייטערדיקער גינסטיקער אומשטאַנד איז דער פאַקט, וואָס טויזנטער אַרבעטער אין ארץ־ישראל, אַ דאַנק דער אַלגעמיין פאַרבעסערטער עקאָנאָמישער לאַגע, קאָנען צו־טרעטן צו זייער קאָלאָניזאַציע נישט מיט ליידיקע הענט, ווי עס איז גע־ווען דער פאַל ביי די אַמאָליקע חלוצים. און אויסער דעם זענען פאַראַן איצט אַזעלכע עלעמענטן צווישן יידישן קליינבירגערטום, וואָס וואָלטן ביי עפּענטלעכער אונטערשטיצונג און דערמוטיקונג גרייט געווען זיך פּראָדוקטיוויזירן אין דאָרף, הויפּטזעכלעך מיט זייערע אייגענע מיטלען.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מוז אויסנוצן די דאָזיקע אַלע גינ־סטיקע אומשטענדן פאַר מער אינטענסיווער קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט אין דער צוקונפט, און דאָס וועט האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויפן ווייטער־דיקן גורל פון די יידן אין ארץ - ישראל.

## קאַפּיטל פערצן



# די יידישע ארבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל

דער גרויסער אַנטייל פון די יידישע אַרבעטער אינם בוי פונם לאַנד איז אפשר די מערקווירדיקסטע דערשיינונג אין היינטיקן ארץ־ישראל.

די יידישע אַרבעטער פון ארץ־ישראל ווילן זיך נישט באַגנוגענען מיט דער ראָלע פון געדונגענער פיזישער קראַפט, וואָס האָט נישט קיין אייגענע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן און ווירטשאַפטלעכע איניציאַטיוו. אַנטפּלעקנדיק מערקווירדיקע פעיקייטן פאַר עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי, נישט קוקנדיק אויף שטענדיקע פינאַנסיעלע שוועריקייטן, באַוויזן אויסצובויען זייערע אייגענע קבוצות אין דאָרף און כלערליי קאָאָפּעראַטיוון אין אַנדערע צווייגן פון עקאָנאָמישן לעבן. דאָס האָט געגעבן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אַן אומגעהויערן פּרעסטיזש, און איר שטאַרקער איינפלוס פילט זיך איצט דעריבער אין דעם גאַנצן עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן פונם לאַנד.

איניקע פון די דערגרייכונגען ביי די יידישע אַרבעטער, בפרט די, וואָס האָבן צו טוען מיט קבוצות, קאָאָפּעראַטיוון און געזונדהייטס־טעטיקייט, זענען שוין געשילדערט געוואָרן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען. דאָס בילד פונם היינטיקן יידישן ארץ־ישראל וועט אָבער נישט זיין פולשטענדיק אָן אַ ספּעציעלן קאַפּיטל וועגן דער „הסתדרות העובדים", דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער פעדעראַציע פון ארץ־ישראל, וועלכע איז דער צענטראַלער נערוו פון די אַלע פריער באַשריבענע אַרבעטער אויפטואונגען.

די „הסתדרות" איז געשאַפן געוואָרן אין נאָוועמבער 1920 אַלס אַ „דאַך־אָרגאַניזאַציע" איבער די דעמאָלט עקזיסטירנדיקע אַרבעטער־פּאַרטייען, זי האָט געזאָלט, נישט אָפּשאַפנדיק די פּאָליטישע טיילונגען, פאַרטיידיקן די געמיינזאַמע עקאָנאָמישע אינטערעסן פון אַלע אַרבעטער,

און אין דער זעלבער צייט זיין אַ ווערקזייג צו פאַרווירקלעכן זייער גע־מיינזאַמע שטרעבונג, צו באַטייליקן זיך אינם אויפבוי פונם לאַנד.

די רייען פון דער הסתדרות זענען אָפן נישט נאָר פאַר געדונגענע אַרבעטער, נאָר אויך פאַר אַלע, וואָס לעבן מיט זייער אייגענער פיזישער אָדער גייסטיקער אַרבעט, נישט באַנוצנדיק זיך מיט געדונגענער הילף. זי נעמט אַריין, אַ בערך גרויסע צאָל פון אָנגעשטעלטע, לערער, דאָקטוי־רים, קראַנקן־שוועסטער, אַפּטייקער, טעכניקער, אַדוואָקאַטן א. אַ. וו.

די צילן פון דער הסתדרות.

די טעטיקייט פון דער הסתדרות איז פיל מער פאַרצווייגט, איידער ביי די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער. די אָרגאַניזירונג און אָנהאַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז בלויז איינע פון אירע אויפגאַבן, און אפשר גאָרנישט די וויכטיקסטע. אויסער דעם, אָרדנט איין די הסתדרות קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן און אַרבעטער – זידלונגען אין דאָרף, און זאָרגט וועגן זייער ווייטערדיקן פּראָגרעס; זי אָרגאַניזירט דעם פאַרקויף פון אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן און דעם איינקויף פון שטאָטי־שע אַרטיקלען; זי פירט אָן מיט פּראָדוציר – קאָאָפּעראַטיוון אין דער אינדוסטריע און טראַנספּאָרט; זי נעמט אונטער דורך ספּעציעלע געזעל־שאַפטן, וואָס זענען אונטער איר דירעקטן קאָנטראָל, קאָנטראַקט־אַרבעט: אין לאַנדווירטשאַפט און הייזער־בוי; זי אָרגאַניזירט הייזער־בוי־קאָאָפּע־ראַטיוון און האָט אַ ספּעציעלע ביוראָ אויף צו קאָאָרדינירן זייער טע־טיקייט; זי קאָנטראָלירט אַן אַרבעטס־באַנק און צענטראַליקער לייי און שפּאָר – קאַסעס; זי שליסט אין זיך אַריין די „קופת־חולים״, וואָס פאַר־מאָגט אייגענע שפּיטאָלן און פאַרליי אַנדערע מעדיצינישע אַנשטאַלטן; זי שטיצט ספּאָרט־קלובן, וואָס זענען פאַראייניקט אין לאַנדעס – פאַרבאַנד „הפּועל״ און האָט די פירנדיקע ראָלע אינם יידישן זעלבסטשוץ; זי קאָנ־טראָלירט אַ רײי שולן פאַר די קינדער פון אירע מיטגלידער, און פירט אויך אָן פאַרשידענע אַנדערע קולטור־אַרבעטן, למשל, לעקציעס, טעאַ־טער, מוזיק; זי אָרגאַניזירט און רעגולירט די אַרבעטס־אימיגראַציע דורך שאַפן חלוצים־גרופּן אין גלות און צוגרייטן זיי פאַר זייערע קומענדיקע אויפגאַבן אין ארץ־ישראל. צו דעם אַלעם פירט נאָך אָן די הסתדרות אַ ברייטע פּאָליטישע טעטיקייט אין און אויסער ארץ־ישראל, און גיט זיך שטאַרק אָפּ מיט אַלע פּראָבלעמען פון דער ציוניסטישער טעטיקייט

אין לאַנד, אויף וועלכע זי האָט אַ גאָר גרויסע און אָפטמאָל קאָנטראָלירנ־דע השפּעה.

כּדי צו פאַרשטיין בעסער דעם וועזן פון אַזאַ סאָרט אויסערגעוויינ־לעכער אָרגאַניזאַציע, מוז מען נעמען אין אַנבעטראַכט, אַז די הסתדרות פאַרטרעט נישט די אינטערעסן פון די לוין אַרבעטער אין אַ שוין־איינ־געשטעלטן לאַנד, נאָר זי שטרעבט אַרויפלייגן דעם שטעמפּל פון אָרגאַ־ניזירטער אַרבעטערשאַפט אויף אַ לאַנד, וואָס איז נאָך אינם פּראָצעס פון איר אויפבּוי. די הסתדרות איז נישט נאָר אַ פאַרבאַנד פון פּראָפע־סיאָנעלע פאַריינען נאָר אויך אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע פאַרן קאָלאָניזאַטאָ־רישן אויפבּוי פונם לאַנד. אַלע אונטערנעמונגען פון דער הסתדרות זענען דיקטירט פונם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ נייער אימיגראַ־ציע, וואָס זאָל פאַרגיכערן דעם אויפבּוי פון דער יידישער היים.

מיט אַנדערע ווערטער, די הסתדרות איז נישט נאָר אַ קלאַסן־אָרגאַ־ניזאַציע, נאָר אויך אַ ווערקצייג פון דעם ציוניזם, וועלכער פאַרנעמט אין דער אידעאָלאָגיע און טעטיקייט פון דער הסתדרות דעם גרעסטן און אַנטשיידנסטן פּלאַץ.

די אַלגעמיינע צילן פון דער הסתדרות זענען קלאָר אויסגעדריקט אין דער פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי איר גרינדונג אין נאָ־וועמבער 1920:

„אין דער ערשטער ריי שטרעבט די הסתדרות צו שאַפן אַ נייעם טיפּ פון יידישן אַרבעטער און זאָרגט דערפאַר, אַז אינם לויף פון דער קאָלאָניזאַציע זאָל דער יידישער אַרבעטער, וועלכער איז אַ רעזולטאַט פונם קאָלאָניזאַציאָנס־פּראָצעס אינם לאַנד, קריגן דעם פּלאַץ, וואָס עס קומט אים... די הסתדרות רעגולירט אַלע אינטערעסן פון די אַרבעטנדע מאַסן אויפן פעלד פון פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט, קאָלאָניזאַציע און קולטור, מיטן צוועק צו בויען אַ יידישע אַרבעטער־געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל".

די „רעליגיע פון אַרבעט"

די גרייטקייט פון אָט די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער זיך נישט צו באַשרענקען מיט דירעקטע עקאָנאָמישע אינטערעסן אַלס קלאַס, דערקלערט זיך דערמיט, וואָס זיי זענען מערסטנס געקומען אין לאַנד נישט סתּם צו זוכן אַרבעט, נאָר צו פאַרווירקלעכן אַן אידעאַל. אַן אויסערגעוויינלעך

גרויסער פּראָצענט פון זיי האָבן אין גלות גאָר באַלאַנגט צו פאַרמעגלעכע מיטל־קלאַס פאַמיליעס. פיל פון זיי האָבן אויסגעביטן די אויסזיכטן אויף אַ גרינגער און אינטעליגענטישער קאַריערע אין גלות אויף שווערע אַר־בעט ביי דעם אויפבוי פון יידישן היימלאַנד. אונטער דעם פילפאַך פאַר־לאַטעטן בגד פונם לאַנד־אַרבעטער, וואָס פירט דעם פלוג אונטער דער גלי־ענדער אַרץ־ישראלדיקער זון, ענטדעקט מען אָפט אַ געוועזענעם לערער פון רוסלאַנד, אַ געוועזענעם אַדוואָקאַט פון פּוילן, אַ פיינעם מוזיקער פון דײַטשלאַנד. אַזעלכע פערזאָנען ווערן געטריבן קיין אַרץ — ישראל נישט סתם פון נאַציאָנאַליזם, נאָר אויך פון אַ הויכן סאָציאַלן אידעאַל, וואָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף זייער פערזענלעכן „איך". זייער פער־זענלעכער טרייב־מאָטיוו איז געווען אַ מערקווירדיקע בענקעניש נאָך פּשוטער פיזישער אַרבעט און איינפאַכן לעבן. די ראַזיקע בענקעניש האָט אין די אַרץ־ישראלדיקע קבוצות אָנגענומען די פאָרם פון „רעליגיע פון אַרבעט" (דת־העבודה), ווי זי איז אָנגערופן געוואָרן פונם פאַרשטאָרבע־נעם א. ד. גאָרדאָן, דעם אַמאָליקן רוסישן אינטעליגענט, וועלכער איז שוין אַלס עלטערער מענטש געוואָרן איינער פון די גרינדער פון דער שווייס־באַדעקטער דגניה. ס'איז אַ רעליגיע אָן געטער, אָבער מיט אַ גרויסן ברייטן מזבח; דאָס איז די מוטער ערד, וועלכע די אָנהענגער אירע געבן טאָג־טעגלעך אַוועק די בעסטע כחות פונם ניי־איינגעשטעלטן לעבן.

די קולטורעלע הויך פון די חלוצים, בפרט אין די פריערדיקע יאָרן, ווען דער דראַנג נאָך אַרץ־ישראל האָט נישט אָנגענומען אַזאַ מאַסנהאַפטן כאַראַקטער ווי איצט, איז אומגעוויינלעך הויך, למשל, — צווישן 900 חלוצים, וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט אינם אימיגראַציאָנס־דעפּאַרטאַמענט פון דער הסתדרות (מרכז העליה) פאַרן יאָר 1931 זענען געווען נישט ווייניקער פון 460, וואָס האָבן געקריגן מינדעסטנס אַ פולע מיטל־שול־בילדונג. בלויז איין פּראָצענט איז געווען אָן בילדונג בכלל. ס'איז זיכער נישטאָ קיין אַנדער לאַנד אין דער וועלט, וווּ „שוואַרצע" אַרבעטער זאָלן שטיין אויף אַזאַ הויכן קולטורעלן ניוואָ.

ביי אַזאַ צוזאַמענשטעל און אונטער אַזאַ פירערשאַפט איז גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס די אַרץ־ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט איגנאָרירט די עגאָאיסטישע אינטערעסן פון איינגעאָרדנטע יחידים און שטרעבט צו־צוגרייטן דעם באָדן פאַר אַן אַליע גרעסערער יידישער אימיגראַציע. זי איז אפשר די איינציקע אַרבעטער־גרופּע אין דער וועלט, וועלכע איז קעגן

אַלע באַשרענקונגען פון אימיגראַציע פאַר אַרבעטער פון דרויסן.

אַן אַנדער אויסערגעוויינלעכער שטריך פון דער הסתדרות איז דער פאַקט, וואָס די פרויען פון די אַרבעטער, אַפילו ווען זיי אַליין זענען נישט באַשעפטיקט אויסער זייער הויז, באַטייליקן זיך אין איר אויפן יסוד פון גלייכהייט מיט זייערע מענער, וואָס אַרבעטן אין פאַבריק אָדער פּרדס. דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער „אַפּנויג" פון די אָנגענומענע גע־ווערקשאַפטלעכע מנהגים איז דער לאָגישער רעזולטאַט פונם קוק אויף דער הסתדרות אַלס אַן אַרבעטער־געמיינשאַפט „אין ווערדען".

## די אָרגאַניזאַציע פון אַראַבישע אַרבעטער; ברית פּועלי א״י.

די הסתדרות נעמט אין זיך אַריין בלויז יידן.

אירע פירער פאַרשטייען די נויטיקייט צו אָרגאַניזירן די אַראַבישע לוין־אַרבעטער, אָבער זיי האַלטן, אַז דאָס מוז פאָרקומען אויסער די רייען פון דער הסתדרות, וועלכע מוז צוליב אירע ספּעציפישע קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעטן בלייבן אַן אויסשליסלעך יידישע אָרגאַניזאַציע. אויף וויפל די אָרגאַניזאַציע פון אַראַבישע אַרבעטער ווערט דיקטירט דורך די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון זייערע יידישע אַרבעטס־חברים, באַמיט זיך די הסתדרות צו טון דאָס מיט דער הילף פון דעם „פאַרבאַנד פון די אַרבעטער פון ישראל" (ברית פּועלי ארץ ישראל), וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט איר אַקטיווער מיטהילף. אין עצם איז די „ברית פּועלי־ארץ־ישראל" אַ טעאָרעטישע קאָנסטרוקציע פאַר דער צוקונפט. ס'איז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף באַחרית הימים אַריינעמען אַלע אַרבעטער אינם לאַנד, סיי יידן און סיי אַראַבער. זי דאַרף צעטיילט ווערן אין צוויי אויטאָנאָמע סעקציעס, פון וועלכע די באַשטייענדע הסתדרות איז שוין איינע — די יידישע. די דערווייליקע אויפגאַבע פון דער „ברית", איז ליגן דעם גרונטשטיין פון דער קומענדיקער אַראַבישער סעקציע, דורך אָרגאַניזירן דערווייל אָרטיקע גרופּן פון אַראַבישע אַרבעטער. כּל זמן די געפּלאַנטע ברייטע צוויי־פעלקערישע אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט נאָך נישט, זענען די סאָציאַלע איינריכטונגען פון דער הסתדרות און בפרט איר קופּת־חולים און לייַ־קאַסעס, אָפן אויך פאַר די אַראַבישע אַרבעטער, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער „ברית־פּועלי־ארץ־ישראל".

ביז אַהער זענען די פּראַקטישע רעזולטאַטן פון דער געווערקשאַפט־לעכער אָרגאַניזירונג צווישן אַראַבער בערך קליין. לויט דעם באַריכט פון

דער הסתּדרות־עקזעקוטיווע פאַרן יאָר 1931—1932 דערקלערט זיך דאָס בעיקר „מיט דער נידעריקער קולטור־מדרגה, דעם אָרעמען לעבנס־סטאַנדאַרט פון די אַראַבישע אַרבעטער און דעם שענדלעכן איינפלוס, וועלכן עס האָבן אויף זיי די איצטיקע פירער פון דער אַראַבישער געזעלשאַפטלעכקייט. חוץ דעם, האָט די הסתּדרות נישט באַשטימט פאַר דער דאָזיקער אויפגאַבע קיין גענוגנדע צאָל פון חברים, וואָס זענען פּאַסנד און צוגעגרייט אויף אָנצופירן אָרגאַניזאַציע - קאָמפּיינס צווישן די אַראַבישע אַרבעטער" (דין וחשבון של ועד הפועל, פעברואַר 1933, תל־אביב).

די מערסטע אָנשטרענגונגען פון דער „ברית פועלי - ארץ־ישראל" זענען געמאַכט געוואָרן אין חיפה, ווו אַרבעטער פון ביידע פעלקער באַגעגענען זיך אָפט אויף גרויסע בוי־אונטערנעמונגען, ספּעציעל אינם האַפן, און אויף דער אָיל ליניע פון „איראַק פּעטראָלעאום קאָמפּאַני". אין חיפה זענען אויך פאָרגעקומען די גרעסטע שטרייקן פון אַראַבישע אַרבעטער, אין 1933 אין דער צעמענט פאַבריק „נשר", און אין 1935 ביי דער „איראַק פּעטראָלעאום קאָמפּאַני". ביידע זענען זיי געשטיצט געוואָרן דורך דער הסתּדרות, און האָבן זיך געענדיקט מיט אַ טיילווייזן זיג פון די שטרייקער.

ביים סוף פון 1933 האָט די „ברית־פועלי־ארץ־ישראל" געהאַט אָרגאַניזירט אין חיפה און איר סביבה אַרום 500 אַראַבישע אַרבעטער, פאַר וועמען ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קלוב מיט אָוונט־קורסן און לעקציעס. די דאָזיקע אַרבעטער זענען צוטיילט געווען אין גרופּן פון אייזנבאַן־אַרבעטער, בעקער, פּאָרט־אַרבעטער, שטיין־האַקער, טאַבאַק־אַרבעטער, שטאָטישע אַרבעטער און „פאַרשידענע באַשעפטיקונגען". עס שיינט אָבער, אַז פאַר דער לעצטער צייט איז די אַרבעט פון דעם ברית־פועלי־א"י דאָרט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און אַ שפּעטערדיקער באַריכט, וואָס באַציט זיך אויף יאַנואַר 1935, גיט אָן בלויז 300 אַראַבישע מיטגלידער פון „ברית־הפועלים" אין חיפה.

אין יפו האָט זיך דער הסתּדרות איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן אונטער דער פאָן פון „ברית פועלי א"י" אַרום 400 אַראַבער, וואָס ווערן צעטיילט אויף פינף פּראָפעסיאָנעלע גרופּן: מאַטראָזן, שיף־דינער, טאַבאַק־אַרבעטער, אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט ביים אויפבוי פון פּאָרט און ביי דער דורכפירונג פון קאַנאַליזאַציע. עס שיינט, אַז דער שטרייק פון 300 ים־אַרבעטער, וואָס איז פאָרגעקומען אינם אָנהויב 1934 אין יפוער פּאָרט,

איז געווען אונטער דער השפּעה פון יידישע אַרבעטער. די נאַציאָנאַ־ליסטישע אַראַבישע „פּילסטין" האָט זיך דעמאָלט ביטער געקלאָגט, וואָס די שטרייקערס „נעמען באַפעלן פון א געוויסן רויטן הויז, וואָס געפינט זיך אויפן ים־ברעג פון תּל־אביב".

אין ירושלים האָט זיך דער „ברית פּועלי ארץ־ישׂראל" איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן קליינע גרופּן פון אַראַבישע אַרבעטער, וואָס זענען פאַר־נומען ביי דער עלעקטרישער קאָמפּאַני, אויך קעלנערס און האָטעל־אָנגע־שטעלטע. עס עקזיסטירט דאָרט אויך א גרופּע פון אַראַבישע אויטאָ־שאָ־פערן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פּראָפעסיאָנעלע פאַרבינדונגען מיט יידן נאָך דעם אַלגעמיינעם אויטאָמאָביל־שטרייק פון 1931. דער דאָזיקער פיינער און מאָראַליש־דערפאָלגרייכער שטרייק איז געפירט געוואָרן נישט קעגן בעלי־הבתּים (דער מערסטער אינערלעכער טראַנספּאָרט אין א"י, סיי יידישע־און סיי אפילו אַראַבישער איז אין די הענט פון די קאָאָפּעראַטיוון), נאָ־קעגן דער רעגירונג, וואָס האָט דעמאָלט שטאַרק געדריקט דעם קאָמער־ציעלן אויטאָמאָביל־פאַרקער, דורך הויכע שטייערן און גאָר שטרענגע רע־גולאַציעס. די שטרייקערס האָבן געטענהט, אַז די דאָזיקע אונטערדרי־קונגס פּאָליטיק ווערט אָנגעפירט מיטן באַוווּסטזיניקן צוועק צו דערשטיקן דעם וווּקס פון אויטאָ־פאַרקער, וואָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף די הכנסות פון די אייזנבאַנען, וועלכע געהערן דער רעגירונג. דער דאָ־זיקער אויטאָמאָביל שטרייק איז ביז אַהער געווען דער וויכטיקסטער ביישפּיל פון יידיש־אַראַבישער קאָאָפּעראַציע אויפן עקאָנאָמישן געביט.

לויט די באַריכטן פון דער הסתּדרות קריגט זי אָפּט פון אַראַבישע גרופּן אין דער פּראָווינץ פאָדערונגען צו אָרגאַניזירן זיי. זי האָט אין איניקע פאַלן געשטיצט ספּאָנטאַנע שטרייקן פון אַראַבישע אַרבעטער, וואָס זענען גאָרנישט קיין מיטגלידער פון איר „ברית פּועלי א"י". אינם יאָר 1934 זענען בסך הכּל רעגיסטרירט געוואָרן ניין אַראַבישע שטרייקן, אין וועלכע עס האָבן זיך צוזאַמען באַטייליקט אַרום 1600 אַרבעטער. דאָ נישט לאַנג האָבן יידישע אַרבעטער געשטיצט, און פּיליכט אויך אַרויס־גערופן, א שטרייק פון עטלעכע הונדערט אַראַבישע וועבער אין מעדזשעל, דעם צענטר פון דער איינגעבוירענער טעקסטיל־אינדוסטריע.

אונטער אַן אומדירעקטן קאָנטראָל פון דער הסתּדרות געפינט זיך אויך דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די אייזנבאַן אַרבעטער, וואָס נעמט אַריין יידן און אַראַבער אויף גלייכע יסודות. דאָס איז דער ערשטער און דערווייל די איינציקע טרייד־יוניאָן אין ארץ־ישׂראל, וואָס איז געבויט אויף באמת אינטערנאַציאָנאַלע יסודות.

## די אַראַבישע פּאָליטיק פון דער הסתדרות, פאַרטיידיקונג און קריטיק

זייענדיק אין א״י, האָט דער מחבר געהערט פאַרשידענע קריטישע מיינונגען וועגן דער אויבן־געשילדערטער פּאָליטיק פון דער הסתדרות בנוגע דער אַראַבישער אַרבעטערשאַפט.

די קריטיק פון רעכטס האַלט יעדע הילף פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון אַראַבישע אַרבעטער אַלס געפערלעך פאַר די ייִדישע אינטערעסן. די אַראַבישע פּראָפעסיאָנעלע גרופּן, וואָס וועלן אָרגאַניזירט ווערן פון דער הסתדרות, וועלן פריער אָדער שפּעטער זיך אָפּווענדן פון איר און אַריבער אין די רייען פון קעגנער פון ייִדישער קאָלאָניזאַציע און אימיגראַציע. אָרגאַניזירט פון ייִדן, וועט די אַראַבישע אַרב.־באַוועגונג ווערן אַ מין „גולם״, וואָס וועט זיך סוף־כּל־סוף ווענדן קעגן זיינע באַשאַפער. חוץ דעם, וועט דער וווּקס פון די ברייטערלעכע אַראַבישע יוניאָנס צווינגען די הסתדרות פריער אָדער שפּעטער זיך אָפּזאָגן פון איר איצטיקן קאַמף פאַר אויסשליסלעך ייִדישע אַרבעטער און ייִדישע אונטערנעמונגען. „נאָבלעס־אָבליזש״: מען קאָן נישט אָרגאַניזירן אַראַבער און לייקענען דערנאָך זייער אַבסאָלוטע גלייכבאַרעכטיקונג אין דער פאַרטיילונג פון אַרבעט.

די קריטיקער פון לינקס טאַדלען פון זייער זייט די פּאָליטיק פון דער הסתדרות אַלס וואַקלדיק און אומלאָגיש. זיי מאַכן חוזק פונם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלע סעקציעס אין יעדן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. אַזעלכע סעקציעס, זאָגן זיי, זענען צו קאָמפּליצירט פאַר אַרבעטער, וואָס קומען צום ערשטן מאָל צום טרייד־יוניאָניזם. אין אַלע אָפּגעשטאַנענע לענדער האָט זיך די אַרבעטער באַוועגונג אָנגעהויבן מיט פּראָסטע און ראַדיקאַלע מעטאָדן, און אַזאַ זאַך ווי אַ נאַציאָנאַלע סעקציע קאָן ביי נאָרמאַלע אומשטענדן נאָר זיין אַ רעזולטאַט פון שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג. מיט אַנדערע ווערטער: מען קאָן נישט אָנהויבן אַן אַרבעטער־באַוועגונג אין אַזאַ אָפּגעשטאַנענעם לאַנד ווי ארץ־ישראל מיט נאַציאָנאַלע סעקציעס, זיי קאָנען בלויז זיין איר שפּעטערדיקער רעזולטאַט. ס'איז גרינגער, זאָגן די „לינקע״ אין דער הסתדרות, אַריינגעמען אַראַבישע אַרבעטער אין די עקזיסטירנדיקע ייִדישע יוניאָנס, איידער מאַכן פון זיי קודם כּל אַ נייע אַראַבישע סעקציע. גראָד די צעטיילונג פון ייִדן און אַראַבער אין סעקציעס, וועט ערשט העלפן אָנצושטעקן די אַראַבער מיט שאָוויניסטישן גייסט, וועלכן די הסתדרות וואָלט ביי זיי געוואָלט אויסוואָרצלען.

אויפן דאָזיקן גרונט וואָלט דער לינקער פליגל פון דער הסתדרות,

וואָס ווערט פאַרטראָטן דורך פועלי ציון און השומר הצעיר, גרייט געווען זיך אָפּזאָגן פון די נאַציאָנאַלע סעקציעס מיטן תּנאי צו אָרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטער און אַריינעמען זיי גלייך אין די יוניאָנס. אין פּרינציפּ אַנערקענען זיי אויך דאָס גלייכע רעכט פון אַראַבער אויף אַרבעט אין אַלע אונטערנעמונגען פונם לאַנד, סיי אַראַבישע און סיי יידישע. זיי זענען אָבער איבערציינט, אַז נאָך זייער אָרגאַניזאַציע וועלן די אַראַבישע אַרבעטער פון ארץ־ישראל העלפן זייערע יידישע קאַמעראַדן צו באַקעמפן דעם אָנקום פון אַראַבישע לוין־דריקער פון סיריע און עבר הירדן, און דאָס וועט במילא זיכערן די איבערוואָג פון יידישע אַרבעטער אונם אויפבוי פונם לאַנד.

שטייענדיק פאַר דער דאָזיקער קריטיק פון צוויי פראָנטן, האַלטן זיך די פירער פון דער הסתדרות ביי זייער איצטיקער אַראַבישער פּאָליטיק, וואָס איז נישט אין סתירה צום אידעאַל וועגן אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל.

די באַמיאונגען פון דער הסתדרות צו אָרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטער פונם לאַנד שטויסן זיך אָן אויף אַ קאָנקורענץ פון צוויי גרופּן. די איינע זענען די לעצטנס שטאַרק אָפּגעשוואַכטע „פּשרע" קאָמוניסטן, פאַר וועלכע די הסתדרות, אפילו מיט אירע היימישע לינקע, איז דער אויסדרוק פון יידישן „אימפּעריאַליזם". די צווייטע און מער ערנסטע אָפּאָזיציע קומט פון דער נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַראַבישער יוגנט, וואָס האָט זיך לעצטנס גענומען צו אָרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטער, אומאָפּהענגיק פון די יידן, און אפילו אין קעגנזאַץ צו זיי. אין איניקע פאַלן, האָבן די דאָזיקע אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן, אין זייער שטרעבונג צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון זייער פאָלק, געמוזט זיך אפילו אַריינלאָזן מיטן האַלבן האַרצן אין אַ פּאָר שוואַך־געפירטע שטרייקן. די צוקונפט וועט ווייזן אויף וויפל די דאָזיקע באַוועגונג איז ערנסט, און צו זי קאָן האָבן אַ ערפאָלג.

די פּראָפעסיאָנעלע צוזאַמענשטעלונג פון די מיטגלידער פון הסתדרות.

לויט דער לעצטער ציילונג פון דער הסתדרות, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין יאַנואַר 1935, האָט זי געציילט אין אירע רייען 67,562 מיטגלידער. זייער צוטיילונג איבער שטעט און דערפער איז געגעבן אין

דער פאָלגנדער טאַבעלע, וועלכע גיט אויך אַ באַגריף וועגן דעם וווּקס פון דער הסתדרות פאַר די לעצטע דריי יאָר.

די הסתדרות אין שטעט און דערפער:

| | 1 יאַנואַר 1932 | 1 יאַנואַר 1935 | פּראָצענט פון צוּוווּקס |
|---|---|---|---|
| תל־אביב | 8914 | 25349 | 184 |
| חיפה | 4158 | 12725 | 206 |
| ירושלים | 4128 | 5011 | 21 |
| אַנדערע שטעט | 1615 | 2107 | 30 |
| קאָלאָניעס | 7814 | 16682 | 114 |
| אַרבעטער דערפער | 3449 | 5688 | 65 |
| צוזאַמען איבערן גאַנצן | 30,078 | 67,562 | 124 |

ווען מען זאָל פון דער צאָל פון 67,562 אָראָפּנעמען די 14,543 פרויען פון אַרבעטער, וואָס זענען נישט באַשעפטיקט אויסער דער היים, און 3087 יוגנטלעכע (הנוער העובד), וועלן אין אירע רייען נאָך אַלץ בלייבן 49,932 דערוואַקסענע ברויט־פאַרדינער, וואָס מאַכן אויס נישט ווייניקער פון 15 פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. זעלטן ווען אין דער וועלט, האָט אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע מצליח גע־ווען אַריינצונעמען אין אירע רייען אַזאַ גרויסן פּראָצענט פון דער אַלגע־מיינער באַפעלקערונג, און אין דעם זין מוז עס דער הסתדרות אָנערקענט ווערן אַלס אַן אומגעוויינלעכע דערגרייכונג.

די שטאָטישע מיטגלידער פון דער הסתדרות זענען לויט זייערע פּראָפעסיעס צעטיילט אין פאָלגענדע הויפּט־גרופּן:

הסתדרות־מיטגלידער לויט פּראָפעסיעס. (אין די שטעט)

| | מענער | פרויען | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| בוי־אַרבייט און בוי־מאַטעריאַלן | 7846 | 304 | 8150 |
| האָלץ־באַאַרבעטונג | 2401 | 35 | 2436 |
| מעטאַל־אַרבייט, אינסטאַלאַציע | 3439 | 22 | 3461 |
| פאַרבערײַ | 781 | 43 | 824 |
| טעקסטיל־אינדוסטריע | 180 | 575 | 755 |
| נאָדל־אַרבייט | 516 | 628 | 1144 |

| | | | |
|---|---|---|---|
| לעדער־באַארבייטונג | 434 | 32 | 466 |
| בעקער און קצבים | 535 | 21 | 556 |
| דרוקערייען און קאַרטאָנאַזש | 656 | 250 | 906 |
| פאַרשידענע פאַבריקן | 1440 | 430 | 1870 |
| רעסטאָראַנען און האָטעלן | 357 | 727 | 1084 |
| הויז־בעדינונג | | 1020 | 1020 |
| ביוראָ־בעאַמטע און פאַרקויפערס | 2344 | 622 | 2966 |
| טעכניקער און מעכאַניקער | 317 | 15 | 332 |
| מעדיצינישע פּראָפעסיעס | 179 | 783 | 962 |
| ערציונג, וויסנשאַפט, קונסט | 361 | 184 | 545 |
| טרעגער און לאַסט־פירער | 1493 | 1 | 1494 |
| אייזנבאַן, פּאָסט, טעלעגראַף | 319 | | 319 |
| קבוצים אין שטאָדט | 242 | 238 | 480 |
| פאַרשידענע און שוואַרצע אַרב. | 1269 | 351 | 1620 |

די פירער פון דער הסתדרות זענען זייער שטאָלץ מיט די דאָזיקע ציפערן, וועלכע באַווייזן אַ מער נאָרמאַלע צעטיילונג אין פּראָפעסיעס, איידער די, וועלכע עקזיסטירן צווישן די יידישע אַרבעטער אין גלות.

יעדער חבר פון הסתדרות, מיטן אויסנאַם פון די הויז־פרויען, געהערט צו אַ באַשטימטן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. די פאַריינען זענען מער־ווייניקער אָרגאַניזירט לויט די אויבן־דערמאָנטע צעטיילונגען. עס זענען אָבער אויך דאָ איניקע קלענערע יוניאָנס, און אויסער דעם זענען אין געוויסע יוניאָנס פאַראַן פאַך־סעקציעס, מיט אַ מער באַשרענקטער מיטגלידערשאַפט. למשל, אינם בוי־פאַריין איז פאַראַן אַ מער־ווייניק אויטאָנאָמע סעקציע פון פלאַסטערער, פון מוליאַרעס, פון בעטאָן־גיסער, א. א. וו.

ארבעט־לוין און שטרייקן.

אין אַלגעמיין נעמט אַריין די הסתדרות 80 פּראָצענט פון אַלע יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, און פיל פון איהרע פירער ווייזן איצט אַרויס די שטרעבונג, צו מאַכן זי פאַר אַ באמת אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע, מיט פולשטענדיקער גלייכבארעכטיקונג פאַר אַלע מיינונגען און גרופּירונגען.

דער הויכער פּראָצענט פון אָרגאַניזירטע אַרבעטער און דער פּסדרדיקער אַריינפלוס פון קאָנסטרוקטיוון קאַפּיטאַל אין לאַנד האָט מעגלעך

געמאַכט צו פאַרמיידן די ירידה אין לעבנס־סטאַנדאַרט, וואָס איז פאָרגע־קומען אין אַנדערע לענדער און אויף דעם איצטיקן עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס. פאַרקערט: גראָד אין די לעצטע 5—6 יאָר איז דער הסתדרות געלונגען געוואָרן צו העכערן דעם דורכשניטלעכן אַרבעטס־לוין אויף 25 ביז 40 פּראָצענט אין שטאָטישע אַרבעטן און אויף 15—20 פּראָצענט אין דער אַגריקולטור.

אינם יאָר 1927 האָט נאָך כמעט די העלפט פון די תל־אביבער אַר־בעטער געקריגן אַ טעגלעכן אַרבעטס־לוין פון 20 פּיאַסטער און ווייניקער, און בלויז איין פּראָצענט פון זיי האָט פאַרדינט איבער פערציק פּיאַסטער אַ טאָג. אָנהויב פון 1935 איז דער פּראָצענט פון אַרבעטער, וואָס פאַר־דינען צוואַנציק פּיאַסטער אַ טאָג און ווייניקער, געפאַלן ביז דריי פּראָ־צענט, אין דער צייט, ווען 48 פּראָצענט פון די אַרבעטער קריגן דאָרט פערציק פּיאַסטער אַ טאָג און מער (אַ פּיאַסטער איז פינף סענט).

די גרעסטע העכערונג פון אַרבעטס־לוין איז פאָרגעקומען אין דער בוי־אינדוסטריע, וווּ עס האָט פאַר די לעצטע דריי יאָר עקזיסטירט אַ שאַרפער מאַנגל אין אַרבעטער, בפרט קוואַליפיצירטע.

אגב איז כדאי דאָ אָנצוווייזן, אַז די העכערונג פון אַרבעטער־שכירות אין ארץ־ישראל איז פאָרגעקומען אין אַ צייט, ווען די קויף־קראַפט פון איר פונט (אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן לעבנס־מיטלען פון פּראָדוקטן) איז נישט געפאַלן, נאָר געהויבן זיך אויף אַ פּאָר פּראָ־צענט. דאָס מיינט, אַז די העכערונג פון אַרבעטס־לוין, וואָס איז אויסגע־קעמפט געוואָרן פון דער הסתדרות, האָט פאַקטיש דערהויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון דער אַרבעטערשאַפט.

נאַטירלעך, איז נאָך דער אַרבעטס־לוין אין ארץ־ישראל פיל נידעריקער, איידער אין אַמעריקע. ער לאָזט זיך אָבער שוין גאַנץ גינסטיק פאַר־גלייכן מיט די שכירות, וועלכע אַרבעטער קריגן אין מיטל־ און מזרח־אייראָפּע, פון וואַנען עס קומען אָן די מערסטע אַרבעטער־אימיגראַנטן קיין ארץ־ישראל.

אינם יאָר 1934 זענען אין יידישע אינדוסטריען פון ארץ־ישראל פאָרגעקומען 49 שטרייקן און ניין לאָקאַוטן, וואָס האָבן צוזאַמען פאַר־אורזאַכט אַ פאַרלוסט פון 18,062 אַרבעטס־טעג. די מערסטע שטרייקן, אַרום 75 פּראָצענט האָבן זיך געענדיקט מיטן פולן נצחון פאַר די אַר־בעטער, און די מערסטע אַנדערע זענען דערלידיקט געוואָרן דורך אַ פשרה, וואָס איז פאַרגעשלאָגן געוואָרן דורך אַרביטראַזש.

אין פיל פאלן איז דער הסתדרות געלונגען צו צווינגען די בעלי־בתים אונטערשרייבן קאָלעקטיווע אָפּמאכן, פארפליכטן זיי צו אנערקענען דעם פראָפעסיאָנעלן פאריין און באשעפטיקן בלויז זייַנע מיטגלידער. לויט די מערסטע פון די דאָזיקע אָפּמאכן מוזן אויך די אונטערנעמער ביישטראָגן א חלק פון די הוצאות פון קופת־חולים פאר זייערע ארבעטער.

נאטירלעך, זענען צווישן די ארץ־ישראלדיקע אונטערנעמער פארהאן שארפע קעגנער פון דער הסתדרות, וועלכע זיי האלטן פאר א שטערונג פאר דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פונם לאנד. עס זענען אָבער פארהאן צווישן זיי אויך אזעלכע, וואָס האלטן, אז אָן דער הסתדרות, וואָלט די לאגע פון דער ארץ־ישראלדיקער אינדוסטריע געווען אן ערגערע. די הסתדרות ווערט אויך געלויבט פאר פארמיידן, ווי ווייט עס לאָזט זיך, שטרייקן, וועלכע זי האלט אלס שעדלעך פאר דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פונם לאנד, און אויך פאר אירע באמיאונגען צו הייבן די פראָדוקטיוויטעט און פאכמענישקייט פון ארבעט. איניקע אונטערנעמער לויבן אויך די הסתדרות פאר איר פעאיקייט צו צווינגען די ארבעטער זיך טיילן מיט דער ארבעט אין דער צייט פון א קריזיס.

## ארבעטס־ביוראָען.

די שטארקסטע פאָזיציע פון דער הסתדרות זענען די ארבעטס־ביוראָען, וואָס זענען פארהאן אין יעדער שטאָדט און יעדן גרעסערן דאָרף. האָבנדיק די אויפגאבע צו פארשאפן און פארטיילן ארבעט, שטרעבן אָפט די דאָזיקע ארבעטס־ביוראָען צו מאָנאָפּאָליזירן דעם ארבעטס־מארק, און דאָס רופט ארויס אָפטע קאָנפליקטן מיט די אונטערנעמער און רעוויזיאָניסטן.

כדי צו זיכערן מער־ווייניק איינהייטלעכע ארבעטס־ און לוין־באדינגונגען, זענען די ארבעטס־ביוראָען פון דער הסתדרות אָפן פאָרמעל נישט נאָר פאר די מיטגלידער פון דער הסתדרות, נאָר אויך פאר יעדן יידישן ארבעטער, וואָס נעמט אָן זייערע סטאנדארטן פון ארבעטס־לוין, ארבעטס־שטונדן און דעם פרינציפ פון גלייכער ארבעטס־צעטיילונג. פאָרמעל זענען נישט נאָר די רעוויזיאָניסטן, נאָר אפילו אויך די קאָמוניסטן, וואָס ווערן אמשארפסטן באקעמפט פון דער הסתדרות, גלייכבארעכטיקט אין קריגן ארבעט דורך די דאָזיקע ארבעטס־ביוראָען.

ווי קוקט אָבער אויס די דאָזיקע טעאָרעטישע גלייכבארעכטיקונג אין

פּראַקטיש לעבן? מען הערט וועגן דעם פאַרשידענע מיינונגען. עס שיינט, אַז ביי דער איצטיקער רוישנדיקער קאָניונקטור, ווען עס פעלן אויס אַר־בעטער, זענען די אַרבעטס ־ ביוראָען נישט פאַראינטערעסירט אין דער פּאָליטישער אָנגעהעריקייט פון די אַרבעטס ־ זוכנדע. סקעפּטיקער זאָגן אָבער, אַז ווען אַרבעט איז קנאַפּ, בלייבט די גלייכבאַרעכטיקונג אין דער טעאָריע, אָבער מען סטאַרעט זיך דאָך צושאַרן אַ בעסערע שטיקל אַר־בעט צו אייגענע חברים.

ס׳איז שווער צו זאָגן אויף וויפל די דאָזיקע באַשולדיקונג איז באַ־גרינדעט. פון איין זייט וואָלט געווען נישט מער ווי מענטשלעך, ווען די פאַרוואַלטער פון די אַרבעטס ־ ביוראָען זאָלן אין אַ צייט פון קריזיס האָבן מער אין זינען אייגענע פריינט און חברים, איידער פרעמדע, און אַמאָל פיינטלעכע אַרבעטס ־ קאַנדידאַטן. ס׳איז אָבער פּונקט אַזוי מענטשלעך, אַז די קעגנער פון דער הסתדרות זאָלן לכתחילה זיין פול מיט פאַרדאַכט, און איינזען פּאַרטייאישקייט אויך דאָרט, וווּ די באַ־אַמטע פון די אַרבעטס ־ ביוראָען סטאַרען זיך צו זיין אַזוי אומפּאַרטיי־איש ווי מעגלעך.

## פרויען אין דער הסתדרות

די אָרגאַניזאַציע און פאַך ־ דערציאונג פון פרויען ־ אַרבעטער פאַר־נעמט אויך אַ גרויסן פּלאַץ אין דער טעטיקייט פון דער הסתדרות. דאָס ווערט געטאָן סיי מיטן צוועק צו הייבן דעם קולטורעלן און לעבנס־סטאַנ־דאַרט פון די ארץ ־ ישראלדיקע אַרבעטערינס, און סיי אויך, כדי אַריינ־פּאַסן די נאָר ־ וואָס איינגעוואַנדערטע מיידלעך צו לאַנדווירטשאַפט און אַנדערע פאַכן. די צווייטע אויפגאַבע איז באַזונדערס וויכטיק דערפאַר, ווייל ארץ ־ ישראל, אַלס אַ פּיאָנעריש לאַנד, פאַרלאַנגט אַ גרעסערן אָנ־טייל פון פרויען איןווירטשאַפטלעכער טעטיקייט. אויסער דעם, איז די הסתדרות, בהסכם מיט איר „רעליגיע פון אַרבעט" און סאָציאַליסטישן קוק אויפן לעבן בכלל, נישט וויליק משלים צו זיין מיטן געדאַנק ווען אַ פרוי, וואָס איז באַשרענקט מיט קינדער אין קיך. זי וואָלט געוואָלט וואָס מער באַטייליקן די פרויען אין אַלע צווייגן פון עקאָנאָמישן לעבן, באַפרייענדיק זיי אין דער זעלבער צייט, פון דער איינטאָניקער הויז־אַרבעט.

בהסכם מיט די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון דער הסתדרות, ווערט

איר טעטיקייט צווישן די פרויען אָנגעפירט פון אַן אויסגעקליבן פרויען־ראַט (מועצת־הפועלות), וואָס ווערט אויסגעקליבן אויף פּעריאָדישע צוזאַמענפאָרן פון די פרויען־מיטגלידער פון דער הסתדרות. זייער צאָל האָט ביים אָנהויב פון דעם יאָר 1935 דערגרייכט צו 27,258.

צוזאַמען מיטן לאַנדווירטשאַפטלעכן דעפּאַרטאַמענט פון דער הס־תדרות האַלט אָן די מועצת־הפועלות צען ספּעציעלע לערן־ווירטשאַפטן פאַר מיידלעך (משקי פועלות), וואו עס געפינען זיך צוזאַמען ארום 300 מיידלעך, וואָס קריגן אַן 1־יעריקן, בעיקר פּראַקטישן קורס אין לאַנד־אַרבעט און הויז־ווירטשאַפט. אין די דאָזיקע ווירטשאַפטן איז, אויסער דעם לאַנד, וואָס איז געגעבן געוואָרן פונם נאַציאָנאַל־פאָנד, אריינגעלייגט געוואָרן ארום 75,000 פונט. 90 פּראָצענט פונם דאָזיקן געלט שטאַמען פון דריי קוועלן — דער יידישער אַגענטור, דער „וויצאָ" (וועלט־אָרגאַ־ניזאַציע פון ציוניסטישע פרויען) און דער פּיאָנערען־פרויען־אָרגאַ־ניזאַציע פון אַמעריקע.

אינטערעסאַנט איז, וואָס נישט קוקנדיק אויף זייער פּעדאַגאָגישן הויפּט־צוועק, זענען די מערסטע לערן־ווירטשאַפטן אימשטאַנד צו דעקן זייערע לויפנדע הוצאות דורך דער איינגאַמע פון זייערע לאַנד־ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. אייניקע פון זיי האָבן אפילו געענדיקט די לעצטע פאַר יאָר מיט אַ באַדייטנדן אָפּעראַטיוון רווח. אַזוי ווי דער קאַ־פּיטאַל, וואָס איז אריינגעלייגט געוואָרן אין זיי, איז אַ פילאַנטראָפּישער און זיי מוזן נישט צאָלן קיין קרן מיט פּראָצענטער, קאָנען די לערן־ווירט־שאַפטן אריינלייגן דעם דאָזיקן אָפּעראַטיוון רווח אין דער אויסברייטע־רונג פון זייער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט.

די וויכטיקסטע איינגאַמע־קוועלן פון די לערן־ווירטשאַפטן זענען יונגע בוימלעך און בלומען, אייער און הינער, גרינס־גערטנער און מילכיקס. אַ קלענערן איינקונפט האָבן זיי פון ברויט־ווירטשאַפט, האָ־ניג און געדונגענער אַרבעט ביי שכנותדיקע קאָלאָניסטן.

די אַרבעט פון דער מועצת־הפועלות אין די שטעט דריקט זיך אויס אין דער גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיוון, וואָס שאַפן באַשעפטיקונג פאַר אַרבעטסלאָזע פרויען, אין דער גרינדונג פון קינדער־היימען און קינדער־גערטנער, און אין אָנפירן אָוונט־קורסן פאַר אַן אַלגעמיינער און פאַך־אויסבילדונג. עס זענען פאַראַן אייניקע קאָאָפּעראַטיווע רעס־טאָראַנען, וועשערייען און שניידער־ווערקשטאַטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן מיט דער הילף און אונטער דער קאָנטראָל פון דער פרויען־אָר־

גאַניזאַציע פון דער הסתדרות. די קינדער־היימען, וועמענס הויפּט־צוועק איז גרינגער צו מאַכן פאַר דער אַרבעטנדער פרוי אומצוגיין מיט איר אַרבעט אויסערן הויז, דעקן 70 פּראָצענט פון זייערע הוצאות דורך די אָפּצאָלונגען פון די עלטערן, און בלויז די איבעריקע 30 פּראָצענט דאַרפן געשאַפן ווערן דורך דרויסנדיקע זאַמלונגען און סובסידיעס.

די וויכטיקייט פון דער פרויען ־ אָרגאַניזאַציע פון דער הסתדרות באַשטייט נישט נאָר אין איר דירעקטער אַרבעט, נאָר אויך אין דער גרויסער מאָראַלישער ווירקונג, וואָס זי הויבט אָן צו האָבן אויף די יידישע פרויען אין לאַנד, אפילו אַזעלכע, וואָס שטייען ווייט אויסער אירע ריי‏ען. זי ברעכט די ספּעציפיש ־ שטאָטישע איינשטעלונג פון דער יידישער פרוי, וואָס איז ביז אַהער געווען איינע פון די גרעסטע מניעות פאַר דערפאָלגרייכער קאָלאָניזאַציע. אפילו אין די פריוואַטע קאָלאָניעס געבן זיך איצט אָפּ פרויען מיט גרינס ־ גערטנער און הינער ־ שטייגן אַרום זייערע הייזער אין אַ פיל גרעסערער מאָס, איידער ווען נישט איז פריער. מען זעט אויך מער בלומען ־ גערטנער און גרינס ־ בייטן אויף די זייטיקע גאַסן פון תּל־אָביב, איידער מיט צען יאָר צוריק.

## די אַרבעטנדיקע יוגנט.

אין ענלעכע מאָראַלישע ווירקונג, און נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, האָט די יוגנט ־ אָפּטיילונג פון הסתדרות, דער „הנוער העובד". זי העלפט שטאַרק צו באַקעמפן די אומאָליקע טענדענץ פון די יידישע קינדער אין ארץ ־ ישראל, צו דערווייטערן זיך ווי ווייט מעגלעך פון דער האַרעפּאַשנער אַרבעט פון זייערע עלטערן. פאַרן קריג האָט זיך געפירט, אַז קאָלאָניסטישע קינדער, ווען זיי זענען אויסגעוואַקסן, פלעגן זיי מערסטנס פאַרלאָזן דאָס לאַנד. איינציקע זענען צוגעצויגן געוואָרן דורך די פּערספּעקטיוון, וואָס זיי האָבן געזען פאַר זיך אין אַמעריקע, אויסטראַליע, זיד ־ אַפריקע. אַנדערע, קריגנדיק אַ העכערע בילדונג אין אויסלאַנד, פלעגן שוין דאָרט בלייבן אַלס דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, לע־רער א. אַז. וו. אַזוי אַרום האָט דער טיפּיש ־ יידישער דראַנג נאָך העכערער בילדונג געהאָלפן אַוועקצורייבן דעם יונגערן דור פון די קאָלאָניעס. אַ רייזנדער, וואָס האָט באַזוכט אַזאַ קאָלאָניע פאַרן קריג, פלעגט זיך אָפט אָנשטויסן אויף אַן עלטער פּאָרפּאָלק, וואָס האָבן באַאַרבעט זייער לאַנד מיט אַראַבישע אַרבעטער, און האָבן זיך דערביי געטראָגן

מיט בּרחוו פון זייערע קינדער אין יאָהאַנעסבּורג, אָדער מעלבּורן. נאָך זייער טויט פּלעגן די קינדער פון עבר־הים קומען צו באַזוכן דעם קבר פון די עלטערן, צו פאַרקויפן דערבּיי זייער אייגנטום און זיך צעטיילן מיט דער ירושה...

די דאָזיקע לאַגע האָט זיך איצט אַ סך, אַ סך פאַרבּעסערט.

עס וואָלט, נאַטירלעך, געווען נאַאיוו צו גלויבּן, אַז די בּעסערונג איז דערגרייכט געוואָרן אויסשליסלעך אַ דאַנק די מוסר - רייד פון די ציוניסטישע שרייבּער, אָנהויבּנדיק מיט אחד - העם, און דער טעטיקייט פון אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי ,,הנוער העובד". די אַנטשיידנדסטע ראָלע האָבּן דאָ זיכער געשפּילט די געענדערטע עקאָנאָמישע בּאַדינגונגען אין ארץ - ישראל און אין אויסלאַנד. די רייכע לענדער פון עבר־הים וועגן שוין מער נישט אָפן אַזוי בּרייט פאַר נייע אימיגראַנטן, און די אויסלענדישע אוניווערסיטעטן אין אייראָפּע און אַמעריקע זענען איצט ווייניקער נייגיריק אריינצונעמען אויסלענדער, בּפרט, ווען זיי דאַרפן שפּעטער אָנקומען צו סטיפּענדיעס און סובּסידיעס. די מעגלעכקייטן צו פאַרדינען עפּעס בּעת דעם שטודיום, און זיך איינאָרדנען אין אויסלאַנד נאָכן פאַרענדיקן, ווערן אויך שמעלער און קלענער מיט יעדעם יאָר.

אין דער זעלבּער צייט האָבּן זיך די בּאַדינגונגען אין ארץ־ישראל שטאַרק געבּעסערט. פאַר די לעצטע 15 יאָר האָט זיך די קולטורעלע מדרגה פונם לאַנד אַ סך געהעכערט. סיי קינדער און סיי עלטערן זענען איצט מער איבּערצייגט אין דער צוקונפט פון ארץ־ישראל, און זיי זעען אַלנפאַלס נישט קיין בּעסערע אויסזיכטן אין אַנדערע לענדער.

עס וואָלט פונדעסטוועגן פאַלש געווען אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט די פּאָזיטיווע ווירקונג פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע, ווי אַ ,,הנוער - העובד", וועלכע דינט אַלס שיינער בּיישפּיל פאַר דער אָנוואַקסנדער יוגנט פונם גאַנצן לאַנד. די ,,הנוער - העובד" מיט זיינע 3087 מיטגלידער האָט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער גאַנצער יוגנט פון ארץ - ישראל, אפילו ווען זי געהערט צו קרייזן, וואָס זענען ווייט און פרעמד צו דער הסתדרות. די קינדער, למשל, פון פּריוואַטע קאָלאָניסטן עמיגרירן שוין איצט נישט בּדרך כּלל קיין אויסלאַנד. זיי פאַרמאָגן אָנשטאָט דעם אַן אייגענע קאָלאָניזאַציאָנס - געזעלשאַפט, די בּני בּנימין, וועלכע העלפט צו בּאַזעצן די קאָלאָניסטישע קינדער אויפן לאַנד, בּפרט אינם פאַל, ווען אין דער פאַמיליע זענען פאַראַן עטלעכע קינדער, און דער פאָטער איז אימשטאַנד צו בּאַזאָרגן אויף זיין אייגענעם לאַנד בּלויז איינעם פון זיי.

מיט זייער גאַנצער קענגערשאַפט פון דער הסתדרות, בפרט אין דער פראַגע פון פריוואַטן אייגנטום און אראַבישער אַרבעט, מאַכן דאָך נאָך די בני ־ בנימין אייניקע פון אירע מעטאָדן, און ווערן נישט ־ ווילנדיק אַנגעשטעקט פון איר „רעליגיע פון אַרבעט״. אַן ענלעכע ווירקונג האָט אויך דער „הנוער העובד״ אויף דער פרומער יוגנט פונם לאַנד.

איינע פון די דירעקטע אויפגאַבן פון „הנוער העובד״ איז אויס־לערנען די אַנוואַקסנדע יוגנט אַגריקולטור און פאַכן, און פאַרטיידיקן זיי דערביי פון עקספּלואַטאַציע. צוליב דעם צוועק האַלט אויס די הס־תדרות פּראַקטישע פאַך־קורסן, אויפן נאָמען פון מאַקס פיין, דעם פאַר־שטאָרבענעם אַמעריקאַניש ־ יידישן אַרבעטער ־ פירער, וועלכער האָט אַ סך געהאָלפן צו אָרגאַניזירן אין אַמעריקע דעם געווערקשאַפטן־קאַמ־פיין פאַר ארץ ־ ישראל. אין דער לעצטער צייט, אַ דאַנק דער שטיצע פון דער רעגירונג, וואָס האָט אָנערקענט די גרויסע נוצלעכקייט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע, ווערט איר טעטיקייט שטאַרק פאַרגרעסערט און אויסגעברייטערט.

דער „הנוער ־ העובד״ פאַרמאָגט אויך אַ פּאָר יוגנט ־ קיבוצים, וואָס פּלאַנען מיט דער צייט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין שטענדיקע קבו־צות אויפן לאַנד. די דאָזיקע קיבוצים האַלטן זיך אויס אַליין פון גערטנ־נער אַרבעט ביי די צרומיקע קאָלאָניסטן. דער גרעסטער פון זיי געפינט זיך אין נענה, ביי רחובות. די אָרגאַניזאַציע העלפט אויך אריינברענגען פון צייט צו צייט אירע געקליבענע מיטגלידער אין די עקזיסטירנדע קבוצות און קבוצים.

די שאַפונג פון די פאַך ־ קורסן פאַר דער אַנוואַקסנדער יוגנט ווערט שטאַרק געשטערט צוליב דער אָפּגעשטאַנענקייט פון ארץ ־ ישראל אויפן פעלד פון סאָציאַלער געזעצגעבונג. ס'איז דאָ טאַקע אַ געזעץ, וואָס פאַר־ווערט די לוין ־ אַרבעט פון קינדער ביז 12 יאָר און באַשרענקט די אַרבעטס ־ צייט פון קינדער ביז 16 יאָר מיט 8 שעה אַ טאָג. דער געזעץ ווערט אָבער אין די מערסטע פאַלן נישט אָפּגעהיט, און אפילו ווען מען פירט אים יאָ אויס, איז ער לחלוטין נישט גענוגנד. אַ קינד פון 12—16 יאָר, וואָס אַרבעט אפילו 8 שעה אַ טאָג, איז צו־פאַרמוטשעט און אויס־געמאַטערט, אַז עס זאָל נאָך קאָנען פאַרנאַכט אריינגעמען אַ פאַך־קורס. דעריבער פאָדערט טאַקע די הסתדרות אַ מאַקסימום אַרבעטס ־ צייט פון 6 שעה אַ טאָג, פאַר לערן־ייִנגלעך, וואָס זענען פאַרשריבן אויף אָוונט־

שולן, אָדער קריגן אַ ספּעציעלע פּאַך־דערציאונג אויסער זייער אַרבעט אין ווערקשטאַט.

דער קאָנטראָל פון די אַרבעטס־באַדינגונגען פון דער ארץ־ישראל־דיקער אַרבעטער־יוגנט ווערט אויך שטאַרק באַשווערט דורכן פאַקט, וואָס די מערסטע אַרבעטנדע קינדער צווישן יידן געהערן צו די מזרח־דיקע יידן מיט זייער פיל נידריקערן לעבנס־סטאַנדאַרט. די אייראָפּע־אישע יידן, די אשכנזים, מיידן אוים ווי ווייט מעגלעך די עקספּלואַטאַציע פון זייערע נישט־דערוואַקסענע קינדער. די אָוונט־קורסן פאַר אַר־בעטנדיקע קינדער אין חיפה ווערן, למשל, באַזוכט פון 192 קינדער פון די מזרחדיקע געמיינדעס (117 תימנים, 60 ספרדים, 15 אַנדערע), און בלויז פון 105 אשכנזישע קינדער. דערביי זענען די אשכנזים דער אי־בערוויגנדער רוב, אפשר 80 פּראָצענט, פון דעם אָרטיקן יידישן ישוב, און זיי זענען בכלל באַקאַנט מיט זייער דראַנג צו בילדונג. דער אויספיר פון דעם איז, אַז ביי די אשכנזים איז קינדער־אַרבעט אַן אויסנאַמע, בעת ביי די אָריענטאַלישע יידן איז זי כמעט דער כלל.

## די קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט פון דער הסתדרות.

אַריינגעמענדיק אין זיך די גרעסטע מערהייט פון די יידישע אַרבע־טער אין ארץ־ישראל, און האָבנדיק אַ גרויסע ווירקונג אויף די מערסטע אימיגראַנטן, איז די הסתדרות פון אָנהויב אָן געווען אַ וויכטיקער פאַק־טאָר אין דער קאָלאָניזאַציע פונם לאַנד. פּראַקטיש איז די גאַנצע קאָלאָ־ניזאַציע־טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר די לעצטע פופצן יאָר געפירט געוואָרן אין ענגער פאַרבינדונג מיטן קאָלאָניזאַציע־דעפּאַרטאַמענט פון דער הסתדרות (מרכז חקלאי). נישט נאָר האָט די הסתדרות אויסגעקליבן דעם מענטשן־מאַטעריאַל פאַר די קבוצות און מושבי־עובדים, נאָר זי האָט אויך געהאַט אַן אַנטשיידנדע דעה אין דער־אָנפירונג פון דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע בכלל. זי האָט אויך גע־נומען אויף זיך די איניציאַטיווע פון דער „קאָלאָניזאַציע פון טויזנט" (התישבות האלף), וועלכע ווערט פינאַנסירט פונם הילפס־פאָנד פון 1929 און דורך דער „פּאַלעסטיין עקאָנאָמיק קאָרפּאָריישאָן", געגרינ־דעט פון דער בראַנדייס גרופּע אין אַמעריקע.

די פריערדיקע אַרבעטער־זידלונגען, סיי קבוצות און סיי מושבי־עובדים, זענען געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך מיט עפנטלעכע מיט־לען, אָן דער געלט־באַטייליקונג פון די באַזעצטע אַליין. לעצטנס האָט

אבער די הסתדרות, געצוואונגען דורך דעם מאנגל פון עפנטלעכע פאנדן פאר קאלאניזאציע, אנגעהויבן דערמוטיקן און אפילו פאדערן אז אייגענע אינוועסטיציע פון די ארבעטער, וואס ווערן באזעצט אין נייע זידלונגען. די דאזיקע איינצאלונג, וואס דארף דעקן א טייל פון די נויטיקע קאלאניזאציע – קאסטן, איז מערסטנס מעגלעך געווארן דורך שפארונגען פון געדונגענער ארבעט אין ארץ־ישראל, כאטש אין איניקע פאלן זענען די נויטיקע סומען געבראכט געווארן פון די אימיגראנטן פון אויסלאנד.

כאטש דער ארבעטס־לוין אין ארץ־ישראל, בפרט אין די שטעט, איז באדייטנד העכער, איידער אין די ארומיקע לענדער, איז ער נאך אלץ נישט גענוג אויף צו דערלויבן גאר גרויסע אפשפארונגען פאר קאלאניזאציע אויפן לאנד. די דאזיקע אפשפארונגען, גענומען צוזאמען, זענען א גאנץ באדייטנדע סומע. באזונדערס זענען זיי וויכטיק דערפאר, ווייל זיי פארגרעסערן די זיכערקייט פון דרויסנדיקע קאפיטאלן, וואס ווערן אריינגעצויגן אין דער קאלאניזאציע. זיי זענען, צום ביישפיל, געווען דער פונדאמענט, אויף וועלכן ס'איז מעגלעך געווארן דער פינאנציעלער אויפבוי פון דער „קאלאניזאציע פון טויזנט".

## „ניר" און זיינע אויפגאבן.

אין א ברייטערן פארנעם ווערט דורכגעפירט די דאזיקע אידייע דורך דעם „ניר", דער געזעלשאפט פאר ארבעטער־קאלאניזאציע, וואס איז געגריינדעט געווארן פון דער הסתדרות. דער „ניר" באמיט זיך צו שאפן אן עפנטלעכן פאנד, וואס זייענדיק אונטער דעם אויסשליסלעכן קאנטראל פון דער הסתדרות, זאל קאנען באנוצט ווערן אלס א דערגענצנדער ביטראג פון די ארבעטער בעת זייער קאלאניזירונג אויפן לאנד. די גרונט־אידייע פון „ניר" איז, אז די געזעלשאפט אינוועסטירן א טייל פון איר אייגן געלט אין א געוואונטשענעם קאלאניזאציע־פראיעקט, קאן ווערן אין די הענט פון דער הסתדרות א מעכטיקער וואפן אויף צו פאראינטערעסירן מיט דעם פראיעקט רייכערע דרויסנדיקע ארגאניזאציעס, וואס זאלן אריינלייגן אין אים גרעסערע סומען.

די **פירער פונם „ניר"**, מיט וועלכע דער מחבר פון די שורות האט עטלעכע מאל געהאט א געלעגנהייט צו באטראכטן זיינע אויפגאבן און אויסזיכטן, זענען איבערצייגט, אז אויב דער „ניר" וועט זיין דערפאלגרייך אין זיינע ערשטע אונטערנעמונגען, וועט ער אנהויבן ציען אלץ גרעסערע פינאנץ – מיטלען פון גלות, ווו ס'איז פאראן א גאנץ שטארקע בענקעניש נאך באמת קאנסטרוקטיווער קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל.

די מיטלען פון „ניר" שטאַמען איצט פון געוויינלעכע און באַפּאַרצוגטע אַקציעס, צו 1 פונט יעדע. די געוויינלעכע אַקציעס ווערן פאַרקויפט בלויז צו לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, וואָס באַלאַנגען צו דער הסתדרות, און באַפּאַרצוגטע אַקציעס ווערן פאַרקויפט צו שטאָטישע אַרבעטער, ווי אויך צו זייטיקע פּערזאָנען. 15,000 אַקציעס זענען פאַרקויפט געוואָרן, מערסטנס אויף אויסצאָלן, בעת אַ קורצן קאַמפּיין פון „ניר", וואָס איז פאָרגעקומען אין 1933, ווען דער ניר איז צום ערשטן מאָל צוגעטרעטן צו פּראַקטישער אַרבעט. דער פאַקט, וואָס די דאָזיקע אַקציעס זענען אַלע פאַרקויפט געוואָרן אין ארץ־ישראל, און כמעט אויסשליסלעך צו אַרבעטער, ווערט פון די פירער פון דער הסתדרות באַטראַכט אַלס אַ גוטער סימן פון ווייטערדיקן דערפאָלג. דערמוטיקט דורכן דאָזיקן אָפּרוף האָט דער „ניר" לעצטנס אַרויסגעגעבן אָבליגאַציעס, וואָס זענען מערסטנס פאַרקויפט געוואָרן צו פּליכטלינגע פון דייטשלאַנד אַלס אַ טייל פונם „טראַנספער ־ אָפּמאַך". די געזעלשאַפט האָט אויך דאָ נישט לאַנג אינוועסטירט 20,000 פונט אַלס אַנלייהע צו די נייע זידלונגען אין עמק־חפר (וואַדי כאַווארעט), און אויך באַטייליקט לעצטנס אין גרויסע קניות אין צפון פון לאַנד, געמיינזאַם מיטן נאַציאָנאַל ־ פאָנד, דעם פאָנד פאַר דייטשע פּליכטלינגע און אַנדערע עפנטלעכע אינסטיטוציעס.

די לאַנד ־ איינקויפן פון ניר ווערן אַממערסטן דורכגעפירט דורך אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג זייערער, וואָס הייסט „שפּאָרונג דורך לאַנד". דאָס געלט, וואָס ווערט איבערגעגעבן צו דעם דעפּאַרטאַמענט דורך גרופּן פון „לאַנד־שפּאָרער", ווערט אַריינגעטראָגן צום נאַציאָנאַל־פאָנד אויף צו קויפן פאַר זיי לאַנד. שפּעטער, ווען די שפּאָרער זענען אימשטאַנד אַריבערגיין אויפן לאַנד און זיך נעמען צו קאָלאָניזאַציע ממש, קריגן זיי פונם נאַציאָנאַל־פאָנד דאָס געלט פאַרן לאַנד צוריק. מיט אַנדערע ווערטער, די לאַנד־שפּאָרער באָרגן פאַקטיש געלט דעם נאַציאָנאַל־פאָנד אויף צו קויפן פאַר זיי לאַנד, וואָס בלייבט אייגנטום פון נאַציאָנאַל־פאָנד; די שפּאָרער קריגן שפּעטער זייער געלט צוריק, אין אויסצאָלונגען.

מיט דער שאַפונג פון „ניר" איז די הסתדרות אַריין אינם פעלד פון קאָלאָניזאַציע אין אַ גרעסערן פאַרנעם, איידער פריער, און זי איז דערמיט געוואָרן גאָר אַ וויכטיקער פאַקטאָר אינם אויפבוי פונם לאַנד.

## קאַפּיטל פופצן



# יידן און ענגלאַנד

נאָך פיל יאָרן פאַרן קריג און פאַר דער באַלפור - דעקלאַראַציע איז די באַציונג צו ענגלאַנד, דאָס וויגעלע פון דעמאָקראַטיע און פערזענלעכער פרייהייט, מצד די אונטערדריקטע יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע געווען פול מיט פאַרערונג און באַוווּנדערונג, און ס'איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, וואָס שוין אין אָנהויב פון זייער באַוועגונג האָבן ציוניסטן געקוקט אויף ענגלאַנד, ווי אויף דעם בעסטן פריינט פון זייערע באַשטרעבונגען.

צום דאָזיקן גלויבן זענען זיי דערמוטיקט געוואָרן דורך צאָלרייכע סימפּאַטיע - אויסדרוקן פון ענגלישע שריפטשטעלער און פּאָליטיקער. ס'איז א פאַקט, אַז ציוניזם איז געפּרעדיקט געוואָרן פון ענגלישע קריסטן נאָך מיט יאָרן פריער איידער יידן אַליין האָבן זיך גענומען דערצו... נאָך מיט א דור פאַרן אָנהויב פון דער בילו־באַוועגונג פלעגן פון צייט צו צייט דערשיינען אין דער ענגלישער פרעסע בריוו, וואָס האָבן אַפּעלירט צו דער וועלט צוריקצוברענגען יידן אין זייער היסטאָרישער היים, און דערזעלבער געדאַנק האָט זיך אויך א פּאָר מאָל אָפּגעשפּיגלט אין עפנטלעכע רעדעס, און אַפילו אין פּעטיציעס צו די ענגלישע און אַנדערע שטאַאַטסלייט פון יענער צייט.

דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז טיילווייז דיקטירט געווען פון ליבעראַלע געפילן, וואָס האָבן רעוואָלטירט קעגן יידישער פאַרפאָלגונג, טיילווייז פון רעליגיעז - מיסיאָנערישע סענטימענטן, וואָס האָבן געפאָדערט די דערפילונג פון דעם ביבלישן צוזאָג צום אויסגעקליבענעם פאָלק, און טיילווייז אויך פון בריטישע אימפעריאַלע אינטערעסן, וואָס האָבן געמאַכט פאַר געווונטשן די באַזעצונג פון א פריינדלעכן פאָלק אויפן וועג קיין אינדיע און אויסטראַליע.

ס'איז אַלנפאַלס אַ פאַקט, אַז אַ געוויסער מאָראַלישער באָדן פאַרן ציוניזם האָט עקזיסטירט אין ענגלאַנד נאָך מיט פיל יאָרן פאַר דער באַלפור – דעקלאַראַציע. ווען משה מאָנטעפיאָרע האָט, למשל, אָנגעהויבן העלפן יידן אין דעמאָלסטיקן ארץ־ישראל, האָבן זיינע ענגלישע פריינד אים געראָטן צו שטעלן זיך ברייטערע פאָליטישע צילן, וועלכע האָבן ווייט איבערגעשטיגן די באַשרענקטע השגות פונם פאָרזיכטיקן פילאַנטראָפ...

מיט אַ פאָר יאָר פאַר די רוסישע פאָגראָמען פון 1881, וואָס האָבן געגעבן דעם דירעקטן שטופ צו דער חובבי־ציון־באַוועגונג, האָט דער אָנגעזעענער ענגלישער רייזנדער אָליווער לאָרענס אָליפאַנט פאָרגעשלאָגן אַ ברייטן פלאַן צו באַזעצן יידן אין ארץ־ישראל און בפרט אין עבר־הירדן. זיין לייט־מאָטיוו איז דערביי געווען נישט נאָר סימפּאַטיע צו יידן, נאָר אויך דער ווונטש צו פאַרשטאַרקן דורך יידישע קאָלאָניזאַציע די כסדר פאַלנדע טערקישע אימפּעריע, פון וועלכער ער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער. נאָך פיל רייזן איבער ארץ־ישראל און אַרומיקע לענדער האָט ער אויסגעקליבן אַלס פּאַסנדן פלאַץ פאַר דער קומענדיקער יידישער טעריטאָריע די געגנט פון גלעד, אינם נאָרדלעכן טייל פון עבר־הירדן, אַ ווייניק־באַפעלקערטע געגנט מיט אַ פרוכטבאַרן באָדן און געזונטן קלימאַט. ער האָט רעקאָמענדירט צו שאַפן אַ טשאַרטער־קאָמפּאַני, אָפּקויפן ביים סולטאַן זיין גרויסן לאַנד־אייגנטום אין גלעד, און באַזעצן דאָרט יידישע קאָלאָניסטן פון אַנדערע טיילן פון טערקיי, ווי אויך פון אייראָפּע. אָליפאַנטס פּראָיעקט, וואָס איז פאַרטיידיקט געווען אין אַ רייע פון צייטונגס־אַרטיקלען און אין אַ ספּעציעלער בראָשור מיטן נאָמען „גלעד", וואָס איז פּובליקירט געוואָרן אין יאָר 1879 אין לאָנדאָן, האָט געפונען אַ גאַנץ גרויסן אָפּקלאַנג אין דער העברעאישער פּרעסע, וואָס איז שוין דאַן דערשינען ביי יענער צייט אין רוסלאַנד. ס'איז קיין ספק נישט, אַז ער האָט שטאַרק באַאיינפלוסט די בילו־באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען מיט צוויי יאָר שפּעטער.

### וואָר על אריש און אוגאַנדאַ.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען דער יידישער דראַנג נאָך אַן אייגענער היים האָט אָנגענומען די פאָרמע פון „פּאָליטישן ציוניזם", האָט די ענגלישע עפנטלעכע מיינונג זיך באַצויגן צו דער יונגער באַוועגונג מיט אַ באַדייטנדער סימפּאַטיע. די באַמיאונגען פון דר. הערצל צו קריגן פון

סולטאַן אַבדול האַמיד א „טשאַרטער" אויף ייִדישע מאַסן - קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל זענען געשטיצט געוואָרן פון אײנפלוסרייכע ענגלישע פירער. ווען זײַנע באַמיאונגען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן אַן אײַזערנע וואַנט, האָבן אײניקע ענגלישע פּאָליטיקער פאָרגעשלאָגן א ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין וואַד על אריש, א טייל פונם האַלב־אינזל פון סני, וואָס גרענעצט זיך מיט ארץ־ישראל, אָבער איז פאָרמעל אונטער עגיפּטישער סוווערעניטעט. דער פּלאַן האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן אַלס אומפּראַקטיש: וואַד על אריש איז מערסטנס א מדבר, וואָס טויג נישט פאַר לאַנדווירטשאַפט. פונדעסטוועגן איז דער דאָזיקער פּלאַן געווען אין ייִדישע אויגן א נייער באַווייז פון די ענגלישע סימפּאַטיעס פאַר ציוניזם און ייִדן.

אויף אַן אינטערעסאַנטן אופן האָט זיך דער דעמאָלסטיקער ייִדישער גלויבן אין ענגלאַנד אויסגעדריקט אין א בריוו פון ד"ר הערצל צו לאָרד מילנער, אײנעם פון די אָנגעזעענסטע ענגלישע שטאַטס־לייט פון יענער צייט. דער בריוו, דאַטירט דעם 3־טן יאַנואַר 1903, דריקט אויס הערצלס אויפריכטיקע באַוואונדערונג פאַר ענגלאַנד, דער פעסטונג פון ליבעראַליזם אין דער פאַר מלחמהדיקער אייראָפּע, און זײַן אינערלעכע איבערצייגונג, אַז די דאָזיקע ליבעראַלע מאַכט וועט אַמאָל שפּילן א אַנטשיידנדע ראָלע אין דער ייִדישער געשיכטע:

„די פרייהייט און גלייכהייט פון ענגלישע ייִדן, די גליקלעכע לאַגע אויך פון אויסלענדישע ייִדן אין די בריטישע קאָלאָניעס, און דער מענטשלעכער שוץ, וועלכן די ענגלישע רעגירונג גיט אונז דורך אירע פּראָטעסטן קעגן די פאַרפאָלגונגען פון אונזערע ברידער, — איז א גייסטיקער באַנד, וואָס פאַראייניקט אונז מיט אייער רום־פולן פאָלק... כ'וועט קומען א טאָג, ווען מיר וועלן אימשטאַנד זײַן ווייזן אונזער דאַנקבאַרקייט צו דער גרויסער און גרעסערער ענגלאַנד"...

ביי היינטיקן טאָג קלינגט דער דאָזיקער בריוו אַביסל נאַאיוו, אָבער ער איז זיכער אויפריכטיק. אַזוי האָבן זיך באמת דעמאָלט די מערסטע ייִדן באַצויגן צו ענגלאַנד.

נאָך דעם ווי דער וואַד־על־אריש־פּלאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אוטאָפּיש, האָט ענגלאַנד געמאַכט א נייעם אָנבאָט פון ייִדישער טעריטאָריע, — אין אוגאַנדא, א ברייטע און רייכע געגנט אין צענטראַלער אפריקע. כאָטש דער אָנבאָט איז סוף־כל־סוף צוריקגעוויזן געוואָרן פון

די מערסטע ציוניסטן, טיילווייז צוליב סענטימענטאַלע, און טיילווייז אויך צוליב פּראַקטישע טעמים, איז ער הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן פון יידן אין דער וועלט אַלס אַ נייער באַווייז פון ענגלישע סימפּאַטיעס און מיטגעפיל. דער טיפּישער קליינשטעטלדיקער ייד אין מזרח־אייראָפּע האָט געקריגן כמעט אַ מיסטישן גלויבן, אַז אינם מאָמענט, ווען טערקיי וועט צעטיילט ווערן צווישן די גרויס־מאַכטן, וועט ענגלאַנד העלפן אויפבויען דאָס יידישע פאָלק אינם לאַנד פון זיין אָפּשטאַמונג.

ביי אַזאַ היסטאָרישן הינטער־גרונט איז גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס די באַלפור - דעקלאַראַציע, וועלכע איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון ענגלאַנד אינם סאַמע קריטישן מאָמענט פון וועלט־קריג, איז באַטראַכט געוואָרן פונם דורכשניטלעכן ייד נישט אַלס אַ פוסטער צוזאָג, וואָס האָט דעם צוועק צו דערגרייכן אַ צייטווייליקן מיליטעריש־פּאָליטישן פאָרצוג, נאָר אַלס אַ לאָגישע פאָרטזעצונג פון פריערדיקע פאַרבינדונגען און סימפּאַטיעס.

פון דער אַנדערער זייט איז קיין שום גרויסע נאַציע נישט געווען אַזוי פּסיכאָלאָגיש רייף צו פאַרשטיין דעם געדאַנק וועגן דער יידישער אויפלעבונג אין ארץ־ישראל, ווי די ענגלענדער, דאָס פאָלק פון דער ביבל, וואָס האָט זיך ביז איצט פיל מער אויסגעהיט פון אַנטיסעמיטיזם, איידער ס׳רוב אַנדערע פעלקער פון אייראָפּע.

## וועלט־קריג און ציוניזם.

ביי אַזאַ לאַגע איז גאָרנישט שווער געווען צו איבערצייגן די ענגלישע מלוכה־לייט אַרויסגעבן אין דער צייט פון קריג אַ מין דאָקומענט, וואָס זאָל צוזאָגן בריטישע הילף פאַר דער אויפשטעלונג פון דער יידישער היים אין ארץ־ישראל. אגב, איז דאָס געווען אַ צייט פון גאָר גרויסע, ברייט־האַרציקע צוזאָגן, ווען מען האָט גערן פאַרשפּראָכן פרייהייט צו אַלע אונטערדריקטע פעלקער, בפרט ווען זיי זענען נאָך געווען אונטער דער מאַכט פון אַנדערן צד. די מלחמה איז דאַן געווען אין איר קריטישן פּעריאָד, און יעדעס ביסל הילף און סימפּאַטיע האָט געהאַט אַ ווערט. איגנאָרירן, ביי אַזאַ לאַגע, אַ פאָלק פון פופצן מיליאָן, וואָס נישט קוקנדיק אויף זיין צעשפּרייטונג איבער דער וועלט, — און אפשר גראָד צוליב דעם, — האָט געהאַט אַ גאַנץ באַשטימטן ווערט פאַר ביידע קעמפנדע צדדים, וואָלט נישט געווען בהסכם מיט דער בריט־

האַרציקער זעלבסט־באַשטימונגס־פּאָליטיק, וואָס איז אָנגענומען געווען אין דער קריגס־צייט. אויסער דעם האָבן די אַליִיאירטע געפילט די נויטווענדיקייט גובר צו זיין די נאַטירלעכע אַנטיפּאַטיע פון ייִדן פאַר דער קאָאַליציע, וואָס האָט אין אָנהויב פון קריג געהאַט אַריינגענומען אין זיך די צאַרישע רעגירונג פון רוסלאַנד. דער שטורץ פון צאַריזם אויפן דריטן יאָר פון קריג האָט זיי געגעבן אַ שאַנס צו געווינען די אויפריכטיקע און ענטוזיאַסטישע שטיצע פון ייִדן, בפרט אין די ניטראַלע לענדער, דורך אַ פּריינציפּלעכע דעקלאַראַציע וועגן ארץ־ישראל.

אגב, האָבן זיך דעמאָלט צווישן די אַליִיאירטע געטראָגן קלאַנגען וועגן דעם, אַז דייטשלאַנד וויל זיי פאַרכאַפּן דעם וועג דורך אַן אייגענע פּראָ־ציוניסטישע דעקלאַראַציע. די דאָזיקע קלאַנגען זענען געווען באַזירט אויף פאַרהאַנדלונגען, וועלכע דייטשע און עסטרייכישע ציוניסטן האָבן בײַ יענער צייט באמת געפירט מיט געוויסע דייטשע דיפּלאָמאַטן. אין דער זעלבער צייט האָט פּרעזידענט ווילסאָן געלאָזט וויסן אין לאָנדאָן, אַז וואַשינגטאָן וואָלט צופרידן געווען פון אַ בריטישער דעקלאַראַציע לטובת דעם ציוניזם, ווייל אַזאַ סאָרט דעקלאַראַציע וואָלט געשאַפן אַ גרעסערע מלחמה־באַגייסטערונג צווישן די דריי מיליאָן ייִדן אין אַמעריקע.

כּדי נאָך בעסער צו פאַרשטיין די דעמאָלסטיקע לאַגע, מוזן מיר אויך נעמען אין אָנבאַטראַכט, אַז אין מיטן 1917 האָט די לאַגע פון די אַליִיאירטע אויסגעזען גאַנץ טרויעריק. די גרויסע רוסישע אַרמיי, וועלכע האָט אין אָנהויב פון יאָר נאָך פאַרהאַלטן אויפן מזרח־פראָנט הונדערט דייטש־עסטרייכישע דיוויזיעס, האָט זיך אָנגעהויבן אויפלייזן, און די פּראָ־אַליִיאירטע קערענסקי - רעגירונג האָט זיך שטאַרק געוואַקלט. די געפאַר פון אַ באָלשעוויסטישער איבערקערעניש און אַ סעפּעראַטן שלום אויפן מזרח־פראָנט האָט אויסגעזען צו זיין גאַנץ נאָענט, אין דער צייט, ווען די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט ערשט געהאַלטן בײַ באַשאַפן ווערן, און זי איז אַלנפאַלס נאָך געווען אויף יענער זייט ים. בײַ אַזאַ לאַגע זענען די מיטגלידער פונם ענגלישן קריגס־קאַבינעט נאָך ווייט נישט געווען זיכער, אַז זיי וועלן באמת באַזיצן ארץ־ישראל נאָך דעם קריג, און בײַ אַזאַ לאַגע איז גרינגער געווען נאָכקומען דעם ייִדישן פאַרלאַנג נאָך אַ פּראָ־ציון־דעקלאַראַציע. פּאָליטישע צוזאָגן גיט מען גיכער, ווען מען ווייסט נישט, צי מען וועט אימשטאַנד זיין זיי צו פאַרווירקלעכן...

## בריטישע און יידישע אויספאַסונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע

נישט קוקנדיק אויף דעם, האָבן זיך די ענגלענדער באַמיט אין די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער פּראָ־ציוניסטישער דעקלאַראַציע, וואָס איז פאַרלאַנגט געוואָרן פון יידישע פירער, אַריינלייגן אין איר וואָס ווייניקער ממשותדיקן אינהאַלט. דער ענטגילטיקער נוסח פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז דעריבער אויסגעקומען פיל באַשיידענער, איידער דער אָריגינעלער פאַרלאַנג פון דעם ציוניסטישן פּאָליטישן קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען פון דער יידישער זייט. די ציוניסטן האָבן געוואָלט האָבן אַ צוזאָג „ווידער אויפצושטעלן א״י אַלס די נאַציאָנאַלע היים פונם יידישן פאָלק״. ווען אָבער די דעקלאַראַציע איז ענטגילטיק אונטערגעשריבן געוואָרן, האָט זי אַנטהאַלטן אין זיך דעם ווייניקער בינדנדן און מער צווייִדייטיקן צוזאָג וועגן אויפשטעלן „אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל״.

וואָלטן די ציוניסטישע פירער פאַרשטאַנען בײַ יענער צײַט די פולע באַדייטונג פונם דאָזיקן פונדאַמענטאַלן אונטערשייד, וואָלטן זיי וואַרשײַנלעך צוריקגעוויזן דעם אָנבאָט פון דער רעגירונג, אפילו ווען די איינציקע ברירה וואָלט געווען גאָרנישט קיין דעקלאַראַציע (אגב, בײַ מיר פערזענלעך איז כמעט נישטאָ קיין ספק, אַז זיי וואָלטן דאַן געקריגן אַ בעסערן און אַ מער באַשטימטן דאָקומענט). די „ווידער־אויפשטעלונג פון ארץ־ישראל אַלס נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק״ האָט אַ באַשטימטן זין בעת די „אויפשטעלונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל״ קאָן מיינען, וואָס מען וויל. די ערשטע פאָרמולע לייגט אַרויף אַ געוויסן יידישן כאַראַקטער אויף גאַנץ ארץ־ישראל, בעת די צווייטע, די פּאַקטיש – אָנגענומענע פאָרמולע, קאָן אויסגעטײַטשט ווערן אַלס די שאַפונג פון אַ קליינעם יידישן ישוב אָדער „קאַנטאָן״ צווישן דער אַרומיקער אַראַבישער מערהייט, און די פּראָקלאַמירונג פון דעם דאָזיקן ישוב אַלס אַ נאַציאָנאַלע היים. די פאָרמולע וועגן דער ווידער־אויפשטעלונג פון ארץ־ישראל אַלס די נאַציאָנאַלע היים, וואָלט שווערער געמאַכט די אָפּרייסונג פון עבר – הירדן, און וואָלט אַלנפאַלס געווען אין שאַרפער סתירה צו די פסדרדיקע ענגלישע רייד וועגן צוויי גלײַכע אויפגאַבן אין ארץ־ישראל...

מיר ווייסן טאַקע נישט, צי די ציוניסטישע דעלעגאַטן אין לאָנדאָן האָבן בײַ יענער צײַט פאַרשטאַנען די פולע באַדײַטונג פונם דאָזיק

אונטערשייד. מיר ווייסן אָבער, אַז ענגלאַנד האָט עס יאָ פאַרשטאַנען. אַן עדות דערפאַר איז דער פאַרשטאָרבענער אחד ־ העם, וועלכער איז דאַן געווען אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער פּאָליטישער קאָמיסיע אין לאָנדאָן.

ער דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז ציוניסטן האָבן, שוין נאָך דער פּובליקאַציע פון דער דעקלאַראַציע, „פּרובירט אין די שפּעטערדיקע פאַרהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג פאָרמולירן איר צוזאָג אין זייער אייגענעם נוסח, פּונקט ווי עס וואָלט נישט געווען קיין אונטערשייד, ווי אַזוי מען דריקט דאָס אויס. יעדעס מאָל האָבן זיי אָבער איינגעזען פון דער רעגירונג געפונען איבערגעחזרט דעם ווערטלעכן נוסח פון דער דעקלאַראַציע. דאָס צייגט, אַז דער אונטערשייד צווישן די דאָזיקע צוויי פראַזן איז נישט סתם קיין האָר־שפּאַלטעריי. ס'איז נישט קיין פאַל, ווען איין און די זעלבע זאַך ווערט אויסגעדריקט אויף צוויי באַזונדערע אופנים; נאָר דער צוזאָג איז פאַקטיש געגעבן געוואָרן אין איין באַשטימטן נוסח, און איז נישט געגאַנגען אויף קיין האָר ווייטער"...

ציוניסטישע פּאָליטיק נאָך דער דעקלאַראַציע.

נישט קוקנדיק אויף דעם שאַרפן אונטערשייד צווישן דעם אָריגינעלן און רעווידירטן נוסח פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט די ציוניסטישע אַגיטאַציע נאָך איר פּראָקלאַמירונג זיך געסטאַרעט שאַפן דעם איינדרוק, אַז ענגלאַנד האָט באמת צוגעזאָגט צו מאַכן ארץ־ישראל פאַר אַ יידישע מלוכה אויפן אַנדערן טאָג נאָך דעם קריג. נאַטירלעך, האָבן אַזעלכע איבערטריבענע באַהויפּטונגען אַרויסגערופן אַ גליענדן ענטוזיאַזם צווישן די יידישע מאַסן איבער דער גאַנצער וועלט, און אין דעם זין האָט די באַלפור־דעקלאַראַציע באַרעכטיקט אויף הונדערט־פּראָצענט די דערוואַרטונגען, וואָס מען האָט אויף איר געלייגט. זי האָט באמת געגעבן די אַליאירטע די פול־האַרציקע יידישע שטיצע און סימפּאַטיע, און זי איז אין דעם זיכער געווען, פונם שטאַנדפּונקט פון אירע אויטאָרן, אַ פּאָליטישער דערפאָלג.

זיך שטיצנדיק אויף דעם שיינבאַרן צוזאָג פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל, האָבן איינציקע ציוניסטישע פירער, בפרט אין אַמעריקע, אָנגעהויבן שאַפן אַ יידישן לעגיאָן, וואָס זאָל העלפן צו דעראָבערן ארץ־ישראל, און בלייבן דאָרט דערנאָך אַלס מיליטערישער רוקן־ביין פון דער

קאָמענדירטער יידנשטאַט. אין ארץ־ישראל זעלבסט, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אין איר יידישן טייל, וואָס איז שוין דאַן געווען אָקופּירט פון אַלענבים אַרמיי, האָט די יידישע יוגנט מאַסנווייז געשטראָמט צו דער פאָן פונם לעגיאָן.

עס שיינט, אַז צוזאַגנדיק די יידישע מאַסן די אַקטיווע הילף פון ענגלאַנד אינם אויפבוי פון אַ יידישער ארץ־ישראל, האָבן זיך די ציוניסטישע פירער געלאָזט אַליין פאַרשכורן פונם דאָזיקן משיח־גלויבן, און האָבן דעריבער נישט געמאַכט בייצייטנס קיין שום פּראַקטישע הכנות פאַר זייערע צוקונפטיקע אויפגאַבן אין ארץ־ישראל. זיי האָבן נישט אויסגענוצט די גרויסע באַגייסטערונג פון די מאַסן פאַר אַ נאַציאָנאַלע אַנלייהע אין אַ פאַרנעם, וואָס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט די גרויסע פינאַנציעלע אָנשטרענגונגען פון אַלע פעלקער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט באַטייליקט אינם וועלט־קריג. ווען די ציוניסטישע פירער וואָלטן פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט צו שמידן דאָס אייזן ווען עס איז נאָך הייס און זיי וואָלטן באַלד נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, אין דער צייט פון דער גרויסער קריגס־פּראָספּעריטי און גרויסע קריגס־אָנשטרענגונגען, זיך געווענדעט צו די יידן אין די אַליאירטע און נייטראַלע מלוכות נאָך אַ גרויסער קאָלאָניזאַציע־אַנלייהע, וואָס זאָל פאַרזיכערן די רעאַליזאַציע פונם ציוניזם אין אַ גרעסערן פאַרנעם, וואָס איז נויטיק געוואָרן דורך זייערע נייע פּאָליטישע אויסזיכטן, — וואָלטן די יידישע מאַסן זיך אָפּגערופן אויף דעם זעלבן ברייטן און אָפּטימיסטישן שטייגער, אויף וועלכן זיי האָבן זיך באַטייליקט אין די קריגס־אַנלייהען פון זייערע באַטרעפנדע רעגירונגען. די גאַנצע לאַגע אין ארץ־ישראל נאָך דעם וואָפן־שטילשטאַנד וואָלט דאַן געוואָרן אַן אַנדערע.

„די יידישע קאָמיסיע“.

אָנשטאָט אַזעלכע עקאָנאָמישע צוגרייטונגען האָבן די ציוניסטישע פירער געלייגט דעמאָלט זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף פּאָליטישע שריט, וואָס האָבן געזאָלט פאַרשטאַרקן זייער פּאָזיציע אין דער יידישער און אַרומיקער וועלט. זיי האָבן צוליב דעם צוועק געקריגן פון דער ענגלישער רעגירונג אַ דערלויבעניש צו שיקן קיין ארץ־ישראל אַ יידישע קאָמיסיע, וואָס זאָל זיין אַ פאַרבינדונגס־גליד צווישן דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג און דער בריטישער מיליטערישער מאַכט. זיי האָבן געהאָפט, אַז די דאָזיקע קאָמיסיע וועט קריגן ברייטע רעכט פון

דער ענגלישער רעגירונג און ווערן מיט דער צייט דער פּאָליטישער פונדאַמענט פון דער קומענדיקער נאַציאָנאַלער היים. אירע אויפגאַבן זענען אָבער אַזוי ענג באַשרענקט געוואָרן פון די ענגלישע באַאַמטע, אַז זי האָט אָנגעווווירן דעם גרעסטן טייל פון איר פריער־געפּלאַנטער פּאָליטישער באַדייטונג.

דעם 4־טן אַפּריל 1918 איז די יידישע קאָמיסיע (ועד־הצירים), אָנגעפירט פון ד״ר. ווייצמאַן אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. זי האָט זיך גלייך אָנגעשטויסן אין אַ רייע פון אַנטוישונגען. די מיליטערישע מאַכט, וואָס האָט ביי יענער צייט רעגירט דאָס לאַנד, האָט נישט באַטראַכט די באַלפור־דעקלאַראַציע פאַר אַן ערנסטן און בינדנדן דאָקומענט. זי האָט אַפילו נישט געוואָלט אָפיציעל פאַרעפנטלעכן די דעקלאַראַציע אין ארץ־ישראל, טענהנדיק, אַז קיין זיג איז נאָך נישט דערגרייכט געוואָרן, און ס'איז פריצייטיק צו פּובליקירן אַ פּאָליטישע דעקלאַראַציע אין אַ לאַנד, וואָס געהערט נאָך יורידיש דעם שונא.

דער גרעסטער אויפטו פון דער קאָמיסיע איז געווען די גרונט־שטיין־לייגונג פון דער העברעאישער אוניווערסיטעט אויפן הר־הצופים ביי ירושלים. דאָס איז פאָרגעקומען דעם 24־טן יולי 1918, ווען לודענ־דאָרף איז נאָך אין פראַנקרייך געווען דער אָנגרייפער.

מיט אַ יאָר נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע זענען די טערקן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון ארץ־ישראל און דאָס גאַנצע לאַנד איז אַריין אין ענגלישע הענט. דאָך איז דער פּאָליטישער סטאַטוס, וואָס האָט עקזיסטירט אין ארץ־ישראל אין דער צייט פון דער מיליטע־רישער אָקופּאַציע געבליבן עקזיסטירן נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר. דער יידישער לעגיאָן, וואָס איז דאַן געשטאַנען אויפן באָדן פון ארץ־ישראל איז אויפגעלייזט געוואָרן אין דער צייט, ווען אַ היפּשער טייל פון אַלענ־ביס אַרמיי איז נאָך געשטאַנען אונטער וואָפן. די אַמעריקאַנער לעגיאָ־נערן, וואָס האָבן מערסטנס געטרוימט וועגן בלייבן אין ארץ־ישראל, כדי צו לייגן דעם פונדאַמענט פון יידישן שטאַט און העלפן אין זיין אויפ־בוי־אַרבעט, זענען פריינדלעך געבעטן געוואָרן זיך אומצוקערן קיין אַמעריקע... נייע אימיגראַציע איז געווען פאַרבאָטן, און לאַנד־קויפן זענען נישט דערלויבט געוואָרן. אַפילו די ציוניסטישע פירער זענען ביי יענער צייט געווען קעגן פריצייטיקער איינוואַנדערונג. און, נישט האָבנדיק קיין געלט אויף צו קויפן לאַנד, זענען זיי צופרידן געווען צו

פארלענגערן דעם פארבאָט פון לאַנד־קניות, וואָס איז ארויסגעגעבן גע־וואָרן אין דער צייט פון קריג.

## דער ארץ־ישראלדיקער מאַנדאַט.

נאָך דעם סוף פונם קריג איז ארץ־ישראל פאָרמעל אריבער אין רשות פון פעלקער־בונד, וועלכער האָט, נאַטירלעך, איבערגעגעבן דעם מאַנדאַט איבער א״י צו ענגלאַנד.

די ציוניסטישע פירער, וואָס האָבן ביי יענער צייט שוין איינגע־זען די אומקלאָרקייט און צווייִדייטיקייט פון דער באַלפור־דעקלאַ־ראַציע, האָבן ביי דער געלעגנהייט זיך שטאַרק באַמיט צו קאָמפּענסירן דעם אומגענוגנדן טעקסט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע דורך א מער באַשטימטער פאָרמולירונג פון יידישע רעכט אינם נוסח פונם מאַנדאַט. זיי האָבן זיך דערביי אָנגעשטויסן אויף א מאַסע שוועריקייטן, און די רעזולטאַטן פון זייערע אָנשטרענגונגען זענען געווען קלענער פון זייערע דערוואַרטונגען. פונדעסטוועגן אַנטהאַלט דער מאַנדאַט מער באַשטימטע פאַרפּליכטונגען בנוגע די יידן, איידער די קומענע דעקלאַראַציע.

די פאָררעדע צום מאַנדאַט חזרט איבער דעם נוסח פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און אָנערקענט דעם „היסטאָרישן צוזאַמענהאַנג צווישן יידן און א״י און די אורזאַכן, וואָס באַוועגן זיי ווידער אויפשטעלן זייער נאַצ. היים אין יענעם לאַנד". באַזונדערס וויכטיק איז דער פּאַראַגראַף צוויי פונם מאַנדאַט, וועלכער פאַרפּליכטעט די מאַנדאַט־מאַכט צו „שטעלן דאָס לאַנד אין אַזעלכע פּאָליטישע אַדמיניסטראַטיווע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס זאָלן זיכערן די שאַפונג פון דער יידישער נאַציאָנאַ־לער היים"...

דער פערטער אַרטיקל פונם מאַנדאַט שרייבט פאָר די שאַפונג פון א „געהעריקער יידישער אַגענטור", וואָס זאָל אָנערקענט ווערן אַלס „אַן עפנטלעכע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיך באַראַטן און קאָאָפּערירן מיט דער אַדמיניסטראַציע פון ארץ־ישראל אין די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און אַנדערע פראַגן, וואָס באַרירן די שאַפונג פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער היים און די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אינם לאַנד". דער זעלבער אַרטיקל אָנערקענט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַלס די צייטווייליקע יידישע אַגענטור און פאַרפּליכטעט זי „צו זיכערן די קאָאָפּעראַציע פון אַלע יידן, וואָס זענען וויליק מיטצוהעלפן אין דע־

אויפשטעלונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים״.

דער אַרטיקל זעקס פונם מאַנדאַט הייסט דער אַדמיניסטראַציע פונם לאַנד, באַוואָרענענדיק די רעכט און פּאָזיציעס פון אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג, דאַך „פאַרגרינגערן די יידישע אימיגראַציע אונטער פּאַסנדע באַדינגונגען און דערמוטיקן, אין קאָאָפּעראַציע מיט דער יידישער אַגענטור, די קאָמפּאַקטע באַזעצונג פון יידן אויף באָדן, אריינ־רעכענענדיק מלוכה ־ לאַנד און נישט באַאַרבעטן באָדן, וואָס ווערט נישט פאַרלאַנגט פאַר עפנטלעכע צוועקן״.

אין אַנדער פּונקט פונם מאַנדאַט זאָגט, אַז די רעגירונג פונם לאַנד קאָן „אָפּמאַכן מיט דער יידישער אַגענטור וועגן בויען און אָנפירן, אויף גערעכטע יסודות, עפנטלעכע דינסטן, און אַנטוויקלען די נאַטירלעכע רייכטימער פונם לאַנד, אויף וויפל די דאָזיקע אויפגאַבן ווערן נישט איבערגענומען דירעקט פון דער אַדמיניסטראַציע״.

דער מאַנדאַט גאַראַנטירט אויך די פרייהייט פון געוויסן און רע־ליגיעזן גלויבן, און אָנערקענט העברעאיש, צוזאַמען מיט ענגליש און אַראַביש, אַלס די אָפיציעלע שפּראַכן פונם לאַנד.

איינער פון די פּונקטן פונם מאַנדאַט באַרעכטיקט ענגלאַנד זיך אָפּזאָגן פון דורכפירן וועלכע ס׳איז פון זיינע באַשטימונגען אין דער געגנט „צווישן דעם ירדן און דער מזרחדיקער גרענעץ פון ארץ־ישראל״. דאָס דאָזיקע רעכט איז באַלד אויסגענוצט געוואָרן, כּדי צו גרינדן דאָרט אַ באַזונדערע מלוכה, אונטערן נאָמען „טראַנסיאָרדאַן״ (עבר הירדן), וווּ די באַלפור־דעקלאַראַציע און די יידישע רעכט, וואָס שטאַמען פון איר, זענען דערקלערט געוואָרן אַלס נישט ווירקזאַם. עבר־הירדן איז געשטעלט געוואָרן אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אַן אַראַ־בישן פּרינץ, וואָס איז פּראַקטיש פאַרפליכטעט אויספאָלגן אַלע „עצות״ פון אַן ענגלישן „רעזידענט״, וועלכער איז דער פאַקטישער הערשער פונם לאַנד. אַלס קעניג פון עבר־הירדן איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַבּ־דאַלאַה, דער ברודער פונם פאַרשטאָרבענעם פייזאַל, וועלכער האָט גע־האָלפן ענגלאַנד אין דער מלחמה קעגן טערקיי און געקריגן דערפאַר די קרוין פון איראַק.

**נאָך דעם וואָפנשטילשטאַנד.**

אין דער איבערגאַנגס־צייט צווישן דעם וואָפן־שטילשטאַנד אין

דעם אָננעמען פונם מאַנדאַט האָט זיך די פּאָליטישע לאַגע אין ארץ־ישראל שטאַרק געענדערט. די אַראַבישע באַפעלקערונג פונם לאַנד, וועלכע איז ביז צו יענער צייט געווען גלייכגילטיק, און אַמאָל גאָר פריינדלעך צו די ציוניסטישע באַשטרעבונגען, האָט אָנגעהויבן באַאייג־פלוסט ווערן פון אַ שטאַרקער אַנטי־יידישער אַגיטאַציע, וואָס איז געקו־מען פון פאַרשידענע קוועלן און פאַרשידענע אינטערעסן. דער דירעק־טער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אַגיטאַציע איז געווען דער ערשטער אַנטי־יידישער פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים אין אַפּריל 1920.

באַלד נאָכן פּאָגראָם פון 1920 איז געהערט געוואָרן די באַשולדי־קונג, אַז די גיפטיקע אַגיטאַציע, וואָס האָט אים אַרויסגערופן, איז פּאַק־טיש דערמוטיקט געוואָרן פון דער בריטישער מיליטער־מאַכט, וואָס האָט דאַן באַהערשט דאָס לאַנד. די דאָזיקע באַשולדיקונג האָט זיך באַ־זונדערס געשטיצט אויף דער שטרענגקייט, וועלכע די דאָזיקע מיליטע־רישע מאַכט האָט אַרויסגעוויזן צו אַ גרופּע פון יידישע עקס־לעגיאָנערן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די יידישע זעלבסט־שוץ אין דער צייט פונם פּאָגראָם. די אַקטיווע מיטגלידער פון דער דאָזיקער זעלבסט־שוץ, — מיטן שפּעטערדיקן רעוויזיאָניסטישן פירער זשאַבאָטינסקי אין דער שפּיץ, — זענען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרמשפּט פון אַ מיליטערישן געריכט צו לאַנג־יאָריקער תּפיסה. דער דאָזיקער שטרענגער אורטייל, אַרויסרופנדיק אַ שאַרפן פּראָטעסט, איז דערנאָך אָפּגעשאַפט געוואָרן. אָבער דער אַמאָליקער בליטנדער גלויבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ענגלאַנד איז שטאַרק דערשיטערט געוואָרן.

סער הערבערט סעמיועל.

די ציווילע אַדמיניסטראַציע, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין ארץ־ישראל באַלד נאָך די דאָזיקע געשעענישן איז געווען אַ ווייטערדיקע אורזאַכע פון אַנטוישונג. נישט קוקנדיק אויף דער יידישקייט פון סער הערבערט סעמיועל, דעם ערשטן בריטישן הויך־קאָמישאָנער אין ארץ־ישראל, האָט ער זיך מער געניגט אויף דער זייט פון די אַראַבער, איי־דער פון יידן. עס שיינט, אַז די יידישקייט פון סעמיועל איז פונם שטאַנדפּונקט פון יידישע אינטערעסן גאָר געווען אַ חסרון. אַ יידישער

הײ־קאָמישאַנער, האָט מען געזאָגט, װעט זײַן אַזױ פּאַרזיכטיק אין זײַנע באַמיאונגען צו װײַזן אומפּאַרטײיִשקײט, אַז ער װעט שטײן אונטער אַ מאָראַלישן דרוק צו באַפרידיקן אַפילו אומגערעכטע אַראַבישע פּאָדע־רונגען. אָבער, האָט סעמיועל פּערזענלעך, װעלכער איז אין דער צײַט פון קריג געװען דער אינערן־מיניסטער פון ענגלאַנד, שױן דאַמאָלס גע־האַט די רעפּוטאַציע, אַז ער קאָן באַהאַנדלען די ייִדן ערגער אײדער דאָס װאָלט געטון אַ ליבעראַלער קריסטלעכער אַדמיניסטראַטאָר.

ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז גראָד די דאָזיקע רעפּוטאַציע האָט דיס־טירט די באַשטימונג פון הערבערט סעמיועל אַלס ערשטן הײ־קאָמישאַ־נער אין ארץ־ישראל. זייענדיק אין ארץ־ישראל, האָט דער מחבר דע־מאָלט געהערט, אַז לאָיד דזשאָרזש, דער דעמאָלסטיקער פּרעמיער, האָט בײַ אַ געװיסער געלעגנהייט פאַרלאַנגט ס׳ער סעמיועלס הסכּמה צו װערן הײ־קאָמישיאָנער, אַלס אַ באַדינג פאַר דעם אַרײַנעמען פון אַ גע־װיסן פּראָ־ייִדישן פּונקט אינם נוסח פונם מאַנדאַט. דער מײַן פון לאָיד דזשאָרזש, װעלכער איז בכלל באַרימט מיט זײַן כיטרעקײט, איז געװען, אַז מיט סעמיועל, אַלס הײ־קאָמישאָנער, װעט מען זײַן זיכערער. אַ ייִדישער הײ־קאָמישאָנער װעט שױן זען, אַז די ייִדישע בױמער אין ארץ־ישראל זאָלן נישט אַרײַנװאַקסן גלײַך אינם הימל אַרײַן, און דערבײַ װעט מען ענגלאַנד נישט קאָנען באַשולדיקן אין אַנטיסעמיטיזם...

די בלוטיקע געשעענישן פון 1921.

אין די ערשטע חדשים פון זײַן ממשלה, איז סער הערבערט סע־מיועל שטאַרק פאַרנומען געװען מיט דער אײַנריכטונג פון אַ נײַער ציװילער רעגירונג און האָט אױסגעמיטן אַלגעמײנע פּאָליטישע פּאַרפּליכ־טונגען. די לאַגע האָט זיך אָבער שטאַרק געביטן נאָך דעם בלוטיקן אױסברוך פון מײַ 1921. עס שײַנט, אַז דער דאָזיקער אױסברוך, װאָס איז אין די מערסטע ייִדישע זידלונגען דערפאָלגרײַך צוריקגעשטױסן געװאָרן פון דער ייִדישער זעלבסט־שוץ, האָט אַרײַנגעבראַכט די אַדמי־ניסטראַציע אין אַ פּאַניק. איר ליטנדער מאָטיװ איז פון יענער צײַט גע־װאָרן — אײַנצוגלעטן די אַראַבישע אָפּאָזיציע דורך פּלעריליי הנחות. גע־שטיצט פון די אַנטי־ציוניסטישע באַאַמטע פון קאָלאָניאַל אָפיס, האָט סעמיועל באַשרענקט און אַפילו צײַטװײַליק אָפּגעשטעלט די ייִדישע אימיגראַציע און האָט אָנגעבאָטן די אַראַבער דאָס בעסטע רעגירונגס־לאַנד אין דער געגנט פון בית־שאָן. ער האָט אױך פּרובירט צורעדן די אַראַ־

בער זיך צו באַטייליקן אין א לעגיסלאַטיוון ראַט, וואָס וואָלט זיי גע־געבן א באַדייטנדע דעה אין דער אַדמיניסטראַציע פונם לאַנד. ער האָט אַפילו צוגעזאָגט צו קאָנטראָלירן די אימיגראַציע דורך א באַזונדערע קאָמיסיע, וואָס זאָל מערסטנס באַשטיין פון געקליבענע — דאָס הייסט, מערסטנס אַראַבישע — מיטגלידער פונם לעגיסלאַטיוון ראַט.

סעמיועלס פּלאַן פון א לעגיסלאַטיוון ראַט איז נישט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. די אַראַבער האָבן אים צוריקגעוויזן סיי צוליב די קאָנסטיטוציאָנעלע באַשרענקונגען, וואָס האָבן געזאָלט באַוואָרענען די הויפּט - פּונקטן פונם מאַנדאַט, און סיי אויך צוליב דעם, וואָס אין זיין באַשטאַנד האָבן געזאָלט אַריינגיין „עקס אָפיציאָ" איייניקע ענגלישע באַאַמטע, בטל־מאַכנדיק די אַראַבישע מערהייט צווישן די געוויילטע דעפּוטאַטן. א פּאַרזוך צונויפצורופן דעם דאָזיקן לעגיסלאַטיוון ראַט אָן אַראַבישער צושטימונג האָט געבראַכט צו א וואַל־באָיקאָט, און סוף־כּל־סוף איז דעם 29־טן מאַי 1923 דערשינען א נייער דעקרעט, וואָס האָט צייטווייליק אַנולירט די באַשטימונגען פון דער קאָנסטיטוציע וועגן דעם לעגיסלאַטיוון ראַט.

דאָס „ווייסע פּאַפּיר".

בעת די פּאַרהאַנדלונגען מיט די אַראַבער וועגן א לעגיסלאַטיוון ראַט איז דער מיין פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע קלאָר באַשרענקט געוואָרן דורך אָפיציעלע רעגירונגס־פּרושים. דער וויכטיקסטער פון זיי איז אַנטהאַלטן אינם בריוו פון קאָלאָניאַל אָפיס צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן אַלס „ווייסער פּאַפּיר". דאַ־טירט דעם 3־טן יוני 1922, איז דער דאָזיקער בריוו געוואָרן זייט יענער צייט די אָפיציעלע אויסטייטשונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע:

„מיר מוזן אייך אויפמערקזאַם מאַכן, — זאָגט דער דאָזיקער וויכטיקער דאָקומענט, — אַז די דעקלאַראַציע האָט נישט אין זינען געהאַט צו פּאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אַלס א גאַנצע אין א יידישע נאַציאָ־נאַלע היים, נאָר אַז אַזאַ היים זאָל געגרינדעט ווערן אין ארץ־ישראל".

נאָך א ווייטערדיקער דערקלערונג, אַז די „ציוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציע האָט נישט קיין חלק אין דער אַלגעמיינער פּאַרוואַלטונג פונם לאַנד", פילן די מחברים פון ווייסן פּאַפּיר די נויטיקייט צו געבן דער באַלפור־דעקלאַראַציע אויך א פּאָזיטיווע אויסטייטשונג, צו זאָגן נישט נאָר וואָס די באַלפור - דעקלאַראַציע מיינט נישט, נאָר אויך וואָס אַנט־

האַלט זי אין זיך יאָ. זיי טוען דאָס אויף זייער אַ נעפּלהאַפטן „אחד־העמיסטישן" אופן:

„ווען אָבער מען וועט פרעגן, וואָס ווערט אייגנטלעך געמיינט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל, קאָן מען אויף דעם ענטפערן, אַז דאָס איז נישט די אַרויפלייגונג פונם ייִדישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער אויף די איינוווינער פונם לאַנד אַלס אַ גאַנצע, נאָר די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פונם עקזיסטירנדן ייִדישן ישוב, מיט דער הילף פון די ייִדן אין אַנדערע לענדער, כּדי ער זאָל ווערן אַ צענטער, מיט וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק אַלס אַ גאַנצעס זאָל קאָנען שטאָלצירן און זיין פאַראינטערעסירט צוליב רעליגיעזע ראַסן־מאָטיוון. כּדי אָבער דער דאָזיקער ישוב זאָל זיך קאָנען פריי אַנטוויקלען און געבן דעם ייִדישן פאָלק די פולע געלעגנהייט צו ווייזן זיינע פעאיקייטן, מוז ער וויסן אַז ער געפינט זיך אין ארץ־ישראל אויפן גרונט פון רעכט, און נישט פון טאָלעראַנץ"...

## סעמיועלס נאָכפאָלגער.

נאָך פינף יאָר זיין אין ארץ־ישראל, האָט סעמיועל פאַרלאָזן זיין שטעלע אַלס הויך־קאָמישאָנער, און זיין פּלאַץ איז פאַרנומען געוואָרן דורך לאָרד פּלומער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס גענעראַל אין וועלט־קריג. פּלומער האָט איבערגעלאָזט ביי די ארץ־ישראלדיקע ייִדן אַ גאַנץ גוטן איינדרוק, אַ בעסערן אײדער סעמיועל. ער האָט געהאַלטן אָרדענונג מיט אייזערנער האַנט, און דאָס איז אייגנטלעך אַלץ, וואָס ייִדן האָבן פון אים דערוואַרטעט.

אַ פיל ערגערן איינדרוק האָט איבערגעלאָזט פּלומערס נאָכפאָלגער, סער דזשאָהן טשענסלאָר. מען האָט אים אָפט באַשולדיקט אין קעגנערשאַפט צו ייִדן און ציוניזם. די דאָזיקע באַשולדיקונג איז באַזונדערס פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָך דעם פּאָגראָם־אויסברוך פון 1929, ווען ער האָט זיך באַמיט צו לייגן די פּאָליטישע אחריות פאַר די דאָזיקע טרויעריקע געשעענישן אויף ייִדישע פּלייצעס. פאַרזיכערלעך איז אָבער טשענסלאָר נישט געווען אין ארץ־ישראל אינם מאָמענט פונם אַראַבישן אויסברוך, און די ייִדישע קריטיקער לייגן דעריבער אַרויף די דירעקטע אחריות פאַר זיי אויף זיין געהילף, מר. העררי ליוק, וואָס האָט פאַרנומען טשענסלאָרס פּלאַץ, בעת זיין זומער־וואַקאַציע אין ענגלאַנד. נאָך לאַנג פאַר

אויגוסט 1929 איז ליוק באטראכט געוואָרן אלס אנטיסעמיט, און זיין שיינבארע גלייכגילטיקייט צו דער סכנה, וואָס האָט געהאנגען אין דער לופט מיט א פּאָר וואָכן פאַרן אייגנטלעכן אויסברוך, האָט געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן די מיינונג וועגן זיין פּערזענלעכער שולד.

דער איצטיקער הויך־קאָמישאָנער, סער ארטור וואָקאָפּ, האָט א גוטן נאָמען איבערן לאנד, ווו מען האלט אים פאַר אויפריכטיק און ערנהאַפט. מען לויבט זיינע באַמיאונגען צו הויבן די אַגריקולטור פונם לאנד דורך איינפירן נייע און בעסערע סאָרטן פון פלאַנצן און הויז־חיות. פונדעסט־וועגן האָט מען אין די לעצטע פאָר יאָר שטאַרק קריטיקירט זיין קאַרגע אימיגראַציע־פּאָליטיק און מען טאַדלט אויך שטאַרק זיינע פּסררדיקע באַמיאונגען צו שאַפן אין לאנד א לעגיסלאַטיווע פאַרזאַמלונג, וואָס ווערט אין די יידישע קרייזן באַטראַכט אלס פריצייטיק און שעדלעך.

## די פּאָליטיק פון קאָלאָניאַל־אָפיס.

זיך צוקוקנדיק גענויער צו דער ענגלישער פּאָליטיק אין ארץ־ישראל פאַר די לעצטע פופצן יאָר, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אז די גוטע אָדער שלעכטע מיינונג פון יידן וועגן איינצלנע הויך־קאָמישאָנערן איז באַזירט אויף איבערטרייבונג. ס'איז א גוזמא צו האלטן סער טשענסלאָרן פאַרן אויטאָר פונם פּאָגראָם אין 1929, און ס'איז פונקט אזא גוזמא צו האלטן דעם איצטיקן הויך־קאָמישאָנער פאַר איינעם פון די גרעסטע פריינד פונם א״י־דיקן יידנטום. דער אמת איז, אז טשענס־לאָר מיט אלע זיינע חסרונות האָט באַצייטנס געבעטן די יידישע פירער נישט צו לאָזן אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן פאַנאַנדערצובלאָזן די פראַגע פון כותל־מערבי, געבנדיק דערמיט די אראבישע העצער א גלעגנהייט פאַר ווירקזאַמע פּראָפּאַגאַנדע, און ס'איז אויך א פאַקט, אז אונטער דער איצטיקער אדמיניסטראַציע זענען די באַשרענ־קונגען קעגן יידישער אימיגראַציע און יידישן לאנד־איינקויף שאַרפער, איידער ווען נישט איז פריער. מיט אנדערע ווערטער, — קיינער פון די ביז־איצטיקע הויך־קאָמישאָנערן איז נישט געווען קיין טייוול, און קיינער פון זיי איז נישט געווען קיין מלאך. אין פונדאַמענטאַלע פּאָלי־טישע פראַגן פירן זיי אלע אויס די אינסטרוקציעס פון קאָלאָניאַל־אָפיס. נאַטירלעך, קאָן א טאַקטפולער הויך־קאָמישאָנער פאַרגלעטן זיינע טאַטן דורך א פריינדלעכן שמייכל, אָבער אין עצם ווערט דערפון די

ענגלישע פּאָליטיק נישט געענדערט.

די אַלגעמיינע פּאָליטיק פונם קאָלאָניאַל־אַמט אין לאָנדאָן איז ביז איצט מערסטנס באַאיינפלוסט געווען פון צווייפל און אַמאָל אויך פיינטלעכקייט צו די ייִדישע אָנשטרענגונגען אין ארץ־ישראל. די אַלטע „ספּעצן" פונם קאָלאָניאַל אַמט פלעגן קוקן אויפן ציוניזם, — ווי־ניקסטנס ביז דער איצטיקער גרויסער כוואַליע פון ייִדישער אימיגראַציע, אַלס אַ מאָדנע אידייע, וואָס האָט נישט קיין ערנסטע שאַנסן אויף איר רעאַליזאַציע אין דער נאָענטער צוקונפט. ציוניזם האָט גאָר אויסגעקוקט צו זיין אַ שטערונג פאַר דער טראַדיציאָנעלער אימפּעריאַלער פּאָליטיק אין נאָענטן מזרח. עקספּערטן, וואָס זענען גרוי געוואָרן אין קאָלאָניאַלן דינסט, האָבן געטראַכט, אַז מען וואָלט בעסער דורכגעקומען מיט די אַראַבער אין נאָענטן מזרח, ווען ציוניזם אין ארץ־ישראל וואָלט זיך נישט אוועקגעשטעלט אין מיטן, ווי אַ ביין אין האַלז.

ייִדישע פעלערן און ענגלישער אָפּרוף

די גערעכטיקייט פאַרלאַנגט צוצוגעבן, אַז באַלד נאָך דעם וואָפנשטיל־שטאַנד, איז געווען אַ מאָמענט, ווען די שטעלונג פונם דורכשניטלעכן בריטישן קאָלאָניאַל־באַאַמטן צום ציוניזם איז געווען פיל פריינטלעכער און ערנסטער. דעמאָלט האָבן ענגלענדער שטאַרק געגלויבט אין די שאַפנדע פעאיקייטן פונם ייִדישן פאָלק, פון וועלכן זיי האָבן דערוואַרטעט אַן ענער־גישן פאַרזוך צו רעאַליזירן באַלד די באַלפור־דעקלאַראַציע דורך מאַסנ־האַפטע אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע. די וואַקלדיקע פּאָליטיק פון די ציוניסטישע פירער און זייער אומפעאיקייט צו קאָנצענטרירן באַצייטנס גרויסע געלד־מיטלען און שמידן דאָס אייזן כל־זמן עס איז נאָך הייס, האָט אָבער געמאַכט אַ שווערן איינדרוק אויף די בריטישע קאָלאָניאַל - פּאָליטיקער. זיי זענען באַלד געקומען צום אַנדערן עקסטרעם, — צום באַשלוס, אַז דער ציוניזם איז צו שוואַך אויף צו פאַרווירקלעכן זיינע גרויס־רעדנערישע פּלענער. די וויטערדיקע ציוניסטישע אָנשטרענגונגען, וואָס האָבן אַ צייט, — צווישן 1922 און 1925, — זיך אויסגעדריקט אין אַ גאַנץ באַדייטנדער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט, זענען שוין געקומען צו שפּעט, כדי צו פאַרניכטן דעם בריטישן סקעפּטיציזם, וואָס האָט אין דער צווישן־צייט, וואָס איז פּסיכאָלאָגיש גאַנץ נאַטירלעך, — זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קעגנער־שאַפט.

אויסער פּאָליטישע מאָטיוון, וואָס האָבן געבראַכט דעם דורכשניט־לעכן קאָלאָניאַל־באַאַמטן, — וואָס איז געוויינלעך אַן עקסטרעמער קאָנסערוואַטאָר, אַ „דאַי הארד", צו דער מיינונג, אַז די באַלפור־דעקלאַראַציע איז פונם ענגלישן שטאַנדפּונקט געווען אַן ערנסטער טעות, — איז די דאָזיקע באַציאונג אויך באַאיינפלוסט געווען דורך פּסיכאָלאָגישע ריי־בונגען, וואָס האָבן געמוזט אַנטשטיין צווישן די יידישע פירער און די ענגלישע רעגירונגס־לייט אין ארץ־ישראל. אַ בריטישער קאָלאָניאַל־באַאַמטער איז געוווינט צו האָבן צו טון מיט איינגעבוירענע (נייטיווס), וואָס באַטראַכטן אים אַלס אַ העכערן מין פון מענטשלעכן וועזן, און וואָס זיין גונסט דורך אונטערטעניקייט און חניפה. פאַר אַזאַ באַאַמטן זענען די יידן פון ארץ־ישראל אַ נייע און אומאַנגענעמע דערפאַרונג: אַנשטאָט צו בעטן טובות, פאָדערן זיי גאָר רעכט. נאַטירלעך, זענען די יידישע פירער פון ארץ־ישראל, שטייענדיק, געוויינלעך, אויף גאָר אַ הויכער מדרגה פון קולטור, נישט געניגט אָנצונעמען דעם ענגלישן באַאַמטן אַלס אַ העכערן סאָרט מענטש, נישט געקוקט אויף זייער העפלעכקייט, קריגט גאָר אָמאָל דער בריטישער באַאַמטער אין זיינע באַציאונגען מיט זיי דעם איינדרוק, — אַמאָל פאַלשן און אַמאָל ריכטיקן, — אַז מען קוקט נאָר אויף אים אַביסל פון אויבן אַראָפּ. נאַטירלעך, ווערט ער אינערלעך שטאַרק אויפגערייצט פון אַזאַ סאָרט געפיל, און ער פילט זיך פאַרלאַנג צו ווייזן די דאָזיקע חוצפהדיקע מענטשן, אַז ער מעג איבער זיי הערשן. דאָס מאַכט אים נאָך מער אַראָגאַנט. דער ייד, פון זיין זייט, פילנדיק די דאָזיקע שטעלונג, טייטשט זי פאַלש אויס אַלס אַ באַוווּסטזיניקע פיינטשאַפט, און דער אַדמיניסטראַטאָר, נאָך עטלעכע אַזעלכע דערפאַרונגען, ווערט באַהערשט דורך אַ שטאַרקן פאָראורטייל קעגן אַלץ, וואָס יידן טוען אין ארץ־ישראל.

די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע

די קוים באַהאַלטענע קעגנערשאַפט פון די בריטישע באַאַמטע צום געדאַנק וועגן יידישער היים אין ארץ־ישראל שפּיגלט זיך גאַנץ קלאָר אָפּ אין די באַריכטן פון די קאָמיסיעס, וואָס זענען אין פאַרשידענע צייטן באַשטימט געוואָרן אויף צו שטודירן די לאַגע אין ארץ - ישראל. דער דאָזיקער אַנטי־ציוניסטישער פאָראורטייל פילט זיך שוין אינם באַריכט פון דער הייקראַפט־קאָמיסיע, וואָס האָט אונטערזוכט די לאַגע נאָכן פאַראַם פון מאַי 1921. די קאָמיסיע האָט, אַגב, געהאַט צווישן אירע מיט־

גלידער דעם זעלבן מר. ליוק, וועלכער איז מיט יאָרן שפּעטער באַטראַכט געוועזן אַלס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די בלוטיקע געשעענישן פון 1929. די הייקראַפט - קאָמיסיע האָט אין איר באַריכט אונטערגעשטראָכן, ווי אומישנע, יעדן אומרייפן אויסדרוק פון עקסטרעמע יידישע פירער וועגן די אַראַבער, איגנאָרירנדיק אין דער זעלבער צייט די מיינונגען פון מער פאַראַנטוואָרטלעכע און מעסיקע ציוניסטישע וואָרט-זאָגער.

די שאָו-קאָמיסיע, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין ארץ-ישראל נאָך דעם אויסבּרוך פון 1929, איז געגאַנגען אַ שריט ווייטער, רעקאָמענדירנדיק די שאַרפסטע באַשרענקונגען פון אימיגראַציע און אַ פּאַקטישן פאַרבאָט פון יידישע לאַנד-קניות. זי האָט זיך באַצויגן מיט פולן גלויבן צו די איבערטריבענע רכילותן פון אַראַבישע אַגיטאַטאָרן וועגן דער כלומרשט גרויסער צאָל פון לאַנדלאָזע, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון באָדן צוליב זיין פאַרקויף צו יידן. זי האָט אויפגעפאָדערט די רעגירונג אָפּגעבן אַלע אירע מיטלען צו דער באַזעצונג פון די דאָזיקע „לאַנדלאָזע", און נישט דערלויבן קיין יידישע אויסברייטערונג אין דער אַגריקולטור, ביז די דאָזיקע אויפגאַבע וועט נישט דורכגעפירט ווערן. די מערהייט פון די מיטגלידער פון דער שאָו-קאָמיסיע האָבן פּאַקטיש באַרעכטיקט די פאַגראָמען פון 1929, דערקלערנדיק זיי בעיקר נישט מיטן מאַכמעדאַנישן פאַנאַטיזם, וואָס איז אויפגעהעצט געוואָרן דורך בייזוויליקע אַגיטאַציע וועגן כותל-מערבי, נאָר מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך יידישע אימיגראַציע און יידישע לאַנד-קניות.

דער באַריכט פון דער שאָו-קאָמיסיע האָט געקריגן אַ שטאַרקן ענטפער פון איר אייגענעם מיטגליד, דעם לייבאָר-פירער, לאָרד סנעל. ער האָט אַריינגעגעבן אַ מינדערהייטס באַריכט, וואָס באַווייזט איבערצייגנד, אַז די אימיגראַציע האָט נישט פאַרערגערט די לאַגע פון די אַראַבישע פעלאַכן, נאָר פאַרקערט, זי באַדייטנד פאַרבעסערט.

## „ווייסע פּאַפּיר" און סימפּסאָנס באַריכט.

די אַנטי-יידישע אויספירונג פון דער שאָו-קאָמיסיע זענען אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין נאָך אַ שאַרפערער פאָרמע אינם „ווייסן פּאַפּיר" פון לאָרד פּאַספילד (פריער סידני וועב, דער באַקאַנטער היסטאָריקער פון די ענגלישע טרייד-יוניאָנס), וועלכער איז דאַמאָלט געווען דער קאָלאָניאַל-מיניסטער אין מאַקדאָנאַלדס אַרבעטער-רעגירונג. זיי זענען גענויער אויסגעאַרבעט געוואָרן אין דער פאָרמע פון באַשטימטע פאָרשלאָגן

דורך סער דזשאָן האָופּ סימפּסאָן, דעם ענגלישן קאָלאָניזאַציע עקספּערט, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישראל נאָך דעם שאָו־באַריכט מיטן צוועק קלאָר צו מאַכן די אַגריקולטורעלע און קאָלאָניזאַטאָרישע מעגלעכקייטן פונם לאַנד.

לויט די ווערטער פון די ציוניסטישע קריטיקער באַשטייט דער גרונט־פעלער פון סימפּסאָנס באַריכט אין דעם, וואָס ער האָט אָנגענומען דעם איצטיקן דורכשניט פון לאַנד, וואָס אַ דערפאָלגרייכער אַראַבישער פעלאַך דאַרף האָבן פאַר זיין חיונה, אַלס די נאָרמע פון לאַנדווירט־שאַפטלעכער באַאַרבעטונג אין דער צוקונפט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צי רעכענען ווי געהעריק מיט דער מעגלעכקייט צו שניידן דעם נויטיקן מיני־מום פון לאַנד דורך קינסטלעכע באַוואַסערונג און באַמיסטיקונג פון די באָדנס. די טאָג־טעגלעכע פראַקטיק פון ארץ־ישראל באַווייזט, אין קעגנ־זאַץ צו סימפּסאָנס באַריכט, איבערצייגט, אַז אינטענסיווע באַאַרבעטונג פון קלענערע שטחים לאַנד גיט גרעסערע רעזולטאַטן, איידער די פרימי־טיווע קראַצעריי פון גרעסערע שטחים לאַנד.

זיך אָפּזאָגנדיק צו רעכענען זיך מיט מעגלעכער פאַרקלענערונג פונם מינימום שטח, וואָס איז נויטיק ביי פרימיטיווער אַראַבישער ווירטשאַפט, דורך מער מאָדערנע אַגריקולטורעלע מעטאָדן, איז סימפּסאָן געקומען צום אויספיר, אַז די מעגלעכקייטן פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל זענען זייער באַשרענקט, און יעדע באַזעצונג פון יידישע אימי־גראַנטן אויף לאַנד דאַרף אָפּגעלייגט ווערן ביז די „לאַנדלאָזע", אָדער די אַראַבער, וואָס האָבן ווייניקער לאַנד פונם בריטהאַרציקן מינימום, וועלכן סימפּסאָן האָט פאַר זיי באַשטימט, וועלן גענוגנט פאַרזאָרגט ווערן. סימפּסאָנס פאַרשלאָגן זענען אַריינגענומען אין דעם גענויער־אויסגעאַר־בעטן פּלאַן פון מר. לואי פרענטש, אַ פאַכמאַן, וואָס איז געבראַכט געוואָרן צוליב דעם דאָזיקן צוועק פון אינדיע...

### די ווירקונג פון דער דעקלאַראַציע.

די יידן פון ארץ־ישראל זענען שטאַרק אויפגעבראַכט געווען אויף די אַלע באַריכטן און „פּאַפּירן", אין וועלכע זיי זעען אַ בליינדן אַנטי־יידישן פאָראורטייל. זיי ווייזן צוריק באַזונדערס שאַרף די מיינונג, אַז ענגלאַנד וואָלט גרינגער דורכגעקומען מיט די אַראַבער, ווען די באַלפור־דעקלאַראַציע וואָלט נישט געשטאַנען אין איר וועג. זיי ווייזן אָן אויפן

פאַקט, וואָס אין סיריע און איראַק, וווּ קיין באַלפור־דעקלאַראַציע איז נישט געווען, האָבן די מאַנדאַט־מלוכות, ענגלאַנד און פראַנקרייך, געמוזט אונטערדריקן ערנסטע אויפשטאַנדן, און זיי האָבן דערביי געהאַט ריזיקע פאַרלוסטן. מיר ווייסן אָבער נישט וועגן קיין איין בריטישן סאָלדאַט, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן אין אַ שלאַכט אין ארץ־ישראל זייט דעם וואָפן־שטילשטאַנד.

נישט קוקנדיק אויף אַזאַ „רעקאָרד" זענען פונדעסטוועגן נאָך צווישן די ענגלישע באַאַמטע אין ארץ־ישראל פאַראַן אַזעלכע, וואָס טראַכטן, אַז ענגלאַנד האָט גענומען אויף זיך אַ צו שווערע לאַסט מיט איר צוזאָג וועגן ייִדישער היים, און זי איז דעריבער באַרעכטיקט זיך אויסדרייען פון דער דאָזיקער פאַרפליכטונג מיט אַלע דריידלעך און שפּיצלעך, וואָס זענען אויסגעפּרוווט געוואָרן אין דורות פון קאָלאָניאַלער הערשאַפט אין אַנדערע לענדער...

## אימיגראַציע און וווילשטאַנד.

ארץ־ישראלדיקע ייִדן זענען שטאַרק פאַרביטערט איבער אַזאַ סאָרט אומגערעכטע שטעלונג. זיי ווייזן אָן מיט שטאָלץ, אַז ארץ־ישראל איז פּילייכט דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, וועמענס מלוכה־ביודזשעט, אָן שום דערגענצנדע שטייערן, גיט אַ גרויסן און אַלץ שטייגנדן איבערפלוס גראָד אין די ערגסטע יאָרן פון דעם עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס, וועלכן מיר לעבן איצט איבער. און דאָס איז נאָך פאַרגעקומען אין אַ צייט, ווען די מערסטע לאַנדווירטשאַפטלעכע שטייערן זענען צוליב אומגערעכטעניש געשענקט געוואָרן צו די האַרט געטראָפענע פעלאַכן. דערצו איז נאָך ארץ־ישראל דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, וועלכעס האָט בסדר פאַרגרעסערט זיין האַנדל אין לויף פון די לעצטע דריי יאָר. די ביידע וווּנדערלעכע לייסטונגען זענען בלי שום ספק אַ רעזולטאַט פון ייִדישער אימיגראַציע און ייִדישע קאָנסטרוקטיווע אינוועסטיציעס.

אָט איז די סומע פון די איינקונפטן און אויסגאַבן פון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג פאַר די לעצטע פיר יאָר, — די ערגסטע יאָרן פונם וועלט־קריזיס. די ציפערן זענען נאָטירלעך אין פונטן:

| פינאַנס־יאָר | 1931-32 | 1932-33 | 1933-34 | 1934-35 |
|---|---|---|---|---|
| איינגאַמען | 2,783,442 | 3,015,917 | 3,985,492 | 5,237,859 |
| אויסגאַבן | 2,374,867 | 2,516,394 | 2,704,856 | 3,084,257 |

דעם 28 פעברואר 1935 האָט דער ריינער איבערפלוס פון דער רעגי־רונג־קאַסע באַטראָפן 4,494,433 פונט, כמעט צוויי מאָל אַזויפיל ווי די אָנלייע, וואָס די רעגירונג האָט לעצטנס געמאַכט אין לאָנדאָן.

ביי אַזאַ לאַגע איז גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס „ניר איסט ענד אינדיע", אַ צייטונג, וועלכע איז בכלל נישט גאָר פריינטלעך צו יידישע באַשטרעבונגען אין ארץ־ישראל, האָט לעצטנס באַצייכנט די יידישע אימיגראַציע אַהין אַלס אַ „הון, וואָס לייגט גאָלדענע אייער". יידן זענען דעריבער קיין שום אורזאַכע נישט, פאַרוואָס זאָלן הויכע ענגלישע פּאָלי־טיקער, רעדנדיק וועגן ארץ־ישראל, מאַכן דעם אָנשטעל פון פילאַנטראָפּ, וואָס לייזן נעבעך צוליב זייער גוטמוטיקייט: ענגלאַנד האָט כמעט גאָר־נישט געטאָן פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, און אַלץ, וואָס איז דאָרט אויפגעטאָן פאַר די לעצטע פופצן יאָר, איז צו פאַרדאַנקען, דירעקט אָדער אומדירעקט, דעם יידישן געלט און די יידישע אָנשטרענגונגען.

„מיר דערוואַרטן נישט קיין הילף פון ענגלאַנד, — האָט זיך אויס־גערדריקט אין אַ געשפּרעך מיטן מחבר אַן אָנגעזעענער ארכיטעקט אין חיפה. — אַלץ וואָס מיר ווילן פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע איז, אַז זי זאָל אויפהערן סאַבאָטירן אונזער אייגענע קאָנסטרוקטיווע אַרבעט. צוליב וואָס אַזעלכע חומרות קעגן דער אימיגראַציע, אין דער צייט, ווען עס פעלן אונז פּאַקטיש אויס אַרבעטער, באַזונדערס אינם בוי־פאַך? זאָל מען נאָר עפענען ברייטער די טויערן פונם לאַנד און אָפּשטעלן די צו־להכעיסדיקע באָדן־פּאָליטיק, וואָס שטערט די אַנטוויקלונג פונם לאַנד. מיר וועלן שוין דאַן באַזאָרגן דאָס איבעריקע".

## די אימיגראַציע־פּאָליטיק.

באַזונדערס פיל קריטיק רופט אַרויס די אימיגראַציע־פּאָליטיק פון דער ענגלישער רעגירונג. ס'איז פאַראַן אַן אַלגעמיינע איבערצייגונג, אַז אַפילו אין די ראַמען פונם איצטיקן שטרענגן אימיגראַציע געזעץ, וואָס באַשרענקט די צאָל פון די אימיגראַנטן מיט דער עקאָנאָמישער אויפ־נאַם־פעאיקייט פונם לאַנד, וואָלט די צאָל פון יידישע אימיגראַנטן באַ־דאַרפט זיין אַ סך גרעסער איידער זי איז אין דער ווירקלעכקייט. ס'איז אַ פאַקט, אַז אין פיל פאַלן מוז מען אָפּלייגן דעם בוי פון נייע הייזער, ווייל די אָרטיקע אַרבעטס־קאַמערן (לשכת־עבודה) קאָנען פּשוט נישט צושטעלן די נויטיקע צאָל בעלי־מלאכות. נאָך ערגער איז די לאַגע אין די קאָלאָ־

ניעס, ווו מען האָט אין איינציקע פאַלן געמוזט פאַרקלענערן דעם פאַרנעם פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעטיקייט צוליב מאַנגל אין אַרבעטס־הענט. אין סעזאָן צייט מוז מען מאָביליזירן שילער און שטאָטישע אַרבעטער, אַפּעלירנדיק צו זיי, אַז זיי זאָלן, אַלס נאַציאָנאַלע פליכט, קומען אין די קאָלאָניעס צו העלפן אַראָפּנעמען די פרוכט־ערנטע.

די באַאַמטע פונם אימיגראַציע־דעפּאַרטאַמענט ביי דער רעגירונג ענטפערן געוויינלעך אויף אַזאַ קריטיק מיט דער טענה, אַז ביים באַשטימען די צאָל פון אימיגראַנטן, וואָס דאַרפן יעדעס יאָר צוגעלאָזט ווערן אין לאַנד, רעכענען זיי זיך נישט נאָר מיטן איצטיקן „בום", נאָר אויך מיט דער מעגלעכקייט פון אַן עקאָנאָמישן קריזיס, ווען דער באַדאַרף אין אַרבעטער וועט זיין אַ סך קלענער. ארץ־ישראלדיקע ייִדן האַלטן דאָס פאַר אַ ווירקלעכע אויסטייטשונג, וואָס איז אין סתירה מיטן נוסח פונם געזעץ, וועלכער רעדט בלויז וועגן אויפנעם־טעטיקייט פונם לאַנד איצט געגעבענעם מאָמענט. בכלל, האַלטן זיי, אַז דער גאַנצער וווילשטאַנד פונם לאַנד איז באַזירט אויף אימיגראַציע, און אַ צו־שטרענגע באַשרענקונג פון איר קאָן פאַראורזאַכן איבערטריבענע זעלבסט־קאָסטן ביי געביידן און אינדוסטריע, פאַרקלענערנדיק דערמיט דעם מעגלעכן פּראָפיט פון קאָנסטרוקטיווע אינוועסטיציעס און שטעלנדיק דערמיט אין געפאַר זייער פאָרטזעצונג. אויב אין ארץ־ישראל זאָל זיך אָנהויבן אַ קריזיס, וועט ער פאַראורזאַכט ווערן, — ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, — דורך אומגענוגנדע אימיגראַציע, און נישט דורך איר איבערפלוס...

פיל טענות רופט אויך אַרויס די שטיף־מוטערלעכע באַהאַנדלונג פון ייִדישע טוריסטן, וואָס ווערן סיסטעמאַטיש פאַרדעכטיקט אינם ווונטש מיסברויכן מיט זייער טוריסטן־וויזע, כדי בלייבן אין לאַנד אויף שטענדיק. אין די פריערדיקע יאָרן זענען כמעט גאַנצע שיפן מיט טוריסטן צוריקגעשיקט געוואָרן פון די האַפנס צוליב דעם דאָזיקן פאַרדאַכט אַליין, כאָטש זייערע פּאַפּירן זענען געווען אין אָרדנונג, און ס'איז נישט געווען קיין קלענסטער באַווייז פון זייערע „פאַרברעכערישע כוונות".

לעצטנס איז מען געפאַלן אויף דער המצאה צו פאָדערן פון יעדן טוריסט, וואָס וויל באַזוכן ארץ־ישראל, אַ משכון פון 60 פונט, וואָס זאָל פאַרפאַלן ווערן אין פאַל, ווען ער בלייבט אין לאַנד איבער זיין באַשטימטער צייט. דאָס איז אַ ווירקזאַם מיטל, און עס פאַרהיט אויך צו פיל חשדים אין די פאָרטן. אָבער עס גיסט זיך אַרויס דאָס קינד מיטן וואַסער. ארץ־ישראל אַלס אַ לאַנד, וואָס דאַרף האָבן אַ גרויסן טוריסטן־פאַרקער פאַר

איר עקאָנאָמישן וווילשטאַנד, קאָן זיך נישט פאַרגינען שווערער צו מאַכן זייער וועג. דער געוויינלעכער טוריסט, אפילו ווען ער האָט נישט קיין מינדעסטע אָבזיכט צו בלייבן אין לאַנד, האָט ווייניק חשק אַריינצולייגן אַ געלט־גאַראַנטיע פאַרן רעכט צו באַזוכן אַ לאַנד, אין דער צייט, ווען אין אַלע אַנדערע ענלעכע לענדער, איז ער זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט...

נאָך מער טענות הערט מען קעגן די אומגעהייער שטרענגע מיטלען, וואָס מען נעמט אָן קעגן יידן, וואָס ווערן געכאַפּט ביים פאַרזיך אַריבערצוגיין אומלעגאַל די גרענעץ, אָדער וואָס ווערן אַרעסטירט אין לאַנד, נאָך דעם ווי ס'איז זיי געלונגען זיך דורכצוגנבענען אַהין. נישט נאָר ווערן די אומגליקלעכע אַרויסגעשיקט, נאָר מען פאַרמשפּט זיי נאָך דערצו פאַר דעם אַרויסשיקן אויף עטלעכע חדשים תּפיסה. דער פאַקט וואָס אַזעלכע אומלעגאַלע אימיגראַנטן, וואָס האָבן נאָך אַלעמען נישט באַגאַנגען קיין פאַרברעכן פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, ווערן געהאַלטן צוזאַמען מיט פּראָסטע גנבים און רויבער, רעגט שטאַרק אויף די יידישע באַפעלקערונג פונם לאַנד.

די יידישע עפנטלעכע מיינונג פּראָטעסטירט אויך שטאַרק קעגן די „אַבלאַוועס" נאָך אומלעגאַלע אימיגראַנטן, וואָס האָבן אָנגענומען אַן אַלגעמיינעם און העכסט אומווירדיקן כאַראַקטער. דער דאַזיקער פּראָטעסט האָט אָנגענומען אַ באַזונדערס שאַרפן כאַראַקטער, ווען אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן האָבן אָרגאַניזירט אַ מין פּריוואַטע גרעניץ־וואַך מיטן צוועק צו העלפן דער פּאָליציי כאַפּן אומלעגאַלע אימיגראַנטן. די דאַזיקע פּריוואַטע, וואָס זענען, ווי מען שמועסט, אינספּירירט געוואָרן פון געוויסע ענגלישע באַאַמטע, האָבן געהאַט אפילו פאַרהאַלטן שפּאַציר־גרופּן פון לאַנג איינגעזעסענע און אפילו איינגעבוירענע יידן. נאַטירלעך, האָט דאָס געבראַכט צו אַ פּאָר ערנסטע צוזאַמענשטויסן, און די רעגירונג איז געוואָרנט געוואָרן, אַז זי איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ערנסטע געשעענישן, וואָס קאָנען פון דעם אַרויסקומען. די רעגירונג האָט איינגעזען די וואָגיקייט פון דער דאַזיקער וואָרנונג, און האָט פאַרבאָטן די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון אַזאַ פּריוואַטער הילפס־וואַך. אין דער זעלבער צייט האָט זי פאַרשאַרפט די אייגענע וואַך קעגן אומלעגאַלע איינוואַנדערונג, וועלכע איז איצט אַ סך שווערער, איידער ווען נישט איז פריער.

אַלס אַנטשיידנדער באַווייז פון דער בריטישער פיינטלעכקייט כלפּי יידישע אימיגראַנטן, ווערט באַטראַכט די וויכטיקייט, מיט וועלכער די זעלבע אַדמיניסטראַציע באַציט זיך צו די אַראַבישע אימיגראַנטן, וואָס גייען

אַריבער די לאַנד־גרעניצן פון סיריע, עבר הירדן און עגיפּטן. יעדער בע־דואין, וואָס וויל אַריינקומען קיין ארץ־ישראל צו זוכן אַרבעט, אָדער פּאַשען דאָרט זיין סטאַדע, קאָן דאָס פּאַקטיש טאָן אָן פּאַספּאָרטן און אַנדערע שוועריקייטן.

אין דעם פאַל פון עבר־הירדן האָט די פרייע אַראַבישע איינוואַנדע־רונג אַן אָפיציעלע רעגירונגס הסכמה, דאָס איז קלאָר אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף דער 23־טער סעסיע פון דער מאַנדאַט קאָמיסיע, וואָס איז פאָרגעקומען אין יוני 1933. אויף דער פראַגע פון אַ מיטגליד צו די ציפער פון 212 מאַכמעדאַנישע אימיגראַנטן, וואָס זענען אָנגעוויזן גע־ווען אינם באַריכט פאַרן פאַריקן יאָר, איז קלענער פון דער ווירקלעכ־קייט, און צי מיינט דאָס נישט, אַז די אימיגראַציע איבערן ירדן ווערט נישט קאָנטראָלירט, האָט מר. יאַנג, דער פאַרטרעטער פון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג, געענטפערט בזה הלשון:

„די דערקלערונג איז ריכטיק. אַראַבער, וואָס קומען פון עבר־הירדן דאַרפן נישט האָבן קיין פּאַספּאָרטן".

אַ פאַקט אָבער איז, אַז ייִדן, וואָס קומען אַריבער פון ארץ־ישראל קיין עבר־הירדן מוזן דורכגיין שטרענגע פאָרמאַליטעטן, און די רעגירונג, לויט דער אָפענער דערקלערונג פונם זעלבן מר. יאַנג, דערמוטיקט נישט זייער באַזעצונג אין עבר הירדן...

באָדן־פּאָליטיק.

אַ שאַרפע קריטיק הערט מען קעגן דער באָדן־פּאָליטיק פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל, וואָס מאַכט ייִדישע לאַנד־קניות פון אַראַבער אַלץ שווערער און שווערער. מיט אַ קורצער צייט צוריק איז, למשל, אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ, וואָס פאַרווערט אַראָפּצוזעצן פונם באָדן אַרענדאַטאָרן, וואָס זענען אויפן לאַנד אַפילו אַ בערך קורצע צייט. דער געזעץ באַציט זיך אויך אויף בעדואינער, וואָס האָבן פאַרנו־מען דעם באָדן אויף צו פּאַשען דאָרט זייערע בהמות, אַפילו נישט צאָלנ־דיק קיין רענט צום לאַנד באַזיצער.

אַנערקענענדיק די מעלות פון אַזאַ געזעץ פון אַלגעמיין סאָציאַלן שטאַנדפּונקט, פרעגן אָבער ייִדישע קריטיקער, פאַרוואָס אַזאַ פיינער גע־זעץ איז נישט פּראָקלאַמירט געוואָרן אין ענגלאַנד אָדער אין אַנדערע ברי־טישע דאָמיניאָנס־קאָלאָניעס, וואָס האָבן בדרך כלל דערגרייכט אַ פיל העכערע שטופע פון סאָציאַלער געזעצגעבונג. פאַרוואָס האָט מען גראַד

אין אַזאַ אָפּגעשטאַנענעם לאַנד ווי ארץ־ישראל, אַ געוועזענע טערקישע פּראָווינץ, וווּ אַכציק פּראָצענט פון דער מאַכמעדאַנישער באַפעלקערונג זענען נאָך איצט נישט אימשטאַנד אונטערצושרייבן זייער נאָמען, אַזוי ראַדיקאַל אָפּגעטראָטן פון די געוויינלעכע באָדן־געזעצן אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער?

פון דער אַנדערער זייט, אויב מען האָט ארץ־ישראל שוין יאָ אויסגעקליבן אַלס אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר העכסט פּראָגרעסיווע באָדן־געזעצן, טאָ פאַרוואָס פירט מען אויך נישט איין אַ פּראָגרעסיווע סיסטעם פון באָדן שטייער, וואָס זאָל פאַרבאָטן די גרויסע לאַנד־באַזיצער אָנהאַלטן גרויסע שטרעקעס לאַנד, נישט באַאַרבעטנדיק זיי?

ביז דער לעצטער צייט איז אין ארץ־ישראל געבליבן אין קראַפט די אַלטע טערקישע „עשור", אַ לאַנד־שטייער, וואָס האָט באַטראָפן אַן אַכטל פונם ברוטאָ ערטראַג אויפן באָדן. די דאָזיקע שטייער־סיסטעם, וואָס איז שוין זייט צען יאָר אָפּגעשאַפט אין טערקיי אַליין, לייגט אַרויף דעם גרעסטן עול פון שטייערן אויף די יעניקע, וואָס באַאַרבעטן דעם באָדן מיטן שווייס פון זייער פּנים, באַפרייענדיק אין דער זעלבער צייט די באַזיצער פון גרויסע, נישט באַאַרבעטע שטחים לאַנד פון יעדער באַשטייערונג. אויב אַזאַ שטייער־געזעץ זאָל עקזיסטירן אין אַמעריקע, וואָלט אַ פרייער גרונט־שטיק אויף דער פיפטה עוועניו אין ניו יאָרק געווען שטייער פריי, אויפן גרונד, וואָס זיין אייגנטימער האָט פון אים נישט קיין הכנסה. מען קאָן זיך גרינג פאָרשטעלן, ווי אַזאַ שטייער־סיסטעם צוזוואַקס פון איר ווערט צוליב דער גרומיקער שטאָטישער אַנטוויקלונג.

אגב, איז דער דאָזיקער ביישפּיל גוט צוגעפּאַסט צו דער איצטיקער לאַגע אין ארץ־ישראל. דאָס לאַנד, למשל, פון סאַראָנאַה, אַ דייטשע קאָלאָניע, וואָס איז איצט אינגאַנצן אַרומגערינגלט דורך דער גיך וואַקסנדער יידישער שטאָט תל־אביב, ווערט באַשטייערט אויסשליסלעך לויט איר אַגריקולטורעלער איינקונפט, איגנאָרירנדיק אינגאַנצן דעם אומגעהייערן צוזוואַקס פון אי ווערט צוליב דער אַרומיקער שטאָטישער אַנטוויקלונג.

לעצטנס האָט די רעגירונג ענדלעך באַשלאָסן אָפּצושאַפן דעם „עשור" און איינפירן באָדן - שטייערן, וואָס זענען באַזירט אויף דער קלאַסיפיקאַציע פונם לאַנד אין עטלעכע באַשטימטע קאַטעגאָריעס. די שטייערן וועלן פון איצט אָן באַשטימט ווערן אומאָפּהענגיק פון דער ערנטע אינם געגעבענעם יאָר.

אין פּלוג קוקט דאָס אויס אַ גרויסער שריט פאָרויס, אָבער אַ גע־

גויערער שטודיום פון די שטייער־ראַטן באַווייזט, אַז אַלע סאָציאַלע חס־רונות פונם טערקישן „עשור" זענען פּאַקטיש געבליבן אין דער נייער, בלומרשט מאָדערנער, סיסטעם. די גרעסטע לאַסט איז אַרויפגעלייגט גע־וואָרן אויף ציטרוס ־ פּלאַנצונגען, אין דער צייט, ווען נישט באַאַרבעט לאַנד בלייבט שטייער ־ פריי.

ס'איז טאַקע אמת, אַז פּרדסים ברענגען מער איינקונפט, איידער אַנ־דערע סאָרטן פון אַגריקולטור. פון דער אַנדערער זייט איז אָבער אַ פּאַקט, אַז זייערע באַזיצער האָבן באַרייכערט דאָס לאַנד מיט זייערע פּראָדוקטי־ווע אינוועסטיציעס. זיי האָבן, אגב, דירעקט אָדער אומדירעקט, געצאָלט גאַנץ גרויסע שטייערן: דער בענזין, וואָס איז פאַרברויכט געוואָרן ביי דער קינסטלעכער באַוואַסערונג פון די יונגע פּרדסים, האָט במשך פון די לעצטע צוויי יאָר געגעבן דער רעגירונג מער ריינע איינקונפט איידער דער „עשור" פון אַלע אַנדערע פעלדער פונם לאַנד... פון דער אַנדערער זייט ווערט דאָס אומבאַאַרבעטע לאַנד, נישט ברענגענדיק אַפילו קיין דירעקטע איינקונפט, אַלץ טייערער, און די דאָזיקע העכערונג פון איר ווערט איז צום גרויסן טייל צו פאַרדאַנקען דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פונם לאַנד, אין וועלכער די רעגירונג מיט אירע אויסגאַבן האָט אַ היבשן חלק. ביי אַזאַ לאַגע איז נישטאָ קיין גערעכטע אורזאַכע, פאַרוואָס די אייגנטימער פון פוסטע לענדער זאָלן נישט ביישטייערן זייער חלק אין דער רעגירונגס־קאַסע.

אַלנפאַלס בלייבט דער ווידערשפּרוך צווישן די העכסט ־ פּראָגרעסי־ווע געזעצן וועגן די אַרענדאַטאָרן און די העכסט ־ רעאַקציאָנערע לאַנד־שטייערן, אויך נאָך דער אָפּשאַפונג פונם „עשור". און דאָס רופט אַרויס אַ סך אומצופרידנהייט צווישן די יידישע פירער פון ארץ ־ ישראל. זיי זענען איבערצייגט, אַז אויב די אָפּוועזנדע לאַנד ־ באַזיצער זאָלן מוזן צאָלן, ווי דאָס פירט זיך אין אַנדערע לענדער, באַדייטנדע שטייערן פאַר נישט באַאַרבעט לאַנד לויט איר פּאַקטישן פאַרקויף ־ ווערט, וואָלטן די אָפּוועזנדע לאַנד ־ באַזיצער זיך נישט געקאָנט פאַרגינען צו ספּעקולירן מיט פוסטן לאַנד, האַלטנדיק עס אויף העכערע פּרייזן. זיי וואָלטן דאַן עס געמוזט פאַרקויפן צו ווירקלעכע לאַנדווירטן, וואָס זאָלן עס באַאַרבעטן און באַרייכערן דערמיט די פּראָדוקציע פונם לאַנד.

„מיר זענען גרייט אָנצונעמען די העכסט ־ פּראָגרעסיווע באָדן־גע־זעצן, האָט מיר געזאָגט איינער פון די דאָזיקע יודישע פירער, אָבער בתנאי, אַז דער פּראָגרעס זאָל באַנוצט ווערן אויך דעמאָלט, ווען ער איז אין

יידישע אינטערעסן, און נישט אויסשליסלעך דאָן, ווען ער ווירקט קעגן אונז. עס שיינט אָבער, אַז אונזער רעגירונג ווערט דאָן פּראָגרעסיוו, ווען דאָס קאָן שאַדן דער יידישער קאָלאָניזאַציע, און זי בלייבט עקסטרעם־רעאַקציאָנער, ווען דער פּראָגרעס וואָלט געדינט צו אונזער גונסטן".

צבי=פּיל „יושר"

קיין פאַראַנטוואָרטלעכער יידישער פירער אין ארץ - ישראל קאָן נישט האָבן קעגן דעם פּרינציפּ פון גערעכטער אנטשיידיקונג פאַרן ארענדאַטאָר, וועלכער מוז פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן דורך דעם אייגנטימער. אַזאַ אַנטשיידיקונג האָט מען פריוויליק געצאָלט פאַרן קריג, און ס'איז פאַראַן אַן אַלגעמיינע גרייטשאַפט צו העכערן איר פאַרנעם אזוי, אַז דער אַרענדאַטאָר זאָל זיך קאָנען באַזעצן אויף אַן אַנדער שטיק לאַנד, אָדער נאָך בויען אַ ווירטשאַפט אין אַ שכנותדיקן לאַנד, ווו לאַנד - פרייזן זענען אַ סך נידריקער, איידער אין ארץ־ישראל.

די יידישע קאָלאָניזאַציע - געזעלשאַפטן וואָלטן אפילו גרייט געווען, ווען מען זאָל זיי נישט שטערן צוליב פּאָליטישע מאָטיוון, איינצואָרדנען פולשטענדיק אַזעלכע פעלאַכן, אפילו ווען זיי זענען נישט געווען די אייגנטימער פונם פאַרקויפטן באָדן.

זיי באַקלאָגן זיך אָבער, אַז די אָרטיקע דיסטריקט־אָפּיסערס און גאָווערנערס באַהאַנדלען יעדן לאַנד־סכסוך צווישן יידן און אראַבער אין אַ העכסט־פּאַרטייאישן און ווילקירלעכן גייסט, איגנאָרירנדיק אָפט אינגאַנצן די געזעצלעכע אייגנטום - רעכט. אָט ווי עס האָט זיך וועגן דער דאָזיקער לאַגע אויסגעדריקט, אין אַ געשפּרעך מיטן מחבר, מ. מ. אוסישקין, דער באַרימטער ציוניסטישער פירער, וואָס שטייט די לעצטע 15 יאָר אין דער שפּיץ פון נאַציאָנאַל־פאָנד:

„אין יעדן ציוויליזירטן לאַנד איז אָנגענומען, אַז ווען איינער האָט עפּעס אַ תביעה אויף אַ לאַנד, וואָס באַלאַנגט צו אַן אַנדערן, דאַרף ער גיין אין געריכט. דערווייל שיצט די פּאָליציי די רעכט פונם מאַן, וואָס האָט די פאָרמעלע פּאַפּירן אויפן באָדן.

אין ארץ - ישראל איז עס אָבער אַנדערש. דאָ קאָן אַ באַנדע פון בעדואינער פאַרנעמען צו יעדער צייט אַ שטיקל יידיש לאַנד, וואָס איז נאָך נישט באַאַרבעט, טענהנדיק, אַז ס'איז אַמאָל באַאַרבעט געוואָרן דורך אַראַבער פון זייער שבט. אַנשטאָט צו פאַרטרייבן די בעדואינער

פונם לאַנד, און הייסן זיי זיך ווענדן צום געריכט, אַנטשיידעט אָפּט דער דיסטריקט - פּאַרוואַלטער, אַז די בעדואינער זאָלן בלייבן אויפן לאַנד, ביז דער געריכט וועט זיך אַנטגילטיק פאַנאַנדערקלייבן אין זייערע טע־נות. אין בעסטן פאַל באַשליסט ער, אַז ביידע צדדים זאָלן דערווייל נישט באַאַרבעטן דאָס לאַנד, וואַרטנדיק אויפן ענדגילטיקן אורטייל פונם געריכט. און דערנאָך, ווען מיר געווינען שוין דעם משפּט, — וואָס געדויערט געוויינלעך עטלעכע יאָר, — יאָגט זיך אויך נישט די רעגירונג צו דער־ווייטערן פונם לאַנד די בעדואינער, וואָס האָבן עס פאַרנומען אָן דער מינדסטער רעכט. זי קומט אָנשטאָט דעם צו אונז מיט אַ פאָרשלאָג וועגן פאַרמיטלונג. אַלס רייכע מענטשן, זאָגט מען אונז, זאָלן מיר געבן די אָרימע בעדואינער עפּעס אַן אַנטשעדיקונג איידער זיי וועלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואָס האָט קיינמאָל נישט באַלאַנגט צו זיי. אַן אַנטשעדיקונג. פאַר וואָס? פאַר נוצן עטלעכע יאָר אונזער לאַנד אָן אַרענדע - אָפּצאָל און אָן דעם מינדסטן יורידישן גרונט!"

„איצט שטעלט זיך פאָר, — האָט ווייטער פאָרטגעזעצט דער אַלטער מאַן מיט אַלע וואַקסנדער פאַרביטערטקייט, — אַז איר קומט אין מיין הויז, פאַרנעמט אַ צימער, און זאָגט, אַז עס באַלאַנגט צו אייך אויפן גרונט פון ווירקלעכע אָדער איינגערעדטע רעכט. די פּאָליציי, אָנשטאָט אַרויסצוזעצן אייך, און הייסן אייך גיין צום משפּט מיט אייערע, — מעג עס אפילו זיין גערעכטע, — טענות, צווינגט מיך צו אָנערקענען דעם סטאַטוס־קוואָ פון אייער אַריינדרינגונג, און איך בין דאָס דער יע־ניקער, וואָס מוז גיין צום געריכט צו באַווייזן מיינע אייגנטום - רעכט. אָט אַזוי ווערן לאַנד - סכסוכים באַהאַנדלט אין ארץ־ישראל!"

אגב, איז דאָס נישט דער אַלגעמיינער מנהג. קענער פון דער לאַגע זאָגן, אַז אַזאַ איבער־ליבעראַלע שטעלונג צו לאַנד - פאַרכאַפּערס ווערט אַרויסגעוויזן בלויז אינעם פאַל, ווען דער באָדן באַלאַנגט צו ייִדן. ווען בעדואינער זאָלן זיך אויפן זעלבן אופן אַריינכאַפּן אויף אַן אַראַבישן שטיק באָדן, וועט די פּאָליציי זיי באַלד פאַרטרייבן, זיך נישט צוהערנדיק אפילו צו זייערע טענות: אויף דעם, וועט מען זיי זאָגן, איז פאַראַן אַ געריכט.

מען האָט מיר דערציילט וועגן אַ געוויסן אַראַבישן שבט, וואָס האָט געמאַכט די פאַרכאַפּונג פון ייִדישן לאַנד פאַר אַ פּראָפיט־ברענגענדע באַשעפטיקונג. דער שבט שטעלט אויף זיינע ביידלעך גאַנץ צו ייִדישע קאָלאָניעס, זוכנדיק ערגיץ־ווו אַ נישט באַאַרבעט, און בפרט נישט־

פאַרצוימט שטיקל לאַנד, אויף צו פאַרנעמען עס אויפן גרונט פון „פריער־דיקן באַזיץ". אויב דאָס געלינגט זיי, קריגן זיי געוויינלעך עטלעכע פונט פונם יידישן אייגנטימער. אפילו ווען ער איז הונדערט פראָצענט זיכער אין דער גרונטלאָזיקייט פון זייער טענה, איז ער מער צופרידן צו האָבן א באַשטימטן און באַשרענקטן פאַרלוסט, איידער אריינלאָזן זיך אין לאַנגע משפטים, במשך פון וועלכע ער וועט דערווייל נישט קאָנען נוצן דעם באָדן... נאָך אַזאַ „אויסגלייך" וואַנדערן די בעדואינער ווייטער, קוקנדיק שאַרף נאָך א צווייטער גינסטיקער געלעגנהייט צו פאַרנעמען א שטיקעלע פון זייער „אמאָליקן לאַנד".

— „אין אַמעריקע רופט איר דאָס „רעקעט", — האָט מיר געזאָגט א קאָלאָניסט, וועלכער איז א פלייסיקער לעזער פון א ניו־יאָרקער יידי־שער צייטונג.

אין נאָרמאַלע אומשטענדן וואָלט אַזאַ לאַנד - פּאָליטיק אוממעגלעך געמאַכט, אין לעצטן סך - הכּל, יעטוועדע ווייטערדיקע קאָלאָניזאַציע. אָבער דער יידישער דראַנג נאָך ארץ - ישראל איז אַזוי שטאַרק, אַז די בּסדר - אָנקומענדיקע אימיגראַנטן זענען גרייט צו צאָלן דאָרט פאַר באָדן פינף און אפילו צען מאָל אַזוי פיל, איידער עס וואָלט געקאָסט באָדן פון דער זעלבער גוטסקייט אין די ארומיקע לענדער. דער דאָזיקער אי־בערטריבענער פּרייז איז געווען הויך, כּדי צו דעקן אויך די קאָסטן פון כּלערליי נגישות און „רעקעטס"...

## עפנטלעכע אַרבעטן.

אַן אַנדער ציל פון שאַרפער יידישער קריטיק איז די אומגעוויינלעך צאָל פון יידן, וואָס ווערן באַשעפטיקט אויף רעגירונגס - שטעלעס און ביי עפנטלעכע אַרבעטן. די רעגירונג ווערט באַשולדיקט אין עובר־זיין אויף די פּרינציפּן פונם „מאַקדאָנאַלד - בריוו", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דעם 13 פעברואַר 1931, אַלס אַן אָפיציעלער און בינדנדער רעגירונגס - דאָקומענט. אַדרעסירט צו ד"ר. ווייצמאַן, אַלס דעם פּרעזידענט פון דער יידישער אַגענטור, האָט ער געהאַט דעם צוועק צו באַזייטיקן דעם טיפן מיסטרוי, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יידישע מחות, נאָך דעם באַריכט פון דער שאָו - קאָמיסיע, און פּאַספילדס „ווייסן פּאַפּיר".

מאַקדאָנאַלדס בריוו האָט צווישן אַנדערע זאַכן צוגעזאָגט, אַז בנוגע עפנטלעכע אַרבעטן וועט מען זיך רעכענען מיטן יידישן פאַרלאַנג נאָך

אַ געוויסן חלק אין דער אַרבעט, נעמענדיק דערביי אין אַנבאַטראַכט דעם ײדישן בײטראַג צו די אײנקונפטן פון דער רעגירונג".

וואָלט דער דאָזיקער צוזאָג געקומען געוואָרן ווערטלעך, וואָלטן ײדישע אַרבעטער באַדאַרפט זײן די פולע העלפט פון אַלע באַשעפטיקטע בײ די עפנטלעכע אַרבעטן. קײנער פאָדערט אָבער נישט אַזאַ בוכשטעבלעכע פאַרווירקלעכונג פון מאַקדאָנאַלדס צוזאָג, און די מערסטע ײדישע פירער וואָלטן געווען צופרידן, ווען דער אַנטייל פון ײדן אין די עפנטלעכע אַרבעטן זאָל נישט זײן קלענער פון די 26 פּראָצענט, וועלכע זײ מאַכן אויס אין דער אַלגעמײנער באַפעלקערונג פונם לאַנד. אַ פאַקט איז אָבער, וואָס דער פּראָצענט פון ײדן אויף רעגירונגס - אַרבעטן איז בלויז זיבן פּראָצענט, און די סומע פון זײער אַרבעטס - לוין איז אַרום 19 פּראָצענט פון די אַלע לוין - אויסצאָלונגען. אגב, זענען כמעט אַלע ײדישע אַרבעטער, וואָס זענען פאַרנומען בײ עפנטלעכע אַרבעטן, קוואַליפיצירטע און בעסער באַצאָלטע בעלי - מלאכות: פּראָסטע ײדישע אַרבעטער וואָלטן נישט געאַרבעט פאַר דעם עלנטן לוין, וועלכן די רעגירונג צאָלט אירע אַראַבישע אַרבעטער.

אַן ענלעכע לאַגע עקזיסטירט אין דער ארץ - ישראלדיקער פּאָליציי,— אַרײנגערעכנט די גרעניץ - וואַך פון עבר - הירדן, וואָס ווערט בעיקר אויסגעהאַלטן פון ארץ - ישראלדיקע מיטלען. די פאָלגנדע טאַבעלע, וואָס באַציט זיך אויפן מיטן פון 1934 גיט אָן די אַלגעמײנע צאָל פון באַשעפטיקטע אין דער ארץ־ישראלדיקער פּאָליציי און די צאָל פון ײדן צווישן זײ:

ײדן אין דער פּאָליציי.

| | אָפיצירן | | | פּאָליס-לײט | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | בכלל | ײדן | פּראָצענט | בכלל | ײדן | פּראָצענט |
| געוויינלעכע פּאָליציי | 158 | 28 | 17.8 | 2570 | 263 | 10.2 |
| גרענעץ-וואַך | 52 | 3 | 5.8 | 1039 | 23 | 2 2 |
| צוזאַמען | 210 | 31 | 14 8 | 3609 | 286 | 7.9 |

בכלל זענען ײדן פאַרטרעטן אין דער פּאָליציי פונם לאַנד מיט 8.5 פּראָצענט, אין דער צײט, ווען זײ מאַכן אויס 26 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, און ווען זײער בײטראַג צו די רעגירונגס - אײננאַמען איז מינדסטנס 50 פּראָצענט!

ענלעכע טענות ווערן געהערט וועגן נישט גענוגנדער באַשעפטיקונג פון יידן אין דער פּאָסט, טעלעפאָן און טעלעגראַף, אויף די באַנען און אין אַנדערע צווייגן פון דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט.

די רעגירונג אַלס אַרבעט־געבערין.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די רעגירונג איז דער גרעסטער אַרבעטסגעבער פון ארץ־ישראל. צוזאַמען מיט פּאָליציי און באַאַמטע, באַשעפטיקט זי זיכער אַרום אַ פינפטל פון אַלע לוין־אַרבעטער אינעם לאַנד. ס׳איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס די יידישע פירער לייגן אַזאַ גרויסן געוויכט אויף גענוגנדע באַשעפטיקונג פון יידן אויף רעגירונגס־שטעלעס.

ווען מען פרעגט העכערע ענגלישע באַאַמטע, פאַרוואָס זענען פאַראַן אַזוי ווייניק יידן אין רעגירונגס־ביוראָס, לייקענען זיי שאַרף יעדע אַבזיכטלעכע אַנטי־יידישע דיסקרימינאַציע. זיי זאָגן, אַז די קליינע צאָל פון יידישע באַאַמטע דערקלערט זיך מיט דער קליינער צאָל פון יידישע קאַנדידאַטן, און אַז דער פּראָצענט פון צוגענומענע צווישן יידישע בעלנים איז גאָר גרעסער, איידער ביי נישט־יידן. זאָלן מער קוואַליפיצירטע יידן זיך ווענדן נאָך רעגירונגס־שטעלעס, וועט דער אַנטייל פון יידן אין דער פאַרוואַלטונג פונעם לאַנד, ווי אויך אין די עפנטלעכע אַרבעטן, פאַרגרעסערט ווערן.

אין פלוג, איז די דאָזיקע דערקלערונג אַ ריכטיקע. יידישע פירער זאָגן אָבער, אַז דער תוך פון דער פראַגע ליגט אין די גאָר נידריקע שכירות, וואָס ווערן באַצאָלט די קלענערע רעגירונגס־באַאַמטע. דער ערשטער געהאַלט אויף אַ רעגירונגס־שטעלע שטייט געוויינלעך אויף אַזאַ נידריקער ,,אַראַבישער" מדרגה, אַז יידן קאָנען קוים עקזיסטירן דערמיט.

,,אָנשטאָט, — זאָגן יידישע פירער, — די באַמיאונגען צו קריגן באַאַמטע אויף גאָר אַ נידעריקן געהאַלט, אויף וועלכן ס׳איז איצט שווער צו געפינען אפילו אַראַבער, וואָלט די רעגירונג באַדאַרפט בעסער באַשטימען שכירות, וואָס זאָלן כאָטש זיין אין מיטן, צווישן דעם אַראַבישן און יידישן לעבנס־סטאַנדאַרט. איר גלענצנדע פינאַנציעלע לאַגע וואָלט איר דאָס זיכער דערלויבט".

אגב, ווייזט מען אָן ביי דער געלעגנהייט, אַז די נידעריקע שכירות

אויף ארץ - ישראלדיקע רעגירונגס - שטעלעס, באַציען זיך בלויז אויף ייִדן און אַראַבער, אָבער נישט אויף ענגלענדער. די דיסקרימינאַציע לטובת די ענגלענדער דריקט זיך אויס נישט נאָר אין דעם, וואָס מען גיט זיי די אַמבעסטן - באַצאָלטע שטעלעס, — דאָס וואָלט מערוויניק געווען פאַרשטענדלעך, — נאָר אויך אין דעם, וואָס ענגלישע באַאַמטע — אַפילו אויף קלײנע שטעלעס — קריגן כמעט א טאָפּלטן געהאַלט, אײדער ייִדן און אַראַבער, וואָס האָבן די זעלבע קוואַליפיקאַציעס און פאַרנעמען די זעלבע שטעלעס. אַן ענגלישער פּאָליציאַנט, למשל, קריגט גלייך ביים אָנהויב עלף פונט א חודש און פאַרשידענע אַנדערע פּריווילעגיעס דערצו, בעת דער ייִד, וואָס שטייט אויפן זעלבן אייראָפּעאישן לעבנס־סטאַנדאַרט, מוז זיך באַגנוגענען מיט 6 פונט א חודש פאַר פונקט דער זעלבער שטעלע!

אויב גערעכטיקייט פאַרלאַנגט, אַז אַלע באַאַמטע אָן אויסנאַם זאָלן קריגן דעם זעלבן לוין פאַר דער זעלבער אַרבעט, — און דאָס וואָלט זיכער געווען ריכטיק, — דאַן מוז מען אָפּשאַפן די פּריווילעגיעס פאַר ענגלענדער. אויב אָבער מען מאַכט שוין יאָ אַזאַ אונטערשיד, טאָ צוליב וואָס אַוועקשטעלן ייִדן און אַראַבער אויף דער זעלבער מדרגה, אויסקלייבנדיק העכביי דעם נידעריקסטן, דעם אַראַבישן סטאַנדאַרט פון לוין?

ס'איז קיין ספק נישטאָ, אַז אין דער פראַגע האָבן ייִדן אַן אייזערנע טענה, און איך שטעל זיך נישט פאָר, ווי אַזוי זי קאָן בכלל פאַרענטפערט ווערן.

אַן אַנדערע ייִדישע טענה באַציט זיך אויף די צוגרויסע שפּראַך־פאָדערונגען, וואָס ווערן געשטעלט צו ייִדישע בעלנים אויף רעגירונגס־שטעלעס אין פאַרגלייך מיט אַראַבער. מען פאָדערט, — זאָגט מען, — א באַדייטנדע קענטעניש פון אַראַביש פון א ייִדישן פּאָליציאַנט, אָדער באַן־קאָנדוקטאָר, בעת פונם אַראַבער, ס'רוב, פאָדערט מען נישט קיין קענטעניש פון העברעאיש.

טעאָרעטיש איז אויך די טענה ריכטיק, אָבער פּראַקטיש מוז די רעגירונג, לויט מיין מיינונג, זיך רעכענען מיט דעם פאַקט, וואָס אַראַביש איז די שפּראַך פון 75 פּראָצענט פון ארץ - ישראלדיקע איינוווינער. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז א ייִדישער פּאָליסמאַן, מיטן אויסנאַם פון תל - אביב, האָט מער צו טון מיט אַראַבער, איידער אַן אַראַבישער פּאָליסמאַן מיט ייִדן. עס וועט בכלל נישט שאַדן, ווען ייִדן זאָלן לייגן אויף דער קענטעניש פון דער אַראַבישער שפּראַך א גרעסערן געוויכט, ווי ביז

אהער. אין דעם פּרט מעג מען טאַקע פון יידישע קעפּ פאָדערן עפּעס מער...

רעגירונג־בּודזשעט און אימיגראַציע.

בכלל געניסן נישט יידן פון די רעגירונגס־אויסגאַבן אין דער זעל־בער מאָס, ווי זיי באַטייליקן זיך אין אירע איינגאַמען. זיי באַקלאָגן זיך אויף לחלוטין אומגענוגנדער שטיצע, וואָס יידישע שולן און שפּיטאָלן קריגן פון רעגירונגס־מיטלען, אין דער צייט, ווען די רעגירונג גיט אויס גאַנץ באַדייטנדיקע סומעס אויף אַנדערע אַנשטאַלטן פון דעם מין, און האָט נאָך דערצו גאָר אַ גרויסן איבערפלוס אין איר קאַסע. זיי באַטראַכטן אויך אַלס זייער נישט יושרדיק, וואָס יידישע קאָלאָניעס קומט אויס מיט קריעת־ים־סוף איבערצוציינגן די רעגירונג צו באַטייליקן זיך אין דער דורכפירונג פון שאָסייען צו זיי, אין דער צייט, ווען יעדער נייער וועג צו אַ יידישער קאָלאָניע מיינט אַ באַדייטנדיקע פאַרגרעסערונג פון די שטייערן אויף אויטאָמאָבילן און בענזין, וואָס שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אינם ארץ־ישראלדיקן רעגירונגס־בּיודזשעט.

דער אַלגעמיינער אָפּרוף פון די ענגלישע באַאַמטע אויף אַזעלכע טענות ווערט אַמבּעסטן איבערגעגעבּן אין אַ כאַראַקטעריסטישן אויס־דרוק, וואָס שטאַמט, זאָגט מען, פון הערבּערט סעמיועל, דעם ערשטן הויך־קאָמישיאָנער פון ארץ־ישראל:

— „אויב יידן ווילן ארץ־ישראל, וועלן זיי דערפאַר באַצאָלן מער, ווי ס'איז ווערט".

יידן טוען דאָס! זיי בעטן אָבער, אַז זייער גרייטשאַפט איבערצוצאָלן זאָל נישט זיין צו שטאַרק מיסבּרויכט...

מיט די אַלע טענות און תביעות, איז די פונדאַמענטאַלע באַציאונג פון די מערסטע ארץ־ישראלדיקע יידן צו ענגלאַנד פאָרט אַ פריינטלעכע. זיי פילן, אַז ווי צווייפלהאַפט ס'איז נישט געווען דער פּראַקטישער נוצן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, קאָן מען איצט נישט איבערמאַכן די פאַרגאַנגנהייט, און די ווייטערדיקע יידישע טעטיקייטן אין ארץ־ישראל זענען — ליידער — נאָך ענג פאַרבונדן מיט דער פאָרטזעצונג פונם ענגלישן מאַנדאַט.

לעצטנס האָבן איניקע יידישע פירער אין ארץ־ישראל אָנגעהויבן פילן אַ געוויסע ווענדונג צום בעסערן אין דער פונדאַמענטאַלער באַצי־

אונג פון די ענגלישע באַאַמטע צום ציוניזם. זיי דערקלערן דאָס מיט די לעצטע יידישע דערגרייכונגען אין ארץ - ישראל און מיט דער שטאַרקער כוואַליע פון יידישער אימיגראַציע, בפרט פון נאַצי - דייטשלאַנד. אַזוי ווי די פריערדיקע קעגנערשאַפט פון פיל בריטישע באַאַמטע איז בעיקר באַגרינדעט געווען אויף סקעפּטיציזם, מוז די דאָזיקע האַלטונג איצט זיך ענדערן אַ דאַנק די איבערציינגנדיקע פאַקטן פון די אַלע גרעסערע יידישע אויפטואונגען אין ארץ־ישראל.

פשוט גערעדט, — דער דורכשניטלעכער ענגלישער באַאַמטער איז איצט, אינם יאָר 1935, מער געניגט צו גלויבן אין דער ערנסטקייט פון די יידישע באַשטרעבונגען אין ארץ־ישראל און אין דער ריזיקער טרייבקראַפט, וואָס שטייט הינטער זיי, ווי מיט צען יאָר צוריק. אין עצם אַ רעאַליסט, מוז זיך ביי אים אומפאַרמיידלעך ענדערן אויף אַ מער־פריינטלעכער באַציאונג.

די דאָזיקע פסיכאָלאָגישע ענדערונג האָט זיך נאָך דערווייל נישט אָפּגעשפּיגלט אין קאָנקרעטע טאַטן. די באַשרענקונגען פון אימיגראַציע זענען נאָך אַזוי שאַרף, ווי פריער, און די קינסטלעכע שוועריקייטן פאַר יידישע לאַנד - קניות, זענען לעצטנס גאָר פאַרשטאַרקט געוואָרן. אָבער די ציוניסטישע פירער, — אָפּטימיסטן לויט זייער עצם - נאַטור, — זענען איבערציינגט, אַז דער אינערלעכער דרך - ארץ, וואָס הויבט זיך אָן צו פילן ביי די ענגלענדער בנוגע יידן אין ארץ - ישראל, וועט זיך באַלד אָפּרופן אין אַ מער ליבעראַלער פּאָליטיק בנוגע זייער אויפבוי - אַרבעט. זיי גלויבן נאָך אַלץ, אַז ענגלאַנד, אַמאָל זייער האָפנונג און אידעאַל, וועט סוף - כל - סוף פאַרשטיין די אומגערעכטיקייט פון איר ביז־איצטיקער האַנדלונג אין ארץ - ישראל, און וועט באמת זיך נעמען צו „שטעלן דאָס לאַנד אונטער אַזעלכע פּאָליטישע, אַדמיניסטראַטיווע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס זאָלן זיכערן די אויפשטעלונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים“.

## קאַפּיטל זעכצן



# יידן און אראַבער

מיט פופציק יאָר צוריק, ווען עס האָבן זיך אין ארץ־ישראל געבויט די ערשטע יידישע קאָלאָניעס, האָט די אראַבישע פראַגע נישט אויסגע־זען צו האָבן א גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג. אמת, ארץ־ישראל האָט אויך דעמאָלט נישט געקאָנט באַטראַכט ווערן אלס אן אומבאַפעלקערט לאַנד. מיט דער אויסנאַם פון די עטלעכע יידישע קהלות, פון איניקע מיסיאָר נעריישע קאָלאָניעס און א קליינער צאָל פון טערקישע באַאַמטע, איז די גאַנצע איבעריקע באַפעלקערונג באַשטאַנען פון אראַבער, מערסטנס מאָכ־מעדאַנער. שטייענדיק אָבער אויף א גאַנץ פּרימיטיווער שטופע פון קול־טור, זענען די ארץ־ישראלדיקע אראַבער ביי יענער צייט ווייט געווען פון נאַציאָנאַליזם און פּאָליטישן לעבן בכלל.

דער נאַציאָנאַלער אורשפּרונג פון די ארץ־ישראלדיקע אראַבער איז פאַרדעקט מיט א היבש ביסל היסטאָרישן נעפּל. ס'איז כמעט זיכער, אז די מערסטע ארץ־ישראלדיקע פעלאַכן קומען נישט פון אראַבישן מדבר. און ס'איז א סברה, אז זיי שטאַמען גאָר פון די אַמאָליקע יידישע פויער־רים, וועלכע האָבן זיך עקשנותדיק צוגעקלעפּט צום באָדן, און זיך צו־געכאַפּט צוביסלעך צו די פאַרשידענע זיגער פונם לאַנד. דערצו איז נאָך פאַראַן א טעאָריע, אז ס'איז בכלל נישטאָ קיין אראַביש פאָלק, וואָס שליסט איין זיך אריין אלע אראַביש - שפּרעכנדע לענדער. אראַביש איז לויט דער דאָזיקער טעאָריע די אוניווערסאַלע שפּראַך פונם אָריענט, און דער פאַקט, וואָס איינוווינער פון צוויי לענדער רעדן די דאָזיקע שפּראַך, מיינט נאָך נישט, אז זיי געהערן צו איין פאָלק. די אראַבער פון עגיפּטן און ארץ־ישראל געהערן לויט דער דאָזיקער טעאָריע פּונקט אזוי צו איין פאָלק, ווי די ענגלענדער און אירלענדער...

ווי ריכטיק עס זאָלן נישט זיין די דאָזיקע אלע טעאָריעס פון א ריין־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, האָבן זיי אָבער קיין קלענסטע באַדייטונג נישט

פֿאַר פּראַקטישער פּאָליטיק. פֿאַקטיש באַטראַכט זיך די גרעסטע מערהייט פֿון די ארץ - ישׂראלדיקע איינוווינער, פֿאַר אַראַבער, און די איינשטע־לונג פֿון פֿריינטלעכע באַציאונגען מיט די דאָזיקע אַראַבער, איז איינע פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבן, וואָס שטייען פֿאַרן ארץ־ישׂראלדיקן ייִדנטום.

צוליב דער קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט פֿון די אַראַבער און דעם מאַנגל פֿון נאַציאָנאַלן געפֿיל צווישן זיי, איז די דאָזיקע אויפֿגאַבע פֿאַרן קריג באַטראַכט געוואָרן אַלס מינדערוויכטיק. די ציוניסטישע פֿירער פֿון דער פֿאַר - מלחמה - צייט, שטאַרק פֿאַרנומען מיט טערקיי און די גרויס־מאַכטן, האָבן זיך ווייניק פֿאַרטראַכט וועגן די ייִדיש־אַראַבישע באַצי־אונגען אין ארץ - ישׂראל גופֿא. מיט קליינע אויסנאַמען, האָט מען אָפּגע־פֿטרט די פֿראַגע מיט אַלגעמיין - ליבעראַלע פֿראַזן: ייִדן, אַלס גערודפֿט פֿאָלק, וועלן זיך נישט פֿאַרפֿלעקן מיט דער אונטערדריקונג פֿון אַנדערע; ייִדן און אַראַבער געהערן צו דער זעלבער סעמיטישער ראַסע, און דאַרפֿן לעבן ווי ברידער; ארץ - ישׂראל וועט ווייזן דער וועלט אַ ביישפּיל פֿון אמתער מענטשלעכקייט און נאַציאָנאַלער גלייכהייט א. אַז. וו.

די ווייניקע אַראַבישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן ביי יענער צייט זיך אינטערעסירט מיט דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, האָבן באַטראַכט דעם ציוניזם פֿון פֿאַרשידענע שטאַנדפּונקטן. די איינע האָבן געקוקט אויף דעם ציוניזם, ווי סתּם אויף אַ פֿאַנטאַסטישע אידייע, וואָס רירט בכלל נישט אָן דעם פֿאַקטישן גורל פֿון די אַראַבישע לענדער. איניקע האָבן דעם ציוניזם פֿאַרדאַמט, אַלס אימפּעריאַליסטישע און פֿיינטלעכע צו די אַראַבישע אינטערעסן. עס זענען אָבער אויך געהערט געוואָרן פֿריינט־לעכע און אפֿילו באַגייסטערטע שטימען פֿון אַראַבישע פֿירער, וועלכע האָבן געקוקט אויף דער ייִדישער אימיגראַציע קיין ארץ - ישׂראל, ווי אויף אַ ווערטפֿולן ביישטייער צו דער עקאָנאָמישער און נאַציאָנאַלער אַנט־וויקלונג אין נאָענטן מזרח.

אָט איז, למשל, אַן אויסצוג פֿון אַ ביכל פֿון פֿעריד קאַסאַב, אַ באַ־קאַנטן אַראַבישן שרייבער אין רעבעל, וואָס האָט געמוזט אַנטלויפֿן פֿון סיריע צוליב זיין קאַמף קעגן די טערקן:

„אויפֿן מזרח זענען די ייִדן אין דער היים. דאָס לאַנד וועט ווערן זייער אייגנציק פֿאָטערלאַנד. זיי האָבן נישט קיין אַנדער לאַנד”*).

---

*) פֿעריד קאַסאַב: „די נייע אַראַבישע אימפּעריע, דער וואַטיקאַן און די בלומרשטע ייִדישע וועלט - געפֿאַריי, פּאַריז, 1906.

## די אראַבער און דער וועלט־קריג.

דער וועלט - קריג האָט אראָפּגעבראַכט די אראַבישע פראַגע פון די הימלען, פון אַבסטראַקטער טעאָריע אויף דער פּראַקטישער פלאַך פון רעאַלער פּאָליטיק. אייניקע הערשער פונם אראַבישן האַלב - אינזל האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין קריג, ס׳רוב אויף דער ענגלישער זייט. אמת, זייער מלחמה - טעטיקייט איז אַמווייניקסטן געווען באַאיינפלוסט דורך אידעאַליסטישע מאָטיוון. אפילו לאָרענס אליין, דער באַרימטער אָרגאַניזאַטאָר פונם „בונט אין מדבר", וועלכער איז בכלל נוטה צו אי־דעאַליזירן די אראַבער, גיט צו, אַז דאָס ענגלישע גאָלד האָט געשפּילט די אַנטשיידנדע ראָלע אין זייער אויפשטאַנד קעגן טערקיי.

ס׳איז אָבער אַלנפאַלס אַ פאַקט, אַז אייניקע פון ענגלאַנדס אראַבישע פאַרבינדעטע האָבן יאָ געהאַט אַ מין נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, און דער וויכטיקסטער פון זיי, דער שעריף הוסיין פון מעקאַ, בעיקר געטריבן דורך דינאַסטישע אַמביציעס, האָט ארויסגעקריגן אינם יאָר 1906 אַ בריוו פון גענעראַל מאַק מאַהאָן, דעם דעמאָלסטיקן בריטישן קאָמאַנדיר אין עגיפּטן, וואָס האָט אַנטהאַלטן אין זיך אַביסל אַ פאַרשוווּמענעם צוזאָג וועגן אַ גרויסער אראַבישער מלוכה, וואָס זאָל פאַראייניקן אַלע אראַביש־שפּרעכנדע פּראָווינצן פון טערקיי. ענלעכע צוזאָגן זענען געניצט געוואָרן אויף אָנצופירן אַן אַנטי - טערקישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מער־קול־טורעלע אראַבער אין די גרעסערע שטעט. ס׳איז דעריבער גאַנץ נאַטיר־לעך, אַז ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט די דאָזיקע העכער־שטייענדע מינדערהייט אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, וואָס האָט געפאָדערט די פאַראייניקונג און פרייהייט פון די אראַבישע לענדער.

פון דער אַנדערער זייט האָט דער וועלט - קריג אויפגעהויבן אויך די יידישע האָפענונגען ביז צום העכסטן גראַד. אונטערן איינפלוס פון דער באַלפור - דעקלאַראַציע, וועלכע איז ענטוזיאַסטיש אויסגעטייטשט געוואָרן אַלס ענדגילטיקער צוזאָג פאַר אַ יידישער מלוכה, האָבן אייניקע ציוניסטישע פירער פאַרלאָרן די קעפּ. אין סתירה צו די אָמאָליקע דעקלאַ־מאַציעס וועגן גלייכהייט און ליבעראַליזם, האָבן זיי אָנגעהויבן רעדן וועגן „ארץ - ישראל, וואָס זאָל זיין אַזוי יידיש, ווי ענגלאַנד איז ענגליש און קאַנאַדע איז קאַנאַדיש"... איינער פון זיי איז ארויסגעקומען אפילו מיט דער פאַנטאַסטישער אידייע וועגן באַזעצן די ארץ־ישראלדיקע אראַ־בער אין די געגנטן, פון וועלכע „זייערע אור־עלטערן זענען אַמאָל גע־

קומען קיין ארץ־ישׂראל"... אַ געוויסע פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די באַציִאונגען איז אויך פֿאַרורזאַכט געוואָרן דורך דער שאַפֿונג פֿונם ייִדישן לעגיאָן, וועמענס פֿירער האָבן זיך אָפֿן געשטעלט די אויפֿגאַבע צו קאָנטראָלירן ארץ־ישׂראל נאָך דער דעראָבערונג פֿונם לאַנד.

אמת, אַזאַ אַרויספֿאָדערנדיקע האַלטונג, וואָס האָט זיך מער אויס־געדריקט אין גרוזמאַדיקער פּלוידעריי, איידער אין רעאַלע קריוודעס, איז אַרויסגעוויזן געוואָרן בלויז פֿון אַ מינדערהייט, און איז שאַרף פֿאַרדאַמט געוואָרן פֿון די פֿירנדיקע גייסטער פֿונם וועלט־ייִדנטום. יעדער נאַרע־שער זשעסט, יעדער איבערטריבענער אויסדרוק פֿון דער ייִדישער זייט איז אָבער באַלד אויסגענוצט געוואָרן פֿון יענע פֿאַראינטערעסירטע, וואָס האָבן צוליב פֿאַרשיידענע סיבות זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו באַקעמפֿן דעם ציוניזם, כּדי אַריינצופֿלאַנצן אין די אַראַבישע מוחות שטאַרקע חשדים און קאַליע מאַכן די פֿריער פֿריינטלעכע באַציִאונגען צווישן ביידע פֿעלקער.

אויסלענדישע איינפֿלוסן.

ס'איז געווען אַ צייט, ווען פֿראַנקרייך מיט איר גרויסן איינפֿלוס אין נאָענטן אָריענט האָט אויך געהערט צו די כּחות, וואָס האָבן געאַרבעט קעגן ציוניזם. דאָס איז געווען גלייך נאָכן קריג, ווען ענגלישע אַגענטן האָבן געשטיצט פֿייזאַלס ציטווייליקע ממשלה אין דמשק, רעכנענדיק דערמיט קלענער צו מאַכן דעם שטח פֿונם פֿראַנצויזישן מאַנדאַט אין סיריע. אַלס נקמה דערפֿאַר, האָבן די פֿראַנצויזישע אַגענטן אין ארץ־ישׂ־ראל געהעצט די אַראַבער קעגן דעם ענגלישן מאַנדאַט, און, נאַטירלעך, איז דער שטאַרקסטער אַרגומענט אין דעם זין געווען דער ענגלישער צו־זאָג צו ייִדן...

שפּעטער, ווען ענגלאַנד און פֿראַנקרייך האָבן זיך ענדגילטיק צעטיילט מיט זייערע מאַנדאַטן אין נאָענטן מזרח, איז דער פֿראַנצויזישער אינטע־רעס אין ארץ־ישׂראל אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס שיינט אָבער, אַז אַן אַנ־דערער אויסלענדישער איינפֿלוס, — פֿון די קריסטלעכע קירכן, — האָט אָנגעהאַלטן אַ סך לענגער, און ער אַרבעט קעגן ייִדישן אויפֿבוי ביזן היינטיקן טאָג. אַ צייט האָט, למשל, דער קאַרדינאַל באַרלאַסינאַ, דער פֿאַרטרעטער פֿון וואַטיקאַן אין ארץ־ישׂראל, גענומען אַן אָפֿענעם און אַקטיוון אָנטייל אין דער פֿירערשאַפֿט פֿון דער אַראַבישער באַוועגונג, און זיינע אַנטי־ציוניסטישע רעדעס האָבן אַרויסגערופֿן אַ סך פּירושים

און פּראָטעסטן. עס שיינט אויך, אַז מיסיאָנערן פון פאַרשידענע פּראָ־טעסטאַנטישע סעקטעס האָבן אויך אַ האַנט אין דער אַנטי־יידישער פּראָפּאַגאַנדע אין ארץ־ישראל.

ס'איז נישט גאַנץ קלאָר, מיט וואָס דערקלערט זיך די קעגנערשאַפט צום ציוניזם פון די דאָזיקע קרייזן. ס'איז שווער צו גלויבן, אַז דאָס זאָל שטאַמען פון מורא פאַרן גורל פון די קריסטלעכע הייליקע פּלעצער אין ארץ־ישראל. דאָס וואָלט געווען פּשוט לעכערלעך. יידן האָבן נישט די מינדסטע כּוונה שלעכטס צו טון די קריסטלעכע הייליקטימער אין ארץ־ישראל. אויב די שטאַרקע און פאַנאַטישע מאַכמעדאַנישע הערשער האָבן במשך פון יאָרהונדערטער געוויסנהאַפט געשיצט די קריסטלעכע הייליקטימער אין ארץ־ישראל, טאָ ווי קאָן מען דערוואַרטן די קלענסטע קריוודע קעגן זיי מצד די פיל שוואַכערע יידן?

די שטיצע, וואָס ווערט געגעבן פון אייניקע פרעמדע רעליגיעזע גרופּן צו דער אַראַבישער באַוועגונג, שטאַמט, אפנים, פון די פּאָליטישע אינטערעסן פון זייערע רעגירונגען; עס איז אויך אַן אָפּשפּיגלונג פונם אַנטיסעמיטישן גייסט, וואָס הערשט אין אייראָפּע. מען האָט, למשל, לעצטנס אַ סך געהערט וועגן דעם פאַרזוך פון די דייטשע נאַציס צו קריגן אַן איינפלוס אויף דער אַראַבישער יוגנט און אויסנוצן זי אַלס אינסטרומענט פון אַנטי־יידישער פּאָליטיק.

מאָסקווע און ארץ ישראל

די אַנטי־ציוניסטישע אַגיטאַציע אין ארץ־ישראל ווערט געשטיצט פון נאָך אַן אויסלענדישער קוועלע — פון קאָמאינטערן. עס מעג קלינגען זייער מאָדנע, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז די פּאָליטישע ווירקונג פון מאָסקווע אין ארץ־ישראל גייט פּונקט אין דער זעלבער ריכטונג, ווי פון די מיסיאָנערן און נאַציס. ווען נישט די אַלגעמיינע און אומישנע נעפּלהאַפטע קלאַסן־פּראַזעאָלאָגיע, וואָלטן פיל אויפרופן פון די ארץ־ישראל־דיקע קאָמוניסטן געקאָנט אַרויסגעגעבן ווערן אויך פון די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן. די סימפּאַטיעס פון קאָמאינטערן פאַרן אַראַבישן נאַציאָנאַליזם זענען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט עקשנותדיק באַצייכנט די פּאָגראָמען פון יאָר 1929, וואָס זענען געריכטעט געווען אויסשליסלעך קעגן יידן, אָן דעם קלענסטן מיין צו אַטאַקירן ענגלענדער — אַלס אַן „אויפשטאַנד פון די אַראַבישע אַרבעטער און פויערים קעגן דעם בריטישן אימפּעריאַליזם און זיינע יידישע העלפער"...

די מאַטיוון, וואָס באַוועגן די קאָמוניסטן צו אַזאַ סאָרט פּאָליטיק אין ארץ - ישראל, זענען גאַנץ קלאָר. אויף וויפיל דער קאָמאינטערן שפּיגלט אָפּ די אינטערעסן פון דער סאָוויעט־רעגירונג, איז ער צופרידן מיט יעדער אויפרעגונג אין אַ בריטישער קאָלאָניע אין אַזיע. חוץ דעם, האָט דער קאָמאינטערן נישט איינמאָל אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז אַן אויפשטאַנד פון די אונטערדריקטע קאָלאָניאַלע פעלקער, אפילו ווען ער ווערט געפירט פון רעאַקציאָנערע גרופּעס, — שוואַכט אָפּ די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פונם וועלט - קאַפּיטאַליזם, און מאַכט דערמיט גרינגער דעם וועג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. פון אַזאַ שטאַנדפּונקט זענען ייִדן אין ארץ־ישראל בלויז „אייל אויף די רעדער פון דער וועלט־רעוואָלוציע". און אויב דער ענדציל פאָדערט אַביסל מער „אייל", איידער דער ארץ - ישראלדיקער קאָמוניסט, ס'רוב אַליין אַ ייִד, וואָלט געוואָלט שפּענדן, קאָן מען זיך גאָרנישט העלפן....

אייניקע ייִדישע קרייזן אין ארץ - ישראל, זענען, פּונקט ווי די אַנטיקע פּאָליציי, געניגט איבערצוטרייבן די באַדייטונג פון דער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין לאַנד, צושרייבנדיק צו איר ס'רוב די אומרוען, וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען נאָך דעם קריג. דאָס איז אַ גרויסע גוזמא. דער פאַקט אָבער בלייבט, אַז אויף וויפיל די טעטיקייט פון קאָמאינטערן מערקט זיך יאָ אינם פּאָליטישן לעבן פון ארץ־ישראל, ווייזט זיך אַרויס די זעלבע טענדענץ, ווי די טעטיקייט פון אַנדערע אַנטי - ייִדישע גרופּן אין לאַנד.

נאָך אַ פאַקטאָר, וואָס העלפט שטאַרקן דעם אַראַבישן נאַציאָנאַליזם אין ארץ - ישראל, איז זיין דערמונטערונג מצד די „דאי הארדס" אין דער ענגלישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, סיי אין לאָנדאָן און סיי אפילו אין ירושלים. דער ענגלישער קאָלאָניאַלער אַדמיניסטראַטאָר פון דער אַלטער קאָנסערוואַטיווער שולע, באַטראַכט דעם ציוניזם אַלס אַן אומנוויטיקע פאַרפלאָנטערונג פון דער בריטישער אימפּעריאַלער פּאָליטיק אין מזרח. ער פילט זיך אויך הייםישער מיט אונטערגעגעבענע און חניפות־דיקע „נייטיוס", איידער מיט די שטאָלצע און זעלבסטבאַוווסטע ארץ־ישראלדיקע ייִדן. ער קוקט אויך זייער קרום אויף די קאָאָפּעראַטיווע און סאָציאַליסטישע טענדענצן, וואָס מערקן זיך צווישן די ייִדישע אימיגראַנטן פון מזרח - אייראָפּע. דאָס אַלץ שאַפט ביי אים אַ געוויסן פאָראורטייל קעגן די ייִדישע צילן, און אַ גרעסערע סימפּאַטיע פאַר די אַראַבער. אפילו ווען די דאָזיקע באַציאונג נעמט נישט אָן קיין אַקטיווע

פאָרם, העלפט זי דאָך צו פאַרשטאַרקן דעם אַראַבישן ווידערשטאַנד צו דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

## אינערלעכע מאָטיוון פון דער אַראַבישער בעוועגונג.

עס וואָלט אָבער געווען לייכטזיניק צו דערקלערן די אַראַבישע באַוועגונג אין ארץ - ישראל מיט אויסלענדישע איינפלוסן אליין. זי האָט זיכער אויך אירע אינערלעכע מאָטיוון אינם אַראַבישן לעבן זעלבסט. דער פּראָגרעס פון בילדונג, ווי לאַנגזאַם ער זאָל נישט זיין, האָט געשאַפן צווישן די אַראַבער אַן אינטעליגענץ, וואָס איז נאַציאָנאַליסטיש נישט נאָר לויט אירע אידייען און נייגונגען, נאָר אויך צוליב אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן. ווען ארץ־ישראל זאָל ווערן אויטאָנאָם אונטער אַראַבישער פירונג, וואָלטן זיך באַשאַפן אַ מאַסע נייע רעגירונגס - שטעלעס, און דערצו וואָלטן זיך באַפרייט די מערסטע שטעלעס, וואָס זענען איצט פאַרנומען דורך ענגלענדער און טיילווייז פון יידן...

זיכער האָבן אויך אין דער אַראַבישער באַוועגונג אַ היבשע דעה די עפענדים, — די גרעסערע לאַנד - באַזיצער און וואוכערער, וואָס האָבן מורא פאַר יידישער אימיגראַציע צוליב דער פאַרדערבלעכער ווירקונג, וואָס זי האָט אויף די פעלאַכן, וואָס ווערן פון די עפענדים שטאַרק עקספּלואַטירט. ס'איז פונדעסטוועגן אומגערעכט צו שטעמפּלען די גאַנצע אַראַבישע באַוועגונג אַלס אַן אויפטו פון די עפענדים. אין אָנהויב זענען טאַקע די העכערע קלאַסן געווען די איינציקע טרעגער פון דער אַראַבישער באַוועגונג. אָבער מיט דער צייט האָט זיך אין איר אַריינגעצויגן אַן אַלץ וואַקסנדיקע צאָל פון דער יוגנט, וואָס שטרעבט צו רעגירונגס־שטעלעס און אַנדערע גרינגע אַרבעטן. די דאָזיקע יוגנטלעכע אינטעליגענץ איז אויבערפלעכלעך דערצויגן געוואָרן אויף אַ לעוואַנטינישן שטייגער און איז איצט דער רוקנביין פון דער באַוועגונג. אגב, איז די דאָזיקע יוגנט, לויט איר סאָציאַלער סטרוקטור, שטאַרק ענלעך צו די עלעמענטן, וואָס זענען געווען אַמערסטן טעטיק אינם אויפשטייג פון פאַשיזם אין איטאַליע און היטלעריזם אין דייטשלאַנד.

## די קאַמף־מיטלען פון דער אַראַבישער באַוועגונג.

דער יידיש־אַראַבישער שטרייט האָט דערגרייכט זיין גרעסטע שאַרפקייט אין דער צייט פון די בלוטיקע אַראַבישע אָנפאַלן אין יאָר 1921 און 1929. בדרך כלל, איז אָבער די מאַנדאַט־מאַכט אַנטשידן קעגן

פאגראמען, און די אראבישע באוועגונג איז דעריבער געצווונגען צו קעמפן מיט ווייניקער - געוואלטזאמע מיטלען, וועלכע דריקן זיך בעיקר אויס אין א שטארקער פראפאגאנדע קעגן דעם פארקויף פון לאנד צו יידן, און אין אפטע דעמאנסטראציעס און פעטיציעס קעגן דער יידישער אימיגראציע. אין אקטאבער 1933 האט אזא דעמאנסטראציע אין יפו, וואס איז אפגעהאלטן געווארן, נישט קוקנדיק אויף דעם פארבאט מצד דער רעגירונג, פאראורזאכט א בלוטיקע שלאכט מיט דער פאליציי און נישט ווייניקער פון 30 אראבער זענען דערשאסן געווארן.

ס'איז פאראן אויך צווישן די אראבישע פאליטיקער א באוועגונג אויסצומיידן יעדע קאאפעראציע מיט דער רעגירונג, ביז זי וועט נישט אפשאפן די באלפור - דעקלאראציע און אפשטעלן די ציוניסטישע טער-טיקייט אין לאנד. צייטנווייז האט זיך געפירט א שטארקע אגיטאציע קעגן אננעמען רעגירונגס - שטעלעס און אפילו פאר א פאסיוון ווידערשטאנד לויטן אינדישן מוסטער. די דאזיקע אגיטאציע האט אבער קיינמאל קיין באדייטנדן דערפאלג נישט געהאט.

מען הערט אין ארץ-ישראל פארשידענע מיינונגען וועגן דעם, אויף וויפיל די אנטי - יידישע אגיטאציע פון די אראבישע פירער האט באמת די שטיצע פון די ברייטע מאסן. עס שיינט, אז באדייטנדע אראבישע גרופן, בפרט אין די געגנט, ווו ס'איז פאראן א נאענטער עקאנאמישער קאנטאקט צווישן די אנגעהעריקע פון ביידע פעלקער, זענען גאנץ קאלט צו דער דאזיקער אגיטאציע. דערצו ווערט דער אראבישער נאציאנאליזם בסדר אפגעשוואכט דורך פערזענלעכע שטרייטיקייטן צווישן זיינע פירער. דער גרויס - מופטי פון ירושלים, וועלכער איז דער רעליגיעזער פירער פון די ארץ-ישראלדיקע מאכמעדאנער און איז אין דער זעלבער צייט דער פירנדיקער גייסט פונם אראבישן קאנגרעס, האט א סך קעגנער צווישן די גאר איינפלוסרייכע אראבישע פאמיליעס און שבטים. אויך אנדערע פירער זענען דער ציל פון שטארקע אטאקעס, וואס באַרירן אפילו זייער פערזענלעכע ערלעכקייט. דערצו זענען די אראבישע קריסטן, וואס האבן אמאל געשפילט גאר א גרויסע ראלע אין דער אראבישער באוועגונג פון ארץ-ישראל, א סך קעלטער געווארן צו איר צוליב דער מורא צו זיין א הילפלאזע מינדערהייט אין דער קומענדיקער אראבישער מלוכה. די לעצ-טע שחיטה פון אסירייער אין זעלבשטענדיק געווארענעם איראק, האט זי-כער נישט אפגעשוואכט די דאזיקע מורא פאר דער צוקונפט.

## אַראַבישער איינפלוס אין ארץ־ישראלדיקער פּאָליטיק

נישט קוקנדיק אויף די אַלע פאַקטאָרן, וואָס זענען גענייגט אָפּצושוואַכן די קראַפט פון דער אַנטי ־ ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, קאָן מען נישט לייקענען, אַז זי האָט פאָרט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די אַראַבישע מאַסן און זי האָט אין געוויסע פּרטים יאָ געהאַט אַ פּאָליטישן דערפאָלג. באַזונדערס, האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין באַשרענקונגען פון אימיגראַציע און לאַנד ־ קניות, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אונטער דעם איינפלוס פון דער אַראַבישער באַוועגונג, און אין די הנחות, וועלכע די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן, געשטיצט פון זייערע איינפלוסרייכע בריטישע פריינט אין לאָנדאָן און ירושלים, האָבן געפועלט אויפן פעלד פון יידישער אימיגראַציע און יידישע לאַנד־קניות.

דער ערשטער דערפאָלג פון דער אַראַבישער באַוועגונג אין איר קאַמף קעגן יידישער אימיגראַציע, איז דערגרייכט געוואָרן באַלד נאָך די פּאָגראָמען פון מאַי 1921, ווען הערבערט סעמיועל, דער דעמאָלסטיקער הויך ־ קאָמישיאָנער, האָט מיט דער צושטימונג פונם קאָלאָניאַל־אָפּיס אין לאָנדאָן אַרויסגעגעבן שטרענגע רעגולאַציעס, וואָס האָבן באַשרענקט די יידישע אימיגראַציע, איבערלאָזנדיק בלויז אייניקע באַשטימטע קאַטעגאָריעס. די וויכטיקסטע פון זיי זענען „קאַפּיטאַליסטן“, וואָס מוזן ווייזן נישט ווייניקער פון 1000 פונט, און אַרבעטער, וואָס זענען נייטיק פאַר די ארץ־ישראלדיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. דערצו קאָן צוגעלאָזט ווערן, מיט קלענערע סומעס געלט, אַ באַשרענקטע צאָל פון קוואַליפיצירטע פּראָפעסיאָנאַליסטן און געניטע בעלי־מלאכות, ווי אויך פּערזאָנען, וועמענס עקזיסטענץ אין לאַנד ווערט פאַרזיכערט דורך נאָענטע קרובים, וואָס רופן זיי אַהין.

טעאָרעטיש האָט די צאָל פון סערטיפיקאַטן, וואָס ווערן יעדעס יאָר אַרויסגעגעבן פאַר אַרבעטער ־ אימיגראַנטן, גאָרנישט צו טאָן מיט אַראַבער. זיי דאַרפן באַשטימט ווערן אויסשליסלעך לויט דער עקאָנאָמישער אויפנאַם ־ פעאיקייט פונם לאַנד אינם געגעבענעם מאָמענט. פאַקטיש האָט זיך אָבער נישט איינמאָל געטראָפן, אַז די צאָל פון סערטיפיקאַטן, וואָס איז באַוויזן געוואָרן צו זיין אַ מינימום, פונם שטאַנדפּונקט פון דער עקאָנאָמישער אויפנאַם ־ פעאיקייט, איז נאָך מער געשניטן געוואָרן, כדי „נישט אויפצורייצן די אַראַבער“...

אַ באַדייטנדן דערפאָלג האָבן די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן אויך

דערגרייכט אין זייער קאמף קעגן לאנד־פארקויף צו יידן. נישט נאר האט די רעגירונג, רעכענענדיק זיך מיט זייערע פראטעסטן, געמאכט אלערליי שוועריקייטן פאר יידישע לאנד־קניות, נאר זיי האבן נאך דערצו אפט געצוואונגען אראבישע לאנד־באזיצער, וואס זענען אין עצם גרייט צו פארקויפן זייער לאנד, אז זיי זאלן זיך אפהאלטן דערפון. נאטירלעך, זענען פיל אזעלכע אייגנטימער, וואס קריגן כמעט קיין שום איינקונפט נישט פון זייער פוסטן אדער פרימיטיוו־באארבעטן לאנד נישט אימשטאנד בייצוקומען דעם נסיון פון הויכע פרייזן, וואס ווערן זיי אנגעבאטן פון יידן. זיי ווייסן אבער שוין, אז דאס איז א „נאציאנאלער פארראט", און פאדערן דערפאר א העכערן פרייז... אויסער דעם, ווערט אמאל אזא קניה דורכגעפירט אויף א קאמפליצירטן וועג, דורך פיקטיווע אראבישע קונים, וועלכע, וווינענדיק אין שכנותדיקע לענדער, דארפן זיך נישט רעכענען מיט די טעראר־דראאונגען פון דער נאציאנאליסטישער יוגנט. נאטירלעך, קריגט אזא פלומרשטער „קויפער" א באדייטנדיקע קאמיסיאן פאר זיין „טרחה" און דאס פארטייערט און פארשלעפט נאך מער דאס דורכפירן פון לאנד־קניות, שטערנדיק דערמיט אין א באדייטנדיקער מאס דער יידישער קאלאניזאציע.

## אראבישע טענות קעגן יידן.

ווי ווייט זענען די אראבישע פירער בארעכטיקט אין זייער קאמף קעגן יידן?

דער פאפולערסטער ארגומענט, וואס איז ביז אהער באנוצט געווארן אין דער אראבישער אגיטאציע, באשטייט, ווי עס איז באקאנט, אין דער טענה, אז די יידישע אימיגראציע קומט פאר אויפן חשבון פון דער איינגעבוירענער באפעלקערונג, און די יידישע קאלאניזאציע טרייבט אוועק אראבישע פויערים פונם באדן. דאס איז די טענה, וואס איז ארויסגעשטעלט געווארן מיט דער גרעסטער ענערגיע, — און מיט א היבש ביסל דערפאלג, — בעת די זיצונגען פון דער שאו־קאמיסיע, וואס איז געשיקט געווארן קיין ארץ־ישראל נאך די בלוטיקע געשעענישן פון אויגוסט 1929.

ס'איז אפשר שווער פאר א יידן צו זיין אינגאנצן אומפארטייאיש אין דער דאזיקער פראגע. דער מחבר האט אבער שטענדיק זיך באמיט צו פארשטיין די שטעלונג פון די אראבער, און האט קיינמאל זיך נישט אפגעשטעלט פון אנערקענען די יעניגע פון זייערע טענות, וואס האבן

יאָ אונטער זיך אַ געוויסע באַרעכטיקונג. דאָך קאָן ער נישט צוגעבן די ריכטיקייט פון די עקאָנאָמישע אַרגומענטן, וועלכע מען הערט פון אַראַ־בער קעגן דער יידישער אימיגראַציע. עס איז, פאַרקערט, אַלע פאַקטן באַווייזן, אַז עקאָנאָמיש האָבן די אַראַבער בלויז געוווּנען פון דער יידי־שער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל.

דער בעסטער באַווייז פון דעם איז אַ פאַרגלייך אין דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון די אַראַבישע מאַסן אין ארץ־ישראל און אין דעם שכנות־דיקן עבר ־ הירדן, וואָס איז פאַרשלאָסן פאַר דער יידישער אימיגראַציע. פאַרן קריג איז עבר־הירדן געווען אַ טייל פון ארץ־ישראל, און די לעבנס־באַדינגונגען פון די אַראַבישע מאַסן אויף ביידע זייטן פון ירדן, זענען מער־ווייניק געווען די זעלבע. אויב עס וואָלט געווען אמת, אַז יידישע קאָלאָניזאַציע פאַראָרעמט די אַראַבישע מאַסן, וואָלט דער לעבנס־סטאַנ־דאַרט אין עבר־הירדן בעדאַרפט איצט זיין אַ סך העכער, איידער אינם מאַנדאַט־טייל פון ארץ־ישראל. דאָ איז פונקט דער היפך. די נויט פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין עבר־הירדן איז אַזוי גרויס, אַז די אָרטיקע פירער, נישט קוקנדיק אויף זייער מורא פאַרן טיטל „נאַציאָנאַלע פאַררעטער", זענען אַ פאַר מאָל גאַנץ אָפן אַרויסגעטרעטן מיטן פאַרלאַנג פון יידישער איינוואַנדערונג קיין עבר־הירדן, אַלס דאָס איינציקע מיטל גובר צו זיין די נויט און פאַרוויסטונג, וואָס הערשט דאָרט ביים היינ־טיקן טאָג.

חוץ דעם, אויב די יידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל וואָלט באמת פאַרערגערט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַראַבער, וואָלט דאָך די עמיגראַציע פון אַראַבער פון ארץ־ישראל באַדאַרפט זיין גרעסער איי־דער פון די אַרומיקע לענדער. דער פאַקט אָבער איז, אַז סיריע, אַ לאַנד מיט דריי מאָל מער איינוווינער, איידער ארץ־ישראל, האָט זייט דעם קריג אַרויסגעשיקט איבערן ים אכט מאָל מער עמיגראַנטן! נאָך מער, גראָד אין די לעצטע פאַר יאָר, ווען די יידישע עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל איז אַמגרעסטן, האָט די אַראַבישע עמיגראַציע פונם לאַנד זיך כמעט ווי אָפגעשטעלט. אין דער זעלבער צייט גייט אַרויס די שכנותדיקע סיריע, נישט קוקנדיק אויף די אַלע שטרענגערע אימיגראַציע געזעצן אין צענטראַל־ און זיד־אַמעריקע, וואָס זענען פון שטענדיק אָן דער הויפט־ציל פון דער אַראַבישער אימיגראַציע, נאָך אַלץ אַ באַדייטנדע צאָל פון אויסוואַנדערער. אגב, איז די כמעט־אָפגעשטעלטע אַראַבישע עמיגראַציע פון ארץ־ישראל מער ווי קאָמפּענסירט געוואָרן דורך דעם גרויסן שטראָם

אימיגראַנטן־אַראַבער פון די שכנותדיקע לענדער צום לאַנד פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע...

יידישע ווירקונג אויף אַראַבער.

דער אמת וועגן דער בלומרשטער פאַראָרעמונג פון די אַראַבישע פויערים צוליב דער יידישער קאָלאָניזאַציע ווערט באַזונדערס קלאָר, ווען מען פאַרגלייכט אַראַבישע דערפער אין דער שכנות פון יידישע קאָלאָניעס מיט טיפּישע אַראַבישע דערפער אין די ווייטערדיקע געגנטן, וואָס זענען נישט באַרירט געוואָרן דירעקט פון דער יידישער אויפבוי־אַרבעט. אַ פיינע באַשרייבונג פון אַזעלכע אָפּגעשטאַנענע דערפער געפינען מיר אין אַ בראָשור פון משה סמילאַנסקי, דעם באַקאַנטן פירער פון די ארץ־ישראלדיקע קאָלאָניסטן:

„אין די ווייטער־געלעגענע אַראַבישע דערפער איז פאַראַן געווײנלעך בלויז איין ברונעם פאַרן גאַנצן דאָרף. דער דאָרפישער וואַסער־שלעפער, געווײנלעך אַ בלינדער, — ציט אַרויס דאָס וואַסער אין אַ עמער, צוגעבונדן צו אַ לאַנגן שטריק, בלויז אין די רייכערע דערפער פאַרגינט מען זיך צו נוצן פאַר דער אַרבעט אַ מויל־אייזל אָדער אַ קעמל.

די הייזער אין אַזאַ דאָרף זענען ליימענע כאַלופּקעס אָן פענסטער און אָן ווענטילאַציע. אַ פלאַסט פון שטרוי אָדער ליים, אַרויפגעלייגט אויף צווייגן, בילדעט דעם דאַך. דאָס הויז איז צעטיילט אויף צוויי־ען. איין טייל, נידעריקער ווי דער אַנדערער, נעמט אין זיך אַריין די בהמות, און דאָרט שלאָפט אויך דער באַטראַק, אויב דער פעלאַך האָט אַזאַ איינעם, אינם צווייטן טייל שלאָפט דער פעלאַך מיט זיין פאַמיליע אויף שטרויענע ראָגאָזשעס. ווינטער טשאַדעט דאָרט דאָס בהמה־מיסט, וואָס ווערט געברענט אין אַ פּרימיטיוון אויוון, אויף אָנצוואַרעמען די שטוב.

די הויז־בהמות פונם פעלאַך באַשטייען געווײנלעך פון אַן אויסגעמוטשעטן אייזל, אַ קו, וואָס קוקט אויס ווי די מאָגערע קי פון פרעהס חלום, און אַ פּאָר קליינע אָקסן. זיין ווערקצייג איז געווײנלעך איין האָלצערנער אַקער.

אַרום דעם דאָרף ליגן בערג מיט מיסט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין לויף פון דורות. דער פעלאַך ווייסט נישט, וואָס דערמיט צו טון. עס ווערט געשווענקט דורך די רעגנס, סיידן עס ווערט

אָפּגעקויפט פון די אייראָפּעאישע קאָלאָניסטן אויף צו באַמיסטיקן זייערע פעלדער.

ווייץ ווערט געמאָלן מיט די הענט, מיט דער הילף פון פּרימי־טיווע מילשטיינער. דאָס ברויט באַשטייט געוויינלעך פון אַ טרוקענעם פלעצל פון טונקעלער דורוֹאה־מעל. אויב ס׳איז דאָ אַביסל עקסטער ווייץ אין שפּייכלער, ווערט דאָס פאַרקויפט אויף צו צאָלן אַ חוב מיט ריזיקע פּראָצענטן צום עפענדי.

די קינדער פונם פעלאַך לויפן אַרום האַלב־נאַקעט און באָר־וועס. פיל פון זיי ליידן פון אויגן־קראַנקהייטן, און אַ סך פון זיי זענען בלינד. די קליידער פונם פעלאַך זענען שמאַטעס. זיינע מנה־גים און מאַניערן קאָנען ממש נישט באשריבן ווערן. קיין קלענסטע סאַניטאַרישע איינריכטונגען זענען אינם דאָרף נישט פאַראַן...

די פרויען פונם פעלאַך ווערן באַהאַנדלט ווי זיינע בהמות, און זיי קוקן אויס נישט בעסער פון זיי. פון קיין קלענסטע איינריכטונ־גען פאַר מעדיצינישער הילף ווייסט מען נישט אין אַ דאָרף. וווּנדן ווערן געהיילט דורך צולייגן פרישן מיסט, און אויגן־אָנטצינדונגען דורך באַנדאַזשן, וואָס זענען איינגעטונקט געוואָרן אין דער פליסיקייט פון אַ קעמל..."

אין פאַרגלייך מיט די דאָזיקע פּרימיטיווע און אָפּשטויסנדע באַדינ־גונגען ווייזן אַרויס די דערפער אַרום יידישע קאָלאָניעס אַן ערמוטיקנדן פּראָגרעס און וווילשטאַנד. אַנשטאָט די אַמאָליקע ליים־כאַלופּקעס זעט מען דאָרט אָפט געמויערטע הייזלעך, מיט רויטע ציגל־דעכער און באַזונ־דערע איינריכטונגען פאַר די הויז־בהמות און אייזלען. די גאַסן אין אַזאַ דאָרף זענען ברייטער און ריינער איידער מיט אַ דור צוריק. די קינדער נאָך באָרוועס, זענען בעסער אויסגעוואַשן און אָנגעטאָן. דער פּראָצענט פון אויגן־קראַנקהייטן און פיבער־קראַנקע ווערט קלענער פון יאָר צו יאָר. די מעטאָדן פון אַגרי־קולטור זענען שטאַרק מאָדערניזירט אונטער דעם איינפלוס פון יידישע שכנים.

אין דער דערמאָנטער בּראָשור פון ה׳ סמילאַנסקי באַגעגענען מיר אַ גענויע באַשרייבונג פון איינציקע דערפער, וואָס געפינען זיך אין דער שכנות פון די יידישע קאָלאָניעס אינם ציטרוס־טייל פון ארץ־ישראל. אָט איז צום ביישפּיל אַן עקאָנאָמישער אַנאַליז פונם דאָרף זאַרנוגאַ, וואָס גרענעצט זיך מיט רחובות.

אַמאָל האָט דאָס דאָזיקע דאָרף פאַרמאָגט 13,000 דונאַם. די

העלפט פונם דאָזיקן לאַנד איז שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן צו ייִדן. פאַרן פאַרקויפן באָדן האָבן די אַראַבער געקריגן פון 15 ביז 17 פונט אַ דונאַם (אַרום 800 דאָלאַר אַ העקטאַר, אָדער 320 דאָלאַר אַן אַקער). מיטן דאָזיקן געלט און מיט אָפּשפּאָרונגען פון זייער אַרבעט אין רחובות, האָבן זיי פאַרפלאַנצט אַ היפּשן טייל פון זייער פאַרבליבענעם באָדן מיט פּרדסים. פאַר דעם, ווי ייִדן האָבן אָנגעהויבן קויפן זייער לאַנד, זענען אינם גאַנצן דאָרף געווען מאַקסימום אַכציק דונאַם אָראַנזשן - פּלאַנטאַציעס; איצט איז דער שטח פון די דאָרטיקע פּרדסים נישט ווייניקער פון 1800 דונאַם, פון וועלכע דער גרעסטער טייל גיט שוין פּרוכט. פון די דאָזיקע פלאַנצונגען אַליין קאָן זאָרנוגאָ דערוואַרטן מער איינקונפט, איידער זי האָט געהאַט פון אַלע 13,000 דונאַם פּריי-מיטיוו-באַאַרבעטע ערד. דערצו האָט נאָך דאָס דאָרף עטלעכע הונדערט דונאַם פון באַוואַסערטע גרינס-גאָרטנס, וועמענס פּראָדוקטן ווערן לויטנעם פאַרקויפט אין די אַרומיקע ייִדישע קאָלאָניעס. די פעלאַכן פון זאָרנוגאָ פאַרמאָגן אייראָפּעאישע אַקערן, דרעש-מאַשינען און אַנדערע מאָדערנע וועקצייגן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צו באַנוצן ביי זייערע ייִדישע שכנים. זיי באַאַרבעטן זייערע פּרדסים לויטן ראַט פון ייִדישע פאַכמענער. די מאָס פון ווילשטאַנד, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך זאָרנוגאָ ווערט אָפּגעשפּיגלט אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצע דריי קאַפע-הייזער, מיט גראַמאָפאָן-מוזיק, און לוקס-לאָמפּן... האָט מען וועגן דעם געקאָנט טרוימען מיט אַ דור צוריק?

זאָרנוגאָ איז נישט דער איינציקער ביישפּיל פון ווילשטאַנד, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן פון אַראַבישע דערפער אַ דאַנק זייערע ייִדישע שכנים. אין דער זעלבער מאָס האָט זיך אויך געהויבן דער לעבנס-סטאַנדאַרט פון די אַראַבישע מאַסן אין די שטעט. דער דורכשניטלעכער אַראַבער אין ארץ-ישראל עסט בעסער, און זעט אויס פאַרמעגלעכער און געזונטער, נישט נאָר פון אַן אַראַבישן איינוווינער פון עבר-הירדן און איראַק, נאָר אַפילו אויך פון אַן אַראַבער, וואָס קומט פון אַזאַ רייכן לאַנד ווי עגיפּטן.

## אַראַבישע איינוואַנדערונג קיין ארץ-ישראל.

די בעסערע לאַגע פון די אַראַבער אין ארץ-ישראל ווערט באַזונדערס קלאָר אין די ייִדישע קאָלאָניעס, וואָס זענען לעצטנס ממש פאַרפלייצט געוואָרן פון אַראַבער, וואָס קומען פון חורן, (אַ טייל פון סיריע,

וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו ארץ־ישראל ווי אויך פון עבר־הירדן, על־אַריש און אַנדערע ארומיקע געגנטן. די חרונער*) זענען אויסגעהונגערט, און זענען גרייט צו נעמען ארבעט פאַר יעדן לוין, אראָפּקלאַפּנדיק דערמיט דעם לוין - סטאַנדאַרט פון די אָרטיקע אַראַבישע אַרבעטער. די אַראַבער פון די ארומיקע דערפער, וואָס אַרבעטן אין די יידישע קאָלאָניעס זינט פיל יאָרן, זענען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף אַזאַ סאָרט קאָנקורענץ.

אין פתח־תקוה, דער גרעסטער יידישער קאָלאָניע, וואָס באַנוצט אַראַבישע אַרבעטער, זענען בעת אַ ציילונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין פעברואַר 1935, באַשעפטיקט געווען נישט ווייניקער פון 1470 ,,חורנער'' צווישן דער אַלגעמיינער צאָל פון 3220 אַראַבער, וואָס האָבן אין יענעם טאָג געאַרבעט אין דער קאָלאָניע. עס זענען דאָרט נישט איינמאָל פאָרגעקומען ביטערע געשלעגן צווישן די ,,חורנער'' און די אָרטיקע אַראַבישע אַרבעטער, וואָס קאָנען נישט מוחל זיין די נייאַנגעקומענע זייער גרייטשאַפט צו אַרבעטן פאַר צען און אַכט פּיאַסטער אַ טאָג, אין דער צייט, ווען דער אָנגענומענער לוין פאַר אַן אָרטיקן אַראַבישן אַרבעטער איז כמעט צוויי מאָל אַזוי הויך.

מיינער אַ פריינט פון פתח־תקוה האָט מיר דערציילט וועגן אַ געשפּרעך, וואָס ער האָט אַנומלט געהערט צווישן אַן אָרטיקן אַראַבישן אַ־בעטער און אַן אימיגראַנט פון סיריע:

,,פאַרוואָס בלייבט איר נישט אין אייער לאַנד, — האָט מיט כעס געפרעגט דער אָרטיקער — גלויבט איר, אַז ס'איז גערעכט קומען אַהער און אַרויסשטופּן אונז פון דער אַרבעט דורך אַן אָנבאָט צו אַרבעטן אַ סך ביליקער?''

,,ס'איז פאַר דיר גרינג צו רעדן אַזוי, — האָט געענטפערט דער חורנער. — איר האָט זיך צוגענומען אַלע ,,מאַסקובן''*) און קיינעם פון זיי אונז נישט געגעבן. וואָלטן אייערע מאַסקובן געווען אין אונזער לאַנד, וואָלטן מיר געבליבן אין דער היים. מיר

---

*) דאָס איז אין ארץ־ישראל דער קאָלעקטיווער נאָמען פאַר אַלע אַראַבער פון שכנותדיקע לענדער, וואָס קומען אין לאַנד נאָך אַרבעט.

*) אינם פאַלקסטימלעכן אַראַביש פון ארץ־ישראל ווערט דאָס וואָרט מאָסקוב (אַ מאָסקווער, אַ רוסישער) באַנוצט צו באַצייכענען אַלע אייראָפּעאישע יידן צום אונטערשיד פון די אָרטיקע.

וואלטן נישט געטריבן געוועזן דורך הונגער צו זוכן דא ארבעט״...

אגב, איז חורן איינע פון די פרוכטבארסטע געגנטן אין אריענט, א סך פרוכטבארער, איידער די מערסטע געגנטן פון ארץ־ישראל...

אינם ליכט פון אזעלכע פאקטן איז ממש לעכערלעך צו רעדן וועגן דער פארארעמונג פון אראבער דורך יידישער אימיגראציע.

## יידישע אימיגראציע און ארבעטסלאזיקייט.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אז די אראבישע ארבעטסלאזיקייט אין ארץ־ישראל שטייגט געוויינלעך אין דער צייט, ווען די יידישע אימיגראציע פאלט, און פארקערט, זי פאלט גאר, ווען עס קומען אריין מער יידן. לויט אפיציעלע ציפערן פון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג, זענען אין מיטן יולי 1931, ווען די אימיגראציע איז געווען אויף א נידעריקער שטופע, געווען אין לאנד 3800 אראבישע ארבעטסלאזע. אין יולי 1933, נאך צוויי יאר פון כסדר וואקסנדער אימיגראציע, איז די צאל פון די אראבישע ארבעטסלאזע געווען בלויז 2500. מיט אנדערע ווערטער, די שטייגנדע כוואליע פון אימיגראציע, אנשטאט ארויסשטופן די ארטיקע ארבעטער פון זייערע ארבעטס־פאזיציעס, האט גאר געשאפן פאר זיי נייע געלעגנהייטן צו קריגן באשעפטיקונג און דאס איז פארגעקומען גראד אין סאמע ברען פון דעם עקאנאמישן וועלט־קריזיס, ווען די ארבעטסלאזיקייט אין אלע לענדער האט אומעטום דערגרייכט איר גרעסטן פארנעם.

די דערקלערונג פון דער דאזיקער פאראדאקסאל־קלינגענדיקער דערשיינונג איז זייער אן איינפאכע. יידישע אימיגראציע קיין ארץ־ישראל גייט שטענדיק האנט ביי האנט מיטן שטראם פון יידישן קאפיטאל. די אימיגראציע פון ארבעט און קאפיטאל זענען אין דעם פאל ארגאניש און קעגנזייטיק פארבונדן: זיי זענען צוויי זייטן פון איין און דעם זעלבן פראצעס. ווען אפילו דער אריינקומענדיקער יידישער קאפיטאל זאל באשעפטיקן בלויז יידישע ארבעט, — וואס איז ווייט נישט שטענדיק דער פאל, — גיט ער דאך א שטארקן שטופ דעם אלגעמיינעם עקאנאמישן לעבן און דאס רופט זיך במילא אפ אין פארגרעסערטער באשעפטיקונג פאר אראבער. צוליב יידישער אימיגראציע, וועלכע פארורזאכט מער פראכט־זענדונגען און וואר־פארקער, קריגן טויזנטער אראבער עקסטרא ארבעט אין די האפנס און אויף די באנען; אנדערע ווערן באשעפטיקט ביי דער אויסארבעטונג און צושטעלונג פון

בוי־מאַטעריאַלן; נאָך טויזנטער אַרבעטן ביי וועגן און אַנדערע עפנט־לעכע אַרבעטן, וואָס וואָלטן נישט מעגלעך געווען, ווען די רעגירונג וואָלט נישט געווען אין אַזאַ גוטער פינאַנץ־לאַגע א דאַנק דעם שטראָם פון יידישן קאַפּיטאַל. פאַקטיש, העלפט, דער יידישער קאַפּיטאַל צו באַ־שעפטיקן דירעקט און אומדירעקט, — נישט נאָר ארץ־ישראלדיקע אַראַבער, נאָר אויך טויזנטער אַראַבישע אימיגראַנטן פון די אַרומיקע לענדער.

געשטעלט פאַר אַזעלכע אייזערנע פאַקטן זענען די מער־פאַראַנט־וואָרטלעכע אַראַבישע פירער לעצטנס געצוווּנגען געווען אָפּלאָזן די אַלטע טענה וועגן דעם עקאָנאָמישן שאָדן, וואָס יידישע אימיגראַציע זאָל האָבן געבראַכט צו די אַראַבישע מאַסן בכלל. זיי געבן שוין צו, אַז די יידישע אימיגראַציע האָט דערהויבן דעם אַלגעמיינעם לעבנס־סטאַנדאַרט אינם לאַנד. זיי זאָגן אָבער, אַז אַנטקעגן דער דאָזיקער אַלגעמיינער פאַר־בעסערונג, שטייט די פאַראָרעמונג פון איין באַשטימטער גרופּע אַראַ־בער, — די פעלאַכן, וואָס האָבן צוליב יידישע לאַנד־קניות געמוזט פאַרלאָזן דעם באָדן, וועלכן זיי האָבן באַאַרבעט אַלס אַרענדאַטאָרס. טויזנטער אַזעלכע אַראַבער, געוועזענע אַרענדאַטאָרן, זאָלן איצט זיין „לאַנדלאָזן", און זייער עקאָנאָמישע לאַגע איז אַ סך ערגער ווי פריער.

דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די צווייטע ליניע פון נאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אויף וועלכער זי האָט זיך צוריקגעצויגן, נאָך דעם ווי אירע ערשטע טראַנשייען, — די טענה וועגן דער אַלגעמיינער פאַראָרע־מונג פון אַראַבער צוליב יידישער אימיגראַציע, — זענען לחלוטין צע־שטערט געוואָרן דורך די אייזערנע פאַקטן פון דער ארץ־ישראלדיקער ווירקלעכקייט.

## די לאַנדלאָזע אַראַבער.

די טענה וועגן לאַנדלאָזע אַראַבער איז אפשר אין איינצלנע אויס־נאָם - פאַלן באַרעכטיקט, אָבער אַלס אַ כּלל איז זי אַ ריזיקע איבערטריי־בונג. דאָס איז קלאָר באַוויזן געוואָרן נאָך דעם, ווי די רעגירונג האָט אונטער דעם דרוק פון דער אַראַבישער פּראָפּאַגאַנדע באַשלאָסן צו קאָ־לאָניזירן אַלע לאַנדלאָזע אויף אירע מיטלען. נאַטירלעך, זענען די אַראַבישע פירער, וועלנדיק באַווייזן די שעדלעכקייט פון יידישער קאָ־לאָניזאַציע, געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז אַ וואָס־גרעסערע צאָל לאַנדלאָזע זאָלן זיך באַנוצן מיטן רעגירונגס־אָנבאָט; זייערע בעסטע

רעדנער האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבער די דערפער, כּדי צורעדן יעדן פעלאַך, וואָס האָט ווען נישט געהאַט עפּעס צו טון מיט ייִדן, צו פאַרשרייבן זיך אַלס „לאַנדלאָזער”. נאָך די אַלע אָנשטרענגונגען זענען אַריינגעגעבן געוואָרן צו דער רעגירונג 3236 אַפּליקאַציעס, פון וועלכע די מערסטע זענען גלייך געפונען געוואָרן אַלס גרונטלאָז. בסך־הכּל זענען אָנגענומען געוואָרן 656 מעלדונגען, און דאָס איז זיכער דער מאַקסימום פון די „לאַנדלאָזע”, וואָס זענען פאַראַן אינעם גאַנצן לאַנד. זייער באַזעצונג איז אין די הענט פון די בריטישע באַאַמטע, וואָס זענען באַקאַנט מיט זייערע פּראָ־אַראַבישע סימפּאַטיעס; זיי האָבן זיכער באַהאַנדלט די אַפּליקאַציעס לפנים משורת הדין, און ס'איז לחלוטין אויסגעשלאָסן, אַז זיי זאָלן האָבן צוריקגעוויזן כאָטש איין טענה, וואָס האָט געהאַט עם קלענסטן אָנהאַלט.

דאָס איז אָבער נאָך נישט אַלץ. ווען מען איז געקומען צו באַזעצן די לאַנדלאָזע, אָנבאַטנדיק זיי לאַנד און אַ העכסט־ליבעראַלן, כּמעט געשענקטן קרעדיט, האָבן דאָס רוב פון זיי זיך גאָר אויסגעדרייט פונם גאַנצן אָנבאָט. דער לעצטער באַריכט פונם הויך־קאָמישאָנער צום פעלקערבונד זאָגט וועגן דעם פאָלגנדעם:

„אַלע רעגיסטרירטע אַראַבער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן דעם ווונטש צו נעמען לאַנד אויף רעגירונגס־באָדן, זענען באַזעצט געוואָרן. אָבער בלויז אַ מינדערהייט פון זיי זענען געקומען צו נעמען דאָס לאַנד: ס'איז איצט דאָ אַ סך אַרבעט אין די שטעט און אַרומיקע פּרדסים”...

ביז איצט איז פון די 656 רעגיסטרירטע לאַנדלאָזע באַזעצט געוואָרן בלויז אַרום אַ דריטל. די איבעריקע האָבן, מיט דער הילף פון דער אַנטשיידיקונג, וואָס איז זיי בשעתו געגעבן געוואָרן פון די ייִדישע לאַנד־קויפער, זיך גוט איינגעאָרדנט אין די שטעט, אָדער אויף אַנדערע באָדנס, און האָבן קיין קלענסטן חשק נישט זיך לאָזן קאָלאָניזירן פון דער רעגירונג.

אַלנפאַלס איז איצט דאָס פּראָבלעם וועגן „לאַנדלאָזע” באַזייטיקט געוואָרן דורך דער באַזעצונג פון די יעניקע פון זיי, וואָס האָבן זיך באמת גענויטיקט אין לאַנד. דערמיט איז בטל געוואָרן דער לעצטער עקאָנאָמישער אַרגומענט, וועלכן די אַראַבער האָבן געקאָנט אַרויסשטעלן קעגן דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע. ייִדן האַלטן, אָבער, אַז די דאָזיקע באַ־

זעצונג ווערט דורכגעפירט אויף זייערע קאָסטן אַלס די גרעסטע שטייער־צאָלער פונם לאַנד.

די פּאָליטישע פראַגע.

אַן ערנסטע באַציאונג פאַרדינען די פּאָליטישע טענות פון די אַראַבער און זייער מורא פאַר די נאַציאָנאַלע רעזולטאַטן פון דעם יידישן דראַנג נאָך ארץ־ישראל. די דאָזיקע מורא איז באַגרינדעט אויפן חשד, אַז יידן ווילן אינגאַנצן באַהערשן דאָס לאַנד און צונעמען ביי די אַראַבער זייער איצטיקן נאַציאָנאַלן סטאַטוס.

איידער מיר ווילן זיך פאַנאַנדערקלייבן אינעם וועזן פון דער דאָזיקער טענה, ווילן מיר קודם־כל שטעלן פאַר זיך אַליין די גרויסע פּרינציפּיעלע פראַגע, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט איר. האָט אַ פאָלק, וואָס בילדעט די מערהייט אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע, דאָס מאָראַלישע רעכט צו שליסן די דאָזיקע טעריטאָריע פאַר איינוואַנדערונג פון דרויסן? זענען מיר, בפרט, געצווונגען אָנערקענען דאָס דאָזיקע רעכט אין אַ פאַל, ווען די דאָזיקע איינוואַנדערונג איז דיקטירט דורך ביטערער, טראַגישער נויט, און ווען זי איז נאָך דערצו עקאָנאָמיש נוציק פאַרן לאַנד, וווהין זי איז געווענדעט?

מיט אַנדערע ווערטער, האָבן נאָר בלויז די פעלקער, וואָס האָבן אין אַמאָליקע צייטן אויפגעשטעלט זייער הערשאַפט אויף באַשטימטע טעריטאָריעס און זענען אימשטאַנד צו היטן זייערע גרענעצן מיט פּאָליציייאישער געוואַלט, דאָס אויסשליסלעכע רעכט אויף עקזיסטענץ? אָדער מוז דאָס דאָזיקע רעכט אָנערקענט ווערן אויך פאַר די יעניקע פעלקער, וואָס ווערן געטריבן פון זייערע פריערדיקע וווינערטער דורך פאַרניכטנדיקער געוואַלט, בפרט ווען זיי פאַרלאַנגען אַזאַ רעכט אויפן גרונט פון שווערער אַרבעט, וואָס אַנטוויקלט די רעסורסן פון פּרימיטיווע אָדער פאַרנאַכלעסיקטע לענדער פאַרן אַלגעמיינעם וווילזיין פון דער מענטשהייט?

די רעכט פונם הונט אויפן הויפן היי קאָנען נישט אָנערקענט ווערן אַלס מאָראַליש. נאַטירלעך, קאָן אָפּט די דאָזיקע ווירדיקע חיה דורך אירע ציינער און נעגל צווינגען די וועלט צו אָנערקענען די דאָזיקע רעכט. פונדעסטוועגן וועט דער מאָראַלישער כאַראַקטער פון אַזעלכע רעכט שטענדיק געלייקנט ווערן דורך דענקנדע און געוויסנהאַפטע מענטשן.

עס מוז, לײַדער, געזאָגט װערן, אַז אין די פֿריערדיקע דורות האָט מען זיך מער גערעכנט מיטן רעכט פֿון גערודפֿטע און הונגעריקע מענטשן צו זוכן פֿאַר זיך אַ נײַע היים און אַ נײַע געלעגנהייט פֿאַר עקאָנאָמישער עקזיסטענץ. בײַ דער גאַנצער גרױזאַמקייט פֿון מיטלאַלטער, איז דאָס װאַנדערן פֿון יחידים אין דער זוכעניש נאָך שפּײַז און זיכערהייט געװען אַ סך װייניקער באַשרענקט, איידער אין צװאַנציקסטן יאָרהונדערט. אין יענע צײַטן איז אַ פּאַספּאָרט געװען די פּריװילעגיע פֿונם שטאָלצן אַמבאַסאַדאָר, אָבער נישט קיין אומבאַדינגטער תּנאַי פֿאַרן עלנדן פּליכטלינג. ס'איז אַ חרפּה צו טראַכטן, װי װײַט מיר זענען אין דעם פּרט געגאַנגען צוריק פֿונם מיטלאַלטער....

נישט נאָר ברענגט די ייִדישע אימיגראַציע קיין ארץ־ישׂראל װוילשטאַנד און ציװיליזאַציע צו אַן אַלטן לאַנד, װאָס איז פֿאַרנאַכלעסיקט געװאָרן אין לויף פֿון פֿיל דורות, נאָר זי באַדײַט אויך אַ ראַדיקאַלן איבערבוי אינעם אינערלעכן לעבן פֿון אַ היסטאָרישן פֿאָלק, װאָס האָט דורך זײַנע גלות־װאַנדערונגען באַקומען אַן אײַנזײַטיקע און פֿאַרקריפּלטע עקאָנאָמישע סטרוקטור. אין ערגעץ װערט נישט די דאָזיקע אַנאָרמאַלקייט, װעלכע איז אַגב, אַ קװעלע פֿון פּאָקטישע און מעגלעכע רײַבונגען צװישן פֿעלקער, — געהיילט אַזױ ראַדיקאַל װי אין ארץ־ישׂראל, װו ייִדן זענען ענדלעך פֿאַרטרעטן אין אַ באַדײַטנדער מאָס אין אַגריקולטור און אַנדערע געביטן פֿון אורשפּרינגלעך שאַפֿנדער אַרבעט. דאָס אַליין גיט ייִדן דאָס מאָראַלישע רעכט צו פֿאַרלאַנגען פֿאַר זיך אַן אָפֿענע טיר קיין ארץ־ישׂראל.

„דאָס רעכט פֿון ייִדן אויף ארץ־ישׂראל איז באַזירט אויף זײער רעכט צו לעבן און זײער פֿליכט צו אַרבעטן“*).

אָט דאָס איז די פּרינציפּיעלע באַזע, אויף װעלכער עס װעט אַמאָל קאָנען אויסגעבויט װערן אַ דױערנד ייִדיש־אַראַבישע פֿאַרשטענדיקונג אין ארץ־ישׂראל. די אַראַבער מוזן אָנערקענען דאָס רעכט פֿון ייִדן צו באַזעצן זיך אויף װיסטע פֿאַרנאַכלעסיקטע באָדנס, און ייִדן מוזן אין אַלע געביטן אָנערקענען דעם גלײַכן סטאַטוס פֿון די אַראַבער, און העלפֿן זײ צו הייבן זײער עקאָנאָמישן און קולטורעלן סטאַנדאַרט. די אַראַבער זענען באַרעכטיקט צו אַ װירקלעך איבערצײַגנדער גאַראַנטיע,

---

*) דער דאָזיקער אויסדרוק שטאַמט פֿון דר. בלאָך, דעם רעדאַקטאָר פֿון דער אַמאָליקער „סאָציאַליסטישער מאָנאַטשריפֿטן“ אין בערלין.

אז ווי גדוים עס זאָל נישט זיין דער פאַרנעם פון דער יידישער איינוואַנ־דערונג אין דער צוקונפט, וועלן זיי קיינמאָל נישט און אין קיין שום פאָרם נישט צוריקגעשטופּט ווערן צו אַ צוויט־קלאַסיקער פּאָזיציע.

מיר צווייפלען נישט, אַז דאָס יידישע פאָלק אַלס אַ גאַנצע, און בפרט די יידישע הארעפּאַשנע מאַסן פון ארץ־ישראל זענען גאַנץ ווייט פון די פאַרכאַפּעריש און באַהערשנדע כּוונות, אין וועלכע די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן זענען אונז חושד. פונדעסטוועגן גלויבן מיר, אַז צוריק־ווייזנדיק אַנטשידן די פאַלשע עקאָנאָמישע טענות קעגן אונזער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, וואָלטן מיר אין דער זעלבער צייט באַדאַרפט זיך ערנסטער רעכענען מיט די פּאָליטישע טענות, וואָס ווערן געמאַכט קעגן אונז. די דאָזיקע טענות און חשדים וואָלטן באַדאַרפט אָפּגע־שוואַכט ווערן דורך אַן ענגערע פּאָליטישע און קולטורעלע קאָאָפּעראַציע צווישן די צוויי שכנותדיקע פעלקער. אַראַביש דאַרף פאַרנעמען אַ גרע־סערן פּלאַץ אין די יידישע שולן, און מען דאַרף אויך ענערגישער שטרעבן צו געמיינזאַמע עקאָנאָמישע טעטיקייטן. די אָרגאַניזאַציע פון די שטאָטישע אַרבעטער דאַרף פאָרקומען אויף אַ געמיינזאַמען יסוד, און בכלל דאַרפן איינגעשטעלט ווערן ענגערע באַציאונגען צווישן יידן און אַראַבער, וואָס באַלאַנגען צו דער זעלבער ראַנזשע און באַשעפטיקונג. אויך דער סאָציאַלער קאָנטאַקט צווישן יידן און אַראַבער האָט געמעגט זיין אַ ביסל ענגער און האַרציקער: מיר קאָנען אונז זיכער נישט פאַר־גינען צו שפּילן אין ארץ־ישראל די ראָליע פון „סנאָבּס", וואָס האָבן איבערגענומען די ראַסן־פאָראורטיילן פון די ענגלאָ־זאַקסישע נאָר־דיקס...

אונזער פאַרלאַנג פון נאָענטערע באַציאונגען צווישן יידן און אַראַבער דאַרף נישט אויסגעטייטשט ווערן אַלס אַן אָנווייז, אַז אין פאַר־אַנטוואָרטלעכע יידישע קרייזן אין ארץ־ישראל פאַרשטייט מען נישט די וויכטיקייט פון דער אַראַבישער פראַגע, און מען שטרעבט נישט צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט אונזערע שכנים אינם לאַנד. זיכער וויל מען דאָס. עס מוז אָבער אָנערקענט ווערן, אַז עס פעלט די ארץ־ישראלדיקע יידן אַ מוטיקע און אַלגעמיין־אָנערקענטע פירערשאַפט, וואָס זאָל סיסטעמאַ־טיש און אויסגעהאַלטן אַרבעטן פאַרן דאָזיקן ציל, זיך נישט רעכענענ־דיק מיט דער וואַרשיינלעכער אָפּאָזיציע פון די רעוויזיאָניסטן און אַנ־דערע שאָוויניסטישע גרופּן, וואָס האָבן לײַדער אַ געוויסע ווירקונג אויף גאַנץ ברייטע קרייזן פונם ארץ־ישראלדיקן יידנטום.

### דער פלאן וועגן קאנטאנען.

מיט א פאר יאר צוריק האט מען אין ארץ־ישראל שטארק גערעדט וועגן דעם פלאן פון צעטיילן דאס לאנד אין „קאנטאנען‟, וואס זאלן אויסגעשניטן ווערן אויף אזא אופן, אז אין יעדן פון זיי זאל זיין אן איבערוויגנדע מערהייט פון ייִדן אדער אראבער. אזא רעפארמע, האט מען געטענהט, וועט געבן ייִדן און אראבער די מעגלעכקייט צו קאנ־צענטרירן זייער שאפונגס ־ ענערגיע אויף באשטימטע דיסטריקטן, אויסמיידנדיק דערמיט רייבונגען אין א ברייטערן מאסשטאב פונם גאנצן לאנד.

מיר זענען שטארק מסופק צי די געפלאנטע קאנטאנען וואלט דערגרייכט דעם דאזיקן ציל. פונקט להיפך: זיי וואלטן ערשט געשאפן א גרעסערן נאציאנאלן האס. מיר האבן דעם איינדרוק, אז די פאליטיקער, וואס האבן זיך ארויסגעזאגט פארן דאזיקן פלאן, האבן אין זייערע קעפ געוויסע „רעזערוואציעס‟, וואס קאנען ערשט ווערן די אורזאכע פון שאר־פערע רייבונגען. די ייִדישע אנהענגער פון די קאנטאנען באטראכטן זיי, זעט אויס, אלס אן אומשולדיק שפילעכל צו באפרידיקן דעם פארלאנג פון אראבישע פירער נאך קלינגענדע טיטולן, און לאזן זיי אויסגיסן זייער ענערגיע אינם טומל פון וואל־קאמפאניעס. פון דער אנדערער זייט, אויב אזא אנטי־ייִדישע צייטונג, ווי דער „פיליסטין‟ קאקעטירט מיט דער אידייע פון די קאנטאנען, ווערט דאס געטון מיטן געדאנק, אז אין די אראבישע קאנטאנען וועט מען בטל מאכן די באלפור־דעקלאראציע, און מען וועט פארווערן דארט יעטוועדע ייִדישע קאלאניזאציע. דער גאנצער פלאן פון די קאנטאנען איז פול מיט „הינטער־פיסלעך‟, און דאס אליין מאכט אים נישט ראוי צו זיין א לייזונג פון דער ייִדיש־אראבישער פראגע.

ייִדן און אראבער זענען שוועסטער־קינדער, און זיי וועלן קיינמאל נישט קאנען אפנארן איינער דעם אנדערן. ווען ביידע צדדים אין א גע־וויסן סכסוך קאנען דורכקומען איינער מיטן אנדערן, קאן די איינציקע גרונטלאגע פאר א דויערנדער פארשטענדיקונג געפונען ווערן בלויז אין פולער אויפריכטיקייט און ערלעכקייט.

### די פראגע וועגן א פארלאמענט.

בנוגע דער פראגע וועגן א געזעצגעבנדער פארזאמלונג (לעגיסלא־

טיוו־ראט), וואָס שטייט איצט שאַרף אויפן סדר־היום פון די ייִדיש־אַראַבישע באַציאונגען, דערלויבט זיך דאָ דער מחבר ציטירן אַ טייל פון זיין אייגענעם אַרטיקל, וואָס איז דערשינען נאָך די פּאָגראָמען פון 1929 אין דעם ענגליש־ייִדישן „מענאָרא דזשורנאַל".

„די אַראַבער זענען אַ מערהייט און פאָדערן דאָס רעכט אויף זעלבסט־פּאַרוואַלטונג. ייִדן האָבן נישט קיין גרונט זיך שטעלן קעגן דעם, אויב נאָר עס זאָל קאָנסטיטוציאָנעל באַוואָרנט ווערן דאָס רעכט פון ייִדישע ישובים צו אַנטוויקלען זיך און דאָס רעכט פון ייִדן צו פרייער אימיגראַציע.

די ייִדישע קעגנער פון אַ פּאַרלאַמענט וואָלטן באַדאַרפט פאַר־שטיין, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט אַזאַ פּאַרלאַמענט במילא קו־מען. אַ דעמאָקראַטישער פּאַרלאַמענט איז ווייניקער געפערלעך פאַר די ייִדישע אינטערעסן איידער די איצטיקע העגעמאָניע פון פאַנאַ־טישע מולאָהס און קאָרופּטע עפענדים.

אויב אָבער מיר זאָלן קומען צו פאַרהאַנדלען מיט אַראַבער וועגן אַ פּאַרלאַמענט, מוזן מיר מיט אַלע מיטלען זיך אויסהיטן פון די נאַציאָנאַלע אָדער רעליגיעזע טיילונגען (קוריעס), וואָס ווערן שטענדיק פאָרגעשלאָגן ביי אַזעלכע געלעגנהייטן דורך די בריטישע באַאַמטע אין ארץ־ישראל. קיין זאַך וואָלט נישט געווען אַזוי גע־פערלעך פאַר דער ייִדישער צוקונפט אין ארץ־ישראל, ווי אַ קינסט־לעכע וואַנט צווישן ייִדן און אַראַבער. שאַפן אַ פּאַרלאַמענט אויפן יסוד פון רעליגיעזע קוריעס, וואָלט געמיינט אויסליפערן די אַראַ־בישע מאַסן אויף שטענדיק צו דער פּאָליטישער פירערשאַפט פון זייערע עפענדים.

ניין, אויב ס'איז שוין באַשערט צו האָבן אַ פּאַרלאַמענט אין ארץ־ישראל, טאָ זאָל ער שוין געבויט זיין אויפן אַלגעמיינעם פּרינ־ציפּ פון גלייכהייט און דעמאָקראַטיע. גיט אַ שטימע יעדען דער־וואַקסענער פּערזאָן אין ארץ־ישראל, מאַן און פרוי, וואָס קאָן לייר־נען און שרייבן, דאַן וועלן מיר זען, צי די הוסעיניס, נאַשאַשיבים און דערדזשאַנים וועלן באמת קאָנען קאָנטראָלירן דעם גורל פונם לאַנד.

ס'איז מער וואַרשיינלעך, אַז דער חשק פון די אַראַבישע לאַנד־באַזיצער צו אַ פּאַרלאַמענט וועט שטאַרק אָפּגעקילט ווערן דורך אַזאַ סאָרט פאָרשלאָג, ווייל אויב דער צוקונפטיקער פּאַרלאַ־

מענט זאָל נישט געבויט זיין אויפן יסוד פון מיטלאַלטערישע קוריעס, וואָלטן פיל ווײַלער, ייִדן און אַראַבער, זיך אָפּגעקערט פון זייערע שאָוויניסטישע פּאַרטייען. עס וואָלטן זיך דאַן וואַרשײַנלעך געשאַפן קאָאַליציעס פון די מיטגלידער פון ביידע פעלקער אויף צו פּאַרטיידיקן זייערע געמיינזאַמע עקאָנאָמישע אינטערעסן. מיר וואָלטן געהאַט ביי די וואַלן קאַנדידאַטן פון אַ פּאַראייניקטער אַר־בעטער־פּאַרטיי, וואָס נעמט אַרום סיי ייִדן און סיי אַראַבער. מיר וואָלטן געהאַט פאַר אונז אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן בלאָק, ווו אַראַ־בישע פעלאַכן וואָלטן געפונען אַ געמיינזאַמען יסוד מיט ייִדישע דאָרפס־לייט, און אויך פּאַראייניקטע גרופּן פון סוחרים און פאַ־בריקאַנטן פון ביידע פעלקער. דאָס וואָלט געווען דער וועג, אויף וועלכן עס זאָל אויסגעבויט ווערן אַ געמיינזאַמער פּאַטריאָטיזם פון לאַנד, וואָס זאָל שטיין איבערן נאַציאָנאַליזם פון ביידע צדדים״.

די שווערקייטן פון פאַרשטענדיקונג.

מיר זעען נישט קיין סיבה צו ענדערן די דאָזיקע מיינונג, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן מיט זעקס יאָר צוריק.

דער אמת אָבער איז, אַז דאָס איז בלויז די מיינונג פון אַ מינדערהייט. נישט ייִדן און נישט אַראַבער זענען גרייט אָננעמען די דאָזיקע לייזונג פון דער פראַגע. ייִדישע פירער באַגנוגענען זיך מיט צוריקווייזן די לעגיסלאַטיווע פאַרזאַמלונג, וואָס ווערט איצט געפּלאַנט פון הויך־קאָמישאַ־נער וואוקאָפּ (און אין דעם זענען זיי מער ווייניק גערעכט), אָבער זיי מאַכן נישט פון זייער זייט קיין פּאָזיטיוון פאָרשלאַג אין דער ריכטונג.

די אַראַבער ווידער וואָלטן יאָ געוואָלט האָבן אַ פּאַרלאַמענט אָבער, זייערע פירער זענען פאַנאַטישע קעגנער פון פרויען־רעכט, און וואָלטן בכלל געווען קעגן יעדן וואַל־געזעץ, וואָס זאָל געבן אַן אמתע דעה צו די ווירקלעכע ברייטע אַראַבישע מאַסן. נאַטירלעך, זענען זיי אויך קעגן בלעריליי קאָנסטיטוציאָנעלע רעזערוואַציעס אין דער פראַגע וועגן ייִדי־שער אימיגראַציע און אַנדערע באַשטימונגען פון מאַנדאַט...

עס וואָלט געווען נאַאיוו צו גלויבן, אַז די נאָענטסטערע באַציאונ־גען מיט אַראַבער און בעסערע קענטעניש פון זייער שפּראַך וואָלטן גענוג געווען צו שאַפן די לאַנג־געטרוימטע פאַרשטענדיקונג צווישן ייִדן און אַראַבער. צו שטאַרק איז די לופט פאַרגיפטעט געוואָרן ביז איצט, און

צו מעכטיק זענען די אויסערלעכע איינפלוסן, וואָס זענען פּאַאינטערעסירט, אַז די אַראַבישע באַוועגונג אין ארץ־ישראל זאָל אָנהאַלטן איר איצטיקן אַנטי־יידישן כאַראַקטער. אָבער אויב נאָר מיר, יידן, וועלן טון אונזער פליכט, וועט די פאַרשטענדיקונג מיט דער צייט מוזן קומען. אַן אַלץ וואַקסנדע צאָל פון אינטעליגענטע אַראַבער הויבן אָן צו פאַרשטיין די טראַגישע כּחות, וואָס טרייבן אומבּרחמנותדיק די יידישע אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל. זיי הויבן אָן צו אָנערקענען די וויכטיקייט און נוצלעכקייט פון די יידישע דערגרייכונגען אין ארץ־ישראל און זעען די מאָראַלישע קראַפט פון דער יידישער שטעלונג אין לאַנד. פון דער אַנדערער זייט מערקט זיך אויך צווישן די ארץ־ישראלדיקע יידן אַן אַלץ גרעסערע גרייטשאַפט צו אָנערקענען די קראַפט און באַדייטונג פון דער אַראַבישער באַוועגונג און אַנטקעגנקומען איר אין אירע מער באַרעכטיקטע טענות:

מעג דאָ דער מחבר ווידער ציטירן זיינעם אַ פריערדיקן אַרטיקל?

„מיר טאָרן זיך נישט האַלטן אין ארץ - ישראל, ווי אייראָפּייער, וואָס זענען געקומען צו עקספּלואַטירן אַן אָפּגעשטאַנען אָריענטאַליש לאַנד. מיר זענען און מוזן מאַכן אויף אונזערע שכנים דעם איינדרוק פון אַ פאָלק, וואָס קערט זיך אום אין אָריענט מיט דער כּוונה צו סאָלידאַריזירן זיך מיט די אינטערעסן און באַשטרעבונגען פון די מזרחדיקע פעלקער און העלפן זיי זיך אַרויפאַרבעטן צו אַ העכערן סטאַנדאַרט פון עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן".

קיין נסים דערוואַרטן מיר נישט. אָבער דאָס איז דער וועג צו אַ כּסדרדיקער אויסבעסערונג פון די איצטיקע יידיש - אַראַבישע באַציאונגען, און דערצו הארמאָנישער ליזונג פון דער גאַנצער פראַגע אין דער ווייטערדיקער צוקונפט.

## קאפיטל זיבצן



# ארץ-ישראל און עבר הירדן

א שטארקן אינטערעס רופט ־לעצטנס ארויס עבר־הירדן, די טערי־טאריע, וואס איז אפגעטיילט געווארן פון ארץ־ישראל אינם יאר 1922. מען האט פון איר געמאכט א באזונדער מלוכהלע מיטן קעניג (עמיר) אבדאלאה, דעם ברודער פונם פארשטארבענעם פייזעל פון איראק, אין דער שפיץ. אבדאלאה, וואס האט געקריגן דעם טראן צוליב די פאר־דינסטן, וואס זיין פאמיליע האט אמאל געהאט אין דעם ארויסרופן אן אראבישן אויפשטאנד קעגן דער טערקיי, איז ארומגערינגלט פון א מי־ניסטעריום, א הויף און א מין פארלאמענט. די פאקטישע מאכט אין זיין מלוכה איז אבער אין די הענט פונם בריטישן „רעזידענט״, וועל־כער איז אונטערגעשטעלט צום הויך־קאמישאנער פון ארץ־ישראל.

עבר־הירדן איז ביים אפטיילן זיך פון ארץ־ישראל פארמאכט גע־ווארן פאר יידישער קאלאניזאציע. די פאראגראפן פונם מאנדאט, וואס געבן יידן דאס רעכט צו קאלאניזירן ארץ־ישראל, זענען פארמעל אפגע־שטעלט געווארן בנוגע עבר־הירדן. יידן האבן אבער קיינמאל נישט אנערקענט דעם דאזיקן שריט פאר ענטגילטיק און גערעכט. זיי באַ־טראכטן אים מערסטנס פאר א ווילקירלעכן אקט, וואס איז ארויסגע־צווונגען געווארן אויף יידן אן זייער צושטימונג. מען האפט, אז דער אליץ וואקסנדער שטראם פון יידישער אימיגראציע וועט מיט דער צייט צווינגען די מאנדאט־מאכט ווידער דערקלערן די „יידישע פאראגראפן״ פונם מאנדאט אלס גילטיק אויך אין עבר־הירדן, און דאן וועט די געגנט צוריק פאראייניקט ווערן מיט דער יידישער נאציאנאלער היים.

די דאזיקע האפנונגען ווערן באזונדערס געשטיצט אויפן פאקט, וואס פארמעל זענען די יידישע פאראגראפן פונם מאנדאט קיינמאל נישט אפגעשאפט געווארן אין עבר־הירדן; מען האט זיי בלויז „סוס־

פענדירט״. אַן אַנדערער גרונט פאַר אַזעלכע האַפנונגען איז די ענגע אַדמיניסטראַטיווע פאַרבינדונג, וואָס איז פאַרבליבן צווישן ארץ־ישראל און עבר־הירדן, אויך נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון אַבדאַלאַה אַלס קעניג. צווישן ביידע לענדער זענען נישטאָ קיין טאַריפן, און קיין אַנ־דערע האַנדלס באַשרענקונגען. די גרענעץ איז פאָרמעל אָפן פאַר די בירגער פון ביידע לענדער. דער בריטישער „רעזידענט״ אין אַמאַן, די הויפּט־שטאָט, שטייט אונטער די באַפעלן פונם הויך־קאָמישאָנער אין ירושלים. דערצו ווערט דער בודזשעט פון עבר־הירדן געדעקט אין אַ גאַנץ היפּשער מאָס דורך פאַרשטעקטע סובסידיעס פון ארץ־ישראל.

## שטח און באַפעלקערונג.

די באַפעלקערונג פון עבר־הירדן ווערט אָפּגעשאַצט אין לעצטן אָפיציעלן באַריכט פונם ארץ־ישראלדיקן הויך־קאָמישאָנער, פאַרן יאָר 1934, אַלס 305,000. איר שטח באַטרעפט 20,000 קוואַדראַט מייל. דער פאַרגלייך פונם שטח און צאָל איינוווינער אין ארץ־ישראל און עבר־הירדן איז געגעבן אין דער פאָלגנדיקער טאַבעלע:

| | שטח (אין ענגלישע קוו. מייל). | באַפעלקערונג | צאָל איינוווינער אויף אַ קוואַדראַט מייל |
|---|---|---|---|
| ארץ ישראל | 10,100 | 1,308,000 | 130 |
| עבר הירדן | 20,000 | 305,000 | 16 |

ארץ־ישראל איז הייסט עס באַזעצט אַכט מאָל מער געדיכט איידער עבר־הירדן. מען טאָר אָבער דערביי נישט פאַרגעסן, אַז דער פּראָצענט פון מדבר־לאַנד, וואָס טויג לחלוטין נישט פאַר לאַנדווירטשאַפט איז אין עבר־הירדן אַ סך גרעסער איידער אינם אייגנטלעכן ארץ־ישראל. פּאַקטיש קאָן באַנוצט ווערן פאַר לאַנדווירטשאַפט בלויז 25 ביז 30 פּראָצענט פונם עבר־הירדן־באָדן, הויפּטזעכלעך צום מערב פון דער העדזשאַס־באַן, וואָס שניידט דורך דאָס לאַנד פון צפון קיין דרום, און עטלעכע מייל הינטער איר. אָבער אויך אינם דאָזיקן פרוכטבאַרן טייל פון עבר־הירדן איז די באַפעלקערונג דריי מאָל שיטערער איידער אין ארץ־ישראל, אַ פאַקט, וואָס ווערט אָפט באַנוצט אַלס אַרגומענט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַבדאַלאַהס מדינה.

עס שיינט, אַז אייניקע פון די שיטער־באַפעלקערטע געגנטן פון עבר־הירדן האָבן זייער אַ פרוכטבאַרן באָדן, וואָס איז בעסער צוגע־

פֿאַסט פֿאַר ברויטװירטשאַפֿט אײדער די מערסטע באָדנס אין ארץ־ישראל גופֿא. אגב, איז אײנע פֿון די דאָזיקע געגנטן, דער ביבלישער גלעד, אױסגעקליבן געװאָרן אַמאָל פֿונעם באַרימטן ענגלישן פֿאָרשער, סער לאָרענס אָליפֿאַנט, אַלס די אידעאַלע טעריטאָריע פֿאַר ייִדן. עבר־הירדן פֿאַרמאָגט אױך באַדײַטנדע פֿלאַסטן פֿון פֿאָספֿאַט־שטײן, װאָס איז זײער װערטפֿול אַלס קינסטלעכע מיסט צו באַפֿרוכטן לאַנד. פֿון דער אַנדערער זײַט איז אַ סבֿרה, אַז עבר־הירדן מיט איר שװערן באָדן איז נישט צוגעפּאַסט פֿאַר ציטרוס־פֿלאַנצונגען, לױטן מוסטער פֿון די, װאָס שפּילן אַזאַ גרױסע ראָלע אין דער לאַנד־װירטשאַפֿט פֿון ארץ־ישראל.

די ציפֿערן װעגן געבורטן און טױט־פֿאַלן אין עבר־הירדן אין פֿאַרגלײַך מיט די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער זענען געגעבן אין פֿאָלגנדער טאַבעלע:

| | עבר־הירדן | | ארץ־ישראל (מאַכמעדאַנער) | |
|---|---|---|---|---|
| | געבורט־ראַטע | טױט־ראַטע | געבורט־ראַטע | טױט־ראַטע |
| | (אױף טױזנט אײַנװױנער) | | (אױף טױזנט אײַנװױנער) | |
| 1932 | 35,5 | 20,0 | 49,0 | 26,3 |
| 1933 | 36,3 | 24,5 | 49,8 | 24,0 |
| 1934 | 35,8 | 26,5 | 46,6 | 26,7 |

די אײַנװױנער פֿון עבר־הירדן זענען ס'רובֿ אַראַבער און מאַכמעדאַנער, און דעריבער איז, נאַטירלעך, צו פֿאַרגלײַכן זײ מיט די מאַכמעדאַנער פֿון ארץ־ישראל. דער דאָזיקער פֿאַרגלײַך װײַזט אָן אַ פֿיל נידעריקערע געבורטס־ראַטע, אײדער אין ארץ־ישראל, און כּמעט די זעלבע טױט־ראַטע. ס'איז שװער צו גלױבן, אַז דאָס זאָל זײַן ריכטיק, באַזונדערס װען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט די פּרימיטיװע אַנטי־סאַניטאַרישע באַדינגונגען אין עבר־הירדן אין פֿאַרגלײַך מיט ארץ־ישראל. אין גאַנץ עבר־הירדן זענען פֿאַראַן בלױז דרײַ מיסיאָנערישע שפּיטאָלן מיט 91 בעטלעך, און צװײ רעגירונגס־שפּיטאָלן מיט 35 בעטלעך. מיט אַנדערע װערטער, עבר־הירדן האָט אײן שפּיטאָל־בעט אױף 2420 אײַנװױנער, אין פֿאַרגלײַך מיט אײן שפּיטאָל־בעט אױף 570 אײַנװױנער אין ארץ־ישראל! אגב, איז אין גאַנצן עבר־הירדן נישטאָ קײן אײן אַנשטאַלט פֿאַר משוגעים, און װען זײ װערן צו װילד, זעצט מען זײ אַרײַן אין טורמע צוליב דעם מאַנגל פֿון עפּעס בעסערס. די צאָל פֿון קליניקעס איבערן לאַנד איז אױך װײַט אונטער דעם באַדאַרף, און דער קאַמף קעגן עפּידעמישע קראַנקהײטן איז גאַנץ שװאַך.

לויט אָפּיציעלע רעגירונגס־באַריכטן האָט די זויגלינג־שטערבלעכ־
קייט אין עבר־הירדן באַטראָפן 242 (אויף טויזנט געבורטן) אינם יאָר
1934 און 203 מיט א יאָר פריער. די באַטרעפנדע ציפערן פאַר די ארץ־
ישראלדיקע מאַכמעדאַנער זענען 175 און 159.

דער אומלאָגישער אונטערשיד צווישן די סטאַטיסטישע ציפערן
וועגן געבורטן און טויט־פאַלן אין ארץ־ישראל און עבר־הירדן קאָן דער־
קלערט ווערן אויף צוויי אופנים. איין דערקלערונג איז, אַז געוויסע
צאָלן פון די געבורטן און טויט־פאַלן אין עבר־הירדן ווערן נישט רע־
גיסטרירט אין דער אָפּיציעלער סטאַטיסטיק. די אַנדערע סברה איז, אַז
די ציפערן וועגן די געבורטן און טויט־פאַלן זענען ריכטיק, אָבער זיי
באַציִען זיך אויף א קלענערע באַפעלקערונג, איידער זי ווערט אָנגעגעבן
אין די אָפּיציעלע אָפּשאַצונגען. ס'איז א סברה, אַז די באַפעלקערונג פון
עבר־הירדן איז בערך אויף צען פּראָצענט קלענער, איידער די 305,000
וואָס ווערן אָנגעוויזן אינם לעצטן באַריכט פונם הויי־קאָמישאַנער. אגב,
איז די דאָזיקע סברה שוין איינמאָל ארויסגערוקט געוואָרן אין אַן אָפּי־
ציעלן באַריכט צום פעלקער־בונד (פאַר 1932).

## יידישע קאָלאָניזאַציע אין עבר־הירדן.

אפילו ווען די באַפעלקערונג פון עבר־הירדן זאָל נישט זיין קלענער
פון דער אָפּיציעלער אָפּשאַצונג, איז נאָך אַלץ דאָ אינם לאַנד א סך
פּלאַץ פאַר ווייטערדיקער קאָלאָניזאַציע. דער ווידערשטאַנד צו יידישער
איינוואַנדערונג קומט דעריבער נישט פון עקאָנאָמישע, נאָר פון פּאָלי־
טישע סיבות. ס'איז א סברה, אַז ער שטאַמט וויניקער פונם קעניג
אַבדאַלאַה און אָרטיקע שייכן, ווי פון ענגלאַנד, וועלכע האָט דעם פאַק־
טישן און פולן קאָנטראָל איבערן לאַנד.

די דאָזיקע מיינונג ווערט פאַרשטאַרקט דורך דער געשיכטע מיטן
אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן מיט א פאָר יאָר צוריק צווישן
מיטגלידער פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע מיט אַבדאַלאַה, וועגן
נעמען פון אים אין אַרענדע אויף 33 יאָר א גרויסן שטח לאַנד, וואָס
איז אים געשענקט געוואָרן פונם „פּאַרלאַמענט" אין עבר־הירדן. דער
אָפּמאַך איז דערווייל נישט דורכגעפירט געוואָרן צוליב דעם „וועטאָ"
פון דער ענגלישער רעגירונג. עס שיינט אָבער, אַז אויך די יידישע פּאָ־
ליטיקער, וואָס האָבן געשלאָסן דעם אָפּמאַך, טראָגן נאָך א גרויסן טייל

פון אחריות פאַרן דורכפאַל פונם דאָזיקן פּלאַן. אָנשטאָט צו האַלטן אים בסוד, האָט מען זיך געיאָגט אים אויסנוצן פאַר איגערלעך פּאַרטייאישן פּרעסטיזש, פאַראורזאַכנדיק דערמיט א גרויסן און פּריצייטיקן טומל אין דער יידישער און אַראַבישער פּרעסע. די אויפרעגונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם אין די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטישע קרייזן האָט פון איין זייט אָפּגעשראָקן אַבדאַלאַהן און פון דער אַנדערער זייט געדינט פאַר ענגלאַנד אַלס א גוטן תרוץ צו שטעלן זיך קעגן דער דורכפירונג פונם אָפּמאַך.

אין א קורצער צייט נאָך די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען האָבן ציוניסטישע פירער געהאַט א רייע פון באַשפּרעכונגען מיט איינפלוסרייכע שייכן פון עבר־הירדן וועגן דער מעגלעכקייט פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין זייער לאַנד. די דאָזיקע שייכן זענען אָנגעפירט געוואָרן פון מעטקאַל פּאַשאַ, א גרויסן לאַנד־באַזיצער אין זידלעכן טייל פון עבר־הירדן (דעם אַמאָליקן מואב). איניקע פון די דאָזיקע באַשפּרעכונגען האָבן אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון פייערלעכע באַנקעטן, מיט הויך־קלינגענדיקע רעדעס וועגן דער ברידערלעכקייט צווישן די צוויי פאַרוואַנדטע פעלקער; ס'איז קיין ספק נישטאָ, אַז איניקע פון די דאָזיקע שייכן וואָלטן זיכער שטאַרק געוואָלט, אַז יידן זאָלן זיך באַזעצן אין זייערע געגנטן און פאַרפּילפאַכן דערמיט דעם ווערט פון זייערע גרויסע לאַנד־שטחים, פאַר וועלכע מען קאָן איצט בכלל נישט געפינען קיין קונים. ס'איז אָבער א ספק, צי פון די דאָזיקע קעגנזייטיקע ווונטשן וועט אַרויסקומען עפּעס ממשותדיקס כל־זמן די ענגלישע פּאָליטיק בנוגע דעם עבר־הירדן בלייבט ווי געווען.

## האַנדל און רעגירונגס־בודזשעט.

די אָפּגעשטאַנענקייט פון עבר־הירדן אין פאַרגלייך מיט ארץ־ישראל ווייזט זיך באַזונדערס קלאָר, ווען מען פאַרגלייכט איר אויסלאַנד־האַנדל און רעגירונגס־בודזשעט מיט די אַנטשפּרעכנדע ציפערן אין ארץ־ישראל. לויט אַן אָפיציעלן באַריכט פונם הויך־קאָמישאָנער, האָט דער אימפּאָרט פון עבר־הירדן אינם יאָר 1932 באַטראָפן בסך־הכל 380,000 פונט, און איר עקספּאָרט אַרום א פערטל מיליאָן. קיין געניערע און שפּעטערדיקע ציפערן זענען נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

די רעגירונגס־איינאַמען פון עבר־הירדן אין פאַרגלייך מיט ארץ־

ישראל זענען געגעבן אין דער פאָלגנדער טאַבעלע, ווו די ציפערן זענען אין ארץ־ישראלדיקע פונטן.

| פינאַנס־יאָר | עבר הירדן | ארץ ישראל |
|---|---|---|
| 1929—30 | 239,911 | 2 389,546 |
| 1930—31 | 250,064 | 2,388,896 |
| 1931—32 | 222,902 | 2,783,442 |
| 1932—33 | 253,749 | 3,015,917 |
| 1933—34 | 261,507 | 3,985,492 |

אין דער צייט ווען די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג האָט איצט אַ ריינעם קאַסע־איבערפלוס פון פינף מיליאָן פונט, זענען די אייגענע איינ־נאַמען פון עבר־הירדן, נישט קוקנדיק אויף הויכע שטייערן, קיינמאָל נישט אימשטאַנד געווען צו דעקן די הוצאות פון אַבדאַלאַהס אַדמיניס־טראַציע, און די ענגלישע רעגירונג מוז יעדעס יאָר צולייגן אַרום 100,000 פונט אַלס סובסידיע.

דער דורכשניטלעכער ביישטייער פון אַן איינוווינער אין עבר־הירדן פאַר דער אויסהאַלטונג פון זיין רעגירונג איז ווייניקער פון איין פונט אַ יאָר, בעת דער ביישטייער פונם ארץ־ישראלדיקן בירגער, איז פיר מאָל אַזוי הויך. דער דורכשניטלעכער געברויך פון אויסלענדישע פּראָדוקטן אין עבר־הירדן איז אַרום אַ פונט מיט אַ פערטל אַ יאָר, בעת אין ארץ־ישראל איז די אַנטשפּרעכנדע ציפער דערגאַנגען ביז צוועלף פונט אויף אַ פּערזאָן!

די אָפּגעשטאַנענהייט פון עבר־הירדן אין פאַרגלייך מיט ארץ־ישראל לאָזט זיך אויך פילן אויפן פעלד פון פאָלקס־בילדונג. אינם יאָר 1934 זענען אין אַלע רעגירונגס־שולן פון עבר־הירדן געווען בלויז 5917 תּלמידים, צו וועלכע עס קומען נאָך צו 5239 תּלמידים אין פּריוואַטע און מיסיאָנערישע שולן. די מערסטע פון די דאָזיקע שולן שטייען אויף זייער אַ נידעריקער שטופע, און אַלע צוזאַמען נעמען זיי אַרום נישט מער ווי 16 פּראָצענט פון אַלע קינדער פונם לאַנד. די ארץ־ישראלדיקע מאַכמעדאַנער, ביי זייער גאַנצער אָפּגעשטאַנענקייט, שיקן דאָך אין דער שולע כמעט אַ דאָפּלטן פּראָצענט פון קינדער, איידער זייערע ברידער אין עבר־הירדן.

## הילף פון ארץ־ישראל פאַר עבר־הירדן.

די פירער פון די ארץ־ישראלדיקע יידן באַקלאָגן זיך אויף די באַ־

האַלטענע סובסידיעס פונם ארץ־ישראלדיקן בודזשעט פאַר עבר הירדן. צוזאַ סובסידיע ווערט געגעבן דורך דער באַטייליקונג פון דער ארץ־ישראלדיקער רעגירונג אין די אויסגאַבן פון דער „טראַנסיאָרדאַן פראָנ־טיר פאָרס", אַ האַלב - מיליטערישער פּאָליציי - אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פאָרמעל געשאַפן געוואָרן פאַרן געמיינזאַמען שוץ פון ארץ־ישראל און עבר־הירדן. פאַקטיש האָט אָבער ארץ־ישראל אַן אייגענע גאַנץ גרויסע פּאָליציי, און אויך אַ היפּשן ענגלישן גאַרניזאָן, און דערצו איז איר גרענעץ מיט עבר־הירדן פיל שטילער און זיכערער, איידער די גרע־נעצן פון עבר־הירדן מיט איראַק און איבן סאַאודס מלוכה. פאַקטיש ווערט די גרענעץ־מאַכט פון עבר־הירדן באַנוצט אויסשליסלעך אין אַב־ד'אַלאַהס מלוכה, און אין ארץ־ישראל האָט מען פון איר נישט די קלענסטע נוצן. פונדעסטוועגן טראָגט ארץ־ישראל די גרעסטע לאַסט פון איר אויסהאַלטונג, און דאָס ווערט באַטראַכט פון אָרטיקע בודזשעט־עקס־פּערטן, אַלס אַן אומבאַרעכטיקטע סובסידיע פון ארץ־ישראל צו עבר־הירדן.

אַן אַנדער באַהאַלטענע סובסידיע פון דעם מין ווערט געגעבן צו עבר־הירדן דורך אַריינרעכענען אין ארץ־ישראלדיקן באַן־נעץ די עבר־הירדנדיקע שטרעקע פון דער אַמאָליקער העדזשאַס־באַן. די באַן, די איינציקע אין אַבדאַלאַהס מלוכה, איז אַמאָל געווען אַ טייל פון דער באַרימטער אייזן־באַן, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורך טערקיי מיט ביישטייערן פון מאַכמעדאַנער פון אַלע לענדער צו די הייליקע שטעט פון מעקאַ און מעדינאַ (פאַקטיש איז זי דערגאַנגען בלויז ביז מעדינאַ). איצט אָבער איז איר גרעסטער טייל, וואָס לויפט אין איבן סאַאודס מדינה, אינגאַנצן אָפּגעלאָזט געוואָרן, און אַפילו אין עבר־הירדן גייט די באַן מער־ווייניקער רעגולמעסיק בלויז ביז אַמאַן, דער הויפּט־שטאָט פון אַבדאַלאַה. פון אַמאַן ביז מאַאַן גייט די באַן בלויז איינמאָל אין וואָך אין יעדער ריכטונג, און קיין פראַכט פירט זי אינגאַנצן נישט. ס'איז נאַטירלעך, אַז די באַן זאָל האָבן אַ גאַנץ היפּשן דעפיציט, און דער דאָזיקער דעפיציט ווערט געדעקט פון די מער פּראָפיטאַבלע ארץ־ישראל־דיקע באַנען.

מילא, זאָגן די קריטיקער: וואָלט עבר־הירדן באמת באַהאַנדלט גע־וואָרן אַלס אַ טייל פון ארץ־ישראל, וואָס איז אָפן פאַר אַלע אירע איינ־וווינער אָן אויסנאַם, וואָלט קיינער נישט געהאַט צו דערווידערן קעגן דעם, אַז דער רייכערער טייל פונם לאַנד זאָל העלפן טראָגן די לאַסט

פון די אָרעמערע געגנטן. אָבער פּרוּוואָס זאָלן שטייערן, וואָס ווערן אַממערסטן גענומען פון ארץ־ישׂראלדיקע יידן באַנוצט זיין, אויף צו סובסידירן אַ לאַנד, וואָס איז פּאַקטיש אויסער זייער תּחום־המושב? ווערט נישט אַ ייד פון ארץ־ישׂראל אַזוי שטרענג אויסגעשלאָסן פון עבר־הירדן ווי אַ ייד פון אָדעס איז אין צאַרישע צייטן אויסגעשלאָסן געווען פון יאַלטע?...

אויב עבר־הירדן זאָל ווייטער בלייבן פאַרמאַכט פאַר יידן, וואָלט מען וויניקסטנס באַדאַרפט אָפּשניידן יעדע פאַרבינדונג צווישן איר בודזשעט און די ארץ־ישׂראלדיקע מלוכה־איינגאַמען!

## אבדאַלאַהס אַמביציע.

וואָס שאַרפער עס ווערט דער אונטערשיד צווישן דעם וואַקסנדן וווילשטאַנד אין ארץ־ישׂראל און אַלץ גרעסערער מאַסן־אָרעמקייט אין עבר־הירדן, אַלץ ערנסטער שטעלט זיך אַוועק די פראַגע וועגן דער עקאָנאָמישער צוקונפט פון אַבדאַלאַהס מלוכה.

אינם יאָר 1933 האָט עבר־הירדן, פּונקט ווי די אַנדערע געגנטן פון ארץ־ישׂראל, געליטן פון אַ גרויסער טריקעניש. אין דער צייט אָבער, ווען די ארץ־ישׂראלדיקע רעגירונג, וועמענס איינגאַמען האַלטן אין איין וואַקסן צוליב דער יידישער אימיגראַציע, איז אימשטאַנד געווען צו באַפרייען די פעלאַכן פון לאַנד־שטייערן, און אַפילו באָרגן זיי געלט אויף שפּייז און זריעה, איז עבר־הירדן נישט אימשטאַנד געווען צו העלפן אירע פויערים אין אַ געהעריגן פאָרעם. דערצו האָבן די געליטענע פויערים אין ארץ־ישׂראל געקאָנט פאַרדינען אַ מזומנעם פונט ביי די גרויסע עפנטלעכע אַרבעטן, וואָס ווערן איצט דורכגעפירט אין ארץ־ישׂראל, אין דער צייט ווען אין עבר־הירדן זענען אַזעלכע געלעגנהייטן כמעט נישטאָ. דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען אַן אמתער הונגער אין איניקע געגנטן פון אַבדאַלאַהס מלוכה און אַ שטאַרקער עמיגראַציע־שטראָם פון די דאָרטיקע איינוווינער קיין ארץ־ישׂראל. ס'איז אַ פאַקט, אַז נישט קוקנדיק אויפן נאַטירלעכן צוזוקס, איז די באַפעלקערונג פון עבר־הירדן פאַר די לעצטע פופצן יאָר נישט גרעסער געוואָרן; ס'איז אַ סברה, אַז זי איז נאָך געפאַלן. אַלנפאַלס, די אויסזיכט, אַז דער ווייטערדיקער אויפבוי פון ארץ־ישׂראל קאָן ברענגען צו אַ כסדרדיקער אַנטפעלקערונג פון עבר־הירדן, פאַראורזאַכט אַ סך זאָרג פאַר אַבדאַלאַהן און פאַר די קלענערע פעאָדאַלע פירער פון זיין מלוכה.

פול מיט אַמביציעס, וואָלט אַבדאַלאַה, דוכט זיך, געוואָלט אויס־מיידן אַזאַ לאַגע דורך דער עפענונג פון זיין לאַנד פאַר יידישער אימיגראַציע. דאָס וואָלט אים אָבער געבראַכט אין אַן אָפענעם קאָנפליקט מיט די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן, מיט וועלכע ער מוז זיך פאָרט רעכענען. וואָלט ער דעריבער געוואָלט אָפּשוואַכן זייער אָפּאָזיציע צו יידישער באַזעצונג אין עבר־הירדן דורך אַן אָנגעזעענע פּאָליטישע הנהה מצד די יידן. אָט דאָס שיינט צו זיין דער אינערלעכער גרונט פאַרן פאָרשלאַג וועגן פאַראייניקן ארץ־ישראל און עבר־הירדן אונטער איין מלוכה מיט אַבדאַלאַהן אַלס קעניג, וואָס איז לעצטנס אָפּט אַרויסגעשווומען אין דער אַראַבישער פּרעסע פונם לאַנד. פאַר אַבדאַלאַהן וואָלט אַזאַ לייזונג פון זיינע פּראָבלעמען געווען אידעאַל. ערשטנס, וואָלט דאָס געגעבן אַ סך פּרעסטיזש אים און זיין דינאַסטיע, צווייטנס וואָלט עס מעגלעך גע־מאַכט די יידישע באַזעצונג פון עבר־הירדן ברענגענדיק וווילשטאַנד צום פאַראָרעמטן לאַנד. דריטנס, וואָלט מען דאָס געקאָנט פאָרשטעלן פאַר די אַראַבער, אַלס אַ דורכפאַל פון די יידישע מלוכה־באַשטרעבונגען, און דעם ענטגילטיקן סוף פון דער יידישער „געפאַר" אויפן נאָענטן מזרח.

אַבדאַלאַה וואָלט וואַרשיינלעך גרייט געווען צו צאָלן פאַר אַזאַ הנחה מיט באַשטימטע צוזאָגן און גאַראַנטיעס פאַר יידישע אינטערעסן. ס'איז אָבער אַ גרויסער ספק צי יידן וועלן ווען נישט איז צושטימען צו אַזאַ סאָרט קאָמבינאַציע, וועלכע וואָלט געמיינט דעם אויסטויש פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע אויף פּראַקטישע קאָלאָניזאַציע־רעכט אויף אַ ברייטערן שטח ווי איצט. ווי גרויס עס זאָל נישט זיין די יידישע אַנ־טוישונג מיט די פּראַקטישע רעזולטאַטן פון דער דעקלאַראַציע, וועט דער הערשנדער יידישער סענטימענט זיך בעסער פאַרלאָזן אויף נעפּלהאַפטע צוזאָגן פון ענגלאַנד, איידער אויף באַשטימטע הבטחות פון אַן אַראַ־בישן הערשער. און אָן יידישער צושטימונג איז זייער אומוואַרשיינלעך, אַז ענגלאַנד זאָל ווען נישט איז צושטימען צו אַזאַ פּלאַן, וואָס וואָלט באַדייט די פולשטענדיקע אָפּשאַפונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

די ראַטגעבער פון עמיר אַבדאַלאַה, בעיקר ענגלענדער, שיינען צו זוכן אַ לייזונג פאַר זיינע עקאָנאָמישע שוועריקייטן אויף אַן אַנדער וועג. זיי גלויבן, אַז ווען די איינוווינער פון עבר־הירדן זאָלן פאַרגרעסערן דעם שטח פון זייערע פּלאַנצונגען און גריינס־גאָרטנס מיטן צוועק צו באַ־פרידיקן דעם אַלץ־וואַקסנדן באַדאַרף פון די יידישע שטעט אין ארץ־ישראל, וועלן זיי קאָנען אומדירעקט גענייסן פון יידישער איינוואַנדערונג

און פונם ווילשטאנד, וואָס זי האָט געבראַכט פאַר ארץ־ישראל. פאַרן לעצטן יאָר האָט די רעגירונג פון עבר־הירדן געקריגן געשענקט פון ארץ־ישראל טויזנטער צווייגעלעך פון בלערליי פרוכטבוימער, און א פּאָר בוים־שולן (נווירסעריס) זענען באַשאַפן געוואָרן אין פאַסנדע פונקטן פונם לאַנד. די האָפנונג דערביי איז, אַז די איינוווינער פון עבר־הירדן, א דאַנק דער טאַריף־פרייהייט צווישן זייער לאַנד און ארץ־ישראל, וועלן קאָנען געניסן פונם רייכן ארץ־ישראלדיקן מאַרק אָן דער דערפענונג פון זייערע גרענעצן פאַר יידישער איינוואַנדערונג.

וואָס עס וועט אַרויסקומען פונם דאָזיקן פּלאַן וועלן מיר זען. דערווייל איז קיין ספק נישטאָ, אַז עקאָנאָמיש ווערט די פראַגע פון עבר־הירדן אַלץ שאַרפער, און זי וועט מיט דער צייט מוזן ווי עס איז געלייזט ווערן.

## קאַפּיטל אַכצן



# די אַרומיקע לענדער

ארץ־ישראל איז נישט קיין איזאָלירט לאַנד, וואָס עס איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון די אייגענע נאַטירלעכע רעסורסן. די עקאָנאָמישע און אַפילו פּאָליטישע צוקונפט איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון די אַרומיקע לענדער אין נאָענטן מזרח. אַ קורצער איבערבליק איבער דער אַלגעמיינער לאַגע אין די דאָזיקע לענדער און זייערע ווירטשאַפטלעכע באַציאונגען מיט ארץ־ישראל וועט אונז דערגעבער אַ סך העלפן אָפּצושאַצן די צוקונפטיקע אויסזיכטן פונם יידישן היים־לאַנד.

די לענדער, וואָס רינגלען אַרום ארץ־ישראל, זענען אַלע בערך אָפּגעשטאַנען אין זייער אַנטוויקלונג; זייערע איינוווינער באַשעפטיקן זיך מערסטנס מיט לאַנדווירטשאַפט, און זיי פאַרמאָגן נישט קיין מאָדערנע גרויס־אינדוסטריע.

די וואָרט־זאָגער פון דער ארץ־ישראלדיקער אינדוסטריע האָפן, אַז ארץ־ישראל וועט מיט דער צייט קאָנען באַפרידיקן אַ גרויסן טייל פונם אינדוסטריעלן באַדאַרף פון אירע שכנים, וואָס קריגן איצט די מערסטע פאַבריצירטע אַרטיקלען, וועלכע זיי געברויכן, פון אויסלאַנד — פון אייראָפּע, און אין אַ קלענערער מאָס פון אַמעריקע און יאַפּאַן. געפינענדיק זיך אינם געאָגראַפישן צענטער אויפן נאָענטן מזרח, און אין דער גרעסטער נאָענטקייט צום סועץ־קאַנאַל, איז ארץ־ישראל, גלויבן זיי, דער לאָגישער פּלאַץ פאַר אַ גרויסער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. די אימיגראַציע פונם יידישן קאַפּיטאַל מיט זיין אַגרעסיוון איניציאַטיוו־גייסט און מיט דער גרויסער עקאָנאָמישער און טעכנישער דערפאַרונג פון זיינע טרעגער, קאָן פאַרוואַנדלען די דאָזיקע מעגלעכקייט אין אַ ווירקלעכן פאַקט פריער, איידער די אַנדערע לענדער פונם נאָענטן מזרח וועלן אָנהויבן אַרויסקריכן פון זייער איצטיקער ריין אַגריקולטורעלער עפּאָכע.

נאַטירלעך, וועלן שפּעטער די אַרומיקע לענדער, נאָכמאַכנדיק דעם ביישפּיל פון ארץ - ישראל, אויך אָנהויבן בויען זייערע אייגענע פאַבריקן און פּרובירן פאַרבייטן אַ טייל פון דעם ארץ-ישראלדיקן אינדוסטריע-אימפּאָרט מיט זייערע אייגענע סחורות. שטיצנדיק זיך אָבער אויף היסטאָרישע ביישפּילן, גלויבט מען, אַז אפילו אין אַזאַ פאַל וועלן די אַרומיקע לענדער אָנקומען אין אַ באַדייטנטער מאָס צו דער הילף פון ארץ-ישראל פאַרן אויפבוי פון זייערע אייגענע אינדוסטריען. אַזוי אַרום וועט דאָס לאַנד, אויב נאָר עס וועט זיין דאָס ערשטע אויפן אינדוסטריעלן פעלד, אָנהאַלטן אין אַ גרויסער מאָס די דאָזיקע פּאָזיציע אויך נאָך די צוקונפטיקע ענדערונגען.

די פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער האָפענונג שיינט אונז צו זיין די אַנטשיידנדע פאָראויסזעצונג פאַרן אויפבוי פון ארץ-ישראל אין אַ ווירקלעך גרויסן פאַרנעם. אויב ארץ-ישראל זאָל זיך מוזן שטיצן בלויז אויף אירע אייגענע נאַטירלעכע רייכטימער און איר אייגענעם מאַרק, וועט די יידישע נאַציאָנאַלע היים בלייבן באַשרענקט אין פאַרנעם און נישט קריגן קיין אַנטשיידנדע ווירקונג אויפן גורל פונם יידישן פאָלק אַלס אַ גאַנצן. די פיל ברייטערע ציוניסטישע באַשטרעבונגען קאָנען נישט פאַרווירקלעכט ווערן אָן אַן עקאָנאָמישן „הינטערלאַנד" אין די אַרומיקע לענדער פון נאָענטן מזרח. אויב די אַרומיקע לענדער זאָלן, צוליב הויכע גרענעץ-אָפּצאָל און טאַריף-דיסקרימינאַציע, אָדער צוליב אָרגאַניזירטער פיינדלעכקייט פון זייערע אַראַבישע איינוווינער, זיין פאַרמאַכט פאַר די פּראָדוקטן פון די ארץ-ישראלדיקע פאַבריקן, וועלן די יידישע פּליגלען אין ארץ-ישראל גאָר געפערלעך באַשניטן ווערן. דאָס איז, אַגב, אויך דער וויכטיקסטער גרונט, פאַרוואָס אַ יידיש-אַראַבישע פאַרשטענדיקונג מוז באַטראַכט ווערן אַלס די וויכטיקסטע פאָרויסזעצונג פאַר דער ווירקלעך ברייטער אַנטוויקלונג פון דער יידישער היים.

די נאָענטסטע און וויכטיקסטע שכנים פון ארץ-ישראל זענען עגיפּטן, סיריע און איראַק, וואָס ציילן צוזאַמען צוואַנציק מיליאָן מערסטנס אַראַבישע איינוווינער. דער נאַטירלעכער עקאָנאָמישער הינטערלאַנד פון ארץ-ישראל איז אָבער נאָך אַ סך ברייטער. דער גרויסער אַראַבישער האַלב-אינזל, וואָס באַשטייט פון מדבר, איבער וועלכן עס וואַנדערן שבטים פון בעדואינער, געברויכט אויך איצט אַ ווענטלעכע סומע פון אויסלענדישע סחורות. מיטן כסדרדיקן פּראָגרעס פון דעם

פּרימיטיוון לאַנד, וואָס שיינט איצט מעגלעך צו זיין ביי זיין פּאָליטי־שער פּאַראייניקונג אונטער דער מאַכט פון איבן סאַאוד, וועט אַראַביע מיט אירע זיבן מיליאָן איינוווינער ווערן מיט דער צייט אַ באַדייטנדער מאַרק פאַר ארץ־ישראלדיקע סחורות. געוויסע האָפענונגען קאָנען גע־לייגט ווערן אין דעם זין אויך אויפן נאָענטן אינזל ציפּרוס, מיט זיינע 350,000 מערסטנס גריכישע איינוווינער. ס'איז דאָ אויך אַן אויסזיכט צו דערגרייכן מיט די ארץ־ישראלדיקע אינדוסטריע־אַרטיקלען קיין טערקיי און פּערסיע, בפרט ווען ארץ־ישראל וועט קאָנען אַמאָל פאַר־האַנדלען מיט זיי אויפן גרונט פון עקאָנאָמישער גלייכהייט.

## עגיפּטן, דאָס לאַנד פון ביימוול.

עגיפּטן, דאָס אַלטע מצרים, וואָס גרעניצט זיך מיט ארץ־ישראל אין דרום, איז דאָס רייכסטע און עקאָנאָמיש אַממערסטן אַנטוויקלטע פון אַלע לענדער אין נאָענטן מזרח. זיין רייכטום איז בעיקר באַגרינדעט אויף (קאָטאָן) ביימוול, וואָס ווערט דאָרט קולטיווירט אונטער קינסטלעכער באַוואַסערונג פונם טייך ניל. די וויכטיקייט פון ביימוול פאַרן עקאָנאָמישן לעבן פון עגיפּטן ווערט געוויזן דורכן פאַקט, וואָס ער באַטרעפט אַכציק פּראָצענט פונם גאַנצן עגיפּטישן עקספּאָרט. אינם יאָר 1929, למשל, האָט דער ווערט פון עקספּאָרטירטן ביימוול באַטראָפן 42 מיליאָן פונט, בעת דער גאַנצער עקספּאָרט פונם לאַנד איז ווערט געווען 54 מיליאָן.

פאַרן איצטיקן עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס האָט זיך עגיפּטן אַזוי שטאַרק קאָנצענטרירט אויף ביימוול, אַז זי האָט פאַרנאַכלעסיקט די אַנ־דערע צווייגן פון אַגריקולטור, זייענדיק אין נאָרמאַלער צייט דער אַמ־מערסטן לוינענדער פּראָדוקט פאַר דער עגיפּטישער לאַנדווירטשאַפט, וועלכע מוז, צוליב מאַנגל פון רעגן זיך קאָנצענטרירן אויפן שטח, וואָס קאָן באַוואַסערט ווערן פונם ניל, האָט אָבער ביימוול גאָר שטאַרק געליטן אין דער צייט פון וועלט־קריזיס. אַלס אַ פּראָדוקט, וואָס איז אַממערסטן אָפּהענגיק פון וועלט־מאַרק און ספּעקולאַציע, איז זיין פּרייז און געברויך געפאַלן מער איידער פון אַנדערע אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן, וואָס זענען אויסגערעכנט אויפן אָרטיקן מאַרק. שטייענדיק פאַר דער נויטווענדיקייט צו פאַרקלענערן דעם שטח, וואָס איז פאַרפלאַנצט מיט ביימוול, האָט עגיפּטן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַנדערע צווייגן פון לאַנדווירטשאַפט. מען האָט ספּעציעל אָנגעהויבן דערמונטערן

די פעלאַכן צו קולטיווירן אייניקע פון די אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן, וואָס זענען פריער אַהין אימפּאָרטירט געווען אין גרויסן פאַרנעם. דער דערפאָלג פון די דאָזיקע באַמיאונגען וועט, נאַטירלעך, פאַרשמעלערן די אויסזיכטן פון ארץ־ישראלדיקן אַגריקולטורעלן עקספּאָרט קיין עגיפּטן.

אין פריערדיקע יאָרן איז עגיפּטן, למשל, געווען איינער פון די וויכטיקסטע מערק פאַר די ארץ־ישראלדיקע מאַראַנצן. לעצטנס האָט אָבער עגיפּטן אָנגעהויבן פלאַנצן אייגענע פּרדסים, און כּדי צו דער־מוטיקן די דאָזיקע פלאַנצונגס־אַרבעט — האָט די רעגירונג אַרויפגע־לייגט גאָר אַ הויכן אָפּצאָל (פינף פונט פון אַ טאָן) אויף אויסלענדישע מאַראַנצן, דערצו גיט די רעגירונג אַן עקספּאָרט פּרעמיע פון 15 פּיאַסטער (75 סענט) אויף יעדן קעסטל פון עקספּאָרטירטע מאַראַנצן און אַ העלפט פון דעם אויף מאַנדאַרינען און אַנדערע קליינע ציטרוס פּרוכטן. דער רעזולטאַט פון דעם איז, אַז שוין אין סעזאָן פון 1933—1934 האָט עגיפּטן עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד 22.000 קעסטלעך מאַראַנצן, 35.000 קעסטלעך מאַנדאַרינקעס, און 600 קעסטלעך „לאַימס" (אַ מין קליינע לימענעס). וואַרשיינלעך, וועט דער דאָזיקער עקספּאָרט זיך פאַרגרעסערן אין די נעכסטע עטלעכע יאָר צוליב דער צופלאַנצונג פון נייע פּרדסים דורך לאַנד־אייגנטימער דורך דער צוגעזאָגטער רעגירונגס־סובסידיע.

פון דער אַנדערער זייט קאָן עגיפּטן באַטראַכט ווערן אַלס אַ גינ־סטיקער מאַרק פאַר פיל פּראָדוקטן פון דער ארץ־ישראלדיקער אינדו־סטריע, אויב נאָר ביידע לענדער וועלן זיין אין דער גלייכער לאַגע ביי דער איינשטעלונג פון זייערע קעגנזייטיקע האַנדלס־באַציאונגען.

## דער האַנדל פון ארץ ישראל מיט עגיפּטן.

ביים היינטיקן טאָג איז דער ארץ־ישראלדיקער האַנדל מיט עגיפּטן זייער איינזייטיק. אינם יאָר 34 האָט ארץ־ישראל געקויפט עגיפּטישע סחורות אויף 456,832 פונט, אין דער צייט, ווען איר עקספּאָרט קיין עגיפּטן האָט באַטראָפן בלויז 70,484 פונט. פון ארץ־ישראלדיקן שטאַנד־פונקט איז דאָס אַ באַדייטנדע פאַרערגערונג אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע יאָרן. נאָך מיט פינף יאָר צוריק האָט עגיפּטן פאַרנומען דעם דריטן פּלאַץ צווישן די ארץ־ישראלדיקע מערק.

דער אַלץ וואַקסנדער דעפיציט פונם א״י׳דיקן האַנדל מיט עגיפּטן

דערקלערט זיך נישט נאָר מיט דער אויבן־דערקלערטער רעפּאָרמע אין דער עגיפּטישער אַגריקולטור, נאָר אויך מיטן פֿאַקט, וואָס עגיפּטן דיס־קרימינירט גאַנץ באַוווּסטזיניק קעגן ארץ־ישׂראלדיקע פּראָדוקטן. זי האַלט פֿאַר לוינענדער צו קריגן ענלעכע פּראָדוקטן פֿון לענדער, וואָס קאָנען ענטפֿערן אויף דער באַשרענקונג פֿון זייער אימפּאָרט קיין עגיפּטן מיט דער גלייכער מטבע. מיט אַנדערע ווערטער, די עגיפּטער פֿאַרשטייען די הילפֿלאָזיקייט פֿון ארץ־ישׂראל אונטער די איצטיקע באַשטימונגען פֿונם מאַנדאַט, און זיי מיסברויכן די דאָזיקע לאַגע אויפֿן העכסטן גראַד. דער ארץ־ישׂראלדיקער ווײַן און איר אָליוון־זייף (אַגב קומט די זייף מערסטנס פֿון אַראַבישע פֿאַבריקן אין נאַבלוס), וואָס זענען אַמאָל געווען זייער א גאַנגבאַרער אַרטיקל אין עגיפּטן, פֿאַרלירן צוביסלעך זייער דאָרטיקן מאַרק, און זייער פּלאַץ ווערט פֿאַרנומען דורך ענלעכע פּראָדוקטן פֿון איטאַליע, גריכנלאַנד און ציפּרוס.

דער וויכטיקסטער עקספּאָרט פֿון עגיפּטן קיין ארץ־ישׂראל באַשטייט פֿון רייז, פֿיש, אַספֿאַלט, פֿעך, הויטן און לעדער, סמעטענע. די וויכטיק־סטע ארץ־ישׂראלדיקע פּראָדוקטן, וואָס ווערן עקספּאָרטירט קיין עגיפּטן זענען ווייַנטרויבן און ראָזשינקעס, קאָווענעס, מאַנדלען, זייף און פֿלאַנ־צונגס־פּעטס. אין יאָרן פֿון גוטער ערנטע עקספּאָרטירט אויך ארץ־ישׂראל קיין עגיפּטן א געוויסע כּמות פֿון גערשטן, סעזאַם און אַנדערע תּבֿואות.

די פֿאַרבינדונגען פֿון ארץ־ישׂראל מיט עגיפּטן איז א טאָפּלטע, מיטן ים און דורך אײַזנבאַן. אַן עקספּרעס צוג, וואָס פֿאָרט אַרויס פֿון חיפה אינדערפֿרי קומט קיין קאַיראָ נאָך זעכצן שעה. די פֿאַרבינדונג וואָלט נאָך געווען בעסער, ווען די אײַזנבאַן־בריק, וואָס איז געבויט געוואָרן איבערן סועץ־קאַנאַל אין דער צייט פֿון קריג, וואָלט שפּעטער נישט אַראָפּגענומען געוואָרן אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון דער סועץ־קאָמפּאַני. די נויטיקייט צו בייטן די צוגן ביי דער גרעניץ, און די איבער שטרענגע גרעניץ־פֿאָרמאַליטעטן זענען אַן ערנסטע שטערונג פֿאַר א גרעסערן און קעגנזייטיק נוצלעכן פֿאַרקער צווישןביידע לענדער.

די אַלגעמיינע וויכטיקייט פֿונם עגיפּטישן מאַרק ווערט קלאָר פֿון פֿאָל־גענדער טאַבעלע, וואָס גיט אין רונדע ציפֿערן זיין אויסלענדישן האַנדל פֿאַר די לעצטע זעקס יאָר: די ציפֿערן זענען אין עגיפּטישע פֿונטן, וואָס זענען אויף צוויי פּראָצענט העכער פֿון די ענגלישע און ארץ־ישׂראלדיקע פֿונטן.

| יאָר | אימפּאָרט | עקספּאָרט |
|---|---|---|
| 1929 | 56,300,000 | 53,800,000 |
| 1930 | 47,500 000 | 32,900,000 |
| 1931 | 31.500,000 | 28,800 000 |
| 1932 | 27,400 000 | 27,700.000 |
| 1933 | 26,100,000 | 28,700.000 |
| 1934 | 28,800,000 | 31,000,000 |

די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע פון עגיפּטן, נישט קוקנדיק אויפן וועלט־קריזיס, איז נישט קיין שלעכטע. דאָס לאַנד האָט זיך לעצטנס אַרויסגעדראַפּעט פון די האַנדלס־דעפיציטן, וועלכע זי האָט געהאַט אין אָנהויב פונם קריזיס צוליב די פּלוצים געפאַלענע פּרייזן אויף רויען ביוול. חוץ דעם, איז דער היגער האַנדלס־דעפיציט אפילו אין די ערגסטע יאָרן אויסגעגליכן געוואָרן צוליב דעם שטענדיק גרויסן טוריסטן־פאַרקער, וואָס לאָזט איבער באַדייטנדע סומען געלט אינם לאַנד פון די פּיראַמידן. אין די גוטע יאָרן פון נאָכן קריג איז עגיפּטן אימשטאַנד געווען שטאַרק צו פאַרקלענערן איר מלוכה־חוב, וועלכער באַטרעפט איצט בלויז זיבן פונט אויף אַן איינוווינער. פּאַקטיש איז דער היגער חוב נאָך קלענער, ווייל אַ סומע פון 35 מיליאָן פונט ווערט געהאַלטן אַלס רעזערוו אין דער מלוכה־קאַסע.

נאָך אַ שטאַרקערער באַווייז פון דער ווירטשאַפטלעכער געזונטקייט אין עגיפּטן, ליגט אינם פאַקט, וואָס איר גאַנצער היפּאָטעקן־חוב באַטרעפט בלויז 35 מיליאָן פונט, אין דער צייט, ווען דער ווערט פונם אַגריקולטורעלן לאַנד אַליין ווערט קאָנסערוואַטיוו אָפּגעשאַצט אין 500 מיליאָן פונט. נישט קיין סך לענדער אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט ווייזן אויף אַזאַ גינסטיקע באַציאונג צווישן דעם ווערט פון אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס און די חובות וואָס ליגן אויף זיי.

דער טאַריף־בונד מיט סיריע.

סיריע, דער וויכטיקסטער שכן אויף ארץ־ישראלס צפונדיקער גרעניץ, איז קלענער און אָרימער פון עגיפּטן. זי האָט אָבער פאַר ארץ־ישראל גאָר אַ גרויסע באַדייטונג צוליב דעם פרייען האַנדל, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן צווישן ביידע לענדער אויפן גרונד פון די מאַנדאַטן, אונטער וועלכע זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו ענגלאַנד און פראַנקרייך.

דער האנדל פון ארץ־ישראל מיט סיריע האט זיך, לויט דער אפי־ציעלער סטאטיסטיק פון ארץ־ישראל, אויסגעדריקט אין פאלגנדע צי־פערן, וואס שטעלן מיט זיך פאר ארץ־ישראלדיקע פונטן.

| יאָר | אימפּאָרט קיין א״י | עקספּאָרט פון א״י |
|---|---|---|
| 1932 | 813,213 | 229,903 |
| 1933 | 942 663 | 212,982 |
| 1934 | 1,083,095 | 222,643 |

די וויכטיקסטע ארטיקלען פונם ארץ־ישראלדיקן עקספּאָרט קיין סיריע זענען זייף, קאווענעס, פלאנצונגס־פעטס, פרישע גרינסן און מאַ־ראנצן. חוץ די דאָזיקע אגריקולטורעלע פּראָדוקטן האט זיך ארץ־ישראל לעצטנס גענומען צו עקספּאָרטירן קיין סיריע געוויסע פאבריצירטע סחורות, וואס שטאמען פון דער ניי־געשאפענער יידישער אינדוסטריע, למשל, ביסקוויטן, פּאפּיר־זעקלעך און קארטאָן־קעסטלעך, האנד־טאַשן, זאָקן און אונטערוועש, שרייב־געצייג א. א. וו.

דער מערסטער סירישער אימפּאָרט קיין ארץ־ישראל באשטייט אויך פון אגריקולטורעלע פּראָדוקטן: ווייץ, גערשטן, לינזן, קוקורוז, דורא־ה, אראבישע פוטער, הינער, ציבעלעס א. א. וו. דער אינדוסטריעלער עקס־פּאָרט פון סיריע באשטייט מערסטנס פון געשטיקטע טעקסטיל שטאָפן, וואס זענען א פּראָדוקט פון דער היים - אינדוסטריע אין לבנון.

אויך דער האנדל מיט סיריע שליסט זיך פאר ארץ־ישראל מיט א באדייטנדן העפיציט. און דאס איז באזונדערס מערקווירדיק דערפאר, ווייל אין אירע באציאונגען מיט אנדערע לענדער שטעלט מיט זיך פאָר סיריע מיט איר גרויסער איבערוואָג פון אימפּאָרט איבערן עקספּאָרט, כמעט דאס זעלבע בילד ווי ארץ־ישראל. אט זענען די קיילעכדיקע צי־פערן פונם סירישן אויסלענדישן האנדל, אויסגערעכנט אין מיליאָנען פון פראנצויזישע פראנקן:

| יאָר | אימפּאָרט קיין סיריע (אין מיליאָנען פראַנק) | עקספּאָרט פון סיריע |
|---|---|---|
| 1929 | 1286 | 510 |
| 1930 | 1112 | 453 |
| 1931 | 986 | 268 |
| 1932 | 801 | 174 |
| 1933 | 710 | 156 |
| 1934 | 650 | 152 |

פארגלייכנדיק די דאָזיקע ציפערן מיט די ציפערן וועגן ארץ־ישראל דארף מען נעמען אין אָנבאַטראַכט, אַז פאַרדעם, ווי ענגלאַנד איז אַראָפּ פון גאָלד ־ סטאַנדאַרט, האָט דער פונט באַטראָפן 119 פראַנק; זיין איצטיקער ווערט איז אַרום 75 פראַנק. דער סירישער פונט, וואָס איז די אָנגענומענע מטבע אינם לאַנד, איז גלייך צו צוואַנציק פראַנצויזישע פראַנקן. ער איז צוטיילט אין הונדערט פיאַסטערס, וואָס יעדער פון זיי איז אַרום אַ פערטל פונם ארץ־ישראלדיקן פיאַסטער.

די פאַרבינדונגען מיט סיריע.

מיט אַ יאָר צען צוריק איז דער גרעסטער פאַרקער צווישן ארץ־ישראל און סיריע פאָרגעקומען איבערן ים. אויסער דאַמף־שיפן, — ספּעציעל איטאַליענישע און פראַנצויזישע, וואָס נעמען אַריין ביירוט, חיפה און יפו אין זייער רעגולערן קורס — זענען די פּאָרטן פון ביידע לענדער פאַרבונדן דורך אַראַבישע זעגל־שיפן, וואָס פירן בעיקר ביליקע, יאָגדיקן פראַכט. אַ באַן־פאַרבינדונג צווישן ארץ־ישראל און סיריע עקזיסטירט דורך די העדזשאַס באַן, וועלכע פאַרלאָזט ארץ־ישראל אין על־חמה, צום מזרח פון ירדן, ווו עס געפינען זיך באַרימטע מינעראַלישע קוואַלן. עטוואָס ווייטער צום מזרח צוטיילט זיך די באַן אין צוויי צווייגן. דער איינער גייט קיין אַמאַן, דער הויפּט־שטאָט פון עבר הירדן, און דער אַנדערער גייט קיין צפון — צו דמשק, די וויכטיקסטע שטאָט פון סיריע.

אין די גאָר לעצטע יאָרן, מיט דער פאַרבעסערונג פון די שאָסייען אין ביידע לענדער, ווערט דער פראַכט ־ פאַרקער צווישן ארץ־ישראל און סיריע ס'רוב דורכגעפירט מיטן אָקס. ס'איז דאָ אויך אַ רעגולערע אָמניבוס ־ פאַרבינדונג צווישן ביירוט און חיפה.

די עקאָנאָמישע פאַרבינדונג צווישן ביידע לענדער וואָלט זיכער געוואָרן אַ סך ענגער, ווען עס וואָלט געבויט געוואָרן די לאַנג געפּלאַנטע אייזנבאַן צווישן חיפה און ביירוט. גייענדיק מיטן טאָל גלייך ביים מיטללענדישן ים, וואָלט די דאָזיקע באַן, נישט פאָדערנדיק קיין צו טייערע אינזשינערישע אַרבעטן, געווען די קורצסטע און פראַקטישסטע פאַרבינדונג צווישן ארץ־ישראל און סיריע, און זי וואָלט אויך ענגער פאַרבונדן ארץ־ישראל מיט די באַנען פון קליין אַזיע און אייראָפּע.

די פּראָבלעמען פון סיריע.

דער פּאָליטישער סטאַטוס פון סיריע, וועלכע האָט באַקומען דעם פראַנצויזישן מאַנדאַט אין דער זעלבער צייט, ווען ארץ־ישראל איז געגעבן געוואָרן צו ענגלאַנד, האָט דורכגעמאַכט פאַר דער צייט אייניקע באַדייטנדע ענדערונגען. כאָטש פראַנקרייך האָט אַ קנאַפּן חשק אויפצוגעבן איר קאָנטראָל איבער סיריע, גיט זי פונדעסטוועגן די איינוווינער פונם לאַנד אַ געוויסע מאָס פון אויטאָנאָמיע אין זייערע אָרטיקע ענינים. סיריע איז צעטיילט אין צוויי הויפּט־געגנטן, — די אייגנטלעכע סיריע מיט אַ מאַכמעדאַנישער מערהייט, און גרויס־לבנון, וואָס איז מערסטנס באַפעלקערט דורך קריסטן. כאָטש די קריסטן פון לבנון זענען אויך אַראַבער, — אויב נישט לויט אָפּשטאַמונג, איז לויט זייער שפּראַך, — זענען זיי זייט דורות באַאיינפלוסט פון פראַנצויזישער קולטור, און באַציען זיך גאַנץ לעבעדיק צו דער שטרעבונג פון די סירישע נאַציאָנאַליסטן נאָך מלוכהדיקער אומאָפּהענגיקייט. אינם באַשטאַנד פון סיריע גייען אויך אַריין צוויי קלענערע „מלוכהלעך", לאַטאַקיאָ און דזשעבעל דרוז, ווי אויך דער דיסטריקט פון אַלעקסאַנדריע, וואָס איז צום גרויסן טייל באַפעלקערט דורך טערקן. וואַרשיינלעך וועט מען די דאָזיקע דריי באַזונדערע געגנטן, וואָס ווערן דירעקט פאַרוואַלטעט פון פראַנצויזישע באַאַמטע, מיט דער צייט נעענטער פאַרבינדן מיט די אַנדערע טיילן פון סיריע.

די פראַנצויזישע מאַנדאַט־מאַכט העלפט מיט די באַזעצונג פון אַרמענער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון טערקיי קיין סיריע, און זי האָט אויך לעצטנס אַריינגענומען אַ באַדייטנדע צאָל פון אַסיריאַנער, אַ קריסטלעכע מינדערהייט, וואָס איז גערודפט געוואָרן אין איראַק. כאָטש מען האָט די דאָזיקע צוויי פעלקער קיינמאָל נישט צוגעזאָגט קיין נאַציאָנאַלע היים אין סיריע, האָבן די פראַנצויזישע באַאַמטע אין סיריע זיי אויפגענומען מיט אַזאַ הארציקייט, וואָס וואָלט אויסגעקוקט אומגלויבלעך פאַר יידישע אימיגראַנטן אין דער נאַציאָנאַלער היים...

די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן אין סיריע זענען חושד די פראַנצויזישע מאַנדאַט־מאַכט, אַז זי וויל דאָרט דורך אַזאַ קריסטלעכער אימיגראַציע שאַפן אַ לאַגע, וואָס זאָל ענליך זיין צו דער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך יידישער איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל, דאָס וואָלט איר געגעבן אין דער צוקונפט אַן אויסגעצייכנטן גרונד צו בלייבן אין סיריע

אויף אן אומבאַשטימטער צייט. ווי עס זאָל נישט זיין, אָבער אַ פאַקט איז, אַז זינט דעם קריג האָט סיריע צוגענומען אַרום 100,000 אַרמענער, וועמענס געוויכט וועט צוגעגעבן צו אַנדערע קריסטלעכע מינדערהייטן אין סיריע, וואָס בילדן צוזאַמען נישט ווייניקער פון 25 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אינם שטח אונטערן פראַנצויזישן מאַנדאַט.

בדרך כלל, איז סיריע שטאַרק צעטיילט לויט רעליגיעזע און אפילו נאַציאָנאַלע ליניעס. די קריסטן זענען דאָרט צעריסן אין פאַרשיידענע סעקטן, וועלכע זענען ווייט נישט פריינטלעך איינע צו דער אַנדערער, און אפילו די מאַכמעדאַנער האָבן צווישן זיך באַשטימטע נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן (טערקן, טשערקעסן), און אַ פּאָר רעליגיעזע סעקטן. יעדע פון די דאָזיקע גרופּן האַלט זיך איפּערזיכטיק ביי אירע באַזונדערע אייגנטימלעכקייטן און מנהגים, און דאָס מאַכט זיכער שווערער דאָס פּראָבלעם פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג, וועלכע שטייט איצט פאַר דעם לאַנד.

נאָך ערנסטער זענען די עקאָנאָמישע שוועריקייטן פון סיריע. פּונקט ווי ארץ־ישראל, האָט דאָס לאַנד אַ גרויסן און אַלץ וואַקסנדן דע־פיציט אין איר אויסלענדישן האַנדל. אין דער צייט אָבער, ווען ארץ־ישראל דעקט דעם דאָזיקן דעפיציט דורך גרויסן אימפּאָרט פון יידישן קאַפּיטאַל, וואָס ברענגט מיט זיך גרויסע בוי־אַרבעטן און אַ שטאַרקן פאַרלאַנג נאָך אַרבעטס־הענט האָט אָבער סיריע נישט אַזעלכע קוועלן פאַר איר אַנטוויקלונג; די פּסדרדיקע אויסשעפּונג פון אירע רעסורסן דורך פאַ־סיוון האַנדלס־באַלאַנס ווערט אַן ערנסטע סכנה פאַר איר גאַנצן עקאָנאָ־מישן לעבן.

סיריע איז אַ לאַנד פון אַ גרויסער עמיגראַציע, אין די פריערדיקע יאָרן איז אַ גרויסער טייל פון איר האַנדלס־דעפיציט געדעקט געוואָרן מיטן געלט, וועלכן סירישע עמיגראַנטן אין אַמעריקע פלעגן שיקן צו זייערע קרובים אין דער אַלטער היים, אָדער מיטברענגען, ווען זיי פלעגן אויף די עלטערע יאָרן זיך אומקערן צוריק אין די בערג פון לבנון. איצט אָבער פילן די דאָזיקע עמיגראַנטן, ס'רוב הענדלער, דעם שווערן דרוק פון דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין די אַמעריקאַנער לענדער, און דערצו באַגרענצט די ווייטערדיקע אימיגראַציע אַהין אַלץ גרעסערע שוועריקייטן. אַזוי אַרום פילט סיריע דעם דרוק פונם וועלט־קריזיס אין אַ טאָפּלטער מאָס, — אין דער שאַרפער ירידה פונם ווערט פון די אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן, וואָס זענען געווען איר וויכטיקסטער עקספּאָרט קיין אויס־

לאַנד, און אין דער קאַטאַסטראָפאַל־געשניטענער איינקונפט, וועלכע זי פּלעגט אַמאָל האָבן פון אירע עמיגראַנטן. זעענדיק די גיכע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין ארץ־ישראל דורך דעם שטראָם פון יידישן קאַפּיטאַל, באַמיען זיך די פּראָנצויזישע פאַרוואַלטער פון סיריע צו דערמוטיקן די אינוועסטיציע פון אויסלענדישן קאַפּיטאַל הויפּטזעכלעך פראַנצויזישן, און אויפוועקן דעם אינטערעס פון דער אָר־טיקער באַפעלקערונג אין מאָדערנערע מעטאָדן פון אַגריקולטור און אינ־דוסטריע. אָבער כאָטש די אַראַבער פון סיריע שטייען בכלל אויף אַ העכערער שטופע פון קולטורעלער אַנטוויקלונג, איידער זייערע פאָלקס־ברידער אין ארץ־ישראל, האָבן דערוויייל די דאָזיקע באַמיאונגען געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּן דערפאָלג. דערצו ליידט שטאַרק דאָס לאַנד פון צו פיל ביוראָקראַטיע, די צעטיילונג פונם לאַנד אויף עטלעכע „מלוכהלעך", און די באַשרענקטע אויטאָנאָמיע, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו זייערע פאַר־מעגלעכע קלאַסן, האָט בלויז געבראַכט צו אַ דופּליקאַציע פון רעגירונגס־דינסטן, און דער שאַפונג פון צוויי פאַרוואַלטונגס־סיסטעמען, איינע נעבן דער אַנדערער, אַ פראַנצויזישער און אַן איינגעבוירענער.

אַראַבישע צייטונגען אין סיריע האָבן זיך דאָ נישט לאַנג באַקלאָגט, אַז זייער לאַנד מיט אַ באַפעלקערונג פון בלויז דריי מיליאָן, האַלט אויס 18,223 רעגירונגס־באַאַמטע, פון וועלכע אַרום 500 זענען פראַנצויזן. זיי זאָגן, אַז אין טערקישער צייט איז די זעלבע געגנט רעגירט געווען פון בלויז איין טויזנט באַאַמטע. ס'איז זיכער געווען אַ ערגערע, אָבער אויך אַ ביליקערע פאַרוואַלטונג...

די באַציונגען מיט איראַק.

צו איראַק, דעם נייעם אַראַבישן קעניגרייך, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן נאָכן קריג אין היסטאָרישן טאָל פון מעסאָפּאָטאַמיע (ארם נהרים), קאָן מען צוקומען פון ארץ־ישראל מיט צוויי וועגן. מיטן ים־וועג אַרום סועץ — קאַנאַל דורך אַדען און ביז באַסרא, דעם פּאָרט פון איראַק אויפן פּערסישן ים איינגוס. דער צווייטער וועג איז דורך דמשק און סירישן מדבר ביזן טאָל פון טייך פּרת.

ביידע זענען זיי נישט גינסטיק פאַר ענגע עקאָנאָמישע באַציאונגען. דער ים־וועג איז גאַנץ טייער, ווייל מען מוז דערביי אַרומרינגלען דעם גרויסן אַראַבישן האַלב אינזל און באַצאָלן דערביי אַ סך געלט פאַר דורכ־

גיין דעם סועץ־קאנאל. אויב די קאנאל־אָפּצאָלונג שפּילט נישט אזא ראָ־לע פאר די גרויסע שיפן, וואָס גייען פון איראָפּע קיין נאָנטן מזרח, אָדער אויסטראליע, זענען זיי אָבער א גאנץ שווערע לאסט פאר קלענערע שיפן, וואָס פארנעמען זיך מיט ברעג־פארקער און קאָנען נישט פארטיילן די דאָזיקע הוצאה איבער טויזנטער מיילן. טאקע צוליב דעם איז נישטאָ קיין דירעקטער שיף־פארקער צווישן ביידע לענדער, און יעדער שטיקל סחורה, וואָס ווערט געשיקט קיין איראק, מוז איבערגעלאָדן ווערן אין פּאָרט־סאאיד, וואָס איז נוגע דעם אויטאָמאָביל־פארקער, וואָס איז לעצטנס איינגעריכטעט געוואָרן פון דמשק קיין באגדאד דורכן סירישן מדבר, איז ער לויט זיין עצם נאטור נאָך זייער טייער, און ער טויג מער פאר פּאסאזשירן, איידער פאר געוויינלעכן פראכט.

נאטירלעך, וואָלט די לאגע זיך שטארק אויסגעבעסערט נאָכן בוי פון דער לאנג געפּלאנטער אייזנבאן פון חיפה קיין באגדאד. ס'איז אָבער א גרויסער ספק צי די דאָזיקע באן וועט ווען נישט איז געבויט ווערן, סיידן זי זאָל דירעקט סובסידירט ווערן דורך דער ענגלישער רעגירונג, צוליב סטראטעגישע און אימפּעריאליסטישע טעמים. אין אונזער צייט פון כסדר וואקסנדן מאָטאָר טראנספּאָרט לוינט זיך קוים צו בויען נייע אייזנבאנען, סיידן אויף קורצע שטרעקעס, ווו זיי קאָנען פארבעסערן די לאגע פון שוין עקזיסטירנדע באן־ליניעס.

אויב דער פּלאן פון דער חיפה־באגדאד־באן וועט נישט פארווירק־לעכט ווערן אין דער נאָנטער צוקונפט, וואָלט א ביליקער און ווירקזא־מער ערזאץ דערפאר געוועזן א גוטער שאָסיי פון ירדן ביז פרת, ביי דער זייט פון דער רויערן־ליניע, וואָס גייט איצט פון די אייל־פעלדער אין מאָסול צו די ברעגן פון מיטל־לענדישן ים. אויב עס וואָלט אויפן וועג געשאפן געוואָרן עטלעכע בענזין־סטאציעס מיט א ביליקן פּרייז, — וואָלט דער מאָטאָר־טראנספּאָרט פון אינדוסטריע־ארטיקלען פון ארץ־ישראל און באגדאד, אויף א שטרעקע פון 500 מייל, געוואָרן א סך בי־ליקער און לויינענדער.

די פרוכטבארקייט און רייכטן פון איראק.

לויט דער פאָלקסציילונג פון 1920 (קיין שפּעטערדיקע איז נישט פאָרגעקומען), פארמאָגט איראק א באפעלקערונג פון 2,89,282 אויף א שטח פון 143,320 מייל. דאָס מאכט אוים 20 איינוווינער אויף א

קוואַדראַט מייל אין פאַרגלייך מיט 120 אין ארץ־ישראל און 45 אין סיריע.

איראַק איז פון אור־אַלטע צייטן באַרימט געווען מיט זיין פּרוכט־באַרקייט, אָבער זייער ווייניק רעגן, — דער יערלעכער רעגן־פאַל אין באַגדאַד איז בלויז זיבן צאָל (אינטשעס) אין פאַרגלייך מיט 24 אין תל־אביב, — און די נאַטירלעכע פּרוכטבאַרקייט פון זיין באָדן קאָן אויסגענוצט ווערן בלויז אין פאַל, ווען דאָס וואַסער פון זיינע צוויי הויפּט־טייכן, די ביבלישע פּרת און חדקל, ווערט ברייט אויסגענוצט פאַר קינסטלעכע באַוואַסערונג. לויט אַן אויספאָרשונג פונם באַרימטן ענגלישן אינזשינער ווילקאָקס, קאָן מען דאָרט באַוואַסערן 28 מיליאָן דונאַם אין ווינטער און 12 מיליאָן אין זומער. דאָס איז פּאַקטיש אַ גרעסערער שטח, ווי דער, וואָס ווערט איצט באַוואַסערט אין עגיפּטן, און דערביי זענען אין עגיפּטן פאַראַן פערצן מיליאָן איינוווינער אין פאַרגלייך מיט דריי אין איראַק.

ביים היינטיקן טאָג ווערט אין איראַק באַוואַסערט בלויז אַ פינפטל פונם שטח, וואָס וואָלט געקאָנט באַוואַסערט ווערן, און דאָס ווערט געטאָן מיט זייער פּרימיטיווע מעטאָדן. וואָלטן די באַוואַסערונגס־מעגלעכקייטן פון איראַק אויסגענוצט געוואָרן אין פולער מאָס, וואָלט דאָס לאַנד געווען איינע פון די גרעסטע קוועלן פון סוב־טראָפּישע אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן.

די דורכפירונג פון ווירקלעך ברייטע באַוואַסערונגס־אַרבעטן אין איראַק וואָלט אָבער געמוזט קאָסטן ריזיקע סומען געלט, און זיכער וואָלט זיך נישט געלוינט אינוועסטירן די דאָזיקע סומען ביי דער איצטיקער קליינער באַפעלקערונג פונם לאַנד, וועלכע וואָלט גאָר פיזיש נישט אימשטאַנד געווען אויסנוצן דאָס וואַסער אין פולער מאָס. גרויסע באַוואַסערונגס אַרבעטן אין איראַק קאָנען זיך לוינען בלויז אין פאַל פון אַ ברייטער אימיגראַציע.

פיליכט וועט דאָס דאָזיקע מערקווירדיקע פּראָבלעם אַמאָל געלייזט ווערן דורך יידיש־אַראַבישע קאָאָפּעראַציע. נישט האָבנדיק קיין קלענסטע פּרעטענזיע אויף אַ נאַציאָנאַלע היים אין איראַק, וואָלטן יידן פונדעסטוועגן געקאָנט העלפן די אַרטיקע איצט אָרימע אַראַבער אויסנוצן די ריזיקע מעגלעכקייטן פונם נאַטירלעך־רייכן לאַנד, שוואַכער מאַכנדיק דערמיט די שפּאַנונג, וואָס ווערט געשאַפן דורך דער קאָנצענטראַציע פון די יידישע אויפבוי־באַשטרעבונגען אויסשליסלעך אין ארץ־ישראל.

אגב, האָט איצט איראַק, פונקט ווי אַנדערע לענדער פון נאָענטן מזרח, אַ געוויסע צאָל פון אייגענע יידן. לויט דער פאָלקס־ציילונג פון 1920, האָבן דאָרט געלעבט 87,488 יידן. זיי זענען כמעט אַלע פון אָריענטאַ־לישער אָפּשטאַמונג און זייער שפּראַך איז אַראַביש. לײדער זענען זייערע אַמאָל גוטע באַציאונגען מיט דער אַרומיקער אַראַבישער מערהייט לעצטנס שטאַרק קאַליע געוואָרן דורכן אָפּקלאַנג פונם נאַציאָנאַלן קאַמף אין ארץ־ישראל אין דער אָרטיקער אַראַבישער פּרעסע. אן ענלעכע לאַגע הערשט איצט אויך אין סיריע מיט אירע 100,000 יידן, און ס'איז אַ סברה, אַז דער אויפגעוואַכטער יידן־האַס אין אַלזשיר, וואָס האָט זיך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אויסגעגאָסן אין אַ בלוטיקן פּאָגראָם אין קאָנ־סטאַנטין, האָבן אויך עפּעס צו טון מיטן אָפּקלאַנג פון דער לאַגע אין ארץ־ישראל. דאָס איז אַ נייער און זייער אַן אומאַנגענעמער ווינקל אין די יידיש־אַראַבישע באַציאונגען און זיכער וואָלט לייכטזיניק געווען פון אונזער זייט צו שליסן די אויגן אויף דער לאַגע, וואָס שאַפט זיך צו ביסלעך פאַר יידן אין נאָענטן מזרח, אויסער ארץ־ישראל.

דער אויסלענדישער האַנדל פון איראַק, אויסגעדריקט אין קײלעכ־דיקע ציפערן, דריקט זיך אויס אין פאָלגענדער טאַבעלע, וואָס איז באַזירט אויף די עקאָנאָמישע באַריכטן פון פעלקער־בונד אין זשענעווע.

די ציפערן זענען — גאָלד־דאָלאַרן:

| יאָר | אימפּאָרט | עקספּאָרט |
|---|---|---|
| 1929 | 37,000,000 | 20,900,000 |
| 1930 | 28,100,000 | 15,500,000 |
| 1931 | 26,300 000 | 14,900,000 |
| 1932 | 23,500,000 | 15,300,000 |
| 1933 | 19,400,000 | 7,900,000 |
| 1934 | 25 600,000 | 23,000,000 |

דער פּלוצימדיקער אויפשטייג פונם עקספּאָרט אינם לעצטן יאָר איז אַ רעזולטאַט פון דער פאַרענדיקונג פון דער אָיל־ליניע, וואָס ציט זיך פון די אָיל פעלדער פון איראַק צום מיטל־לענדישן ים. ביז אַהער האָט איראַק צוליב מאַנגל פון טראַנספּאָרט־מעגלעכקייטן, נישט געהאַט קיין לוינענדן עקספּאָרט פאַר אירע רייכע אָיל־קוואַלן.

איראַקס האַנדל מיט ארץ־ישראל איז גאַנץ קליין. ער ווייזט אָבער אַרויס סמנים פון גיכן וווּקס. דער אימפּאָרט פון איראַק קיין ארץ־ישראל איז געשפּרונגען פון בלויז 5,914 פונט אין 1931 צו 29,466 פונט אין

פאָלגנדן יאָר, און צו 81,592 פונט אינם יאָר 1933. פאַרן לעצטן יאָר 1934 האָט דער אימפּאָרט פון איראַק קיין ארץ־ישראל דערגרייכט די רע־קאָרד ציפער פון 180,452. דער ארץ־ישראלדיקער עקספּאָרט קיין איראַק, וואָס איז אַ סך קלענער, ווייזט אויך אַרויס אַ נטיה צו וואַקסן. ס'איז פאַראַן אַ גרונט צו מיינען, אַז ווען דער פאַרקער צווישןביידע לענדער־וועט ווערן גרינגער און ביליקער, וועט איראַק קאָנען געבן ארץ־ישראל אַ היפּשן טייל פון די רויע מאַטעריאַלן, וועלכע זי פירט איצט אַריין פון אַנדערע לענדער, און ארץ־ישראל וואָלט דערפאַר געקאָנט באַזאָרגן אי־ראַק מיט פיל אינדוסטריעלע פּראָדוקטן, וועלכע עס ווערן איצט אַהין אַריינגעבראַכט פון אייראָפּע און יאַפּאַן.

## ציפּרוס אין ארץ־ישראל.

אין פאַרגלייך מיט זיין גרויס און באַפעלקערונג האָלט אָן ציפּרוס, דער נעכסטער אינזל צו ארץ־ישראל אויפן מיטל־לענדישן ים, אַ בערך לע־בעדיקן האַנדל מיט ארץ־ישראל. דער דאָזיקער האַנדל איז אָבער שטאַרק איינזייטיק. אינם יאָר 1932 האָט ציפּרוס פאַרברויכט ארץ־ישראלדיקע סחורה אויף בלויז 4485 פונט, אין דער צייט ווען עס האָט אימפּאָרטירט אַהין סחורה אויף 95,070 פונט. דער אימפּאָרט פון ציפּרוס קיין ארץ־ישראל באַשטייט מערסטנס פון בהמות, שלאַכט־פי, קאַרטאָפל און אַנ־דערע אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן.

די איינזייטיקייט פונם ציפּרוס האַנדל מיט ארץ־ישראל דערקלערט זיך בעיקר דורך דער עקאָנאָמישער רעכטלאָזיקייט פונם יידישן היים־לאַנד. ציפּרוס, אַן ענגלישע קאָלאָניע מיט 350,000 מערסטנס גריכישע איינוווינער, ליינגט אויף סחורות פון ארץ־ישראל גאַנץ הויכע טאַריפן, אין דער צייט, ווען ארץ־ישראל, געבונדן דורך די באַשטימונגען פונם מאַנדאַט קאָן נישט ענטפערן מיט גלייכער מטבע. מען האָפט אָבער, אַז ווען דער האַנדלס־סטאַטוס פון ארץ־ישראל וועט רעפאָרמירט ווערן, וועט ציפּרוס ווערן איינער פון די נאָטירלעכסטע און וויכטיקסטע גע־ברויכער פון ארץ־ישראלדיקע פאַרברויך־סחורות.

לעצטנס האָט מען אָבער אין ארץ־ישראל אַנטדעקט, אַז ציפּרוס איז נישט נאָר אַ צוקונפטיקער קונה, נאָר אויך אַ פיל גאָנטערער און געפער־לעכער קאָנקורענט. לאַנד און אַרבעט זענען דאָרט ביליקער, איידער אין ארץ־ישראל, און אַזוי ווי דער קלימאַט אין ביידע לענדער איז בערך דער

זעלבער, מערקט זיך איצט אין ציפּרוס א נטיה צו פּלאַנצן אָראַנזש פּלאַנטאַציעס מיטן צוועק אַרויסברענגען די הויך־קוואַליפיצירטע „יפו"־פּרוכט, מיט וועלכער ארץ־ישראל האָט זיך קונה שם געווען אין דער וועלט. לעצטנס האָבן ארץ־ישראלדיקע יידישע ציטונגען באַריכטעט מיט זאָרג, אַז איניקע ארץ־ישראלדיקע פּלאַנצערס האָבן פאַרקויפט זייערע פּרדסים אין ארץ־ישראל, און איינגעקויפט אַנשטאַט דעם גרעסערע שטרעקן לאַנד אין ציפּרוס, ווו זיי פּלאַנען צו פּלאַנצן יפו־מאַראַנצן און געניסן נאָך דערביי אויף די ענגלישע מערק פון דעם קאָלאָניאַלן פאַר־צוג („פּרעפערענס"), וועלכער ווערט נישט געגעבן פאַר די פּראָדוקטן פון ארץ־ישראל.

### טערקיי און אירע עקאָנאָמישע רעפאָרמען.

פון אַלע לענדער פון נאָענטן אָריענט האָט טערקיי אונטער דער פּי־רערשאַפט פון איר פּראָגרעסיוון פּרעזידענט־דיקטאַטאָר מוסטאַפאַ קעמאַל, אָנגענומען די ענערגישסטע מיטלען צו רעפאָרמירן די אַמאָליקע יסודות פון איר עקאָנאָמישן לעבן און זיך אויסקשטעלן אויף א העכערן סטאַנדאַרט פון לאַנדווירטשאַפטלעכער און אינדוסטריעלער פּראָדוקטי־וויטעט. די דאָזיקע מיטלען האָבן זיך פון איין זייט אויסגעדריקט אין א שטאַרקן פאַרזוך אויסצובויען אַן אָרטיקע אינדוסטריע און באַשרענ־קען דעם אימפּאָרט מיט דער גרויס פונם עקספּאָרט. פון דער אַנדערער זייט איז דערגרייכט געוואָרן א וועזנטלעכע פאַרבעסערונג אין די אַגרי־קולטורעלע מעטאָדן און א קאָנטיקע פאַרמערונג פון די ערנטן.

אַט זענען די ציפערן וועגן טערקישן אויסלאַנד־האַנדל, אויסגעדריקט אין אַמעריקאַנער גאָלד דאָלאַרן (פון דער פריערדיקער וואַג):

| יאָר | אימפּאָרט | עקספּאָרט |
|---|---|---|
| 1929 | 120,300,000 | 73,000,000 |
| 1930 | 69,900,000 | 71,800,000 |
| 1931 | 59,500,000 | 59,800,000 |
| 1932 | 48,400,000 | 47,600,000 |
| 1933 | 34,700,000 | 47,800,000 |
| 1934 | 33,400,000 | 45,900,000 |

אין די לעצטע פאַר יאָר האָט טערקיי זיך ענערגיש גענומען צו פאַרגרע־סערן איר עקספּאָרט קיין א"י. ער האָט באַטראָפן 495,308 פונט אינם

יאָר 1934, פאַרגליכן מיט 364,506 אין יאָר 1933, מיט 203,375 פונט אין יאָר 1932 און בלויז 81,694 פונט אינם יאָר 1931. די אַנדערע זייט פונם חשבון איז כמעט אינגאַנצן ליידיק. אויסנוצנדיק איר שטרענגן מלוכה־קאָנטראָל איבערן אויסלענדישן האַנדל, האָט די קעמאַליסטישע רעגירונג אַרויסגעליינט אַ פּאַקטישן עמבאַרגאָ אויף די פּראָדוקטן פון ארץ־ישראל. אין 1932, למשל, האָט דער ארץ־ישראלדיקער „עקספּאָרט" קיין טערקיי באַטראָפן בלויז 43 (דריי און פערציק!) פונט, און דאָס זענען, דוכט זיך, געווען אַלטע קליידער פון צוריקקומענדע עמיגראַנטן...

דער ארץ־ישראלדיקער „האַנדל" מיט טערקיי איז דער בעסטער באַווייז פון דער ווירקלעך געפערלעכער לאַגע, אין וועלכע דאָס לאַנד קומט אריין צוליב דער אומגלייכהייט פון איר האַנדלס־סטאַטוס. וואָלט ארץ־ישראל געהאַט דאָס רעכט צו שליסן ספּעציעלע אָפּמאַכן מיט די רעגירונגען, וואָס ברענגען צו איר אַריין זייערע פּראָדוקטן, וואָלטן זיך דאָך געפונען געוויסע אַרטיקלען, וואָס וואָלטן זיך יאָ געלוינט ברענגען פון איר קיין טערקיי.

אגב, מיט דער פאַרענדיקונג פונם נייעם האַפן, וואָס ווערט איצט געבויט פון דער קעמאַליסטישער רעגירונג אין מערסינאַ, אויפן דרום־ברעג פון אַנאַטאָליע, נישט ווייט פון סיריע, וועט די פאַרבינדונג צווישן ארץ־ישראל און טערקיי ווערן גאָר גרינג און ביליק. אפילו לאַנגזאַמע דאַמף־שיפן וועלן קאָנען קומען פון חיפה קיין מערסינאַ אין איין מעת־לעת.

## האַנדלונגען אויף פערסיע און אַראַביע.

אויב די לאַנג־געפּלאַנטע באַגדאַד־באַן פון חיפה קיין באַגדאַד זאָל ווערן אַ פאַקט, וואָלט ארץ־ישראל אַ סך נענטער געוואָרן צו פערסיע (וועמענס אָפיציעלער נאָמען איז איצט איראַן), אַ לאַנד, וואָס מאַכט איצט אויך דורך טיפע עקאָנאָמישע ענדערונגען און פּאָליטישע רעפאָרמען. כאָטש דער ים־וועג איז בכלל ביליקער, ווי אַ לאַנגער באַן־טראַנס־פּאָרט, וואָלט פונדעסטוועגן זיך פאַר פערסיע געלוינט צו שיקן פיל סחורות קיין איירָאָפּע דורך חיפה, אָפּשפּאָרנדיק דערביי די שווערע אָפּ־צאָלונגען פאַר באַנוצן דעם סועץ־קאַנאַל. ארץ־ישראל וואָלט דאַן גע־קאָנט געברויכן פאַר איר אינדוסטריע אַ גרעסערע כמות פון פערסישע רויע מאַטעריאַלן, למשל, וואָל, און דאָס וואָלט איר, נאַטירלעך, געגעבן

דאָס רעכט צו פארלאַנגען אַ געוויסן פּלאַץ אינם איצט מאָנאָפּאָליזירטן אויסלענדישן האַנדל פון פּערסיע. ביים היינטיקן טאָג איז דער האַנדל צווישן ביידע לענדער אַ נישטיקער, אָבער עס זענען דאָ געוויסע פּראָדוקטן, אין וועלכע זיי דערגענצן זיך קעגנזייטיק. די וואָרט־זאָגער פון דער ארץ־ישראלדיקער אינדוסטריע נעמען דעריבער אַריין פּערסיע אַלס איינעם פון זייערע צוקונפטיקע מערק אויפן נאָענטן מזרח.

געוויסע האָפנונגען ווערן אויך געלייגט אויף אַראַביע. דאָס לאַנד מיט גרויסע שטרעקעס מדבר האָט דאָך געוויסע מעגלעכקייטן אויף עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, בפרט ווען עס זאָל זיך איינגעבן דורכצופירן געוויסע באַוואַסערונגס־אַרבעטן אין אייניקע פון אירע געגנטן, ספּעציעל אין דרום. פּאַקטיש איז איצט גאַנץ אַראַביע אונטער איין מאַכט, — די וואַהאַביטן מיטן סולטאַן איבן סאוד אין דער שפּיץ. ביים היינטיקן טאָג גייט דאָס רוב אַראַבישער האַנדל דורך אַדען, אָבער ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די ארץ־ישראלדיקע אינדוסטריע זאָל דאָרט מיט דער צייט קריגן אַ געוויסע פּאָזיציע.

צוזאַמען גענומען, נעמט אין זיך אַריין דער נאָענטער מזרח, — ארץ־ישראל, עגיפּטן, סיריע, איראַק, טערקיי, פּערסיע, ציפּרוס און אַראַביע, — אַ באַפעלקערונג פון איבער 50 מיליאָן איינוווינער, און מיט אַ געמיינזאַמען אימפּאָרט פון 93 מיליאָן פונט (נעמענדיק דעם דורכשניט פאַר די לעצטע פינף יאָר צווישן 1928 און 1932, אין וועלכן עס גייען אַריין צוויי גוטע און דריי שלעכטע יאָרן). ביי נאָרמאַלע און פריינטלעכע קעגנזייטיקע באַציאונגען האָבן די דאָזיקע אַלע לענדער גרויסע מעגלעכקייטן פאַר פּראָגרעס און וווילשטאַנד.

צווישן די דאָזיקע לענדער קאָן ארץ־ישראל, צוליב איר גינסטיקער געאָגראַפישער פּאָזיציע, ביים מיטללענדישן ים און אין דער שכנות פון סועץ־קאַנאַל, — שפּילן אַ מאָל זייער אַ גרויסע ראָליע. צוליב איר נאָענטקייט צום סועץ, קאָן זי אַריינקריגן פאַר ביליקע פּרייזן די אַלע רויע מאַטעריאַלן, וואָס גייען דורך דעם דאָזיקן וויכטיקן וואַסער־וועג קיין אייראָפּע. אין דער זעלבער צייט וואָלט אַ בעסערער פאַרקער מיט די אַרומיקע מער אַפגעשטאַנענע לענדער אין נאָרמאַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַציאונגען מיט זיי, פאַרזאָרגט ארץ־ישראל מיט אַן אַליין בּרייטערן מאַרק פאַר איר עקספּאָרט.

*קאַפּיטל נײַנצן*



# סך-הכל און פראגנאז

דער דראַנג פון יידן קיין ארץ־ישראל איז איינע פון די מערקווירדיקסטע דערשיינונגען אין דער נייעסטער וועלט־געשיכטע.

יידן ווערן געטריבן קיין ארץ־ישראל נישט פון שטימונגען און געפילן, נאָר פון שטאַרקער און טראַגישער נויט. קיינמאָל זענען יידן, סיי אלס אַ פאָלק און סיי אלס יחידים, נישט געווען אין אַזאַ שרעקלעכער געפאַר.

דער האַס אַרום פון די, וואָס שטעלן זיך אָפּ די אויפגאַבע אַרויסשטופן יידן פון דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן, שטערט און מאַכט אַפילו אוממעגלעך דעם פּראָצעס פון עקאָנאָמישער צופּאַסונג, וואָס ווערט דיקטירט דורך בסדרדיקער גאַנץ נאַטירלעכער אונטערגראָבונג פון די פריערדיקע יסודות פון יידישן לעבן. פאַרלירנדיק זייערע אַמאָליקע פּאָזיציעס און נישט קאָנענדיק פאַרנעמען קיין נייע צוליב נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וואָס נעמט אָן די פאָרם פון אָפענע אָדער באַהאַלטענע רדיפות און באַשרענקונגען, זענען די יידן אַריינגעפאַלן אין גאָר אַ קריטישער לאַגע, וואָס גרענעצט ממש מיט פיזישער פאַרניכטונג. דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג, פאַרשאַרפט דורך דורות אַ דאַנק דעם שטענדיקן צופּאַסן זיך צו אומגינסטיקע אומשטענדן, דיקטירט לעצטנס אַ נייעם וועג צו ראַטעווען זייער נאַציאָנאַלן און פערזענלעכן קיום. וואַרשיינלעך, האָט דער דאָזיקער פאַרגעפיל, באַזירט אויף עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וואָס זענען נאָך ביי יענער צייט נישט געקומען צו זייער פולער קלאָרקייט, געריכטעט די ערשטע שריט פון די „בילויצעם" קיין ארץ־ישראל, און דער זעלבער פאַרגעפיל, אויסגעקריסטאַליזירט דורך די פּאָגראָמען און רדיפות אין פאַרשידענע לענדער, איז געווען די טרייבנדע קראַפט הינטער די ווייטערדיקע יידישע אָנשטרענגונגען אין ארץ־ישראל.

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער דאָזיקער דראַנג צו זעלבסט־דער־האַלטונג האָט געגעבן די יידישע באַמיאונגען אין ארץ־ישראל אַן אויסערגעוויינלעך שטאַרקע טרייב־קראַפט.

די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע שוועריקייטן, אויף וועלכע עס האָט זיך כּסדר אָנגעשטויסן דער יידישער אויפבוי פון ארץ־ישראל, און דער שאַרפער ווידערשטאַנד, וואָס ער באַגעגנט ביזן היינטיקן טאָג פון גאַנץ פאַרשידענע זייטן, זענען אַזוי גרויס, אַז ווען די דאָזיקע אויפבוי־באַוועגונג וואָלט זיך געשטיצט אויף אַ ווייניקער גרינטלעכער און נישט אַזאַ ביטערער נויט, וואָלט זי זיך שוין פון לאַנג געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. אָבער מיט נאָר אַזאַ ריזיקער שטורם־קראַפט הינטער זיך האָט זי געקאָנט בייקומען די גרעסטע, דוכט זיך, אייזערנע מכשולים, און האָט מצליח געווען אין אַרויפלייגן דעם שטעמפּל פון אירע דערגרייכונגען אויפן גאַנצן כאַראַקטער פון היינטיקן ארץ־ישראל. ווען מען טראַכט זיך אַריין אינעם מהות פון די כּחות, וואָס טרייבן יידן קיין ארץ־ישראל, און מען קוקט זיך צו אָן אילוזיעס צו זייערע אויסזיכטן אין אייראָפּע און אין דער גאַנצער וועלט, פילט מען זיך באַרעכטיקט צום פעסטן פּראָגנאָז, אַז די אומבאַזיגבאַרע טרייב־קראַפט, וואָס שטייט הינטער דעם יידישן דראַנג נאָך ארץ־ישראל, וועט פאַרטזעצן אירע אויפבוי־אָנשטרענגונגען אפילו אינעם פאַל פון מעגלעכן שטורים אויף צוריק, און אַז די דאָזיקע אָנ־שטרענגונגען וועלן סוף־כל־סוף געקרוינט ווערן מיט אַלץ גרעסערע, אַלץ ברייטערע רעזולטאַטן.

## די הויפּט־פּראָבלעמען.

ווען מען וויל זיך נישט באַגנוגענען מיט דעם דאָזיקן וויטערדיקן פּראָגנאָז, און מען פּרובירט זיך גענויער פאָנאַנדערקלייבן אין די נאָענ־טערע אויסזיכטן פונם ארץ־ישראלדיקן אויפבוי, שטויסט מען זיך אָן אויף אַ גאַנצער ריי שווערע פּראָבלעמען:

וועט דער איצטיקער ווילשטאַנד פאָרטגעזעצט ווערן, נישט קוקנ־דיק אויפן וווּקס פון לאַנד־פּרייזן און די אַלץ־גרעסערע עקספּאָרט־שווע־ריקייטן?

וואָס זענען די אויסזיכטן פון אַ יידיש־אַראַבישער פאַרשטענדיקונג, און אין וועלכער פאָרם וועט זי זיך אויסגיסן?

ווי לאַנג וועט ענגלאַנד אָנהאַלטן איר מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל, און וואָס וועט זיין נאָך דעם?

וועגן דער ערשטער פראגע וואלטן מיר געזאגט, אז דער איצטיקער וווילשטאנד פון ארץ־ישראל, וואס האט אזוי איבערראשט די וועלט אין דער צייט פון אלגעמיינעם קריזיס, קאן נישט אנגיין אומענדלעך, אן ראדיקאלע ענדערונגען אין די עקאנאמישע וועגן פונם יידישן אויפבוי. נייע פרדסים מוזן פון איצט אן געפלאנצט ווערן אין א פיל לאנגזאמערן טעמפ, איידער ביז איצט, און אנשטאט דעם מוז מען געבן דעם פארצוג צו געמישטער ווירטשאפט אויף באוואסערטע באדנס, און בעיקר צו מילך־ווירטשאפט, היינער־צוכט און גרינס. דאס שטייגן פון באדן־פרייזן מוז אפגעשטעלט ווערן, און דער גרעסטער געוויכט דארף געלייגט ווערן אויף קאנצענטרירטן איינקויף פון לאנדווירטשאפטלעכע באדנס דורך א גרעסערער קאאפעראציע צווישן נאציאנאלן און פריוואטן קאפיטאל. מען מוז אפגעבן אן ערנסטע אויפמערקזאמקייט צום אינדוסטריעלן אויפבוי פון ארץ־ישראל און דעם פראבלעם פון אויסלענדישע מערק. די ענדערונג פונם איצטיקן אומנארמאלן האנדלס־סטאטוס פון ארץ־ישראל מוז פון היינט אן ווערן דער הויפט־ציל פון דער ציוניסטישער פאליטיק.

די דאזיקע אלע רעפארמען זענען לויט אונזער איבערצייגונג אן אומבאדינגטער תנאי פאר דעם וויטערדיקן און אלץ גרעסערן וווקס פון יידישער אויפבוי־ארבעט אין ארץ־ישראל.

## די יידיש־אראבישע באציונגען.

אויפן פאליטישן באדן איז די אנטשיידנדע פראגע, פון וועלכער עס איז שטארק אפהענגיק אונזער גאנצע צוקונפט אין ארץ־ישראל, די פראגע וועגן אונזערע צוקונפטיקע באציאונגען מיט די אראבער.

די דאזיקע פראגע וועט קיינמאל נישט געלייזט ווערן דורך ציפערן, וואס ווייזן, אז אראבער אין ארץ־ישראל האבן געוואונען פון דער יידישער אימיגראציע. די דאזיקע ציפערן זענען ריכטיק, אבער נאציאנאלע ליידנשאפטן ווערן נישט באזייטיקט דורך סטאטיסטיק, סיידן ביידע פעלקער קריגן א געלעגנהייט צו באהאנדלען זייערע פראבלעמען אין א ווייניקער צעהיצטער אטמאספערע. אויסער דעם, וואלט א יידיש־אראבישע פארשטענדיקונג געהאט מער שאנסן רעאליזירט צו ווערן, ווען זי באשרענקט זיך נישט מיט ארץ־ישראל, נאר זי אנטהאלט אין זיך אברייטע און פילזייטיקע קאאפעראציע צווישן ביידע פעלקער אין די פארשידענע לענדער, אין וועלכע זיי געפינען זיך.

אין דער צייט ווען פֿאַר אַן אַראַבער אין ארץ־ישראל איז שווער צו דענקען וועגן ייִדן אַנדערש, ווי וועגן אַן אַגרעסיווער קראַפֿט, וואָס איז געקומען אַרויסשטופּן אים פֿון זיין געבורט־לאַנד, איז דער געבילדעטער אַראַבער פֿון עגיפּטן אָדער איראַק אין אַ בעסערער לאַגע אָפּצושאַצן די נויט־לאַגע און מאָראַלישע כּחות, וואָס שטייען הינטער דער ייִדישער אימיגראַציע, און אַנערקענען אויך די נוצן, וואָס די אַראַבישע וועלט וואָלט געקאָנט האָבן פֿונעם דאָזיקן היסטאָרישן פּראָצעס. צוליב ענלעכע פּסיכאָלאָגישע אורזאַכן קאָן אַ ייִד פֿון חוץ־לארץ האָבן אַ מער אָביעקטיווע מיינונג וועגן די אַראַבער, און זייער היסטאָרישער צוקונפֿט, איידער אַן ארץ־ישראלדיקער ייִד, וואָס ווערט צופֿיל באַאיינפֿלוסט פֿון פּערזענלעכע איינדרוקן און פֿאָראורטיילן. אָן אַ ברייטער פֿאַרשטענדיקונג צווישן ייִדן און אַראַבער אויסער ארץ־ישראל, איז שווער זיך פֿאָרשטעלן אַ נאַציאָנאַלן שלום אינעם קליינעם לאַנד צווישן דן און באר שבע. ארץ־ישראל איז, אָפֿן גערעדט, גענוג גרויס אויף צו קריגן זיך, אָבער צו קליין פֿאַר שלום...

בלויז אַ ברייטער פּראָגראַם פֿון קאָאָפּעראַציע, וואָס נעמט אַרום נישט נאָר ארץ־ישראל, נאָר אויך דעם גאַנצן נאָענטן מזרח, קאָן געבן די אַראַבישע שכנים פֿון ארץ־ישראל די פֿיל נוצן פֿון דער ייִדישער דערפֿאַרונג אינעם אויפֿבוי פֿון זייערע אָפּגעשטאַנענע און פֿאַרנאַכלעסיקטע לענדער. פֿון דער אַנדערער זייט וועלן ייִדן, קריגנדיק אַ מעגלעכקייט צוצולייגן זייער דערפֿאַרונג, וויסן און קאַפּיטאַל נישט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין אַ קלענערער מאָס אין די אַנדערע לענדער פֿון נאָענטן מזרח, נישט קאָנען מער ווערן פֿאַרדעכטיקט אינעם ווונטש אָפּצורייסן די גייסטיקע פֿאַרבינדונגען פֿון ארץ־ישראל מיטן אַרומיקן מזרח. מיט דער באַזעצונג פֿון באַדייטנדע ייִדישע מינדערהייטן אין די אַראַבישע לענדער אויסער ארץ־ישראל, ווו זיי וועלן, נאַטירלעך, נישט האָבן קיין קלענסטע פּרעטענזיע אויף זייער „נאַציאָנאַלער היים”, און מיט דער אַלץ נאָענטערער עקאָנאָמישער און קולטורעלער פֿאַרבינדונג צווישן ארץ־ישראל און אַרומיקע לענדער, וועלן ייִדן אין ארץ־ישראל במילא קוקן אויף זיך ווי אויף אַ פֿאַרבינדנדע בריק צווישן דער וועסטלעכער ציוויליזאַציע און דער אַלטער קולטור פֿונעם אַראַבישן מזרח. זיי וועלן דאַן זיך באַטראַכטן נישט אַלס אַן אָפּגעזונדערטע גרופּע מענטשן, נאָר ווי אַ טייל פֿון אַ גרעסערן יש. בלויז אין אַזאַ אָרגאַנישער פֿאַרבינדונג מיטן לעבן און פּראָגרעס פֿונעם אָריענט וועלן די אַראַבער געפֿינען די ווירקלעכע גאַראַנטיע, אַז ייִדן וועלן נישט ווערן קיין צעשטערנדער עלעמענט אין דער נאַציאָנאַלער־

סטרוקטור פון מזרח, נאָר זיי וועלן גאָר פאַרקערט געבן די אַראַבישע ישובים אַ נייעם אימפּולס פאַר מאָדערנער און פּרוקטבאַרער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג.

אויב עס זאָל דערהגרייכט ווערן אַזאַ אַלגעמיינע פאַרשטענדיקונג, אין וועלכער די אַראַבער פון עגיפּטן, סיריע, און איראַק דאַרפן זיך באַטיי־ליקן אין גלייכער מאָס, ווי די פון ארץ־ישראל, וואָלטן די איצטיקע אָנ־געווייטיקטע פּראָבלעמען וועגן אימיגראַציע, באָדן ־ אַנטוויקלונג און לעגיסלאַטיווער פאַרזאַמלונג, זיך אַרויסגעוויזן אַלס פיל איינפאַכער, איידער זיי קוקן אויס ביים היינטיקן טאָג.

## אימיגראַציע און באָדן־פּאָליטיק.

פונם אַראַבישן שטאַנדפּונקט וועט די פראַגע וועגן יידישער אימי־גראַציע פאַרלירן מיט דער צייט איר איצטיקע באַדייטונג. קוים וועלן יידן פריוויליק און ענדגילטיק גאַראַנטירן דעם איצטיקן סטאַטוס פון די אַראַבער אין ארץ־ישראל און וועלן בכלל אָננעמען אַ פּראָגראַם פון קאָ־אָפּעראַציע מיטן אַראַבישן נאָענטן מזרח, איז פאַר די אַראַבער אַלץ איינס ווי גרויס וועט זיין אונזער צאָל אין ארץ־ישראל. עס קאָן אָבער אויך געמאָלט זיין אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן די וויטערדיקע יידישע אימיגראַציע זאָל אָפּגעצויגן ווערן פון ארץ־ישראל אין די שכנותדיקע אַראַבישע לענ־דער, נאָך דעם ווי יידן אין ארץ־ישראל וועלן דערגרייכן אַ פּראָצענט, וואָס די אַראַבער וועלן קאָנען באַטראַכטן אַלס אַ דראָאונג פאַר זייער נאַציאָנאַלן סטאַטוס. נישט האָבנדיק קיין קלענסטן ווונטש צו פאַרוואַנדלען די שכנותדיקע לענדער אין אַ נאַציאָנאַלע היים, אין דעם זין, ווי דאָס וואָרט ווערט פאַרשטאַנען אין ארץ־ישראל, וואָלטן יידישע אימיגראַנטן געקאָנט דאָרט געפינען אַ נאָרמאַלע עקאָנאָמישע באַזע פאַר זייער אייגענער עקזי־סטענץ, און אין דער זעלבער צייט שטאַרק באַהילפיק זיין אינם ווירטשאַפט־לעכן פּראָגראַם פון זייערע אַראַבישע שכנים.

אַ ברייטע יידיש־אַראַבישע פאַרשטענדיקונג וואָלט אויך געעפנט דעם וועג צו אַ קאָנסזייטיקער נוצלעכער באָדן־פּאָליטיק אין ארץ־ישראל איינ־רעכנענדיק, וואַרשיינלעך, דעם עבר־הירדן. מען וואָלט דאַן געקאָנט צוטרעטן אין אַ גרויסן פאַרנעם צו אויסבעסערן, באַוואַסערן און באַפרוכטן די פאַר־נאַכלעסיקטע באָדנס פון ארץ־ישראל, פאַרגרעסערנדיק דערמיט דעם אַל־געמיינעם שטח פון אַגריקולטורעלן לאַנד, און מעגלעך מאַכנדיק אַ לוי־

נענרע באארבעטונג פון קלענערע שטיקער באדן. מען וואלט דאן גרינג געקאנט קריגן פלאץ פאר נייע יידישע זידלונגען, העלפנדיק אין דער זעלבער צייט די פעלאכן צו א העכערער מדרגה פון וווילשטאנד און זיכערקייט. אזא פארם פון הילף, וואס איז איצט אריינגענומען געווארן אין דער חולה־קאנצעסיע, וואלט דאן געקאנט סיסטעמאטיש אויסגעברייטערט ווערן אויפן גאנצן לאנד.

די פראגע וועגן לעגיסלאטיווער פארזאמלונג, וועלכע קוקט איצט אוים צו זיין א גרויסע שטערונג פארן נאציאנאלן שלום, וועט אויך פארלירן איר איצטיקע שארפקייט אין פאל פון א פארשטענדיקונג, וואס רעגולירט די יידיש־אראבישע באציאונגען אין זייער גאנצן פארנעם. אין אזא פאל וועלן יידן נישט האבן קיין גרונד אנהאלטן זייער איצטיקע אפאזיציע צו אן ארץ־ישראלדיקן פארלאמענט. לאמיר אבער האפן, אז ביי אן אלגעמיינער פארשטענדיקונג וועלן די פארטרעטער פון בײדע פעלקער געפינען בעסערע פארמען פון פאליטישן און עקאנאמישן קאנטאקט, איידער די איצט געפלאנטע סיסטעם פון אפגעזונדערטע קוריעס, וועלכע קאנען בלויז פארטיפן דעם תהום צווישן בײדע פעלקער.

ווי מיר האבן שוין אבער אונטערגעשטראכן אין א פריערדיקן קאפיטל (יידן און אראבער), איז די פארבעסערונג פון די באציאונגען מיט אראבער אפהענגיק נישט נאר פון די פאליטישע פירער, נאר אויך פון די פשוטע יידן. סטארענדיק זיך צו פארקניפן פריינטלעכע באציאונגען מיט אראבישע שכנים, צו לערנען זייער שפראך, צו העלפן זיי זיך ארגאניזירן לויט דער ליניע פון עקאנאמישע און פראפעסיאנעלע אינטערעסן, און ארויסרוקנדיק ביי יעדער געלעגנהייט אין פאדער־גרונט די געמיינזאמע נויטן פון בײדע פעלקער, — וועלן מיר צוביסלעך בייקומען זייער איצטיקן מיסטרוי, און שאפן א געזונטע פסיכאלאגישע גרונדלאגע פאר א קומענדיקער פארשטענדיקונג אויפן פאליטישן פעלד.

די פראגע וועגן מאנדאט.

דאס אפלאזן פונם ענגלישן מאנדאט איבער איראק, און די בסדרדיקע אויסברייטערונג פון זעלבסטפארוואלטונג אינם פראנצויזישן מאנדאט לאנד סיריע, ברענגען ארויף די פראגע וועגן דער פארזעצונג פונם ענגלישן מאנדאט איבער ארץ־ישראל.

אין די סטאטוטן פונם פעלקער בונד איז נישטא קיין באשטימטע

צייט, ווען מאַנדאַטן דאַרפֿן זיך ענדיקן, און אַזאַ צייט איז אויך נישט אָנגעוויזן אינם נוסח פֿון ענגלישן מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל. בדרך כּלל, ווערט פֿאַרשטאַנען, אַז יעדער מאַנדאַט האָט דעם צוועק צו דערציען אָפּגעשטאַנענע לענדער צו פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, און ער דאַרף זיך ענדיקן, ווען די דאָזיקע אויפֿגאַבע איז דערפֿילט. בנוגע ארץ־ישראל איז פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז היות ווי די באַלפֿור־דעקלאַראַציע איז אַן אינטעגראַלער טייל פֿונם מאַנדאַט, מוז ער זיך ציען אַזוי לאַנג, ביז די נאַציאָנאַלע היים איז נישט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אין איר פֿולער מאָס.

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין דער יוריסטישער זייט פֿון דער פֿראַגע, וועלן מיר זיך באַגנוגענען מיט דער פֿעסטשטעלונג, אַז פּראַקטיש איז איצט אין ענגלאַנד נישטאָ קיין באַדייטנדע שטימונג פֿאַר אויפֿגעבן דעם מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל, — נישט איצט און נישט אין דער נאָענטער צוקונפֿט. מיט אַ יאָר פֿינף־צען צוריק האָט אַזאַ שטימונג יאָ עקזיסטירט. אונטער דעם איינפֿלוס פֿון לאָרד ראָטערמער און אַנדערע אַנטי־ציוניסטישע פּאָליטיקער איז אַ גרויסער טייל פֿון דער ענגלישער עפֿנטלעכער מיינונג דאַן גרייט געווען אָפּלאָזן דעם ארץ־ישראלדיקן מאַנדאַט. לעצטנס האָט אָבער די אַנטי־מאַנדאַט פּראָפּאַגאַנדע כּמעט אינגאַנצן אויפֿגעהערט, און אַפֿילו אירע אַמאָליקע אָנהענגער רעדן מער נישט וועגן דעם. דער איבערגעוויינלעכער ווילשטאַנד, וועלכן ארץ־ישראל האָט דערגרייכט אין דער צייט פֿון דעם עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס, האָט אויפֿגעהויבן דעם ווערט פֿון ארץ־ישראל אין די ענגלישע אויגן. די גאָר לעצטע געשעענישן אין פֿאַרבינדונג מיטן קאָנפֿליקט וועגן אַביסיניע האָבן ענדגילטיק באַוויזן, אַז ארץ־ישראל פֿאַרנעמט אַ באַשטימטן פּלאַץ אין דער בריטישער אימפּעריאַלער סטרוקטור.

אַ פֿיל גרעסערע וואַרשיינלעכקייט איז די רעוויזיע פֿונם מאַנדאַט אינם זין פֿון געבן דעם לאַנד אַן אַלץ וואַקסנדע מאָס פֿון אויטאָנאָמיע און פֿאַרוואַנדלען אפשר מיט דער צייט אין אַ פּאַקטיש זעלבסטשטענדיקע בריטישע דאָמיניאָן. דאָס איז נאַטירלעך שטאַרק אָפּהענגיק פֿון די יידיש־אַראַבישע באַציאונגען. זאָלן די יידן דערגרייכן אַן אַלגעמיינע פֿאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער, און זאָל די דאָזיקע פֿאַרשטענדיקונג פּראַקטיש אַרבעטן אין לויף פֿון אַ פּאָר יאָר, וועלן די ציוניסטישע פֿירער פֿאַרלירן זייער איצטיקן אינטערעס אין דער פֿאַרטזעצונג פֿונם מאַנדאַט. עס קאָן דאַן אַפֿילו געמאָלט זיין, אַז די מאַנדאַט מאַכט זאָל דאַן מיט געמיינזאַמער צושטימונג פֿון יידן און אַראַבער זיך אינגאַנצן צוריקציען פֿונם מאַנדאַט,

אָנהאַלטנדיק אין דער זעלבער צייט, לויט א בונד־אָפּמאַך מיט ארץ־ישראל, איר מיליטער אין חיפה און אקאבא, די סטראַטעגיש וויכטיקסטע פּונקטן פונם לאַנד.

אַן אַנדער פראַגע, וועלכע ווערט אָפט דיסקוטירט אין ציוניסטישע, און אויך אַראַבישע רייען, איז וועגן דער מעגלעכקייט פון אַן אַבסאָלוטער ייִדישער מערהייט אין ארץ־ישראל.

עס זענען דאָ ייִדישע פירער, וואָס לייגן נישט קיין באַזונדערן געוויכט אויף דער פראַגע פון מערהייט. זיי זאָגן, אַז דער הויפּט־צוועק פון דער נאַציאָנאַלער היים איז צו געבן ייִדן אַ מעגלעכקייט זיך פריי צו אַנטוויקלען אויף זייער אייגענעם נאַציאָנאַלן און קולטורעלן שטייגער, און דאָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן אפילו ווען ייִדן זאָלן זיין, למשל, פערציק פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אַ דאַנק זייער העכערן עקאָנאָמישן און קולטורעלן סטאַנדאַרט, וועלן זיי אויך דאַן זיין זיכער אין אַבסאָליוט גלייכער פּאָזיציע אינעם לאַנד. זיי וועלן זיך אַלענפאַלס דאַן נישט פילן אַלס אַ מינדערהייט.

אין קעגנזאַץ צו דער דאָזיקער מיינונג, וועלכע קאָן באַטראַכט ווערן אַלס אַן אָפּשפּיגלונג פון אַמאָליקן אחד־העמיזם, זענען פאַראַן פיל ציוניסטן, וואָס שטעלן זיך נאָרנישט פאָר קיין ייִדישע היים אָן אַן אַבסאָלוטער מערהייט. זיי זאָגן, אַז ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין אַ ייִדישע מינדערהייט אין ארץ־ישראל, וועט זי מיט דער צייט מוזן פילן דעם דרוק פון די אַראַבישע מערהייטן אין די אַרומיקע לענדער. דער איבערוואָג פון אַראַבער אין די שכנותדיקע לענדער וועט נישט לאָזן די ייִדן אין ארץ־ישראל צו געניסן אַ ווירקלעך גלייכן סטאַטוס, כּל זמן זיי בילדן נישט אין לאַנד מינדעסטנס פופציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג.

די שאַנסן צו דערגרייכן אַ מערהייט זענען אַלנפאַלס אָפּהענגיק פונם צוקונפטיקן פאַרנעם פון ייִדישער אימיגראַציע. אויב די אימיגראַציע זאָל זיך האַלטן ביים דורכשניט פון די לעצטע פופצן יאָר, וואָלט דאָס געווען אַן אוטאָפּיע. אויב אָבער די ייִדישע אימיגראַציע זאָל דורכשניטלעך באַטרעפן אַרום פערציק טויזנט אַ יאָר, אַ ציפער, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין 1933 און איז ווייט איבערגעשטיגן געוואָרן אין די לעצטע צוויי יאָר, וואָלטן די שאַנסן אויף אַ ייִדישער מערהייט געוואָרן גאַנץ ערנסט און נאָנט.

ביים הייַנטיקן מאָמענט (יולי 1935) איבערשטייגט די אַראַבישע באַפעלקערונג די ייִדישע מיט 590,000 נפשות (מיר רעכענען 345,000 ייִדן

און 935,000 אראבער). זי וואקסט יעדעס יאר אויף בערך 25,000 נפשות, — 18,000 דורך נאטירלעכן צוּוואוקס, און ארום 7000 דורך אימיגראציע. צו דערגרייכן א מערהייט אין, זאגן מיר, 35 יאר, וואלט די יידישע אימיגראציע אין לויף פון דאזיקן פעריאד באדארפט געבן א נעטא־איבערפלוס פון 35,000 (מיר רעכענען אויף 40,000 אימיגראנטן, 5 טויזנט צוריק־וואנדערער און ווייטער—א מינימום, וואס איז אומפארמיידלעך אפילו ביי די בעסטע אומשטענדן). צוזאמען מיטן יידישן נאטירלעכן צוּוואוקס פון בערך 7,000, וואלטן מיר דאן געהאט צוזאמען א יערליכן צוּוואוקס פון 42 טויזנט יידן אויף 25 טויזנט אראבער. דער באלאנס פון 17,000 וואלט גענוג געווען, כדי אויסגלייכן די צאל פון יידן און אראבער אין 35 יאר.*)

עקאנאמיש קאן אזא רעזולטאט זיכער דערגרייכט ווערן. כאטש ארץ־ישראל קאן נישט, בדרך כלל באצייכנט ווערן אלס א רייך לאנד, האט זי פונדעסטוועגן גאנץ באדייטנדע און ווייניק אנגערירטע אגריקולטורעלע און מינעראלישע רעסורסן, וואס קאנען דערנערן א פיל גרעסערע באפעלקערונג איידער איצט. ביי נארמאלע האנדלס באציאונגען מיט די ארומיקע לענדער קאן אן אומגעשטערטע יידישע אימיגראציע שאפן אין ארץ־ישראל א ישוב פון דריי־פיר מיליאן. נישט אריינגעמענדיק די מערהייט פון 17 מיליאן יידן, וואס זענען איצט צעווארפן איבער דער וועלט, וואלט אזא צענטער זיכער געהאט א ריזיקע באדייטונג פאר דער לייזונג פון זייערע עקאנאמישע און גייסטיקע פראבלעמען.

עקאנאמישע דערגרייכונגען זענען אבער אפט באהערשט דורך פאליטישע כחות. אויב די מאנדאט־מאכט זאל ווייטער זיך שטעלן די אויפגאבע אנהאלטן דעם איצטיקן נאציאנאלן צושטאנד אין ארץ־ישראל דורך שארף־באשרענקען די יידישע אימיגראציע און דערמוטיקן די איינוואנ־

---

*) נאטירלעך איז דער דאזיקער חשבון א גאנץ רויער. דער נעטא רעזולטאט פון יידישער אימיגראציע, קאן, — וואס איז גאנץ מעגלעך, — אין לויף פון די נאנטסטע 10—15 יארן זיין א סך העכער פון 35,000, און ער קאן אויך זיין קלענער. די אראבישע אימיגראציע, וועלכע מיר האבן גענומען לויט אן אפשאצונג פונם דורכשניט פאר די לעצטע פינף יאר, איז פילייכט גרעסער, איידער מיר גלויבן. אויך דער יידישער און אראבישער נאטירלעכער צוּוואוקס קאנען זיך ענדערן. בכלל אבער, מאכט דער אויבן־שטייענדיקער חשבון קלארער די פראגע, וועלכע מיר באהאנדלען דא.

דערונג פון אראבער, וועלן אלע אונזערע חשבונות זיך ארויסווייזן אלס פאלש. פון דער אנדערער זייט איז נאך מער ווארשיינלעך, אז אונזערע צי־פערן וועלן זיך ארויסווייזן אלס צו פעסימיסטיש צוליב א פלוצימדיק ווייטער־דיקן שוואונג אין דער יידישער אימיגראציע, וואס זאל קומען צוליב דער פארשארפטער לאגע אין אנדערע לענדער. ס'איז אויך נישט אויסגעשלאסן, אז אין אזא פאל וועט די שטעלונג פון דער ענגלישער רעגירונג זיך ראדי־קאל בייטן צום גוטן.

ווי שווער ס'איז נישט ביי אזעלכע אומשטענדן צו מאכן אן ענד־גילטיקן פראגנאז, פילן מיר זיך בארעכטיקט צו ענדיקן דעם דאזיקן ניכטערנעם אפשר צו ניכטערנעם אנאליז, מיט א נאטע פון אפטימיזם. באוועגונגען, וואס זענען געבוירן געווארן פון דריקנדער נויט און ווערן געטראגן פון מענטשן, וואס שטעלן זיך נישט אפ פאר קרבנות, שלאגן גע־וויינלעך דורך זייער וועג צו פארווירקלעכונג. מיט אלע זיינע פעלערן און חסרונות איז ציוניזם דאך אזא סארט באוועגונג, און ס'איז שווער זיך פארצושטעלן, ווי ער קאן אפגעשטעלט ווערן פאר דער דערגרייכונג פון זיין ענדגילטיקן ציל.

סוף.

# אינדעקס

